


יוסף ווייס

# מענטש
# און
# לאנדשאפט
# אין
# ישראל

בוענאס-איירעס
תשי"ט-1959



משה פייגענבלום.

# אינהאַלט

## לאַנד און קאָלאָניזאַציע



## ל אַ נ ד ש אַ פ ט



## פּערזענלעכקייטן



## דער זיידע צו זיין אייניקל

## לעגענדעס און מעשהלעך

# צו דעם לייענער

דער דאָזיקער בוך מיינער אין יידיש איז אַ מין אַנטאָלאָגיע, אַ זאַמלונג פון אַרטיקלען פון מיינע שריפטן, וואָס זענען שוין דער־שינען אין אַ צאָל פון צוויי און צוואַנציק — ביכער און בראָשורן — ווי אויך פון די וואָס זענען נאָך נישט דערשינען: פאַרשיידענע מאמרים, פאַרצייכענונגען, טאָג־ביכער און דערציילונגען.

איך וויל דערמיט נישט זאָגן אַז אַלעס וואָס איז פאַראַן אין דעם דאָזיקן בוך איז דאָס ב ע ס ט ע פון מיינע שריפטן. אָבער עס איז אַ טרייע אָפּשפּיגלונג פון דעם כאַראַקטעריסטישן און פון דעם גייסט פון מיינע שריפטן, וועלכע האָבן געשעפּט פון דעם איין און איינציקן קוואַל — ארץ־ישראל און עם־ישראל — די צוזאַמען פאַראייניקטע פון אַלע אייביקייטן אָן.

דאָס איז דער קוואַל פון וועלכן איך האָב געשעפּט לעבנסזאַפט אין משך פון 50 יאָר צייט זינט איך בין געקומען אין לאַנד אַריין — כ״א תמוז תרס״ח.

איך בין פעסט איבערצייגט אַז נאָר דער דירעקטער קאָנטאַקט מיט דער ערד פון ארץ־ישראל האָט אין מיר אַנטוויקלט די פעאי־קייט פון קענען גוט זען די גאַנצע פאַנאָראַמע פון דעם לאַנד און מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו אַנטפּלעקן די אוצרות וואָס ליגן פאַרבאָרגן אין איר ווייטן עבר און אין די טיפענישן פון איר געבוי.

דערפון טאַקע שטאַמט דער נאָמען פון דעם דאָזיקן בוך — „מענטש און לאַנדשאַפט אין ישראל".

אין דער ל אַ נ ד ש אַ פ ט פון אַ לאַנד פורעמט זיך אויך אוים דער מ ע נ ט ש.

אַ לאַנדשאַפט איז נישט בלויז אַ צוזאַמענגוס פון נאַטור־דער־שיינונגען אַליין, נאָר אויך אַ פּראָדוקט פון דעם מענטשלעכן גייסט. און אויף וויפל דער מענטש ווערט באַווירקט פון דער לאַנדשאַפט, ווירקט ער קעגנזייטיק מיט דעם וואָס ער שאַפט פיזיש און גייס־טיק אויף צו לייגן אַ שטעמפל אויף דעם גאַנצן אַרום.

אַנדערש געזאָגט מיינט דאָס — אַז די לאַנדשאַפט אין ברייטערן זין איז נ אַ ט ו ר און ה י ס ט אָ ר י ע.

די לאַנדשאַפט פון ארץ־ישראל, לויט זי אַנטפּלעקט זיך אין מיין ו ו י ז י ע, זי האָט עס אויסגעפורעמט דעם יידישן מענטשן פון אונדזער צייט — דער מענטש וואָס האָט זיך איינגעוואָרצלט אין דער ערד, איז אַרויסגעוואַקסן פון איר און איז געוואָרן, לויט אַן אַלטן העברעישן אויסדרוק, אַזוי ווי „אדני השדה", אויף נישט אָפּצורייסן זיך פון איר.

דאָס איז דער מענטש וואָס האָט ביז איצט אויסגעהאַלטן דעם גאַנצן געראַנגל און וואָס וועט ווייטער אויך אויסהאַלטן.

---

ווי עס איז שוין די נאַטור פון יעדן מענטשן, איז ביי מיר אויך פאַראַן דער דראַנג צו משפיע זיין אויף אַ צווייטן סיי מיט גייסט, סיי מיט טאַט.

מיינע שריפטן וואָס טראָגן אויף זיך אַ העברעישן חותם — און אַנדערש האָט דאָך נישט געקאָנט זיין — זענען לוידער כמו ווי אָפּגעשלאָסן, נישט בלויז פאַר דער ברייטער יידישער מאַסע אין גלות נאָר אויך פאַר די ווייניקע וועמענס אויג בליקט קיין ציון און זייער האַרץ איז וואַך פאַר אַלעס וואָס קומט דאָרט פאָר און וואָס עס ווערט דאָרט וועגן דעם געשריבן.

דאָס אַלץ אָבער וואָס ווערט געשריבן אין דער דאָזיקער שפּראַך איז פאַר זיי אַנדערש נישט צוגענגלעך סיידן נאָר מען זאָל זיי עס איבערגעבן אויף זייער גערעדטער שפּראַך.

האָט זיך דערפאַר ביי מיר אויך געשאַפן דער פאַרלאַנג אי־
בערזעצט צו ווערן אויף יידיש.

מיטן דערשיינען פון דעם דאָזיקן בוך מיינעם אין יידיש ווערט
טיילווייז דערפילט דער דאָזיקער ווונטש מיינער, פאַר וועלכן איך
בין דאַנקבאַר די פריינד פון מעקסיקע, וואָס האָבן געזאָרגט אַז
דאָס בוך זאָל קענען דערשיינען ווי אויך די חברים און פריינד אין
אַרגענטינע בראש מיט זייער וועטעראַן ר׳ יצחק קאַפלאַן, וואָס
האָבן געזאָרגט און זיך באַמיט ביי זיין איבערזעצונג, אַכטונג גע־
געבן ביים דרוקן און וואָס וועלן אויך זאָרגן אַז ער זאָל געהעריק
פאַרשפרייט ווערן צווישן פאָלק.

זיי אַלעמען שיק איך איבער מיין האַרציקע ברכה.

יוסף ווייץ

## „כדי איר זאָלט עס דערציילן דעם שפּעטערדיקן דור...“

„למען תספרו לדור אחרון“
(תהלים מ״ח).

דער אויפבוי פון ארץ־ישראל אין רעזולטאַט פון וועלכן עס איז אויפגעקומען מדינת ישראל, האָט זיך געפירט מיט גאָר אַ סך בענקשאַפט און מסירת־נפש, און מיט זייער ווייניק פינאַנצן, וואָס יחידים האָבן אַריינגעבראַכט אין שטאָט און דאָרף. בלויז איינער, אַ יחיד ומיוחד, דער באַראָן בנימין בר׳ יעקב ראָטשילד, האָט אויס־געגאָסן אויף ארץ־ישראל אַ רעגן פון גאָלדענע רענדלעך, וואָס זע־נען, ליידער, נישט אַלעמאָל געהעריק פאַרנוצט געוואָרן.

דער געוויינלעכער קאַפּיטאַל פון די ערשטע יסודות־לייגער, איז בדרך כלל באַשטאַנען פון אַ סך בענקשאַפט און גלויבן, היפּש עמאָציע, פיל אויסדויער און גרייטקייט צו ליידן און ליידן. אַזוי דער יחיד, אַזוי דער כלל, דורך די גראָשנדיקע פּרוטות פון די חובבי ציון, פון קאָלאָניאַל־באַנק, קרן־קימת לישראל, קרן־הגאולה און קרן־היסוד, וואָס האָבן זיך אויף זייער אַ סך פאַרמאָסטן און פלעגן רע־לאַטיוו ווייניק קאַפּיטאַל דערגרייכן אין פאַרגלייך מיט די פאַר־מעסטן און באַדערפעניש.

איז גוט וואָס איינער פון די ראשונים, יוסף ווייץ, וואָס איז יאָרצענדליקער געשטאַנען ביי דער פּראַקטישער אויפבוי־אַרבעט, סיי אַלס יחיד, ווי אַ חלוץ פון דער צווייטער עליה, סיי אַלס פירער פון קרן־קימת, פריער ווי דער מיטאַרבעטער און שפּעטער ווי דער

וואָס האָט פֿאַרביטן דעם אינזשעניער עקיבא עטינגער ז״ל, איז מקיים דעם פּסוק פֿון תהלים „למען תספרו לדור אחרון״ און דער ציילט פֿאַר די שפּעטערדיקע דורות ווי עס איז אַלץ אויפֿגעקומ׳ען. און זאָל עס דינען פֿאַר אַ דערמוטיקונג און ביישפּיל פֿאַר די היינטיקע צייטן ווען די בענקשאַפֿטן ווערן אַלץ קלענער און די מיטלען אַלץ גרעסער, ווען דער ביודזשעט פֿון דער מדינה און פֿון די סוכנות צוזאַמען דערגייט צו הונדערטער מיליאָנען פֿונטן יערלעך.

אין דעם בוך וואָס ווערט דאָ אונטערגעטראָגן דעם יידישן לייענער, ברענגט יוסף ווייץ בילדלעך פֿון ביידע אַספּעקטן, סיי פֿון דעם ווי יחידים האָבן געבויט מיט בענקשאַפֿט, ווי אויך פֿון דעם ווי די פֿאָרשטייער פֿון דעם „עם עני ואביון״ האָבן מיט יאָרן צוריק געדאַרפֿט באַווייזן דעם מופֿת פֿון שאַפֿן כמ׳עט אַ יש מאין. דאָס מוז מען דערציילן די נייע דורות.

טראָגט טאַקע דער פֿינפֿטער קאַפּיטל פֿון בוך דעם „קאָפּ״ — „דער זיידע צו זיין אייניקל״, און עס ווערן אין אים קינסטלעריש געמאָלן, נישט בלויז דערציילט ווי אַזוי מען האָט געבויט ארץ־ישראל. אין איין קאַפּיטל ווערט דערציילט ווי „אַ רויזנגערטנדל האָט דער זיידע געהאַט״. איז עס געווען נישט גרויס, נישט צו לאַנג און נישט זייער ברייט אָבער, ווּ י ה ו י ך!... ממש אָנגעשפּאַרט אין די הימלען.

דער זיידע איז געווען אַ מ׳ענטש פֿון דער וועלט. געווען פֿאַרנומען, אָבער די פֿרייע צייט זיינע, פֿאַרנאַכטן און פֿרייטיק נאָך מיטאָגס, פֿלעגט דער זיידע אָפּגעבן דער אַרבעט אין גערטנדל. אַ שווערע אַרבעט, אויסרייסן שטיינער, בכדי צו באַפֿרייען מאַמע־ערד פֿון זייער דרוק. און „אַז עס האָט זיך אַנטפּלעקט דער פֿייכטרויטלעכער באָדן אונטערן פֿעלדז, פֿלעגט דער זיידע אָפּאָטעמען לייכטער און שמייכלען פֿון הנאה. עס האָט אים אויסגעזען ווי ער וואָלט מקבל געווען אַ גוטן־פֿריינד פֿון זיינע קינדעריאָרן״. דאָס גערטנדל איז פֿאַרפֿלאַנצט געוואָרן מיט רויזן „אַזוי מילד און חנעוודיק ווי אַ בעקעלע פֿון אַ לאַכנדיק מיידעלע, און די באַבע איז צו־

געגאַנגען צו די רויזן־בלומען, זיך איבערגעבויגן איבער יעדער איי־נער און באַרירט איר פּנים אין זיי. אַ לוטערער פרימאָרגן האָט גע־טריפט ווי פּערפום פון דער באָבעס אויגן און אַ בלומען־ריח האָט געשמעקט פון איר שמייכל".

אָבער דאָס גערטנדל איז סוף־כל־סוף פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן. דער יינגסטער זון איז געפאַלן אין קאַמף פאַר דער פרייהייט פון פאָלק... האָבן די צרות געמאַכט פאַרגעסן אין רויזנגערטנדל „ביז עס האָט פאַרלוירן זיין פּראַכט, עס טרויערט אויך אויפן יונגסטן זון, וועלכער איז אַרויס און מער נישט צוריקגעקומען", ווידער בענקשאַפט נאָר פון גאָר אַן אַנדער מדרגה, אין וועלכער עס פּאַסט זיך קינסטלעריש אַריין דער אַקאָרד פון פינאַל:

— „אַ רויזנגערטנדל האָבן זיידע־באָבע געהאַט, און עס איז מער נישטאָ..."

און האָט איז אַ צווייטע מעשהלע שהיה מיטן זיידנס נוסבוים. ווען די קינדער צעקריכן זיך פון שטוב און עס קומט די צייט ווען מען דאַרף אַראָפּרייסן די ניסלעך „הייבט אויף די באָבע אירע גוּ־טע אויגן צום זיידן און טוט אַ פרעג:

— און ווער וועט אַרויפקלעטערן אויפן בוים?

— איך! — האָט אויסגערופן דער זיידע.

האָט די באָבע אַ לאַך געטאָן און געזאָגט: גוט.

און דער זיידע איז אַרויף אויפן בוים, געשלאָגן מיט אַ שטעקן איבער זיינע צווייגן. די ניס האָבן אָנגעהויבן אַראָפּצופאַלן אויף דער ערד. די באָבע האָט זיי צונויפגעקליבן אין קויש אַריין. זיין זענען געווען קרוב צו אַכט הונדערט.

איר פאַרשטייט? — דאָס איז ניט וואָס מען וועגט נישט, מען מעסט נישט, נאָר מען צ יי ל ט זיי, איינס ביי איינס. דאָס זע־גען ניסלעך אויסגעבאָוועט אויף בענקשאַפט.

גליקלעך איז דער זיידע ווען זיין אייניקל ג י ר, קאָן שוין

קלעטערן אויפן בוים און אַראָפּרייסן די ניסלעך. אָבער אויפן צווייטן יאָר איז געקומען די מלחמה פאַרן אויפקומען פון מדינת ישראל. די זיידע־באָבע האָט עס פאַרכאַפּט אין תּל־אביב, און ווען ירוי־שלים איז באַפרייט געוואָרן זענען זיי געקומען צוריק, האָבן זיי געטראָפן אַז דער נוסבוים איז „דערהרגעט" געוואָרן אין דער מל־חמה... האָט דער זיידע אַרומגענומען דעם אויסגעהאַקטן שטאַם, וואָס האָט פאַרלוירן זיינע צווייגן און אויסגעבראָכן אין אַ ביטער געוויין". אָבער באַלד באַמערקט ער ווי עס שלאָגט זיך דורך אַ יונג ביימעלע וואָס זאָגט אָן אַ נייעם נוסבוים, בייגט זיך דער זיידע איין, טוט אַ קוש דאָס ביימעלע אויף זיין קעפּל און מורמלט:

— דעם אייניקלס נוסבוים!...

אַזוי פאַרבינדט די בענקשאַפט דעם זיידן מיטן אייניקל און עס דערמאָנט אין אַ פּערז פון אַן אַלט יידיש ליד וועגן חנוכה־לאָמפּ.

„און עס טוען די זעלביקע שטראַלן
וואָס האָבן אַמאָל אויף די זיידעס געשטראַלט
אַצינד אויף די אייניקלעך פאַלן..."

יוסף ווייך פילט און מאַכט פילן די נאַטור, ער איז פאַרליבט אין בוים, אין פלאַנץ, אין בלום און קנאָספּ. און אַזוי אויך זיינע העלדן, סיי פון דער נייער, סיי פון דער אַלטער היים. לייענען זיך זיינע סקיצן מיט אַ באַזונדער עמאָציע. עס פילט זיך פון זיי אַרויס דאָס טיף־מענטשלעכע, דאָס טיף־יידישע וואָס ווערט הויך־מענטש־לעך ווען עס קומט אין באַרירונג מיט דעם לאַנד פון זיינע בענק־שאַפטן, מיט ארץ־ישראל.

ווערט פאַרשטענדלעך דער נאָמען פון בוך: „מענטש און לאַנד־שאַפט אין ישראל" און די נעמען פון די קאַפּיטלעך: „ערשטע טעג", „לאַנדשאַפט", „דער זיידע און זיין אייניקל", „לעגענדעס און מעשהלעך". פאַראַן אויך אַ קאַפּיטל וועגן פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן געפּורעמט דעם יעצטיקן לאַנדשאַפט פון דעם אויפגעלעבטן לאַנד.

עס איז אַ פיין יידיש און מענטשלעך ווערק. אין ארץ־ישראל ווערט דער ייד דערהויבן אַלס מענטש, ווייל... בענקשאַפט פון טויזנטער יאָרן איז אַ גאָר באַזונדערער כוח.

אָבער יוסף ווייץ קאָן נישט נאָר מאָלן בילדער און געפילן. ער איז אויך אַ מייסטער צו באַשרייבן סיטואַציעס. און ער דערציילט אונדז נישט נאָר ווי יחידים האָבן זיך אַריינגעבויט אין ארץ־ישראל, נאָר אויך ווי דאָס פאָלק האָט „אויסגעלייזט זיין נחלה". דאָס קאַפּיטל „חניתה" איז אַ מוסטער פון אָט דעם מין שאַפונגען אין בוך. עס איז אַ „ראָמאַן" אין פאָרעם פון אַ טאָגבוך וואָס ציט זיך פון 9.12.1937 ביז 27.3.1939 — קנאַפּע צוויי יאָר. פאַרהאַנדלונגען, אונטערהאַנדלונגען, באַהאַנדלונגען, מעקלערס, אַגענץ, קרן־היסוד, קרן־קימת, „גאולה", מאַנדאַט־רעגירונג, פּאָליציי, יידן, אַראַבער. אַ וועלט קערט זיך איידער יידן קאָנען באַזעצן צוויי פּונקטן פון גליל־העליון. עס איז 1937, נאָכן באַריכט פון לאָרד פּיל וועגן צעטיילן פּאַלעסטינע. דער גליל איז יידן־ריין. אָבער עס מאַכט זיך צו קויפן 10 טויזנט דונאַם (1000 העקטאַר). זאָל מען קויפן? קיין געלט איז, כנהוג, נישטאָ. קויפן אַליין איז נישט גענוג, מען דאַרף עס אויך פאַרנעמען, באַזעצן, און מיט וואָס? — אָבער עס איז דאָך אַ פּאָליטישער שריט, ראַטעווען דעם גליל העליון פאַר דער צוקונפטיקער מדינה.

זאָגט בן־גוריון: „קויפן די ערד, דערנאָך וועלן מיר זאָרגן".

זאָגט אוסישקין ז"ל: „איך בין נישט באַגייסטערט. איך גלויב נישט אַז איינאָרדענען לאַגערן אויף דעם פּלאַץ איז מסוגל אָפּצוראַטעווען דעם גליל פאַר אונדז".

אליעזר קאַפּלאַן ע"ה טענהט אַז נישטאָ קיין געלט בכדי אויפצושטעלן די לאַגערן, און אויב מען קויפט, ווער זאָל אַרויפגיין אויפן באָדן? דינגט מען זיך מיט די פירער פון חלוצים. בלויז יוסף ווייץ קעמפט העלדיש פאַרן קויף. אָבער אַז מען דאַרף פאָרן באַטראַכטן דעם באָדן, ערשט: „אַ גרויסער עולם איז געקומען: קאָמאַנדירן און אינסטרוקטאָרן, טעכניקער און מעסטער." ווער איז עס נישט קיין בעלן צו כאַפּן אַ נסיעהלע...

אין מיטן פון דעם גאַנצן ווירוואַר פאַרגעסט נישט יוסף ווייץ זיין „אייביקע געליבטע”, די לאַנדשאַפט פון ארץ־ישראל. מען שטייגט אין די בערג:

— „דער פרימאָרגן איז פריש און לויטער, ווייסע וואָלקנס האָבן געשוועבט אין דער לופטן און ס'האָט זיך געאָטעמט אָנגענעם... פון דער ווייטנס ווייזט מיר דער אַראַבער אַ גרין פלאַך שטיקל ערד. אַ קוואַל און נעבן קוואַל אַ פעלד, פאַרזייט מיט שיינעם ווייץ. דער קאָליר טונקל־גרין און די תבואה איז הויך. מיר שפּרייזן צווישן אַ סך באָקסער־ביימער, מיט גלייכע שטאַמען: אַ סימן אַז די ווינטן זענען דאָ נישט קיין שטאַרקע, נישט ווינטער און נישט זומער”. מען זעט ממש דאָס בילד, מען פילט עס מיטן גאַנצן וועזן. אַזוי האָבן עס אויך דערפילט די וואָס האָבן באַדאַרפט באַשטימען די קניה. דער לאַנדשאַפט האָט גובר געווען, דער קויף איז געמאַכט געוואָרן, דער גליל־העליון איז געבליבן יידיש.

מיט וואָס זשע האָט עס יוסף ווייץ זוכה געווען צו זיין צווישן די וואָס האָבן דעם גרעסטן חלק אין אויסלייזן דעם באָדן פון ארץ־ישראל איידער עס איז אויפגעקומען די מדינה?

איז פאַראַן אין זיין קאַפּיטל פערזענלעכע זכרונות איין שטעל וואָס טראָגט טאַקע דעם נאָמען „בענקשאַפט” און וואָס דערקלערט עס: יוסף ווייץ קומט אַלס חלוץ פון דער צווייטער עליה קיין רחובות און: „כ'האָב אַ פרעג געטאָן ביי ק. צי איך וועל מאָרגן קענען באַקומען אַרבעט? — תחילת האָט ק. גאָרנישט געוואָלט הערן, זאָגנדיק אַז איך דאַרף זיך אויסרועז כאָטש אַ וואָך צייט פון די וועג־פלאָגענישן, באַטראַכטן די מושבה און הנאה האָבן פון איר שיינ־קייט, און ערשט שפּעטער גיין אַרבעטן. אָבער אַז איך האָב גע־ענטפערט דרייסט אַז איך בין בשום אופן נישט גרייט אַרומגיין פוסט און פאַס אַ גאַנצע וואָך, האָבן אַלע אָנוועזנדיקע זיך וואַרעם אָפּגערופן מיט אַ „יישר־כוחך”. און אַרבעטן וויל יוסף ווייץ דווקא ביי ערד, נישט ביי קיין שום אַנדער אַרבעט, עס טרייבט אים דער־צו די בענקשאַפט צום לאַנדשאַפט, צום באָדן, די מוטער ערד וואָס איז אויך פאָטערלאַנד...

די דאָזיקע בענקשאַפט האָט יוסף ווייך מיטגעבראַכט פון דער היים אין וואָלין. דער זיידע איז געווען אַ וואַלד־סוחר. דער פאָטער דאָס נעמלעכע. אין זיין פאָררעדע צו דער „לעבנסגעשיכטע פון יחיעם" — זיין זון וואָס איז געפאַלן אין דער מלחמה פאַרן אויפקום פון מדינת ישראל, שרייבט יוסף ווייך: „ווײנען זיי נאָך אין קליינעם ווייסן שטיבעלע, וואָס שטייט אין טיפן וואַלד אין מיטן פון אַ גאָרטן? וואַנדערט נאָך דער טאַטע איבער וועלדער, מעסט די ביימער מיטן בליק, גיסט אויס זיין האַרץ אין זייער שאָטן זינגענדיק מיט אַ אומעטיקן ניגון, אָנגעזאַפט מיט בענקשאַפט: „ציון, ציון, מיין אויסגעבענקטע שטאָט?..."

יוסף ווייך איז אויסגעוואַקסן אויפן שויס פון דער נאַטור, אין שאָטן פון וועלדער, פון דאַנען זיין צוגעבונדנקייט צו התישבות, צו באָדן. און דווקא ציט אים צו די בערג וואָס בילדן דעם גרעסטן טייל פון באָדן פון ישראל. דערפאַר ספּעציאַליזירט ער זיך אין באַוואַלדונג, און אונדזער „קליינטשיק לענדעלע" האָט צו פאַרדאַנקען זיין איניציאַטיוו די פאַרפלאַנצונג פון מיליאָנען און מיליאָען ביימער, וואָס פאַרדעקן איר נאַקעטקייט, מילדערן איר קלימאַט און ווערן אַ שפע פון רייכטום פאַר די מענטשן וואָס באַוווינען דאָס לאַנד.

דערפאַר קאָן אויך יוסף ווייך פירן דעם גרויסן געראַנגל פאַר אויסלייזן דעם באָדן און אויסקויפן אים טראָץ די שוועריקייטן וואָס די ווייסע ביכער פון דער מאַנדאַט־מאַכט לייגן אויפן וועג. יוסף ווייך איז מערערע מאָל דורכגעגאַנגען דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט. ער קאָן אין איר יעדן ווינקל און קאָן דערפאַר לייכטער אויסזוכן אַ „שפּאַרונע" דורך וועלכער דורכצופירן אַ לאַנד־טראַנזאַקציע.

יוסף ווייך זאָרגט אויך דערפאַר אַז זיינע דערפאַרונגען אויף די פאַרשיידענע געביטן זאָלן אַריבערגיין צו די קומענדיקע דורות וואָס וועלן ממשיך זיין די אַרבעט. האָט ער ביז היינט פאַרעפנטלעכט 22 ביכער, די גרעסטע טייל פון וועלכע איז געווידמעט דער באָדן־פראַגע אין ארץ־ישראל: וואַסער, באַוואַלדונג, אויסנוצן די בערג, קולטיווירן פאַרשיידענע אַז"וו. מיליאָנען ביימער און צענד־

ליקער ביכער, מיליאָנען דונאַם אויסגעלייזטן באָדן באַפרייט פון דער קללה פון מדבר און צוריקגעקערט צו פרוכטבאַרקייט בכדי צו שפּייזן דאָס פאָלק אין ציון, דאָס זענען אַלץ גרויסע דערגרייכונגען און לאָמ'ר האָפן און ווינטשן אַז נאָך ווייט נישט דער סך־הכל פון אַ פרוכטבאַר לעבן וואָס וועט נאָך, האָפנטלעך, פיל לייסטן.

דאָס בוך פון יוסף ווייץ איז, ווי מען זעט, אַ פועל־יוצא פון פערזענלעכע איבערלעבונגען, פון פערזענלעכע דערפאַרונגען, דער־פאַר קלינגט אין דעם נישט קיין געקינצלטער נאָר אַ קינסטלערי־שער טאָן.

„למען תספרו לדור אחרון" — כדי איר זאָלט עס דערציילן דעם שפּעטערדיקן דור. איז יוסף ווייץ מקיים אָט דעם אָנזאָג און די לייענער וועלן האָבן די געלעגנהייט צו באַקענען זיך נישט נאָר מיט אַ גוט נאָר אויך מיט אַן אינטערעסאַנט ווערק, וואָס קומט פון ערשטן קוואַל און אָטעמט מיטן אָטעם פון נאַציאָנאַלער אויפ־לעבונג דורך פערזענלעכער דערהויבונג.

מ. שענדעריי



יוסף ווייץ ביי זיין אנקומען אין לאנד אריין (יאר תרס״ח)



יאָסף ווייץ ביי דער אַרבעט אויף „בחר“ אין רחובות (ווינטער תרס״ט)



יוסף ווייץ אַלס „שומר״ אין די ווייַנגערטנער פון רחובות (זומער תרס״ט)



אוסישקין, יוסף ווייץ און מעקלער אויף אַ באַזוך אין „חניתה“ אין ערשטן יאָר פון עליה (אַפּריל 1938).

# ערשטע בלעטלעך

## א. בענקשאַפט

פאַרנאַכט* בין איך אָנגעקומען קיין רחובות, נאָכן אָפּטרייסלען זיך דריטהאַלבן שעה אויפן וועג פון יפו, זיצנדיק אויף אַ מין ברעט אויסגעלייגט אין דער ברייט פון אַ וואָגן וואָס איז געווען איינגעשפּאַנט צו אַ פּאָר פערד. דער בעל־עגלה איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַן אַראַבער, אָבער אין וואָגן זענען חוץ מיר, אויך געזעסן אַ מאַן און אַ פרוי, פּויערים פון דער קאָלאָניע, וועלכע האָבן געהאַלטן איבער זייערע קעפּ אַ ברייטן זונשירעם צו באַשיצן פון דער זון. זיי האָבן צווישן זיך געשמועסט דעם גאַנצן וועג און ווייניק אַכט געלייגט אויף מיר און אויף מיינע טרייסלענישן אויפן זיצברעט. האַלטנדיק בעת מעשה פעסט מיין געפּעק עס זאָל נישט אַראָפּפאַלן דריי איך כסדר אום מיין פּלייצע צום מערב־זייט, ווי די ארץ־ישראלדיקע תמוז־זון האָט זיך געהאַלטן אין זעצן און באַמי מיך אָפּקערן פון איר מיין פּנים. אין דער אמתן האָב איך אָפּגעקערט מיין פּנים נישט בלויז פון דער זון נאָר אויך פון מיר גופא. כ׳האָב מיך געפילט ליידיק פון מחשבות און נאָר איין פאַרלאַנג האָט מיך באַהערשט: ווי דערפאָרט מען שוין וואָס שנעלער צו דער קאָלאָניע.

ווען די שפּיצן פון די אייקאַליפּטן־ביימער, באַגילדטע פון די זון־שטראַלן, האָבן זיך באַוויזן, איז אויסגעבראָכן אַ פריי־אויסגעשריי ביי אַלע רייזנדיקע: אָט איז רחובות. די דאָזיקע שמחה, ענלעך צו דער שמחה פון קינדער וואָס קערן זיך אום אַהיים, כאָטש זיי זענען אַרויסגעפאָרן דעם זעלביקן טאָג, האָט מיך אויך אַרומגענומען און מיין האַרץ האָט אָנגעהויבן צו צאַפּלען.

* כ״א תמוז תרס״ח.

אויף דער ערשטער גאַס האָט אויף מיר געוואַרט מיין קרוב יוסף קליוונער**. ער האָט מיך צוגעפירט צו דער שטוב פון אונ־דזער פריינדין חיה ברכה, וואָס האָט שוין באַוויזן פאַר דער צייט פון איר וווינען אין דער קאָלאָניע — זיך איינצובירגערן אין איר. דאָרט האָבן מיר אויך געטראָפן חיים צימערמאַן און אונדזער שמחה איז געווען גרויס, וואָס אונדזער גרופּע, וועלכע איז אַנט־שטאַנען „דאָרט", ווען מען איז יונג געווען און געחלומט, זאָמלט זיך צונויף דאָ אין אונדזער אויסגעבענקטן לאַנד, נאָכדעם ווי זי איז זיך מיט אַ יאָר צוריק צעפאַלן, בעת די חברים זענען עולה גע־ווען. תיכף זענען זיך צונויפגעקומען נאָך חברים פון די היגע אַר־בעטער, צווישן זיי אויך אַזעלכע וועלכע האָבן שוין געהאַט סטאַזש פון 3-4 יאָר אַרבעט אין די וויינגערטנער פון דער קאָלאָניע. איך בין געווען אַנציקט פון זייער ליבלעכן שמייכל ביים אויסשטרעקן די האַנט צו געבן מיר שלום עליכם און פון דעם פריידיקן אויס־דרוק אין זייערע אויגן ביים ווינטשן מיר הצלחה אין מיין נייעם וועג — באַאַרבעטן די ערד אין ארץ־ישראל. עס האָט זיך געפילט חברלעכע אינטימקייט אין דער סביבה און עס איז לייכטער גע־וואָרן אויפן האַרצן.

ביסלעכווייז זענען צוגעקומען נאָך מענטשן און אַלע לאָקאַלע אַרבעטער, נאָר צוויי פון זיי זענען געווען זין פון פויערים. מען האָט זיי געקענט תיכף דערקענען נאָך זייער הלבשה, אמת אויך פּשוט — לייוונטענע הויזן, אַ בלוזע און אַ שטרויענע הוט מיט זייער ברייטע ראַנדן, — אָבער די בלוזקע איז שוין געווען אַרומגע־גאַרטלט מיט אַ מין שנור געשטריקט פון באַוול־פעדים און צוויי פרענדזלעך הענגען פון דער זייט, בעת די אַרבעטער זענען געווען אַרומגעגאַרטלט מיט געוויינלעכן שטריק.

כ'האָב אַ פרעג געטאָן ביי ק. צי וועל איך מאָרגן קענען באַקו־מען אַרבעט? תחילת האָט ק. גאַרנישט געוואָלט הערן, זאָגנדיק אַז איך דאַרף זיך אויסרוען כאָטש אַ וואָך צייט פון די וועג־פּלאָגע־

** בן הרב פון ברעסטעצקו.

נישן, באַטראַכטן די מושבה און הנאה האָבן פון איר שיינקייט, און ערשט שפּעטער גיין אַרבעטן. אָבער אַז איך האָב דרייסט געענטפערט, אַז איך בין בשום אופן נישט גרייט אַרומגיין פּוסט־און־פּאַס אַ גאַנצע וואָך, האָבן אַלע אָנווּעזנדיקע (זיי זענען על־פּי־רוב געשטאַנען אין ענגן צימער, ווייל ס׳זענען נישט געווען גענוג נאַפּט־קעסטלעך זיך צו זעצן) זיך וואַרעם אָפּגערופן מיט אַ יישר־כוח. דעמאָלט האָט מיך ק. אַ פרעג געטאָן וואָס פאַר אַ מין אַרבעט, אַ שטייגער, וויל איך אויסקלייבן: צי אין טרויבן־שניט — עס איז דעמאָלט געווען אין סאַמע ברען פון שניט — וואָס צאָלט זיך צוויי בישליק אַ טאָג, אָדער אפשר אין וויינקעלער וואָס צאָלט זיך דריי בישליק אַ טאָג און חוץ דעם אַרבעט מען אין אַ בנין מיט שאָטן און קילער פרישקייט, און פאַר אַזאַ „נייעם" ווי איך, וואָס איז נאָך נישט געוווינט צו אַ גליענדיקער תמוז־זון אין ארץ־ישראל, איז דער וויינקעלער ווי אָנגעמאָסטן. האָב איך תיכף אָפּגעענטפערט, אַז איך גיי אין ווייגאָרטן און נישט אין וויינקעלער, ווייל מיין שטרע־בונג איז ערדאַרבעט און נישט סתם אַרבעטן.

מיינע לעצטע ווערטער האָבן אַרויסגערופן אַ לייכטן שמייכל ביי אַ טייל פון די פּאַרזאַמלטע, אַ שמייכל געמישט מיט אַביסל ביטול. איינער פון זיי, אַ הויכער און פעסטגעבויטער בחור, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער שטרויענער הוט איבערן שטערן, האָט אויס־גערופן: — מען זעט פון דיינע רייד, אַז דו ביסט אַ „פּועל־הצעיר־ניק", און דו שטרעבסט צו „כיבוש העבודה" — דעראָבערן אַר־בעט. אָבער עס איז דאָ פאַראַן אַ גרינטלעכער טעות. אונדזער ציל איז נישט צו דעראָבערן די אַרבעט פון די אַראַבער, נאָר שאַפן אַ קלאַס פון אַרבעטער און לשם דעם איז יעטווידע אַרבעט, סיי אין ווייגאָרטן און סיי אין וויינקעלער, אין שטאָט צי אין דאָרף — כשר און ניצלעך פאַר אונדז. דאָ איז אויסגעבראָכן אַ שטורמישער וויכוח, אין וועלכן אַלע, חוץ מיר, האָבן אנטיילגענומען. דער עולם האָט זיך איינגעטיילט אין צוויי. אַ טייל האָט געהאַלטן פון „כיבוש עבודה" און גערויבט מיין געזונטן שטאַנדפּונקט בנוגע

דער שטרעבונג צו ערד, און דער צווייטער טייל האָט געריעדט הויך וועגן אַן אַרבעטער־קלאַס. איז די מערהייט געווען מיט די ערשטע, אָבער די לעצטע זענען פעסט באַשטאַנען אויף זייער מיינונג און דער הויכער געזונטער בחור האָט צעפּירט זיינע לאַנגע הענט און האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט וועלן אַלעמען פאַרטרייבן פון זיך און אַזוי אַרום זיי באַזיגן.

דער וויכוח האָט נישט אויפגעהערט אַפילו נאָכן אַרויסגיין אויף דער גאַס. אין אונדזער צימערל, ווו אַ קליין לעמפּעלע האָט פאַרשפּרייט אַ שוואַך ליכט, איז שטיל געוואָרן, נאָר מיר און אַלע לאַנדסלייט פון זעלביקן שטעטל, זענען דאָרט פאַרבליבן און זיך דורכגעשמועסט וועגן משפּחה־ענינים און וועגן די חברים, וועלכע זענען נאָך פאַרבליבן אין גלות; וועגן לעבן פון די וואָס זענען עולה געווען פאַר אונדז און אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט דעם אָוונט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

עס איז מיך באַפאַלן אַ מידקייט און איך האָב געוואָלט שלאָפן. אין דערבייאיקן צימער, וואָס האָט אייגנטלעך געדינט ווי אַ קאָרידאָר צו די אַנדערע צימערן, איז אויסגעבעט געוואָרן אַ געלעגער אויפן פּאָל און דאָרט האָב איך זיך געלייגט. גאָר האַרט איז געווען דער געלעגער און דאָס ליגן איז גאָרנישט געווען באַקוועם, אָבער די מידקייט האָט אַלץ גובר געווען און כ׳בין פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. ווייזט אויס, אַז מיין שלאָף איז נישט געווען אַזאַ זיסער, ווייל גאָר שנעל האָב איך מיך איבערגעוועקט. עס איז געווען פינצטער אַרום מיר און נאָר דורכן שפּאַלט פון דער עטוואָס אָפענער טיר זענען אַריינגעדרונגען ליכטיקע לבנה־שטראַלן. די שטראַלן זענען געפאַלן אויפן געזיכט פון אַ מאַן וואָס איז אויך געלעגן אויפן פּאָל נישט ווייט פון מיר. איך האָב זיך איינגעקוקט און געזען אַז דאָס איז ק. ער איז געשלאָפן און געכראָפּעט. כ׳האָב צוגעמאַכט די אויגן און זיך באַמיט ווידער איינצושלאָפן, אָבער ס׳איז מיר נישט געלונגען. מיטאַמאָל דערגייט צו מיר אַ שרעקלעך וואַיען און כ׳בין פאַרציטערט געוואָרן. ס׳האָט זיך געדוכט ווי הונדער־

טער קינדער, נישט ווייט פון שטוב, וואָלטן זיך צעכליפּעט אין די גאַסן, און זייער צעצויגענער געוויין, פול מיט טרויער און קלאָגדערשיטערט ממש די נשמה. זיץ איך און האָרך: יאָ, קינדער וויינען נישט ווייט פון אונדז, אָט הערט זיך אַ דין שטימעלע וואָס כליפּעט און יאָמערט און אָט אַ צווייטס, אַ דריטס און נאָך צענדליקער, ווייס איך נישט וואָס דאָס באַטייט. און דער געיאָמער ציט זיך אָן אויפהער און מיין האַרץ טיאָכקעט. עפּעס האָט זיך אין מיר צערודערט און וויל ממש אַרויסשפּרינגען פון מיר.

טו איך מיך אָן אין דער שטיל און עפן די טיר. אַ פולע לבנה שווימט אויפן ברייטן צעשטערנטן הימל און איבערן בערגל, אויף וועלכן עס שטייט אונדזער שטוב, זעען זיך די הייזער פון דער מושבה באַגאָסן מיט אַ טריבן זילבער־שיין. הענגט דער גלאָק צווישן צוויי אייזערנע שטאַנגען, הויך און קלאָר אויפן בערגל קעגנאיבער אונדזער שטוב, און וואַרפט אַ לאַנגן שאָטן לענגאויס דער גאַס, פונקט ווי ער וואָלט זיך אויך אויסגעצויגן איינצוהערן זיך צום אימהדיקן וואָיען פון הינטער דער מושבה. אַ געהיימער פחד האָט מיך אַרומגענומען און אין דער רגע האָט אויפגעטויכט אין מיר אַ קוואַל פון בענקשאַפט צו דער היים פון טאַטע־מאַמע און כ'האָב מיך דערפילט פרעמד און עלנט אין דעם פּלאַץ. באַפאַלט מען די מושבה? טאָ, פאַרוואָס איז דער גלאָק שטיל? און ווו זענען די וועכטער, די שומרים פון דער מושבה און די וויינגערטנער?

אַ שאָס הילכט אָפּ און צעטרייסלט די נאַכט־שטילקייט. אויך דער געיאָמער רייסט זיך איבער נאָכן שאָס און ס'ווערט טויט־שטיל. און אָט צעפייפט זיך אַ סירענע פון איין זייט און אין אַ מינוט אַרום ענטפערט אַ צווייטע פון אַן אַנדער זייט. זי איז גאַנץ נאָענט פון מיר. שפּאַן איך מיר איבער דער גאַס, נעבן דעם הויז און איך הער מיט אַלע חושים. אָט הערט זיך אַ קול פון די וויינגערטנער: מאיר, דו האָסט געשאָסן? יאָ, — ענטפערט אַ באַס־שטימע — יאָ!. פוקסן האָבן זיך אַריינגעריסן אין מיין וויינגאָרטן און מאַכן אַן שאָדן.

מײַן געמיט האָט זיך באַרואיקט. נישט קינדער בליפּען און נישט איבערפּאַלער זענען אָנגעקומען. דאָס איז דאָס טרויעריקע וואָיען פון די פוקסן וואָס האָט זיך איבערגעריסן אין אײַן ווײַנ־גאָרטן און הייבט אָן אין אַ צווייטן, אין מזרח־זייט פון דער מור־שבה. אַ פאַרצוויגעגנער געיאָמער פול מיט געבעטן און תחנונים, מיט געקלאָג און געוויין. זאָל זײַן אַז דאָס האָט דערוועקט אין מיר דאָס „קינד־געוויין", בעת איך פיל מיך אַזוי פאַרלאָזן, עלנט און פרעמד און מײַן האַרץ קאָרטשעט זיך צוזאַמען פון בענקשאַפט צו טאַטע־מאַמע?

שפּאַצירט אַ זילבערנע לבנה אין די הייכן און אַלץ אין דער וועלט זעט אויס אַזוי קלאָר, אַזוי אָפן, אָבער אויך אַזוי פרירנדיק קאַלט. גייט מיר דורך אַ ציטער. אַ מין גײַסטיקע „שוואַכקייט" נעמט מיך אָן און פון אַ פאַרבאָרגן ווינקעלע שרײַט צו מיר אַ שטים: זון מײַנער, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזן? טאַטע מײַנער, פאַרוואָס האָב איך דיך פאַרלאָזן?

און אַן אומגעזעענער כוח מאַכט אויפטויכן מײַן טאַטנס געשטאַלט, אײַנגעהילט אין עצבות, אַזוי ווי איך האָב אים געזען אין די לעצטע מינוטן פון אונדזער צעשיידונג.

אַ פאַרכמאַרעטער פרימאָרגן אין דעם שטעטל. אויך בײַנאַכט האָט געטריפט אַ לײַכט רעגנדל און די גאַסן האָבן זיך פאַרבלאָטיקט. אַ כמורנער שלײַער הילט אײַן די הײַזער און די גערטנדלעך פון פאָרנט און אויך די גרינע פעלדער אויסער דעם שטעטל, פון בײדע זײַטן באַן־סטאַציע. גרויע וואָלקנס שוועבן אַרום איבער אונדזערע קעפּ און עס פאַלט דער דריבנער רעגן. מיר געזעגענען זיך פון אונדזערע פרײַנט און דער טאַטע שפּרײַזט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, מיט גלאַנציקע און שמייכלענדיקע אויגן און מיט אַ פּנים פול מיט שטאָלץ — אַן אויסדרוק וואָס האָט באַהערשט זײַן געזיכט אין משך פון לעצטן חודש פאַר מײַן אָפּפאָר. בעת מיר האָבן באַזוכט די שכנישע שטעטלעך כדי זיך צו געזעגענען פון די צאָלרײַכע קרובים, דער אויסדרוק וואָס האָט אַלעמען

אַנגעזאָגט: זעט צו וואָס איך האָב זוכה געווען — צו שיקן מיין ליבלינג־קינד קיין ארץ־ישראל, דאָס לאַנד פון מיינע יוגנט־חלומות. דער דאָזיקער מוטיקער אויסדרוק האָט אויך משפיע געווען אויף מיין מוטער, זי זאָל נישט וויינען צופיל, בעיקר, נישט אין זיין און מיין אָנוועזנהייט, און האָט מיר צוגעגעבן כוח און שטאַרקייט צו מאַכן דעם שריט וואָס כ׳האָב פון אייגענעם רצון אויסגעוויילט. אָבער אין דער מאָס וואָס מיר דערנעענטערן זיך צו דער באַן־סטאַציע — פאַרנעפּלט אַ פייכטער שלייער זיינע גוטמוטיקע און גלאַנציקע אויגן און עס ציטערט אויף זיין פנים. זיין קאָפּ איז הויך פאַרריסן, ווי תמיד, אָבער די מאַמע שלעפּט זיך לאַנגזאַם מיט אַ טיכל ביי די אויגן. מיר האָבן געשוויגן דעם גאַנצן וועג און אויך אַרויפשטייגנדיק אויפן באַן־וואַגאָן האָט מיין פאָטער זיך פאַרנומען מיט איינאָרדענען מיין געפּעק און מיטן זוכן פאַר מיר אַ גוטן זיצפּלאַץ. ער האָט מיר אויך געגעבן אַ ריי עצות בנוגע דער רייזע ביז אדעס און פון אדעס וויטער אין דער שיף, און האָט איבערגעחזרט איינציקע מאָל: זאָלסט שרייבן, שרייב פיל, מיין זון, וועט אונדז צוקומען אַ שטיק געזונט.

עס קלינגט דער גלאָק. דער טאַטע גייט אַרויס פון וואַגאָן און איך נאָך אים. ביים קושן מיך דאָסמאָל טריפן אויף מיר זיינע טרערן. איינגעהאַלטענע שטילע טרערן, נישט ווי די מאַמעס וואָס בליפּעט הילכיק. הייסע בריענדיקע טרערן. „נאָר נישט וויינען״ ציטערט זיין שטים און ער קושט מיך ווידער... און אָט איז דער דריטער קלונג.

שטיי איך אויפן טרעפּל פון וואַגאָן און קוק.ביידע שטייען און באַוועגן זייערע הענט צו מיר. שעפּטשעט עפּעס די מאַמע? כ׳פאַרשטיי, זי שיקט מיר נאָך איר ברכה. איך בליק אַריין אין מיין טאַטנס אויגן און איך זע זיי באַדעקט מיט טרויער, זיין געשטאַלט איינגעבויגן און מיין האַרץ איז שיעור נישט פאַרגליווערט געוואָרן פון וויטיק אין אָנבליק פון זיין אומעטיקער געשטאַלט... דער באַן רירט זיך, ער איז לאַנג, ציט זיך און ציט זיך און איך קוק אים נאָך. ער

איז שוין פאַרבײַגעפאָרן פאַר זיי און זיי שטייען נאָך דאָרט ווי פאַרשטיינערטע, איינזאַמע אין אַ כמאַרנעם פרימאָרגן פון אַ פאַר־וואָרפן שטעטל — אײַנגעהילט אין טרויער און אַט דער טרויער דרינגט אַרײַן אין מײַן האַרץ און צופּט מיך און מאַטערט מיך איצט, אין מײַן ערשטער נאַכט אין ארץ־ישראל. איך געפין נישט קיין רו. איז דאָס די פאַרווירקלעכונג פון דער שטרעבונג? וועט די בענק־שאַפט נישט אָפּלאָזן פון מיר און אייביק באַלאַסטן מײַן געמיט? וועל איך קיין טרייסט דאָ נישט געפינען? אָבער קיין תשובה איז נישטאָ פאַר מײַנע פראַגן. שווימט די לבנה אין די טונקעלע הימ־לען, קלאָר, אָפן און קאַלט און דער גלאָק הענגט פון אויבן און ער איז שטום ווי ער וואָלט באַהאַלטן פאַרבאָרגענע סודות.

כ׳האָב מיך אַראָפּגעלאָזט אויפן טוי־פייכטן זאַמד און זיך אויס־געצויגן אויף אים ביחידות. כ׳וויל מיך באַהעפטן מיט דער ערד, מיט דער הימלאַנד־ערד און כ׳הער נישט קיין תשובה. כ׳זעץ פאַר מײַן וואַנדער־גאַנג לענגאויס דער שטוב אויפן בערגל.

אין מערב רויטלט זיך שוין דער הימל. ס׳קרייען הענער, ס׳עפענען זיך טויערן. איך גיי אַרײַן אין צימער און באַגראָב מײַן קאָפּ אין קישן, אפשר וועט אויפהערן דאָס האַרץ־צופּעניש. אַזוי ליג איך אָפּ אַ לענגערע צייט. ק. וואַכט אויף, טוט זיך אָן און גייט אַוועק צו דער אַרבעט. עס שטייען אויף די איבעריקע אײַנוווינער. זיי מיינען אַז איך שלאָף טיף, מיד פון די וועג־וואָגלענישן און זיי וועקן מיך נישט אויף. און אַז אַלע גייען שוין אַוועק צו דער אַר־בעט, פאַרלאָז איך אויך מײַן געלעגער און גיי אַרויס אינדרויסן. די גאַס איז איצט באַגאָסן מיט אַ שפע זונענשיין. אָנגעשפּאַרט אויף די פּלויט־קלעצלעך באַטראַכט איך די דורכגייער. זיי זענען מיר אַלע פרעמד. אַלע אײַלן צו דער אַרבעט — טייל צופוס און טייל אויף אייזלען. גרויסע שטרויענע היט באַשיצן די קעפּ און קוישן מיט עסן ביי דער זייט. אַלע זענען צופרידן, און נאָר איך בין צע־פרעסן פון בענקשאַפט. עס באַפאַלט מיך אַ חשק צושטיין צו די מענטשן, אַרײַנגיין אין אַ שמועס און זיי פרעגן:

— האָט איר געליטן פון בענקשאַפט צו דער טאַטע־מאַמע־היים? אויב יאָ, ווי האָט איר זיך אויסגעהיילט אַזוי אַז די שמחה באַשיינט אייך אַצינד?

אַזוי האָט זיך געצויגן דער לאַנגער און הייסער טאָג און קיין באַרואיקונג מיר נישט געבראַכט. מיר איז נישט געלונגען צו קומען צו זיך און די יסורים פון דער בענקשאַפט האָבן מיך געמאַטערט ביז צו בייסן די פינגער. פאַרנאַכט האָב איך געשריבן מיין טאַטן אַט דאָס קורצע בריוול:

„רחובות, כ״ב תמוז תרפ״ח.

גוטער טאַטע מיינער,

איך בין שוין פיר און צוואַנציק שעה אין דער מושבה רחובות, דאָס הייסט אין ארץ־ישראל. וועסטו מיך פרעגן, וועלכע איינדרוקן האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין האַרץ אין דעם ערשטן מעת־לעת פון מיין ווילן אין לאַנד? וועל איך דיר ענטפערן, מיט אַ געפיל פון בושה, אָבער אָפן־האַרציק: אַ כוואַליע פון שטאַרקער בענקשאַפט צו דעם טאַטנס היים האָט מיך אַרומגעכאַפט און איינגעשלונגען די גאַנצע צייט, אויף אַזוי ווייט אַז מיינע חושים זענען אָפּגעטעמפּט געוואָרן צו מיין גאַנצן אַרום. איך האָב זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען פון די טיפענישן פון מיין נשמה כאָטש איין קליינעם געפיל פון די טויזנטער געפילן וואָס האָבן מיך באַרוישט אין גלות לגבי ארץ־ישראל, און זיך אָנהאַלטן אין אים; כ׳האָב אָנגע־קלאַפּט אין די טירן פון מיינע חלומות, וואָס איך האָב געוועבט דאָרט טאָג און נאַכט, און בעת כ׳פלעג שפּאַצירן אין די סאָסנע־וועלדער פלעגן זיי מיך ציען צום אויסגעוויילטן לאַנד. כ׳האָב זיך געבעטן רחמים, אַז כאָטש איין חלום זאָל מיך אָננעמען און אַרויסשלעפּן פון דעם בענקשאַפט־תהום און פונאַנדערשפּרייטן פאַר מיר כאָטש אַ טייל פון דעם גלאַנץ און שימער וואָס האָבן פאַרכאַפּט מיין אויג דאָרט — אָבער ס׳איז נישט באַ־שערט געווען. איך בין אַזוי איינגעזונקען אין אים פון בענקשאַפט. אַז כ׳האָב כמעט חרטה געהאַט, וואָס איך האָב אייך איבערגעלאָזן און אַזוי ווייט פאַרפאָרן אין אַ פרעמדן לאַנד. וועלן די שעהן אָנהאַלטן? וועלן די בילדער פון טאַטע־מאַמע־שטוב מיך פאַרפאָלגן און נישט געבן קיין רו?

איך שעם זיך, טאַטע, פאַר זיך אַליין צוליב דער „שוואַכקייט" וואָס איז שולט אין מיר. כ'וויל נישט מאריך זיין. כ'וואַרט אויפן אָוונט, בעת מיינע חברים וועלן זיך אומקערן פון דער אַרבעט. אפשר וועל איך באַוויזן אין זייער געזעלשאַפט איינצושטילן דעם שטורעם פון מיין בענקשאַפט; די בענקשאַפט פון אַ קינד צו טאַטע־מאַמע וואָס האָט אים אַרומגעכאַפט, איינגעוויקלט און פאַרקלעמט זיין האַרץ.

דיין זון..."

## ב. יסורים פון אַרבעט

אין אָוונט פון דעם שווערן טאָג, בעת ק. איז צוריקגעקומען אַהיים, האָט ער מיר אָנגעזאָגט, אַז ער האָט באַקומען פאַר מיר אַרבעט ביים טרויבן־שניט ביים לאַנדווירט פיינשטיין, ווו ער גופא אַרבעט אויך. די בשורה האָט מיך דערפרייט און באַפרייט תיכּף פון דעם בענקשאַפט־קלעם. מיר זענען אַוועק אין געוועלב איינצוקויפן אַ קוישל און אַ שטרויענע הוט און צוגרייטן עסנוואַרג אויף מאָרגן. מיר האָבן אויך געדונגען אַ צימער און איך האָב צוגעגרייט מיין געלעגער: צוויי ברעטער אויף צוויי נאַפט־קעסטלעך. דעם לייוונטענעם שעניק וואָס כ'האָב מיטגעבראַכט פון דער היים האָב איך אָנגעפילט מיט שטרוי. יענע נאַכט בין איך טאַקע גוט געשלאָפן. צומאָרגנס בין איך אויפגעשטאַנען באַגינען און זיך באַזאָרגט מיט עסן, ברויט מיט אייער. ביים אָנטאָן דעם גרויסן הוט און אָננעמען דעם קויש אין מיין רעכטער האַנט, האָב איך געפילט, אַז אַ וויכטיקע געשעעניש גייט פאַסירן מיט מיר, און איך בין איר אַנטקעגנגעגאַנגען מיט רואיקייט און זיכערקייט. כ'האָב געשפאַנט מיט ק. און אויפן וועג איז צוגעשטאַנען אויך עקער, אַ גאַליציאַנער בחור, פון אַ רייכער משפחה, וועלכער האָט איבערגעריסן זיין לערנען און זיין ווילטאָג: ביי די עלטערן און איז עולה געווען צו זיין אַן ערדאַרבעטער. עקשנות און ענערגיע האָבן אַרויסגעקוקט פון זיינע גרויסע בולטע אויגן און אין זיין שטאָלצן גאַנג איז געווען צו מערקן זעלבסטווירדע. ער האָט געדריקט מיין האַנט און אין די

ווינקלען פון זיין מויל האָט געשפּילט אַ ליבלעכער, דערמוטיקנדי־קער שמייכל. אויך ער אַרבעט ביים לאַנדווירט פ. אָבער, צוזאַמען מיט ק. אַרבעטן זיי אין פּרדס ביי פאַרשיידענע מלאכות. עקער דער־פילט אויך די אויפגאַבע פון אַ מעכאַניקער ביים מאָטאָר פונעם ברונעם. זיי אַרבעטן סטאַביל דעם גאַנצן זומער.

אנגענעם איז געווען צו גיין אויפן ווייכן זאַמד דורך די וויינ־גערטנער. כ׳בין מקנא געווען עקערן, וועלכער האָט געשפּרייזט באָרוועס און האָט זיכער געפּילט די ווייכקייט און פרישקייט פון פון זאַמד. כ׳האָב אויסגעדריקט מיין פאַרלאַנג אויסצוטאָן די שיך, אָבער ער האָט מיר געראָטן עס נישט צו טאָן, ווייל דאָס זאַמד וואַרעמט זיך שנעל אָן און מיטאָג־צייט ברינט עס ממש די פיס. מען דאַרף זיך פריער צוגעוווינען צו דעם.

אַריינגייענדיק אין פּירקאַנטיקן הויף פון פּרדס, איינגעטונקט אין די שאָטנס פון ציפּרעסן, האָבן מיר שוין דאָרט געפונען אונ־דזער פריינט צימערמאַן און נאָך צוויי יידישע אַרבעטאָרינס, היותה און רחל. אַלע זענען געקומען שניידן וויינטרויבן. די דאָזי־קע אַרבעטאָרינס זענען נישט געווען קיין נייע און זיי האָבן שוין געאַרבעט אין אַנדערע וויינגערטנער. חוץ זיי זענען געזעסן אין מיטן הויף, אין שאָטן פון וואָגן, דריי אַראַבישע אַרבעטער. איינער — דער בעל־עגלה און די צוויי אַנדערע פלעגן צעאַקערן דעם פּרדס.

בעת יעדער איינער פון אונדז האָט איינגעאָרדנט זיין קויש אין פּרוכט־מאַגאַזין און זיך געגרייט אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט, איז פון ערגעצוו דערגאַנגען צו אונדז אַ צעצויגענער רעווען פון אַן אייזל. „אָט קומט אָן דער זון פון דעם גוטבאַזיצער — גיט אָ. אַ זאָג אין דער וועלט אַריין. — דער אייזל זאָגט שטענדיק אָן פון פאָרויס וועגן זיין אָנקומען, ווי ער וואָלט וועלן, אַז די אַרבעטער זאָלן פאַרשטיין די כוונה און זיך צואיילן צו דער אַרבעט.״ דער דאָזיקער מנהג פון ווייסן אייזל איז נישט געפעלן געוואָרן דעם באַלעבאָס, אַן עלטערער באַלעבאַטישער ייד, מיט אַ שיין צוגע־קאַמטער באָרד. ער פלעג אָנקומען שפּעט און קומען פלעגט ער

נישט אויפֿן גלייכן וועג, נאָר מיט אומקרייזן, כדי צו דערשיינען פּלוצים פֿאַר די אַרבעטער און זיך איבערצייגן צי מען נאַרט אים חלילה נישט אָפּ, אָבער דאָס אייזעלע האָט אים קאַליע געמאַכט דאָס געשעפֿט: זיין רעוועון פֿלעג זיך צעגיסן איבערן גאַנצן שטח פֿון פּרדס און ווייַנגאָרטן, אַזוי אַז קיין ווינקל איז נישט אויסגעהיט געוואָרן. די אַרבעטער האָבן שוין דערקענט די קולות און פֿלעגן ענטפֿערן מיט אַ געלעכטער.

— שלום! — קלינגט אוים אַ טיפֿער באַס. דאָס איז געווען חנניה, פֿיינשטיינס זון, אַ הויכער און ברייטביייניקער בחור מיט אַ פּלאַטשיקן פּנים און גוטע אויגן. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ ווייסער בלוזע און אַ שטרויענעם הוט מיט אַ קאַנטשיק אין דער האַנט. ער איז געווען פֿלינק אין זיינע באַוועגונגען, אָבער גאַנץ שלאַבערדיק אין דער אַרבעט. טיילמאָל פֿלעגט ער זיך נוהג זיין צו באַשעפֿטיקן זיך מיט אַ וועלכער־עס־איז אַרבעט אינדערפֿרי, נאָכן איינאָרדענען די אַרבעט צווישן די אַרבעטער, אָבער גאָר גיך מיד ווערן און איבעררייסן. אָפּטמאָל פֿלעגט ער פֿאַרברענגען שעהן לאַנג מיט די אַראַבישע אַרבעטער און זיי בעטן, זיי זאָלן אים דערציילן אַראַבישע מעשהלעך און לעגענדעס אינמיטן דער אַרבעט. בעיקר פֿלעגט **אַכמעד** פֿון דאָרף **עקיר** נאָכקומען זיין ווונטש. ער איז געווען אַן עלטערער אַראַבער מיט אַ באַזילבערטער שיין־אָפּגעהיטער באָרד. זיינע דערציילונגען זענען געווען לאַנגע און געמישט מיט אַ ציקלדיק געזאַנג, אַזוי אַז דער צוהערער האָט שטאַרק הנאה געהאַט. פֿאַרשטייט זיך אַז דער באַלעבאָס האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן פֿון גאַנצן ענין.

— דאָס איז דער נייער אַרבעטער? — ווענדט ער זיך צו עקערן מיט אַ דיקער שטימע און ווייזט אויף מיר. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ ביינעקע האַנט און באַגריסט. בשעת־מעשה האָט ער צוגעוואָרפֿן אַ פּאָר ווערטער זיך ווענדנדיק צו אַלע אַרבעטער: — גרין, אינגאַנצן אַ גרינער, אַזאַ מין צוציק ווערט אַרבעטן?

הערנדיק די דאָזיקע ווערטער איז מיר אַריבער אַ קעלט אי־

בערן לייב און דער נשמה, גאָר באַזונדערס נאָך מיינע שטימונגען פון נעכטן.

— מאַכט נישט אויס — ענטפערט עקער — מיר ווייסן שוין פון דערפאַרונג, אַז די דאָזיקע צוציקעס האָבן מער אַרבעטס־כּוח ווי די ברייטביייניקע און אָנגעדראָלענע אָקסן...

— נו, לאָמיר זען — ענטפערט די באַס־שטימע אין אַ ברוגזן טאָן. ער האָט דערשפּירט עקערס שטאָך און אַריינשרייענדיק אין הויף אַריין, האָט ער אַ רוף געטאָן: יא אַכמעד, הא, יא אַכמעד, ברענג די קוישן.

אַכמעד האָט געבראַכט געפלאָכטענע הויכע און ברייטע קוישן מיט צוויי הענטלעך אין יעדן איינעם. אין די קוישן פלעגט מען אין די קאָלאָניעס פון יהודה קלייבן די טרויבן. די עלטערע אַרבעטער זענען אַוועק צו זייער אַרבעט אין פּרדס און איך, די צוויי מיידלעך, אַכמעד און חנניה, זענען געגאַנגען אין ווייננגאָרטן.

פון דעם מאָמענט אָן האָב איך געהאַט איין און איינציקן פאַר־לאַנג: מצליח זיין אין מיין אַרבעט, אויף צו להכעיס דעם וואָס גייט אונדז פאָרויס. עס האָט אויסגעזען ווי אַלץ אַרום וואָלט נעלם און מטושטש געוואָרן. נישטאָ קיין ווייננגאָרטן אין ארץ־ישראל, וואָס איך האָב נאָר וואָס צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן געזען, נישטאָ קיין שורות מאַנדל־ביימער. נישטאָ קיין סביבה, נישטאָ קיין שיי־נע לאַנדשאַפט און אַפילו נישט די בערג פון יהודה, וואָס האָבן צו מיר פון העט־ווייט אַריבערגעקוקט אין העל־לויכטנדיקע נעפּלען. קיין שום זאַך האָט נישט צוגעצויגן מיין אויג און נישט געפאַנגען מיין האַרץ. איך האָב נאָר גענישטערט אין זיך און געוויזן מיינע כּוחות. צי וועל איך בייקומען די אַרבעט אָדער נישט?

אַז מיר זענען אָנגעקומען צום עק פון ווייננגאָרטן, זענען מיר איינגעאָרדנט געוואָרן אַזוי, אַז יעדער איינער פון אונדז איז גע־שטאַנען ביי אַ ריי ווייַנשטאָקן און צווישן ביידע שורות איז גע־שטאַנען דער קויש, צוזאַמען מיט צוויי שניטערס אין ביידע רייען.

די צוויי מיידלעך האָבן געהאַט בשותפות איין קויש און איך מיט אַכמעדן דעם צווייטן קויש.

מ'האָט מיר געגעבן אַ מעסער און באַוויזן ווי אַזוי אָנצונעמען דאָס הענגל ווײַנרויבן בעת דאָס מעסער שנײַדט אָפּ דעם שפּיץ נאָענט צום צווייגל. נאָכדעם דאַרף איך דאָס הענגל אַרײַנלייגן אין קויש.

די אַרבעט האָט אָנגעהויבן. די ווייַנשטאָק־קוסטן זענען ני־דעריק און הענגלעך רירן כמעט אָן די ערד. מען דאַרף זיך טיף אײַנבייגן, כדי צוצוקומען צו זיי. ענדיקט זיך איין קוסט פון ביידע שורות, אַזוי מוז מען נאָכשלעפּן דעם קויש צום צווייטן קוסט, און אַזוי ווייטער ביז דער קויש ווערט פול. ערשט דערנאָך באַקומען מיר אַן אַנדער קויש.

גאָר שנעל האָב איך דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק אין דער פּליי־צע און איך האָב נישט געוווּסט, צי קומט ער פון די גליענדיקע זונ־שטראַלן, וואָס האָבן געשטאָכן מיין פּלייצע און געבריט מיין לייב און ביינער, אָדער צוליב דעם געבויגענעם צושטאַנד פון מיין קער־פּער, אָבער איך האָב די אַרבעט נישט איבערגעריסן. לאַנגע און פּילצאָליקע זענען געווען די שורות, צעשפּרייט איבער אַ גרויסן שטח זענען געשטאַנען די ליידיקע קוישן און איין שטרעבונג האָט געבריוזט אין מיר: אָנצופילן אַלע קוישן. אַזוי האָב איך געשפּאַנט פון איין ווייַנשטאָק צום צווייטן, נישט אויסגעגלייכט מיין קער־פּער און אַכמעד נאָך מיר. די צוויי מיידלעך זענען געשטאַנען אין זייערע רייען הינטער אונדז.

אַכמעד האָט געפּרוּווט רעדן מיט מיר, אָבער איך האָב נישט פאַרשטאַנען זיין שפּראַך. נאָר געציילטע ווערטער, וואָס האָבן גע־האַט אַן ענלעכן קלאַנג צו העברעיש האָב איך יאָ תופס געווען, ווי למשל, סלל, ענב, סכין, מלאן און נאָך.

— כול ענב, כאַוואַזשאַ! — האָט מיר אַכמעד פאַרגעלייגט פון צייט צו צייט. דעם זאַץ האָב איך דווקא יאָ פאַרשטאַנען, אַפילו פון אַכמעדס טאַט. ער פלעגט זיך אָפּשטעלן ביי יעדן ווייַנשטאָק

און אָנלייגן אַ פול מויל ווײַנטרויבן. אָבער איך האָב קיין אַכט נישט געלייגט נישט אויף די ווייַנטרויבן און נישט אויפן עסן. דער ווייטיק אין דער פּלייצע האָט זיך פאַרשטאַרקט אַלץ מער און מער. בעת דער גלאָק האָט געקלונגען צו מיטאָג, איז שוין דער ווייטיק געווען אַזוי גרויס, אַז שטיין גלייך האָב איך שוין נישט געקענט, און מיינע פיס זענען ווי אונטערגעהאַקט געוואָרן ביים גיין צום הויף.

מיינע חברים וועלכע זענען אויך אָנגעקומען אין שפּייכלער צו עסן מיטיק, האָבן מיך באַגעגנט מיט אַ שמייכל און פון זייערע אויגן האָט אַרויסגעקוקט די פראַגע: — „וואָס איז מיט דיר? ווי האַלט דאָס מיט דיין פּלייצע?" אָבער זיי האָבן גאָרנישט געזאָגט. זיי זענען צוגעטראָטן צו „אָרגאַניזירן" דעם מיטיק. אָנגעצונדן אַ פּרימוס-מאַשינקע און אויפגעזאָדן אַ טאָפּ וואַסער אָפּצוקאָכן די אייער. נאָכדעם האָבן זיי פאַרפרעגלט מאַנאַייל. עקער האָט גע־בראַכט אַ פולן הוט מיט רויטע און קיילעכדיקע פּאָמעדאָרן, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט פון קוסטן וואָס וואַקסן ביי די אַקוועדוקטן אין פרדס. יעדער איינער האָט זיך צוגעגרייט אין זיין שיסל דעם סאַלאַט, דאָס טאָג-טעגלעכע עסן: אַ געמיש פון פּאָמעדאָרן, ציבעלע, צעקלאַפּטע אייער, גרינער פעפער, זאַלץ און געפרעגלטע בוימל. נאָך סאַלאַט טרינקט מען טיי.

איך האָב זיך צוגעקוקט צו זייערע באַוועגונגען אָבער גאָר־נישט געטאָן. קיין שיסל האָב איך נישט געבראַכט, קיין בוימל האָב איך נישט צוגעגרייט און קיין אַפּעטיט צום עסן האָב איך אויך נישט געהאַט. איך האָב נאָר געבראַכט ברויט מיט אייער, אָבער אָפּקאָכן די אייער האָב איך נישט געקענט. מיינע הענט און פיס האָבן מיר נישט געדינט. מיינע חברים האָבן דאָס באַמערקט און מיך פאַרבעטן צו עסן מיט זיי. איך האָב עפּעס טועם געווען און דערנאָך אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן און זיך אויסגעצויגן אין שאָטן פון שפּייכלער מיטן פּנים אין זאַמד. אַזוי בין איך אָפּגעלעגן די גאַנצע צוויי שעה מיטאָג־צייט.

נאָכמיטאָג איז לייכטער געוואָרן דער ווייטיק. אַן אַנגענעם ווינטעלע האָט געבלאָזן פון די וויינשטאָק־בלעטער, אַריינגעדרונגען אונטער מיין בלוזקע און געגלעט מיין אָנגעגליטע פּלייצע. דאָס־מאָל זענען אַכמעדס הפסקות זיך אָנצועסן מיט וויינטרויבן געוואָרן אָפטער, און זיינע אויסגעשרייען: כול ענב, כאַוואַזשאַ, האָבן זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל.

די זונשטראַלן זענען שוואַכער געוואָרן און אַכמעד ציקלט זיין געזאַנג וואָס זעט מיר אויס צו זיין אַזוי אומעטיק, אָבער גוט צו אַרבעטן אונטער דעם קלאַנג. די בענקשאַפט וואָס צערודערט מיר דאָס האַרץ ווערט אויף אַ ווייל פאַרגעסן. דאָס איז שוין נישט די נעכטיקע בענקשאַפט, נאָר אַ מין נייגונג צו עפּעס אומקלאָרס. צו אַ נעפּלדיקער צוקונפט, צו שאָטנדיקע פאַרנאַכטן, צו אַ נייער אַנקומעדיקער איבערלעבונג. דער אָוונט־גלאָק האָט געקלונגען.

די חברים וואַשן זיך אין באַסיין אונטער אַ שטראָם וואָס גיסט זיך פון דער רער. זיי טוישן זייערע אַרבעט־בגדים אויף ריינע; דעם קויש אויפן לינקן אָרעם און מען שפּרייזט צו דער מושבה.

איך קוק זיך צו צו מיינע חברים, וועלכע שפּאַנען מיט אַ לייכטן און זיכערן טראָט, ווי זיי וואָלטן אַ גאַנצן טאָג מיט אַ רידל נישט געאַרבעט און איך בין זיי מקנא. וועל איך מיך אויך צוגעוווינען פונקט ווי זיי און דער ווייטיק וואָס קלעמט מיר אַלע אברים איצט, וועט נאָכלאָזן?...

עקער זאָגט מיר:

— אין אָוונט קומט פאַר אַ חברים־פאַרזאַמלונג פון „הפועל־הצעיר" אין צימער פון יוסף אהרונוביץ'. קומסטו?

דאָס איז געווען אַן איינלאַדונג צוצוציען חברים צו דער פּאַרטיי. כאָטש איך האָב גוט געקאָנט די פּאַרטיי פון איר זשורנאַל און עס איז פאַר מיר געווען אַ יום־טוב דער טאָג ווען איך האָב אים דערהאַלטן אין חוץ־לארץ, און בעתן לייענען אים האָב איך געפילט ווי איך בין זיך מתיחד מיט אַ קדושה און דער בלויער שערבלאַט פלעגט ממש פאַרקערפּערן אַ סימבאָל פאַרן „תוך", פול מיט ליבע,

איבערגעגעבנקייט און קדושה־באַציאונג צו ארץ־ישראל — דאָך בין איך אָפיציעל נישט געווען קיין מיטגליד. אויף דער דאָזיקער חברים־פאַרזאַמלונג האָב איך געזאָלט שליסן מיין בונד מיט דער פּאַרטיי.

— ניין — האָב איך געענטפערט — איך צווייפל צי וועל איך קענען היינטיקן אָוונט גובר זיין מיין מידקייט. דוכט מיר אַז כ'וועל שלאָפן דעם גאַנצן אָוונט.

און ווירקלעך בין איך אַנשלאָפן געוואָרן. ווי נאָר איך בין אַריין אין צימער און זיך אויסגעצויגן אויף מיין געלעגער, האָט מיך אַנגעכאַפּט אַ שלאָף און איך בין אָפּגעשלאָפן די גאַנצע נאַכט ביזן באַגינען. אַזאַ טיפן שלאָף האָב איך געהאַט אין די קומענדיקע נעכט אין משך פון מיין ערשטער וואָך אַרבעט. און אַדאַנק דעם שלאָף האָט זיך אויסגעהיילט דער ווייטיק פון מיין פּלייצע און איך האָב באַקומען כוח פאַרצווזעצן די אַרבעט מיט דערפאָלג אין די לאַנגע און הייסע תמוז־טעג.

צוזאַמען האָב איך ממשיך געווען צו שניידן וויינטרויבן און טאָקע דעם זעלביקן טאָג האָט זיך דער שניט פאַרענדיקט. נאָכמי־טאָג האָט דער זון פון גוטבאַזיצער אָנגעזאָגט עקערן, אַז דער שניט האָט זיך געענדיקט און אויך די אַרבעט פאַר די מיידלעך און פאַר מיר, דעם נייעם אַרבעטער, סיידן ער זאָל וועלן אַרבעטן מיט אַ שפּאַדלע, צו עפענען גריבעלעך אַרום דיביימער פון זיסע ציטרי־נען פאַר באַוואַסערונגס־צוועקן. עקער האָט דאָס מיר איבערגעגעבן בעת מיר זענען געשטאַנען אונטערן שטראָם אין דער סאַזשלקע און האָט באַמערקט, צי וואָלט נישט בעסער געווען איך זאָל זיך אויסרוען אַ טאָג־צוויי און ערשט נאָכדעם אָנהייבן אַרבעטן מיט דער שפּאַדלע, ווייל די דאָזיקע אַרבעט איז באמת אַ שווערע.

איך האָב נישט מסכים געווען צו מאַכן אַן אָפּרו אינמיטן דער וואָך און פילנדיק דאָס דערקוויקנדיקע וואַסער אויף מיין צעבראָ־כענער פּלייצע, האָב איך זיך אָנגעפולט מיט בטחון און געזאָגט:

— אדרבה ואדרבה, אויף דעם וואָרט איך דאַך, צו אַרבעטן מיט אַ שפּאַדלע, דאָס איז מיין עקזאַמען.

צומאָרגנס אינדערפרי בין איך אַרויסגעגאַנגען פון שפּייכלער און צוגעקומען צום יונגן פּרדס פאַרפלאַנצט מיט ציטרינען. אין מיינע בגדים האָב איך אויסגעזען ווי אַן אַלטער, אויסגעפּרוּווטער אַרבעטער. פאַרקאַטשעט די הויזן און די אַרבל, באָרוועס, די שפּאַדלע מיטן קורצן הענטל און ברייטן שאַרף אויף די אַקסלען און דער שטרויענער הוט מיטן ברייטן ראַנד אויפן קאָפּ. צוזאַמען מיט מיר זענען אַריין אין פּרדס די צוויי אַראַבישע אַרבעטער, און עקער איז געגאַנגען פאַרויס, כדי מיך אויסצולערנען די תורה פון דער שפּאַדלע.

אַרום די זיסע ציטרין-ביימער זענען געווען אויסגעגראָבן פיל קליינע און נישט טיפע גריבעלעך און צווישן יעדע צוויי שורות פליסט אַ וואַסער-קאַנאַל און פירט צו דאָס וואַסער ביז צו די גריבעלעך. אין יענער צייט האָט מען זיך נוהג געווען אַז סוף חודש תמוז זאָל מען פאַרטיפן די גריבלעך ביז 50 ס"מ כדי צו פאַרגרעסערן זייער אויפנעם-פעאיקייט און אויך כדי דאָס וואַסער זאָל טיפער דערגרייכן. די אַראַבער האָבן זיך אויסגעשטעלט יעדער איינער אין שפּיץ פון אַ שורה און האָבן אָנגעהויבן תיכף די אַרבעט, אָבער זעענדיק ווי עקער איז זיך מתעסק מיט מיר און לערנט מיך ווי צו האַלטן אַ שפּאַדלע אין דער האַנט, האָבן זיי איבערגעריסן די אַרבעט און מיר צוגעוואָרפן אַ בליק פון ביטול און שפּאָט און ווייטער פאַרגעזעצט.

איך האָב אַריינגעשטעקט דעם שאַרף פון דער שפּאַדלע אין ווייכן, קילן זאַמד. עקער האָט מיך געוואָרנט קעגן צוויי סכנות: די סכנה פון אונטערהאַקן דעם בוים און די סכנה פון אָפּהאַקן אַ פינגער אָדער די פיס. זעענדיק אָבער, אַ קורצע ווײַלע שפּעטער, ווי איך באַגיי זיך אין אָרדענונג מיט דער שפּאַדלע, האָט ער מיר פאַראָרדנט אויסצוגראָבן איין גריבעלע. נאָכן פאַרענדיקן האָט ער מיך איבערגעלאָזט און איז זיך אַוועק צו דער אַרבעט.

איך האָב זיך אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין דער נייער אַרבעט. די אַראַבער זענען מיר פאָרויסגעגאַנגען מיט עטלעכע גריבלעך, אָבער איך האָב דערויף קיין אַכט נישט געלייגט. עס האָט מיר דערקוטשעט דער פאַרשטאַרקטער ווייטיק אין דער פלייצע און ווי אַ צוגאָב — האָב איך שטאַרק געליטן פון די שפּיציקע דערנער אויף די ציטרין־צווייגן. די האָזיקע צווייגלעך זענען געווען נידעריק און האָבן ממש אַנגעריירט דעם באָדן. זייערע דערנער זענען געווען אַזוי פיל, אַז ביי יעדער באַוועגונג מיינע אַרום דעם בוים בין איך געטראָפן געוואָרן פון אַ דאָרן, ווי מיט אַ כיוון. מיין לייב איז צעקראַצט און צעביסן געוואָרן און ערטערווייז געשוואָלן און פאַרבלוטיקט.

אָבער יענעם טאָג איז מיין רצון אויסגעשמידט געוואָרן אין ביינגעקומען אַלע מכשולים. אַ שעה פאַרן מיטאָג־קלונג איז צו אונדז געקומען חנניה און רעווידירנדיק די גריבלעך, האָט ער אויסגעפונען, אַז נאָר דריי נייטיקן זיך אין אַ פאַרבעסערונג און בלויז מיט צוויי בין איך געווען הינטערשטעליק לגבי די אַראַבער. ביז מיטאָג האָב איך אויסגעפּולט די בלויזן, און מיטאָג־צייט האָב איך שוין געקענט דערציילן מיינע חברים — נישט אָן גאווה — אַז צוגלייך מיט די אַראַבער האָב איך ביז האַלבן טאָג אויסגעגראָבן פופציק גריבלעך.

יענעם טאָג האָב איך צוגעגרייט דעם מיטאָג אַליין, ווי עס באַדאַרף צו זיין. כ׳בין גובר געווען דעם פריקרען און איבלדיקן טעם פון די פּאָמידאָרן, וואָס כ׳האָב אין די ערשטע צוויי טעג נישט געקענט פאַרליידן. מיין סאַלאַט האָט זיך טאַקע אויסגעצייכנט מיט אַ פּיקאַנטער ביטערלעכקייט, אָבער די קאַוועגע, וואָס צימערמאַן האָט געפונען אין אַ ווינקל פון פּרדס, פאַר נאָכשפּייז, האָט פאַרזיסט די ביטערקייט. מיין נאָכמיטאָג־שלאָף אויפן ציגלנעם פּאָל איז גאָר געווען זיס. איין זאַך האָב איך דאָך נישט געקענט באַנעמען: ווי אַזוי קענען קליוונער און עקער לייענען ביכער מיטאָג־צייט און נישט ווערן פאַרכאַפּט פון שלאָף. כ׳האָב שטאַרק חשק געהאַט צו דערגרייכן זייער מדרגה.

יענעם טאָג, מיין דריטער אַרבעטס־טאָג אין ארץ־ישראל און דער ערשטער פון מיין אַרבעט מיט אַ רידל, האָב איך געהאַט אַ פולע באַפרידיקונג. כ׳האָב איבערגעשטיגן די אַרבעטס־קוואָטע פון די אַראַבער מיט 5 גריבלעך. זיי האָבן געגראָבן 75 גריבלעך און איך 80, און אַפילו דער זון פון גוטבאַזיצער האָט אויך נישט גע־קענט נישט אויסלויבן מיך פאַר מיינע חברים.

צומאָרגנס, פרייטיק, האָבן מיר געאַרבעט אָן מיטאָג, ד״ה, אָן די 2 שעה אָפּרו. נאָר אַ האַלבע שעה וואָס האָט געקלעקט צו עסן. דערפאַר אָבער האָבן מיר פאַרלאָזט די אַרבעט 3.30 אַזייגער אַנ־שטאָט 5.30 ווי אין די אַנדערע טעג פון דער וואָך. די אָנקומענדיקע שבת־רו האָט מיך געלאָקט און כ׳האָב מיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות. יענעם טאָג בין איך נישט אַזוי צעשטאָכן געוואָרן, גלייך די דערנער וואָלטן מיט מיר שלום געמאַכט און אויפגעהערט מיך צו באַלעסטיקן. איך האָב מוחל געווען די ביימער אַלע נעכטי־קע בייסענישן און כ׳האָב געפילט אַז איך וועל ווערן זייער גוטער פריינד מיין גאַנץ לעבן.

נאָכן איבערטאָן זיך אין שבתדיקע בגדים, וואָס כ׳האָב מיטגע־בראַכט פון דער היים, האָב איך נאָך יענעם פרייטיק־צו־נאַכטס געשריבן מיין טאַטן דעם צווייטן בריוו:

„רחובות, כ״ה תמוז תרס״ח.

טייערער פאָטער,

פיר טעג האָב איך דיר נישט געשריבן נישט צוליב נאַכלעסיקייט אָדער פאַרגעסונג, חס ושלום. פאַרקערט, מיין ווילן דיר צו שרייבן איז געווען שטאַרק און אין דער אמתן האָב איך מיט דיר געשמועסט אַלע טעג און אַלע שעה, ווען כ׳בין געשטאַנען איבערגעבויגן אויף די וויינשטאָקן און ביי די גריבלעך פון פּרדס, אָבער זיך זעצן ביים טיש און שרייבן איז מיר פשוט נישט מעגלעך געווען פיזיש. די סיבה איז וואָס צומאָרגנס נאָכן שרייבן דיר דעם ערשטן בריוו האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן און די אַרבעט האָט מיך צעבראָכן אַזוי, אַז קומענדיק אין אָוונט אין מיין צי־מער, האָב איך געמוזט זיך לייגן כדי אָפּצורוען און תיכף פלעג איך איינ־

שלאָפן און אַזוי אָפּשלאָפן די גאַנצע נאַכט, אָן צו עסן אָוונט־ברויט. איצט אָבער, ערב שבת, ווען די אַרבעט ענדיקט זיך דריי אַ האַלב נאָכ־מיטאָג, און אין׳ האָב באַוויזן מיך אַרומצוואַשן און איבערצוטאָן זיך אין די שבתדיקע מלבושים, בין איך גובר מיין מידקייט און שרייב דיר דעם דאָזיקן בריוו.

כ׳האָב געאַרבעט פיר טעג. זייער אַ שווערע אַרבעט פאַר אַ ייִנגל וואָס איז נישט געוווינט צו אַזאַ מין אַרבעט, בפרט נאָך אין הייסע תמוז־טעג. דוכט אָבער, אַז כ׳האָב אויסגעשמידט מ׳יינע כוחות, פאַרשטאַרקט מיין ווילן און פאַרפעסטיקט מייַנע הענט. מיינע פינגער זענען טאַקע געשוואָלן פון וואַסער־בלעזל׳עך און מאַזאָליעס און ס׳איז מיר שווער איינצוהאַלטן דעם הענטל־פען, אָבער זיי וועלן זיך שנעל אויסהיילן און איך פאַרהאָף צו זיין אַ גוטער אַרבעטער. כ׳האָב געאַרבעט צוזאַמען מיט צוויי אַראַבער און איך באַרים זיך אַז כ׳בין נישט אָפּגעשטאַנען פון זיי און די צאָל פון מיינע גריבלעך האָט אַפילו איבערגעשטיגן זייערע. מיין אַרבעט איז געפעלן געוואָרן דעם אַרבעט־געבער און ער האָט מיך אַריינ־גענומען צווישן די שטענדיקע אַרבעטער. איבעראַכטאָג וועל איך באַקו־מען אַ הוספה און מיין לוין וועט דערגרייכן 8 גרוש אַ טאָג אַנשטאָט 7.

ווייזט אויס אַז כ׳האָב אויך אָפּגעהאַלטן אַ גייסטיקן נצחון. ווייל נאָר אַזוי פאַרשטיי איך דעם פאַקט, וואָס דער קלעם פון בענקשאַפט האָט זיך אָפּגעטאָן פון מיין האַרץ און זיצנדיק אין גריבל אונטערן בוים בשעת מיין בליק שוועבט אַרום אין אַ ים פון בלויקייט אַרום מיר, האָב איך זיך נישט געפילט עלנט און פרעמד — דער ריח פון דער באַוואָסערטער ערד און דער ריח פון די לימענע־בלעטער האָבן אין מיר דערוועקט אומבאַ־קאַנטע ליבשאַפט צו דעם לאַנד און צו אַלץ וואָס אין אים טוט זיך און אַפילו אויך צו מיינע אַרבעט־שכנים, די אַראַבער. איך באַוווּנדער די אַרבעט־יסורים און די ראַנגלעניש זי צו דעראָבערן וואָס כ׳האָב דורכגע־מאַכט מיטן גאַנצן וועזן, ווייל דאָס זענען די שאַפונגס־ווייען פון דער נייער נשמה וואָס ווערט אין מיר באַשאַפן. אַ נשמה פון אַ ישראלי וואָס וואַקסט אַרויס פון דעם לאַנד, און ליגט טיף באַהאַלטן אין דער ערד און מען קען זיך צו איר דערגרונטעווען נאָר דורך באַאַרבעטן די ערד און זי

יוסף ווייץ

וועט נעסטן נאָר אין דעם וואָס אַקערט און גראָבט אין איר. נאָך אַ צוויי־טאָגיקן גראָבן האָב איך אָנגעהויבן פילן ווי די פאַרבאָרגענע פעדעם וועבן זיך, און שפּינען צוזאַמען מיין נשמה מיט דער ערד און די ערד מיט מיין נשמה און קלאָר אַז אין דער צוקונפט וועלן זיי מיך באַהעפטן מיט איר אויף אייביק.

איצט, אַז כ׳האָב אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פון דער אַרבעט, און מיינע אויגן צעעפענען זיך צו זען דאָס לאַנד, פריי איך מיך וואָס כ׳בין אַהער געקומען און איך דאַנק דיר, טאַטע גוטער, וואָס דו האָסט מיך גע־לערנט און געפירט פון מיין קינדהייט אָן אויף דעם וועג וואָס האָט מיך דערבראַכט צו אַן אמתדיקן לעבן אין ארץ־ישראל.

אייביק וועט דיך געדענקען דיין

זון ....״.

# „הגלילה!“

## א.

דער לאָזונג „הגלילה“, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אין אַר־
בעטער־לאַגער פון די יהודה־קאָלאָניעס סוף תרס״ח, האָט שטאַר־
קער אָפּגעהילכט אין יאָר תרס״ט. צוויי סיבות זענען דערביי גע־
ווען — די אָפּהענטיקייט און אָנמעכטיקייט אין פראָנט פון די קעמ־
פער פאַר יידישער אַרבעט אין יהודה, און די פרישע באַגייסטע־
רונג וואָס איז אויפגעגאַנגען צווישן די „גליליער“, סיי דורך בריוו
וואָס זיי האָבן געשריבן צו זייערע חברים וועלכע זענען פאַרבליבן
אין יהודה און סיי מינדלעך, בעת אַ טייל פון זיי פלעגן קומען באַ־
זוכן יהודה. זיי האָבן געווירקט נישט בלויז מיט זייערע רייד, נאָר
אויך — טיילמאָל גאָר באַזונדער — מיט זייער לבוש. זיי פלעגן
טראָגן אַ כפיה* און קאָפּ־באַנד אויפן קאָפּ און אַן עביה* אויפן
אַקסל, מעשה העלדישע פרייע יונגען, ווי דער סימבאָל פון „אונ־
דזער גליל“.

„הגלילה“... איז געווען אַ טעמע פאַר הייסע דיסקוסיעס צווישן
חברים, וועלכע פלעגן זיך טרעפן ביי דער אַרבעט אין די וויינגערט־
נער, שפּעט געבליבן זיצן אין פּריוואַטע רעסטאָראַנען, אין אַרבע־
טער־קיכן, אָדער וועלכע פלעגן זיך צונויפקומען אויף פּאַרטייאישע
און אַלגעמיינע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען. צו אַ קולמינאַציע איז
געקומען די טעמע אויף דער פינפטער אסיפה פון „הפועל הצעיר“,
וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט חול המועד סוכות תר״ע אין נוה־שלום.
די גליליער האָבן זיך שטאַרק אָנגעזען אויף דער פאַרזאַמלונג —
כאָטש מיט ווייניק כפיה־טרעגער — אַדאַנק זייער אופן פון פריי־
דיקן מיט פלאַמפייער ווי זיי וואָלטן גערופן צו אַן אויפגעהויבענער

* אַראַבישע מלבושים.

פאַן וואָס איז סוף־סוף אַנטדעקט געוואָרן צווישן די בערג פון גליל. זיי האָבן זיך באַמיט באַאיינפלוסן די גאַנצע אסיפה. אָבער דאָס איז זיי נישט געלונגען און די אסיפה האָט זיך געשפּאָלטן אין דריי ריכ־טונגען: א) יהודה־אַנהענגער — מענטשן מיט אַן „אדרבא" און מיט אַן אַרגומענטאַציע: אַז אויב מיט יידישער אַרבעט האָלט עס שמאָל אין יהודה, אויב די לאַנדווירטן שטופּן אַרויס דעם יידישן אַרבעטער, איז די לאַגע מחייב דעם אַרבעטער נאָך מער זיך איינ־קלאַמערן און נישט פאַרלאָזן דעם קאַמף; און די לאָזונג „הגלילה" שוואַכט גאָר אָפּ דעם רצון צו דערגרייכן אַ נצחון; ב) די גליליייער, וועלכע האָבן אַנגעוויזן אויף ברייטע האָריזאָנטן, וואָס עפענען זיך אין גליל פאַר דער באַוועגונג צו דעראָבערן אַרבעט־פּאָזיציעס און ערדאַרבעט ממש; אַקערן און זייען, שניידן און דרעשן. איז דאָך דאָס דער ציל צו וועלכן מען האָט געשטרעבט — זיין ערדאַרבע־טער; ג) מענטשן וועלכע האַלטן פון פסוק „האַלט זיך ביי דעם און לאָז נישט אָפּ יענץ"; סיי יהודה סיי גליל זענען ארץ־ישראל; ערד־אַרבעט איז פאַראַן דאָ און פאַראַן דאָרט; יעדער פּלאַץ מיט זיין אייגנטימלעכקייט; אַרומשניידן וויינשטאָקן איז אַזוי וויכטיק ווי שניידן ווייץ; קלייבן מאַנדלען — ווי רייסן אַרבעס און דג"ל. דער גליל דאַרף נישט זיין אַנשטאָט יהודה נאָר ווי אַ דערגאַנצונג צו יהודה און מען דאַרף ריכטן די כוחות אַהער און אַהין. כמעט אַלע פירער און וואָרטזאָגער פון דער פּאַרטיי זענען געווען מיט דער מיינונג און זי איז קלאָר און פעסט פאָרמולירט געוואָרן דורך יוסף אהרונוביץ ז"ל, בעת זיין רעדע אויף יענער אסיפה.

כאָטש איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט הינטער זיך 15 חדשים אין לאַנד, געווען אַ חבר אין „הפועל הצעיר" און אַקטיוו אין איר רחובותער פיליאַלע, האָב איך נישט אַנטיילגענומען אין די דיסקו־סיעס צוליב אימתא דציבורא, אָבער איך האָב זיך צו זיי גוט צו־געהערט. איך בין שוין דעמאָלט געווען אַנטשלאָסן תיכף נאָך יום־טוב צו גיין אין גליל. נישט מיטאַמאָל איז געבוירן געוואָרן די מחשבה ביי מיר, נאָר אין משך פון די זומער־חדשים פון סוף תרס"ט,

אַרבעטנדיק אין פּרדס און שטייענדיק אויף שמירה אין די ווייַנ־גערטנער. אין מיינע פאַרנאָטירונגען פון יענע צייטן געפין איך זאַצן וואָס זענען מרמז אויף די „גליל־טראַכטענישן” וואָס האָבן דורכגעקרייצט מיין מוח אין יענע טעג: „אַרבעטנדיק אַליין אין פּרדס — האָב איך פאַרצייכנט אין תרע״ב — ווייט פון דער מושבה, אין די פּרימאָרגן־שעהן וואָס טובלען זיך אין טיפער שטיל־קייט, פלעגט אַ צוויץ פון אַ פעלד־פויגל וואָס איז פאַרבייגעפלויגן אין בלויען הימל־רוים, דערוועקן אין מיר גרוים נאָגונג און שטרע־בונג צו די ברייטקייטן. דעמאָלט חלום איך וועגן גליל. כ׳קען נישט פאַרבלייבן אין יהודה — טראַכט איך — ס׳איז מיר ענג דער האָ־ריזאָנט און אויך די אַרבעט שטעלט מיר נישט צופרידן. עס ציט מיך צו ברייטע מרחקים און כ׳האָב באַשלאָסן גיין אין גליל, ווו כ׳וועל אַרבעטן אין אָפענע גרויסע פעלדער און דאָרט געפינען דאָס וואָס עס פעלט מיר דאָ, אין יהודה.”

די יהודה־לייט און די פּאַרטיי־וואָרטזאָגער און אַפילו יוסף אהרונוביץ, וואָס אים האָב איך תמיד פאַרערט — האָבן נישט באַ־וויזן צו ענדערן מיין באַשלוס. נאָך דער אסיפה, בעת כ׳האָב מיך געזעגנט פון ה׳ א. מונטשיק, פּאַרטיי־סעקרעטאַר אין יענע טעג, וועלכער האָט געוואָלט אויף מיר אַרויפלייגן אַ געוויסע אויפגאַבע אין רחובות — האָב איך אים אַנטדעקט מיין סוד. ער האָט מיך גע־פּרוווט אָפּריידן, אָבער כ׳בין געווען אַנטשלאָסן צו זוכן פעלד אין ברייטקייט אין גליל.

ב.

כ׳בין נישט געגאַנגען אַליין. צוויי זענען מיר געווען — חיים רכוב* און איך. ס׳איז קרוב אַ יאָר ווי מיר האָבן זיך באַפריינדעט. דאָס איז געווען אַ שיינער און ליכטיקער שבת נאָכמיטאָג פון חודש

* אַ חלוץ פון בעסאַראַביע, שפּעטער אַן אַדוואָקאַט. געשטאָרבן אין ירושלים נאָך ראש השנה תשי״ח.

טבת. איך בין אַרויס שפּאַצירן אין דער אומגעבונג פון דער מושבה, צו די בערגלעך וויינגערטנער וואָס האָבן אָנגעהויבן זיך באַצירן מיט כלניות און נוריות**. מיין ערשטער ווינטער אין לאַנד. די פיר חדשים פון סוף זומער, וואָס כ'האָב דורכגעמאַכט נאָך מיין אָנקומען, זענען געווען גאָר שווער פאַר מיר — אַ יונגער בחור וואָס נעמט אין דער האַנט אַריין צום ערשטן מאָל דעם רידל און די שפּאַדלע און וויל זיך צופּאַסן צו ערדאַרבעט אין אַ גליענדיקער זון. נישט איין מאָל בין איך געווען דערדריקט פון האָרעוואַניע אין מאַטערניש, און דער אינערלעכער „פייער" פלעגט צאַנקען צוליב שוויים און איבערגעבראָכענער פּלייצע. אָט איז געפאַלן דער ערשטער רעגן און האָט מיך אומגעקערט צום לעבן. אַ געוויסן פרימאָרגן, גייענדיק צום פּרדס מיט דער שפּאַדלע אויפן אַקסל, האָב איך אַנטדעקט אַ גרינעם און פרישן פלעק פון גראָז הינטערן פּלויט. בין איך פריילעך געוואָרן ווי אַ קליין קינד וואָס האָט אָפּגעזוכט זיין באַליבט שפּילצייג. דערנאָך פלעג איך איטלעכס מאָל אַנטדעקן נייע „צאַצקעס": אַ היגל וויקלט זיך איין אין גרינס; רויטע כלנית-בלומען קוקן אַרויס אין די וועג-ווינקלען; דער געל-ווייכער זאַמד; וואָלקנס וואָס זאַמלען זיך אָן און פאַרשווינדן; וואַסערן שטראָמען און בלעזלען זיך אין די בעקנס; אין די פאַרנאַכטן שימערט פון שיינען און קלאַנגען און דאָס קוואַקען פון זשאַבעס הערט זיך פון ווייטנס. אין די פרייע שעהן און שבתים, צווישן איין אסיפה און דער צווייטער, האָב איך ליב געהאַט אַרומצובלאָנדזשען אויף די בערגלעך הינטער דער מושבה און אין איינעם פון די שפּאַצירן האָב איך אים אָנגעטראָפן, אָט דעם יונגן מענטש מיט צער-פולן, ווייטיקדיקן קנייטש אין די ווינקלען פון זיין מויל — אַ צייכן פון מאַלאַריע — מיט דער גוטהאַרציקייט אין די אויפריכטיקע אויגן און הויכן שטערן. ער איז געלעגן אויף דער פּלייצע אויף אַן אויסגעשפּרייטן מאַנטל, די הענט צוזאַמענגענומען אונטערן קאָפּ און איני-

** רויטע בלימעלעך, ווילדע, וואָס דערשיינען אין דער ישראל-לאַנדשאַפט נאָך די רעגנס.

גאַנצן באַגאַסן פון זונשטראַלן. כ'האָב מיך געשטעלט נעבן אים און אים אָנגעקוקט. הייבט ער זיך אויף מיט אַ קרעכץ און דערלאַנגט מיר אַ האַנט: „שלום, חבר, איך בין חיים רכוב און ווער ביסטו?" זאָג איך אים מיין נאָמען; קני איך אַנידער און זעץ זיך נעבן אים. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָב איך שוין געוווּסט אַז ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל אַנדערהאַלבן יאָר פאַר מיר. פון דובעסאַר איז ער געקומען צוזאַמען מיט די „קישיניעווער" קיין פּתח־תקוה. דאָרט געאַרבעט און דאָרט געפיבערט. די מאַלאַריע האָט אים נישט אָפּגעלאָזט אויך אין די רעגן־חדשים און דער דאָקטער האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל פאַרלאָזן פּתח־תקוה כדי צו בייטן די לופט. דעמאָלט איז ער אָנגעקומען קיין רחובות און אָט איז ער דאָ, שוין אַ וואָך צייט, און ער אַרבעט ביי זיידינען.

האָבן מיר זיך באַפריינדעט און זינט דעמאָלט זיך שוין נישט געשיידט. מיר זענען געוואָרן חברים, הגם מיט פאַרשיידענע כאַראַקטערן. נאָענט זענען מיר געווען אידעאיש, אין געפילן און מיינונגען. אויך ער איז געווען אַ חבר פון „הפּועל הצעיר" ווי איך. בעת איך האָב פאַרטראַכט צו גיין אין גליל האָט מיין מחשבה געפונען אָפּקלאַנג ביי אים און ביידע זענען מיר אַרויס אַ געוויסן גרייען פרימאָרגן פון רחובות קיין גליל.

מיר האָבן נישט באַנוצט דעם אַלגעמיינעם וועג. געווען פּוסגייער און וועגענער וועלכע זענען אונטערגעקומען ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. אָבער מיר זענען פאַרפאָרן קיין יפו און דאָרט זיך איינגעשיפט אויף דער ליניע ביז בירות. מען פלעגט זיך נוהג זיין דעמאָלט פאָרן פון יפו קיין חיפה אין אַ שיף, כדי צו שפּאָרן צייט און וועג־פּלאָגענישן. פאַרנאַכט זענען מיר אַרויף אויף דער שיף און צומאָרגנס באַגינען זענען מיר שוין אָנגעקומען צו אונדזער ציל. מיר זענען אַרויף אויפן ברעג און אַנטציקט געוואָרן פון כרמל. די זון האָט נאָרוואָס אַרויסגעלויכטן פון האָריזאָנט און באַגילדט דעם באַרג־שפּיץ, וואָס האָט געפינקלט אין אַרומיקן שאָטן. אויפן שפּיצבאַרג איז געשטאַנען אַ פּאַסטוך אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן און

די טשערעדע אַרום אים — באַלויכטן פון דער אויפגייענדיקער זון. דאָס בילד האָב איך פאַרגליכן מיט דעם ווי דוד המלך פּאַשעט די שאָף פון זיין פאָטער ישי. אַ שטאַרקע בענקשאַפט האָט מיך אָנגעכאַפּט צו יענע ווייטע צייטן, ווען אונדזער פאָלק איז געזעסן אין זיין לאַנד און נאָך דער בענקשאַפט איז געקומען אַן אַנגסט צוליב פאַרלירן דאָס לאַנד און צוליב אונדזער צושטאַנד פון וואַנדערער, נע־ונד. מיטאַמאָל האָב איך דערפילט אַז מיינע אויגן זענען פייכט געוואָרן... כ׳האָב מיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. מיט עטלעכע חדשים צוריק בין איך געווען אין ירושלים און באַזוכט דעם כותל מערבי. דאָרט בין איך געשטאַנען רואיק און דאָ וויין איך גאָר?... כ׳האָב נאָכגעטראַכט וועגן דעם ענין אָבער נישט איבערגערעדט אַפילו מיט מיין איינציקן חבר.

מיר האָבן זיך נישט פאַרזאַמט אין חיפה, נאָר שנעל ווייטער געפאָרן אין גליל. נאָך יענעם אינדערפרי האָט אונדז די טערקישע באַן געבראַכט קיין צמח און ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין דער מושבה „ימה”, די היינטיקע יבנאל.

ג.

אין יענע צייטן, אויב אַ „כובש־עבודה” איז אַריינגעפאַלן אין אַ מושבה, וווּ ער האָט נישט קיין באַקאַנטן אָדער פריינט צו וועמען זיך צו ווענדן, איז ער געגאַנגען צום לערער. דער העברעישער לערער איז דעמאָלט געווען דער אויפלעבער פונעם העברעישן לשון און דער פיאָנער צו שאַפן יידישע אַרבעט. ער האָט פאַרטיידיקט דעם יידישן אַרבעטער פאַרן לאַנדווירט, געפּרעדיקט יידישע אַרבעט און געהאָלפן צו אָרגאַניזירן און איינאָרדענען די אַרבעטער. די לערער פון די מושבות זענען געווען געקנופּט און געבונדן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג און האָבן געבילדעט אַ פעסטע קייט פון באר־טוביה ביז מתולה. אין ימה זענען דעמאָלט געווען לערער, זאב כרמי, איינער פון די טיכטיקסטע טוער, און זיין פרוי פרחה, ביידע חברים פון „הפועל הצעיר”. אויף דער אַלגעמיינער אַסיפה

איז ער געווען מיט די „גליליער” און מיט באַגייסטערטע רייד האָט ער גערימט דאָס גיין קיין גליל. ער אַליין האָט געחלומט וועגן אַ „פעלד און וויינגאָרטן” און דאָס לערנען איז ביי אים געווען אַ צייטווייליקע באַשעפטיקונג, ביז עס וועט אונטערקומען די געלעגנהייט און ער וועט עס קענען פאַרבייטן אויף אַ רידל און אַקעראייזן.

ביים אָנקומען קיין ימה זענען מיר, פאַרשטייט זיך, גלייך אַוועק צו זיי אין שטוב. דאָס פּאָרל האָט אונדז אויפגענומען מיט אַ גוט־מוטיקן שמייכל און ער האָט געדריקט מיט שמחה אונדזערע הענט שעפּטשענדיק: „אַזוי, אַזוי, עס זענען נאָך דאָ צווישן אונדז אַנשטענדיקע לייט”. מיר האָבן זיך דערוווּסט פון זיי אַז אין דער „סביבה” געפינען זיך נאָך צוויי פון אונדזערע חברים, וועלכע זענען געקומען קיין גליל פון רחובות, און דאָס זענען חיים צימערמאַן און שושני. וועגן ערשטן האָבן מיר געוווּסט, אַז ער „גרייט זיך אין וועג אַריין”, אָבער אַז שושני זאָל איבערלאָזן דעם רידל אין יהודה — דאָס האָט אונדז שוין אויסגעוויזן מאָדנע. רעכנט ער זיך דאָך ווי איינער פון די עכטע כובשי־עבודה, וואָס איז שטאָלץ אויף זיין רידל. ער פלעגט ווייניק רעדן, תמיד שווייגזאַם, פאַרהאַרטעוועט און אָנגעברוגזט, אָבער איבערגעגעבן צום רידל מיט שטומער עקשנות. אונדז אַלעמען איז קלאָר געוואָרן, אַז שושני וועט פאַרבלייבן מיט די לעצטע רידלער אין יהודה — און אָט איז ער אויך דאָ...

אין דער מושבה, ביי איינעם אַ לאַנדווירט, איז געווען אַן אכסניה. מיר זענען אָבער אַהין נישט געגאַנגען, ווייל מיר זענען פאַרבעטן געוואָרן איינצוקוואַרטירן זיך אין דער שולע, ביז נאָך די יום־טובֿ פעריען, ווען די לימודים וועלן זיך אָנהייבן. האָבן מיר זיך באַזעצט אין איינעם פון די צימערן. מיר האָבן אויסגעשפּרייט אויפן פּאָל זעק מיט שטרוי, וואָס מיר האָבן אָנגעפילט אין שייער און די טאָרבעס געלייגט צוקאָפּנס. אַזוי האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט און זענען גרייט געווען צוזאַמענס אַרויסגיין און כובש זיין דעם גליל. אָבער דאָס איז אונדז נישט דערמעגלעכט געוואָרן, נישט צוזאַמענס און נישט אין פיל טעג אַרום. אַרויסגייענדיק אינדערפרי, צו זוכן אַר־

בעט אין דער מושבה האָבן מיר זי געפונען אין רעכטן מיטן פון „טויטן סעזאָן". די אַרבעט אין שייער האָט זיך שוין כמעט פאַרענ־דיקט, און דאָס אַקערן אין די פעלדער האָט זיך נאָך נישט אָנגע־הויבן, אין די גערטנער אַרום די הייזער זענען געוואַקסן בלויז דער־נער, ווייל קיין וואַסער איז נישט געווען, און ערשט נאָכן יורה (דעם ערשטן רעגן), פלעגן די לאַנדווירטן דאָ און דאָרט קולטיווירן ווינטער־גרינס. און כאָטש עס איז געווען נאָכן שייער־סעזאָן האָט קיין שמחה נישט געהערשט אַרום, ווייל אין די שפּייכלערס איז קיין תבואה נישט געווען, נאָר דאגות און צוגרייטונגען צום נייער יאָר. אויף די שוואַרצע באַזאַלט־הייזער פון דער מושבה האָט געהויערט אַ פאַרשמאַכטע וויסטקייט פון סוף־זומער, ענלעך צו דעם אומעט וואָס האָט געגנעסטיקט אין די הערצער און אין די הייזער. מיר זע־נען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און געבעטן אַרבעט — מעג זיין אַ טעגלעכע אַרבעט אין פעלד, אין שייער, אין הויף, אָדער אַ יער־לעכע אַרבעט, און אומעטום האָבן מיר זיך אָנגעשטראָפן אויף איין תשובה: נישטאָ. מיטאָג־צייט האָבן מיר איבערגעגעבן אַ געניטעס באַריכט דעם לערער זאב כרמי און זיין פרוי. און הגם איבער זיינע ליפּן איז פאַרבייגעלאָפן אַ ברוגזלעכער ברומען, האָט אָבער זיין דערמוטיקנדיקער שמייכל נישט אויפגעהערט און זיין פרוי האָט אַרויסגעוויזן נאָך גרעסערע גוטהאַרציקייט און פאַרבעטן אונדז צו עסן מיט זיי מיטאָג.

ד.

די נאָכמיטאָג־שעהן האָבן מיר פאַרבראַכט אויפן שייער זוכנ־דיק שאָטן אונטער שטרוי־קופּעס. אונדזער שטימונג איז נישט גע־ווען געהויבן. מיר האָבן פאַרמאַגט בלויז אַ פּאָר גראָשנס, כדי אויס־צוקומען בצמצום צוויי־דריי טעג. דער שטאָלץ וואָס האָט כאַראַק־טעריזירט דעם מענטשן פון דער צווייטער עליה האָט גורם געווען מיר זאָלן זיך שרעקן פאַר דער מחשבה, טאָמער פאַלן מיר צו לאַסט אויף עמיצן. עס איז געווען ביי אונדז באַשלאָסן נישט צו בלייבן

אין ימה, נאָר מאָרגן אָנהייבן צו וואַנדערן צו די מושבות פון גליל-התחתון, כדי צו זוכן אַרבעט, און אויב מיר וועלן נישט געפינען, זאָלן מיר גיין קיין גליל-העליון.

אָבער, ווען מיר האָבן זיך צומאָרגנס אינדערפרי געגרייט אין וועג אַריין, זענען דערשינען נייע געסט. חיים צימערמאַן און שושני האָבן זיך אומגעקערט פון זייערע וואַנדערונגען אין די מושבות פון גליל-התחתון מיט זויערע פנימער; אומעטום — „דער טויטער סעזאָן". פון אונדזער נעכטיקן פּלאַן איז געוואָרן אויס, איצט וועלן אָנהייבן זייער גרויע טעג. מיר זענען געווען פיר חברים מיט גרויסע שטרעבונגען צו טאַט און מיט ווינציק אויפטוען, ווייל ס'איז נישט געווען וואָס צו טאָן. דער ליידיקער טאַש איז געווען געמיינזאַם פאַר אונדז אַלעמען און וועגן מענו אין אונדזער עסן האָבן מיר זיך באַראָטן און געאַמפּערט נישט ווייניקער ווי וועגן לאַנדווירטן און אַרבעטער, וועגן יהודה און גליל, וועגן די פאַרטייען און מצב פון פאָלק ישראל. צוויי-דריי טעג האָט געדויערט די באַראַטונג וועגן אונדזערע ווייטערדיקע שריט. דער גליל-העליון איז געשטאַנען אונטער אַ פראַגעצייכן. אָבער אויך די פראַגע איז געלייזט געוואָרן נאָכדעם ווי אליעזר שוחט איז צוגעשטאַנען צו אונדזער גרופּע. ער איז נישט געווען קיין נייער אין גליל ווי מיר, ווייל ער האָט שוין געהאַט דאָ אַ יאָר, צוויי, פון אַרבעט-סטאַזש און איז אַפילו געווען איינער פון די וואָס האָבן גערופן קיין גליל. מיט אַ פּאָר טעג פריער איז ער צוריקגעקומען פון זיין באַזוך אין יהודה ווו ער האָט אַקטיוו אָנטיילגענומען אין אַ אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון „הפועל הצעיר" און ער האָט שוין באַוויזן באַזוכן די מושבות אין גליל-העליון און תחתון ברענגענדיק אונדז די בשורה: היינט צו טאָג איז נישטאָ קיין אַרבעט אין קיין שום פּלאַץ, אָבער אינגיכן וועט זי זיין, בעת די פויערים וועלן צוטרעטן צו זייער סעזאָן-טעטיקייט. דערוויל — האָט ער פאָרגעשלאָגן — לאָמיר דאָ זיצן און זוכן ווייטער. די זיכערע געלאַסנקייט אין זיין אופן פון ריידן, די דערמוטיקנדיקע רואיקייט, האָבן אויף אונדז משפיע געווען מיר זאָלן קו-

מען צו זיך און אַזוי, פאַראייניקט אין געדאַנק און ווילן, זענען מיר פאַרבליבן אין שול־צימער ביי דער האַרציקער גאַסטגעבערישקייט פון דעם לערער־פּאָרל. פון טאָג צו טאָג האָבן זיך געמערט די ווי־כוחים, און פאַרמינערט די גרושן. עסן האָבן מיר געגעסן ברויט מיט כאַלוואַ אינדערפרי, ביי טאָג און פאַרנאַכט. פון צייט צו צייט פלעגט איינער פון דער גרופּע אַרויסגיין אין גאַס און באַזוכן די הייזער — די זעלביקע שוואַרץ־שטייניקע הייזער פונדרויסן און כמורנע פון אינעווייניק — טאָמער געפינט זיך אַפּ אַ שטיקל אַר־בעט, אָבער ער פלעגט זיך אומקערן מיט ליידיקע הענט. איינמאָל האָט עמיצער יאָ געבראַכט די ידיעה, אַז די דאָרף־פאַרוואַלטונג זוכט אַ מענטש וואָס קען בוכהאַלטעריע כדי אין אָרדענונג צו מאַכן די חשבונות פון דער מושבה. מען האָט אונדז געפרעגט צי איז פאַראַן אַזאַ צווישן אונדז. אַן אינטעליגענטע אַרבעט, ווייט פון לאַנדווירטשאַפט — ווער דאַרף זי? אָבער חיים רכוב האָט געמאָלדן אַז ער איז גרייט, אויב מען וועט אים באַצאָלן אַ פולן פּרייז. פרעגט אים דער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד וויפל ער וויל, פאָדערט ער 10 פראַנק. וואונדערט זיך יענער: היתכן? אַן אַרבעטער נעמט דאָך נישט מער פון צוויי בישליק — העכסטנס דריי — טאָ פאַרוואָס זאָל ער פאָדערן אַ פילפאַכיק גרעסערן לוין? ענטפערט ח. ר.: „גיב אונדז צו אַרבעטן ביי גראָבן אָדער אַקערן אָדער ענלעכס, וועל איך מסכים זיין צו אַ לוין פון צוויי בישליק...” אין אָוונט, אַז ער האָט באַקו־מען זיין געלט, האָט ער מיטגעבראַכט 2 לעבלעך וואַרעמען ברויט, 3 גרויסע הערינג, געפּרעסטע גרינע איילבירטן, גרויסע ציבעלעס און כאַלוואַ. עס איז שוין געווען יענע סעודה און די גרופּע איז גע־וואָרן גאָר פריילעך.

ה.

נייע מענטשן זענען צוגעשטאַנען צום „פּינפּטלינג”, וואָס האָט זיך איינגעבירגערט אין שול־צימער. בייטאָג אָדער אין אָוונט פלעגן אַריינקומען פאַרבייפאָרנדיקע אַרבעטער, וועלכע האָבן אויך גע־

וואַנדערט אין די גליל־קאָלאָניעס. פון זייערע דיסקוסיעס איז מעגלעך געווען צו פאַרשטיין, אַז צווישן די „גליליייער" זענען פאַראַן דריי שטרעמונגען: א) די וועלכע זענען גרייט זיך צו באַשעפטיקן מיט אַלע מינים אַרבעטן פון דער דאָרף־ווירטשאַפט, כדי צו דערגרייכן זייער ציל און פאַרוואַנדלט ווערן אַליין אין לאַנדווירטן. אין יענער צייט האָט די באַראָן־באַאַמטנשאַפט געהאַלטן אינמיטן אַ קאָלאָניזיר־טעטיקייט אין אייבערשטן און אונטערשטן גליל, פאַרגרעסערנדיק די צאָל לאַנדווירטן אין בית־גן, מצפה, סעדזשערע, מתולה און אַנדערע. די דאָזיקע פויערים פלעגט זי אויסוויילן פון צווישן די דאָרף־זין, אָדער די אַרבעטער אין די גליל־קאָלאָניעס, אויב זיי האָבן אָנגענומען איר אויטאָריטעט און אירע באַדינגונגען. אַזאַ נייער לאַנדווירט פלעגט באַקומען 300-250 דונאַם, אַ הויז פון צוויי צימערן, אַ הויף אַרומגערינגלט מיט אַ מויער, אַ קי־שטאַל און אַ פערד־שטאַל און חוץ דעם הונדערט גילדענע נאַפּאָלעאָנס (2.000 פראַנק) פאַרן איינקויף פון לעבעדיקן און טויטן אינווענטאַר. צום אָנהייב פלעגט דער לאַנדווירט ווערן באַטראַכט ווי אַן אַרענדאַטאָר אָדער אַן אָנגעשטעלטער ביי דער אַדמיניסטראַציע אין משך פון צוויי יאָר, אָבער אויב ער האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען און אַרויסגעוויזן פעאיקייט אַנצופירן אַ ווירטשאַפט, פלעגט מען אים חתמענען אַ געוויינלעכן קאָנטראַקט פון אַ פולשטענדיקן לאַנדווירט; ב) די וועלכע זענען גרייט געווען צו טאָן יעדע אַרבעט פון דער לאַנדווירטשאַפט אין גליל, כדי שפּעטער אַריבערצוגיין צו זעלבסטשטענדיקער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט, אָבער נישט ביי דער ייקאַ און ביי דעם באַראָן. ביי זיי איז דאָס ווערן אַ לאַנדווירט אין די געגעבענע אומשטענדן, געווען אַ פאַרראַט פון דעם ציוניסטישן אידעאַל פונעם ישוב, ווייל אין דער אויסערלעכער פאָרם און ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור, פירט דער דאָזיקער דרך צו פאַרשקלאַפונג און צו אַראַבישער אַרבעט. זיי האָבן געחלומט וועגן אַן אַנדער מין ווירטשאַפט, אַ געזונטע אין איר גייסט און אין אירע יסודות, לויטן ביישפּיל פון די נאַציאָנאַ־

לע פאַרמס, וועלכע האָבן שוין דעמאָלט עקזיסטירט אין בן־שמן און אין כנרת. פון זיי איז אַרויסגעקומען דער גרעין פאַר דער קבוצה, וואָס איז שפּעטער געשאַפן געוואָרן דורכן פּאַלעסטינע־אַמט אויפן באָדן פון קרן קימת; ג) די וועלכע זענען גרייט געווען צו אַרבעטן ביי לאַנדווירטשאַפט לשמה ווי פּשוטע אַרבעטער ביי די דאָרפסלייט, כדי יענע זאָלן נישט נכשל ווערן אין פרעמדער אַרבעט. די דאָזיקע שטרעמונג איז געווען אַ פאָרזעצונג פון דעם געדאַנקענגאַנג וואָס האָט געהערשט צווישן אַרבעטער אין יהודה, האָט אָפּגעוואָרפן יעדע באַלעבאַטישע „עטאַבלירונג" אין וועלכער פאָרם זי זאָל נישט זיין — סיי אַלס לאַנדווירטן און סיי אַלס סטאַבילע איינוווינער פון אַרבעטער־דירות, און אַפילו דאָס אָנקומען צו רעסטאָראַנען פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוצטעס האָט זיי אויסגעזען אַ חטא.

איך בין געווען מיט דער דריטער טענדענץ, אָבער איך האָב געוווסט, אַז דער אַרבעטער וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן מיט זיין בלויזן לוין, אויב ס׳וועלן נישט געשאַפן ווערן באַדינגונגען, וואָס דערלייכטערן דאָס דירה־געלט און די שפּייז. איך האָב געהאַט אַ נטיה צו דער צווייטער טענדענץ, אָבער איך האָב נישט געקאָנט פאַרליידן די יעניקע, ביי וועמען די אַרבעט איז נישט געווען קיין עיקר נאָר אַ מיטל צו דערגיין צו אַ ברעג — זיין אַ לאַנדווירט ביי אַנדערע. פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען אויך געווען אויסנאַם־פאַלן; עס זענען געווען בעסערע עלעמענטן צווישן דער אַרבעטערשאַפט, וועלכע האָבן אויך געחלומט צו ווערן לאַנדווירטן, אָבער דער דאָזיקער חלום איז געווען פאַרבונדן מיט אַ שטרעבונג אויסצובעסערן די דאָזיקע ווירטשאַפט, אַליין אַרבעטן און ווען נייטיק — זיך באַנוצן מיט יידישער אַרבעט און אַזוי אַרום אַריינברענגען אַ נייעם גייסט פון לעבן און קולטור אין דער יונגער דערשלאָגענער מושבה. און ווירקלעך האָבן אייניקע פון זיי רעאַליזירט זייער שטרעבונג און זיי זענען געוואָרן לאַנדווירטן אין יבנאל, בית־גן און כנרת.

די צווייטע שטרעמונג האָט געפונען אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין

דער אַרבעטער־באַוועגונג פון גליל און אַ סך האָבן דערוואַרט פון אירע טרעגער אַ גרויסע אַקציע אין דער קאָלאָניזאַציע. אין מיינע פאַרנאָטירונגען פון יאָר תרע״ב לייען איך וועגן דעם דאָזיקן ענין: „גייענדיק היינט אויפן וועג צו דער פאַרם אויפן כנרת־ברעג האָב איך אָנגעטראָפן אַן אַרבעטער־גרופּע, צווישן וועמען עס זענען געווען עטלעכע גוטע חברים מיינע, וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף אַ בערגל, נאָענט פון ירדן, כדי צו באַהאַנדלען די מעגלעכקייט פון אָרגאַניזירן די ערשטע אַרבעטער־גרופּע, וואָס זאָל באַאַרבעטן אויף אייגענער אחריות אַ תבואה־ווירטשאַפט. דער געדאַנק איז געווען ז׳ערהייבן — ווערן זעלבסטשטענדיק, האָבן אַ פיינעם קיום, ווערן פריי פון יעדן אפּוטרופּסות און זיך איבערגעבן דער לאַנדווירט־שאַפט ווי אַ ציל אַן און פאַר זיך, אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער תבואה־ווירטשאַפט ביז זי זאָל זיך קענען אַליין אויסהאַלטן און אי־בער אַלץ — אַן אַרבעט וואָס פאַרמאָגט פרייע גייסטיקע שעפע־רישקייט און אַן אויסדרוק פאַר דער אינדיווידואַליטעט פון דעם אַרבעטער״.

אויב מיר וועלן צו דעם אַלעמען צוגעבן דעם „השומר״, וואָס האָט זיך געשאַפן זיין אייגענע פּאָזיציע ווי אַ מין סופּערשטערעמונג, ווו אַלץ איז פאַראַן: גבורה, קדושה, קרבנות־גרייטקייט און וויזיע — איז זיך נישט צו וווּנדערן אויב די דיסקוסיעס זענען געווען אַזוי פיל און טיילמאָל ביטערע און דערדריקנדיקע. גאָר באַזונדערס פלעגט מען דיסקוטירן צווישן דעם „פּינפּטלינג״ בנוגע דער אָפּ־שאַצונג פון „השומר״, אין וועלכן זי האָט בלויז געזען אַן הילפס־מיטל צו דעראָבערן אַרבעט, אָבער נישט קיין ציל.

טרוקן ברויט און שטורמישע דיסקוסיעס, פון צייט צו צייט אויך אַ רייז־קאַשע געמישט מיט ראָזשינקעס און צימרינג ביים לערער־פּאָרל כרמי און אַ שטענדיקע גוטמוטיקייט מצד די גאַסט־געבער — דאָס זענען געווען די פאַרגעניגנס פונעם „פּינפּטלינג״ אין יענע אומעטיקע טעג פון יבנאל.

ז.

געענדיקט די פעריען. אין דער שול האָבן זיך באַנייט די לימודים און מיר זענען געבעטן געוואָרן פריי צו מאַכן די אכסניה. דעמאָלט האָט דאָס „פינפטלינג" באַשלאָסן זיך צו צעגיין. ה. צ. איז אוועק קיין כנרת, א. ש. — קיין סעדזשערא, ש. — קיין בית־גן און איך און ח. ר. האָבן געשטעלט פיס קיין מלחמיה. פיס ממש, ווייל מיר זענען געגאַנגען צופוס מיט אָנגעשטאָפטע טאָרבעס אויף די אַקסלען. מיטאָג־צייט זענען מיר אַרויס פון ימה, און זענען געגאַנגען סתם, אָן אַ קלאָרן ציל, אויפן הויפּטוועג צווישן די גרויע מושבה־פעלדער אויף די אויסגעטראָטענע ראַנדן אין עק פון די פעלדער האָט זיך פאַרענדיקט דער וועג און אָנגעהויבן אַ שמאָלע סטעזשקע וואָס פירט צו די בערג־שיפּועים. דאָרט ביים סוף פון הויכלאַנד און איידער עס הייבט אָן דער באַרג־אַראָפּ איז געשטאַנען אַן איינזאַמער בוים, אַ ברייט פאַרצווייגטער גרויסער ווילדער בוים מיט אַ גרינע קאָראָנע. מיר האָבן זיך צוגעזעצט אָפּרוען אין שאָטן, און דער עמק הירדן האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונדז אין זיין גאַנצער פאַרכאַפּנדיקער שיינקייט — אַ ברייט־גרויע פלאַכלאַנד, ווו עס פינקלט דער ירדן אין זיינע זיגזאַגן באַקרוינט מיט גרינע קראַנצן. קיין ישוב איז נישט געווען צו זען, ווייל די אַראַבישע הייזקעס, אויך גרויע, האָבן זיך צוזאַמענגעמישט מיט דער ערד און נאָר די דעכער פון מלחמיה האָבן זיך גערויטלט אויף דעם גרויען גרונט און באַצייכנט די איינציקע, קורצע און איינגעשרומפּענע גאַס, וואָס האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט זיך צוגעקלעפּט צום צופוסנס פון די בערג און ווי געזוכט זייער שוץ אין איר עלנט און נישטיקייט. דאָס דאָזיקע בילד האָט געהאַט אין זיך עפּעס האַרציקס און אינטימעט, אָבער עס איז אויך געווען זייער טרויעריק, ענלעך צו טאַטע־מאַמע־שטוב וואָס האַלט ביים איינפאַלן און איך וויל דאָרט געפינען שוץ.

אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען צו דער דאָזיקער גאַס. נעבן איין הויז איז געשטאַנען אַ באַנק. האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט אויף

איר און אַראָפּגעוואָרפן די רוקזעק. אַ קורצע ווײַלע נאָך דעם האָט זיך דערנענטערט צו אונדז אַ פּעסטגעבויטער, הויכער, העל־האָרי־קער יונגערמאַן און אונדז דערלאַנגט זײַן ברייטע און האַרטע דלאָ־ניע און מיט אַן אויפריכטיקן פּנים אונדז געשטעלט אַ מאָדנע פראַגע:

— פאַרוואָס זאָלט איר זיצן אין דרויסן? קומט אַרײַן אין שטוב!

דער פּאַטריאַרכאַלישער נוסח און דער „בית" מיטן דגש וואָס די דאָזיקע קאָלאָניע־מענטשן האָבן שטרענג אָפּגעהיט, ווי איך האָב שפּעטער זיך דערוווּסט, האָבן אויף אונדז אָנגעווייעט אַ גוטע שטי־מונג און מיר האָבן געענטפערט:

— אויב אײַך איז עס וויליק וועלן מיר עס טאָן.

ער האָט אונדז אַרײַנגעפירט אין אַ שכנישער שטוב אין ערשטן צימער, וואָס איז געווען גאַנץ גרויס אָבער אָן מעבל, חוץ אַ לענג־לעכן הילצערנעם טיש און צוויי בענק פון ביידע זייטן. אויפן פאָל זענען געווען אויסגעשפּרייט צוויי־דריי שטרויענע ראַגאָזשעס.

אַז מיר האָבן אַראָפּגענומען די רוקזעק, זיי אַוועקגעלייגט אויף דער ראַגאָזשע און זיך אַנידערגעזעצט אויף איר, האָט ער זיך אויך צוגעזעצט און אונדז אויסגעפרעגט ווי מיר הייסן און וואָס זוכן מיר. מיר האָבן אים דערציילט אַז מיר זוכן אַרבעט, ערדאַרבעט ביי לאַנדווירטן. האָט ער אונדז געענטפערט, אַז לויט זײַן מיינונג זע־נען נישטאָ קיין פרייע פּלעצער. ער ווייסט עס כמעט קלאָר, ווײַל ער אַליין איז אַ לאַנדווירט און אויך זײַן ברודער איז אַ לאַנדווירט, און דאָס איז זײַן שטוב. זײַן ברודער איז נישט פאַרהייראַט, דער־פאַר איז דער צימער ליידיק פון מעבל און דינט בלויז אויפצונעמען געסט. אָבער אין אָוונט וועט ער פאַרבייגיין די מושבה און אָנ־פרעגן צוויי־דריי פּויערים, ביי וועמען עס איז נאָך קיין אַרבעטער נישטאָ, אפשר וועט זיך אָפּגעפינען אַ וועלכע עס איז אַרבעט.

אַזוי האָבן מיר געשמועסט ביז עס איז צוגעפאַלן די אָוונט־דעמערונג. מײַן חבר, וואָס איז מיד געווען פון גיין, האָט זיך איינ־געצויגן אויף דער פּלייצע און געשוויגן. איך האָב אויך געשוויגן

דער גאַסטגעבער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַרויס פון צימער, אָבער תיכּף צוריקגעקומען מיט אַ קליינעם נאַפט-לעמפּל, וואָס האָט געגעבן מער שאָטן ווי ליכט. ער האָט אויך מיטגעבראַכט אַ שיסל פול מיט איילבירטן, ציבעלע און אַ לאַבן ברויט. מיר זענען פאַרבעטן געוואָרן צו עסן און מיר האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט.

נאָכן עסן זענען מיר אַרויס אין דרויסן און זיך געזעצט אויף דער באַנק. די שטילקייט האָט איינגעהילט דאָס קורין-איינגעשרומפּענע געסל; בלאַסע פאַסן ליכט האָבן זיך געצויגן אויף די פּלויטסלופּעס און אויסגעגאַנגען איידער זיי האָבן דערגרייכט דעם מיטן גאַס. פון אויבן האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ הויכער הימל פאַרזייט מיט פינקלדיקע אָבער שווייגנדיקע שטערן. אויך מיר זענען אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שטילשווייגן. מיטאַמאָל וועקט אונדז אויף אַ שטים. דאָס איז געווען די שטים פון אונדזער גאַסטגעבער:

— ובכן, איך האָב געפונען איין פלאַץ. באַשליסט צווישן זיך.

ס'איז געוואָרן שטיל. מיין חבר האָט געזאָגט אין אַ שניידיקאַנטשלאָסענעם טאָן: „דו, יוסף, וועסט גיין".

כ'האָב אים גוט געקאָנט. אויב ער האָט עפּעס געזאָגט, וועט ער זיך נישט צוריקציען. ס'איז מיר נישט געבליבן מער ווי צו פרעגן: „און דו וואָס?"

— איך וויל וואַנדערן, זיך באַקענען מיט אַלע וועגן און שטעגן פון גליל-העליון און תחתון.

צומאָרגנס באַגינען, האָט ער מיך באַגלייט ביז צו דער טיר פון לאַנדווירט. דעמאָלט האָט ער זיך געזעגנט און מיטן רוקזאַק אויף דער פּלייצע און מיטן שטאָק פאָרויס איז ער אַוועק גאַס-אַראָפּ.

# אַ יאָר אין חדרה

דאָס וויטערדיקע שרייב איך פון זכרון און נישט פון פאַרצייכענונגען. דעמאָלט זענען מיר נאָך נישט געווינט געווען צו שרייבן אַזויפיל און אַזוי פרטימדיק, און אַפילו וויכטיקע געשעענישן און אויפטוען האָבן מיר פאַרשוויגן. אַלץ איז געווען געווענדט צו דער צוקונפט און אין איר אָנבליק האָט די קעגנוואַרט קיין גרויסע חשיבות נישט געהאַט. דער חוש פאַר געשיכטע איז ביי אונדז בכלל נישט געווען אַנטוויקלט. ס׳איז דעריבער קיין וואונדער נישט אויב אַ סך איז פאַרגעסן געוואָרן, בתוכם אַפילו זאַכן וועלכע זעען אונדז היינט אויס ווי שפּראָצן וואָס זאָגן אָן דעם אויפוווקס פון דער פלאַנץ. כ׳וויים פון פאָרויס אַז די פאַרצייכענונגען וואָס זענען געווידמעט דעם יאָר תרע״א אין חדרה, זענען נישט שלמותדיק, אָבער כ׳האָף אַז וואָס איך האָב פאַרפעלט וועלן אויספילן מיינע חברים, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט מיר דורכגעמאַכט יענץ יאָר אין דער מושבה חדרה.

## א.

אין איינעם אַ כמורנעם אָוונט פון כסלו תרע״א, איז יונה הורוויץ אַריינגעקומען צו אונדז אין קליינעם שטיבעלע אויפן בערגל עין גנים, ווו איך און חיים רכוב האָבן געוווינט, מיט אַ שליחות. דוכט מיר איצט, אַז הורוויצן האָב איך פאַר יענער באַגעגעניש נישט געקענט, אָבער היות ער האָט די שליחות געבראַכט אין נאָמען פון שמואל דיין, איז פאַר מיר דער נאָמען גענוג געווען, מיר זאָלן זיך צוהערן צו זיינע רייד אויפמערקזאַם און ערנסט. אין וואָס איז באַשטאַנען די שליחות?

ער, יונה הורוויץ, האָט געטראַכט און אויסגעפונען, אַז כיבוש-עבודה קען נישט אויסגעפירט ווערן כל-זמן דער הויפּט-מכשול

פאַר די לאַנדווירטן — דער פּרייז־אונטערשייד — וועט נישט באַזייטיקט ווערן. ער קען אין באַדייטנדיקער מאָס באַזייטיקט ווערן, אויב דער יידישער אַרבעטער וועט זיך אונטערנעמען דורכצופירן די אַרבעט אָן צו פאַרגרעסערן די הוצאות וואָס דער לאַנדווירט לייגט איצט אַריין אין אַראַבישער אַרבעט. דאָס איז מעגלעך בעיקר אין די פּרדסים, ווו עס זענען פאַראַן פאַרשיידענע הוצאות חוץ אַרבעט־לוין, ווי, למשל, אויפזוכט, שמירה אדג״ל. אין פּשוטע ווערטער, — דער יידישער אַרבעטער זאָל איבערנעמען דאָס באַאַרבעטן די פּרדסים לויט אונטערנעמונג־סיסטעם און אויף זיין אחריות, סיי די אַרבעט און סיי די אויפזיכט און די באַוואַכונג. פאַר די זעלביקע סומעס וואָס די לאַנדווירטן זענען געווינט צו באַצאָלן, בעת נישט־יידן באַאַרבעטן דעם פּרדס. און אָט האָט ער, יונה הורוויץ, זיך באַמיט און געפונען אין חדרה אַ פּרדס, וואָס געהערט דער חברה „דורשי ציון" און ווערט באַאַרבעט דורך פּריעמדע און ער האָט שוין איבערגערעדט מיטן פאַרוואַלטער, אַז ער זאָל איבערגעבן צו באַאַרבעטן דעם פּרדס אַ גרופּע יידישע אַרבעטער פאַרן זעלבן פּרייז ווי עס קאָסטן אים נישט־יידן. יענער איז מסכים געווען און איז גרייט אונטערצושרייבן אַ קאָנטראַקט מיט דער גרופּע ווי אַ פּרווו אויף אַ יאָר צייט. לויט הורוויצעס באַרעכענונגען באַשטייט די גרופּע פון 4 אַרבעטער, וואָס קאָנען גוט די אַרבעט אין פּרדס און זענען מסוגל צו אַרבעטן ווי אונטערנעמער. דאָ האָט ער אַ שמייכל געטאָן, און ס'איז לייכט געווען צו פאַרשטיין וואָס דער שמייכל באַטייט. עס הייסט איבערשעהן און אָנגעשטרענגטע האָרעוואַניע. די מענטשן דאַרפן אויך האָבן שטאַרקן רצון מצליח צו זיין אין דעם עקספּערימענט, כדי צו עפענען אַ נייעם וועג פאַר כיבוש־עבודה. דריי זענען שוין פאַראַן: ער, דיין און וואָלף — פעלט דער פערטער איז ער געקומען קיין פּתח־תקוה אים צו זוכן, אָבער אויף דער רעקאָמענדאַציע פון שמואל דיין (זיין שוואָגער) ווענדט ער זיך צו מיר, צי בין איך גרייט צוצושטיין צו דער אַרבעט.

איך בין מודה, אַז כ׳האָב קיין סך נישט נאָכגעטראַכט און געענטפערט פּאָזיטיוו. דער געדאַנק און די טענדענץ זענען געווען גאַנץ קלאָר. נישט די אומקלאָרע אַרבעט-באַדינגונגען, דאָס הברן זיך מיט אומבאַקאַנטע מענטשן, אָדער דער פּחד פאַר מאַלאַריע, וואָס האָט באַדראָט חדרה, די אַלע זאַכן זענען נישט געווען ביכולת אַריינצופירן מיך אין ספקות. כ׳האָב געהאַט צוטרוי צו זיך, אַז כ׳וועל מיין ברויט פאַרדינען און אויב די אַרבעט איז שווער, וועל איך זי בייקומען; מיט די נייע חברים וועל איך זיך איינלעבן, ווייל מיר זענען דאָך אַלע חברים לדעה. בפרט אַז צווישן זיי איז פאַראַן שמואל דיין, דער גוטער חבר פון אינדזשיל־אַרבעט אין פּתח-תקוה. וואָס שייך מאַלאַריע, איז זי מיר דאָך נישט פרעמד. איך בין געווען מיט איר באַפריינדעט און זי האָט מיך שוין באַזוכט עטלעכע מאָל זינט כ׳בין צוריקגעקומען פון גליל־התחתון, מיט בערך אַכט חדשים צוריק. דאַקעגן האָט מיך געלאָקט דער הידוש פון דעם פאַר־שלאָג צו ענדערן די אַרבעט, און היות די שטימונג אין דער אַרבעט אויף די פעלדער פון פּתח-תקוה איז געווען אַ שווערע, האָב איך דעם פאָרשלאָג תיכף אָנגענומען.

ב.

פּרדס „דורשי ציון" האָט אַזוי געהייסן, ווייל ער האָט געהערט דער אגודה „דורשי ציון", אָדער די „אגודה פון די טויזנט" אין מינסק. אין יאָר תרמ"ח (1888) איז געשאַפן געוואָרן אין דער שטאָט אַן אגודה, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו אָרגאַ־ניזירן 1000 חברים וואָס זאָלן זיך איינקויפן אַן ערד-באַזיץ אין ארץ-ישראל; זאָלן עס אָנטוויקלען, באַפלאַנצן מיט וויינגערטנער און דאָרט צוגרייטן נחלאות, זיצנדיק נאָך אין רוסלאַנד. ערשט נאָכדעם ווי די נחלות וועלן געבן פּרוכט און די הייזער וועלן אויפ־געבויט ווערן, וועלן קומען די חברים-אייגנטימער זיך באַזעצן. דריי יאָר האָט געדויערט דאָס אָרגאַניזירן זיך און הגם צו טויזנט חברים זענען זיי נישט צוגעקומען, האָבן זיי דאָך געקויפט אין תרנ"א,

ביים באַראָן, זיין גוט „עין זיתים" נעבן צפת און אָנגעהויבן צו פלאַנצן דאָרט איילבירט־ביימער, וויינשטאָקן, טרוסקאַווקעס און אַנדערע מינים פרוכט. דריי יאָר האָט געדויערט דאָס פלאַנצן און צום פערטן יאָר האָבן זיי זיך אַרומגעזען, אַז ס'איז נישטאָ קיין ברכה אין זייער מי. די פאַרוואַלטער פון דער אגודה האָבן זיך דעמאָלט געווענדט צום באַראָן און געבעטן, ער זאָל מבטל זיין דעם פאַרקויף און זיי אומקערן זייער געלט און זייערע אינוועסטיציעס. דאָס איז געווען אין יאָר תרנ"ד. קודם האָט דער באַראָן נישט מסכים געווען מבטל צו מאַכן דעם פאַרקויף, אָבער ער איז איינגעגאַנגען איבערצונעמען אויף צוויי יאָר די אַדמיניסטראַציע פונעם גוט און אַלע אינוועסטיציעס וואָס זענען נייטיק פאַר די פלאַנטאַציעס. ער האָט אויך אויסגעצאָלט 50.000 פראַנק פאַרגיטיקונג דער אגודה. אין תרנ"ה האָבן זיך געפירט פאַרהאַנדלונגען מיט חדרה, אַז זיי זאָלן זיך טוישן. „דורשי ציון" וועלן געבן די תושבים פון חדרה עין זיתים, בשכנות פון צפת, פאַרן פרייז פון אַ שטיק באָדן וואָס דער באַראָן וועט קויפן אין חדרה. פאַר ביידע צדדים איז דאָס געווען אַ גלענצנדיק געשעפט. „דורשי ציון" וועלן דורכדעם באַקומען פון בעסטן באָדן אין ארץ־ישראל און אין אַ זייער באַקוועמען אָרט. דער טויש איז קיינמאָל נישט רעאַליזירט געוואָרן, און אַנשטאָט דעם האָט די אגודה „דורשי ציון" געקויפט פאַרן געלט וואָס זי האָט באַקומען פון באַראָן 1.600 דונאַם באָדן אין חדרה. אין תרנ"ח איז די פאַרוואַלטונג פון דער אגודה אין חדרה איבערגעגעבן געוואָרן דעם ד"ר סאָסקין, וועלכער האָט דאָרט פאַרפלאַנצט אַ פרדס פון 50 דונאַם און אויך אַ ווייַנגאָרטן פון 80 דונאַם. די איבעריקע שטחים האָבן געדינט פאַר תבואה. אויף דעם באָדן איז אויך געשטאַנען דער „חאַן" אין צענטער פון דער קאָלאָניע קעגנאיבער דעם ברונעם. צוויי יאָר שפּעטער ווען ד"ר סאָסקין איז קראַנק געוואָרן אויף מאַלאַריע און האָט געמוזט איבערלאָזן חדרה, איז די אַדמיניסטראַציע אַריבער צום פאַרשטאָרבענעם ה' אהרן אהרונסון פון זכרון יעקב.

וואָס איז געוועזן דער גורל פון דער אגודה און איר פאַרמעגן אין חדרה? יהושע סירקין, איינער פון די אָנפירער פון דער אגודה אין רוסלאַנד, ענטפערט דערויף אין „נאָטיצן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט" אין רוסישן פערטליאָר-שריפט „יעווריייסקאַיאַ סטאַרינאַ", פון יאָר 1915, קאַפּיטל 23-24, אַזוי: „אָבער אין משך פון דער צייט האָבן די חברים פון דער אגודה זיך צעזייט און צעשפּרייט, מיטגלידים-אָפּצאָל איז נישט אַריינגעטראָגן געוואָרן טראָץ מיינע אַפּעלען און צירקולאַרן, און דער גורל פון די אגודה-פאַרמעגנס ווי אַ רעזולטאַט פון חובות-אָנוווקס איז נישט קלאָר עד היום". היינט איז עס שוין יאָ קלאָר. די חברים האָבן נישט אַריינגעטראָגן זייערע אָפּצאָלונגען. די חובות זענען געשטיגן ביז גאָר. לסוף האָט דער ועד פון דער קאָלאָניע פאַרקויפט דעם פּרדס כדי איינצומאָנען די חובות פאַר דער מושבה. די איבעריקע גיטער זענען אַריבער צו דער משפּחה ארונסון פאַר די חובות.

אין אָט דעם צייט-אָפּשניט איז דער גוט פון „דורשי ציון" אָנגעפירט געוואָרן פון א. אהרונסון. ביי אים האָט געאַרבעט ה' מענדל וועזלינסקי, אַ לאַנדווירט פון חדרה, ווי אַ משגיח איבער די אַרבעטן און ווירטשאַפט. מיט אים איז געמאַכט געוואָרן דער אָפּמאַך צו באַאַרבעטן דעם פּרדס דורך אַן אונטערנעמער-גרופּע. אין דעם קאָנטראַקט, וואָס איז אונטערגעשריבן געוואָרן פון אים און די מיטגלידער פון דער גרופּע, זענען אויסגערעכנט געוואָרן אַלע מינים אַרבעטן, — צו מאַכן די גריבלעך, אַרומשניידן די פאַרדאַרטע צווייגן, צוויי מאָל צעגראָבן די ערד, עפענען גריבלעך און באַוואַסערונג-קאַנאַלן, די נייטיקע מאָס באַוואַסערונג און עטלעכע מאָל גראָבן און יעטן אין משך פון זומער. צו דעם איז צוגעקומען די שמירה און מעכאַניזם ביים מאָטאָר און דער פּאָמפּע צו שעפּן וואַסער פון ברונעם. אויך איז באַשטימט געוואָרן אַ צייט פאַר יעדן מין אַרבעט. די תקופה פון קאָנטראַקט האָט אַרומגענומען איין אַרבעט-יאָר אין פּרדס. חוץ דעם אַרבעט-לוין האָט די גרופּע באַקומען אַ באַראַק פאַר אַ וווינונג און אַ דערלויבעניש צו קולטיווירן

גרינציייג פאר זיך. דער אלגעמיינער בודזשעט איז געווען ענלעך צו דעם וואס איז אויסגעגעבן געווארן אין פארגאנגענעם יאר, בעת די ארבעט איז אינגאנצן אויסגעפירט געווארן דורך אראבער.

ג.

דאס פארמאכן די גריבלעך ארום דיביימער האט געזאלט תיכף געטאן ווערן, דערפאר איז מיר קיין סך צייט נישט געבליבן. כ'האב איינגעפאקט, נאך עטלעכע טעג, מיין ביסל האק-און-פאק און „איבערגעוואנדערט" אזש ביז חדרה. א גאנצן טאג האב איך זיך געשאקלט אין וואגן און אין אוונט אנגעקומען. דארט האב איך זיך דערוווסט אז מיינע חברים אין דער גרופע זיצן שוין אין פרדס און איידער וואס-ווען איז דערשינען פאר מיר יונה הורוויץ.

ס'איז געווען פארנאכט. די קאלאניע האט מען נישט אנגעזען. דא און דארט האט א פינקל געטאן א שוואך ליכט, און זיין שטראל פלעגט אמאל זיך דורכשלייכן צווישן הויכע אויקאליפטוס-ביימער און פארלוירן גיין אין זאמד, און אמאל זיך דורכפילטרירן צווישן די ביימער-צווייגן און אויסגיין אין רוישנדיקע בלעטער. ס'האט אויסגעזען ווי דא וואלט דער ישוב זיך געפונען אין א וואלד איינגעהילט אין טריבע שאטנס און אנגעזאפט מיט געהיימען פליס-טער וואס ווארפט אן א פארבארגענע אימה. דאס דאזיקע געפיל האט מיך נישט אפגעלאזט אויך אויפן לאנגן וועג — דעמאלט איז ער לאנג געווען! — צווישן דער מושבה און דעם פרדס, אין אנבליק פון די טונקעלע מאסיוון וואס הייבן זיך אויף ארום און פארמאכן ממש די וועלט פאר אייך. דאס זענען געווען די אייקאליפטן-וועל-דער, וואס איך האב שפעטער אזוי ליב געקראגן, אבער וועלכע האבן דעמאלט צוגעשפיצט ביי מיר דאס געפיל פון איינזאמקייט, וואס איז נאך שארפער געווארן ביים דערנענטערן זיך צום פרדס, וואס האט אויך אויסגעזען ווי א פינצטערע מאסע מיט די הויכע און שווארצע ציפרעסן. און נאכדעם ווי דער טויער איז הינטער אונדז צוגעמאכט געווארן, האט זיך געדוכט ווי מיר וואלטן איינ-

געשפּאַרט געוואָרן אין אַ תפיסה מיט שוואַרצע הויכע מויערן, הויך אַן אַ שוין און אָן אַן עק... אָבער ס'איז געווען גענוג געווען צו זען חדרה און איר סביבה, און בעיקר „אונדזער" פּרדס אין ליכט פון איין טאָג, כדי אַלע שאָטנס זאָלן צערינען און דער פּחד זאָל פאַרשווינדן און זייער פּלאַץ זאָל פאַרנעמען ליבע און פרייד.

דער פּרדס איז טאַקע געווען אַ שיינער. אַ פּאַרצעלע פון בערך 50 דונאַם, כמעט פּירקאַנטיק, אַרומגערינגלט מיט אַ געדיכטן און שיינעם אַקאַציע-פּלויט און הינטער אים, אינעווייניק, הויכע עמ־וואָס צוגעבויגענע האָריזאָנטאַלע ציפּרעסן. אין מיטן דער ליניע צו מזרח פּלעגט זיך עפענען אַ הילצערנער טויער צו אַן אַלייע מיט הויך-געשטאַלטיקע ציפּרעסן און די אַלייע האָט געפירט אין אַ הויף אינמיטן דעם פּרדס, אויך פּירקאַנטיק און אַרומגערינגלט מיט ציפּ־רעסן. אין הויף, לינקס, איז געשטאַנען אַ באַראַק, די ווענט געבויט פון ברעטער אין אַ צושטאַנד פון אַלטקייט און צעפאַלנקייט. די שמאָלסטע שפּאַלטן זענען נישט קלענער געווען פון צוויי פינגער די גרויס. דער פאָל איז געווען געפּלאַסטערט מיט איינגעפּרעסטן ליים און איבערן קאָפּ אַ דאַך פון דאַכלקעס אָן אַ סופית. הילצערנע מחיצות האָבן איינגעטיילט דעם באַראַק אין דריי צימערן. קעגנ־איבער דער אַלייע, לינקס, איז געשטאַנען אַ צווייטער באַראַק מיטן ברונעם און מאָטאָר. לינקס אַ באַסיין פאַר וואַסער, געבויט פון גע־טעסטע שטיינער, אויך פּירקאַנטיק און טיף אַ מענטש די הויך. אינמיטן הויף איז געוואַקסן אַ געדיכט-באַצווייגטער בוים און אין זיין שאָטן איז געשטאַנען אַ טישל — 4 פיסלעך מיט אַ טאָוול, בענק און עטלעכע נאַפט-קעסטלעך. פון הינטער די ציפּרעסן האָבן אַרויסגעקוקט מאַראַנצן-ביימער, אָנגעלאָדן מיט בלעטער און נאָר דאָ און דאָרט האָט אַרויסגעבלאַנקט אַן איינזאַמער מאַראַנץ, וואָס איז פאַרגעסן געוואָרן פון די שניטער.

## ד.

זעקס נפשות זענען מיר געווען אין דער גרופּע, ווייל אויסער די פיר אַרבעטער, חברים, זענען אויך געווען 2 חברות. ביילע, יונהס פרוי און שרה, וואָס איז שפּעטער געוואָרן וואָלפס פרוי. אַלע „איינריכטונגען" זענען גיך פאַרענדיקט געוואָרן. אין גרויסן באַראַק איז באַשטימט געוואָרן אַ צימער פאַרן פּאָרל, אַ צימער פאַר שרהן און אַ צימער פאַר מיר. מיין צימער איז געווען דער עקסטרעם-מזרחדיקער, נאָענט צו דער ביימער-אַלייע. דאַקעגן וואָלף האָט באַקומען אַ פּלאַץ אין מאָטאָר-באַראַק; דאָרט איז אויך איינגע-אָרדנט געוואָרן אַ ווינקל פאַר צוויי קיכן, איינע פאַרן פּאָרל און איינע פאַר די נישט-פאַרהייראַטע, ווו שרה איז געווען די קעכין, ווייל מען דאַרף וויסן, אַז די גרופּע האָט געפירט א שותפות אין דער אַרבעט און הכנסה, אָבער נישט אין דער הוצאה. דער טיש און בענקלעך אונטערן בוים אין הויף — אויב איך האָב קיין טעות נישט איז עס געווען אַ אַלטער צעדער, פון די וועלכע מען געפינט אַ סך אין שרון בכלל און אין דער געגנט פון חדרה בפרט — האָבן געדינט ווי אַן עסצימער, ווען דער רעגן האָט נישט געשטערט. אויך די איינריכטונג אין די וווינונגען האָט קיין סך צייט נישט צוגע-רויבט. די ווענט זענען אויסגעקאַלכט געוואָרן, דער פּאָל מיט ליים (דאָס באַשמירן מיט ליים פלעגט געמאַכט ווערן יעדן פרייטיק דורך די לאָקאַטאָרן גופא), נאַפט-קעסטלעך און צוויי ברעטער פון אויבן זענען געוואָרן בעטן; אַנדערע קעסטלעך זענען פאַרוואַנדלט גע-וואָרן אין אַ טיש, אַ באַנק און ביכער-שראַנק און כדי צו פאַרמיידן דאָס אַריינדרינגען פון ווינט דורך די שפּאַלטן, זענען אויפגעהאָנ-גען געוואָרן ראָגאָזשעס אויף די ווענט, אויפן עק בעט און טיש. פאַר די איבעריקע שפּאַרונעס האָבן מיר נישט מורא געהאַט, פּונקט ווי קיין פּחד האָט אויך נישט עקזיסטירט פאַר מאַלאַריע-מאָסקיטן אין די נעכט. אויך אַן אַרבעט-רעגולאַמין איז תיכף איינגעשטעלט געוואָרן. מיר פלעגן אויפשטיין גאַנץ פרי און זיך פאַרזאַמלען צו-ריק שפּעט אין אָוונט, אָבער פאַרצויגן אַביסל דעם מיטאָג-אָפּרו.

די שפּאַדלעס זענען געווען אין אַ גוטן צושטאַנד און זיי האָבן גע־שפּילט אין אונדזערע הענט אָן שום שטערונג. אַז מיר האָבן פאַר־ענדיקט די ערשטע אַרבעט — דאָס צומאַכן די גריבלעך — האָבן מיר געוווּסט אַז מיר זענען נישט אָפּגעשטאַנען. דער לוין האָט באַ־טראָפן פיל מער ווי דער העכסטער לוין, וואָס איז דעמאָלט געווען אָנגענומען פאַר אַ טעגלעכן יידישן אַרבעטער ביי לאַנדווירטשאַפט.

אויך אונדזער פריינדשאַפט האָט זיך ענג פאַרקנופּט און פאַר־פעסטיקט, כאָטש קיין שום כאַראַקטער־ענלעכקייט איז צווישן אונדז נישט געווען. יעדער איינער פון אונדז איז געווען אַ וועלט פאַר זיך מיט זיינע געדאַנקען, געפילן, אופן פון ריידן און האַנד־לען, בקיצור מיט אַלץ. אויך זענען די צוויי חברות געווען באַזונדע־רע וועלטן פון אַלע שטאַנדפונקטן. דאָך האָט עקזיסטירט אַ פולע פריינדשאַפט וואָס איז נישט קאַליע געוואָרן פאַר דער גאַנצער צייט פון דער גרופּע, ווייל אַלע האָבן מיר געהאַט איין ציל: דער־פילן דעם קאָנטראַקט, אויספירן די אַרבעט אויפן בעסטן אופן און און אַזוי אַרום שאַפן אַ נייע מעגלעכקייט פאַר כיבוש־עבודה אין די פּרדסים און שפּעטער — אין אַלע אַנדערע צווייגן פון דער לאַנד־ווירטשאַפט.

ה.

אַז מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט און געוואָרן „תושבים" אין פּרדס, האָבן מיר אָנגעהויבן באַזוכן די מושבה און זיך אינטערע־סירן אין איר אויסזען און פּראָבלעמען. קודם־כל האָבן מיר זיך אָנ־געשטויסן אין מצב פון יידישן אַרבעטער וואָס זייער צאָל האָט זיך יענץ יאָר באַדייטנדיק פאַרמינערט. „די גוטע מחשבות וועגן יידי־שע אַרבעטער זענען שנעל פאַרגעסן געוואָרן — שרייבט דער לע־רער א. י. גולני אין זיין בריוו פון חדרה אין „הפועל הצעיר" פון יענעם יאָר, נומ' 9־10 — אַנשטאָט 50 יידישע אַרבעטער, פאַר־בלייבן 20 אָדער וויניקער, און קיינער לייגט דערויף נישט קיין אַכט". אונדזער אָנקומען אין פּרדס האָט דערוועקט האָפענונג אין

די קרייזן פון די אַרבעטער און זייערע פריינד, ווייל ווי דער זעל־בער קאָרעספּאָנדענט זעצט דאָרט פאָר, אַז „אַ נייע פאָרעם פון אַרבעט האָט זיך דאָ באַוויזן היי־יאָר. אַ קליינע גרופּע אַרבעטער האָט איבערגענומען דעם פּרדס „דורשי ציון" אים צו באַאַרבעטן און באַוואַכן אין משך פון גאַנצן יאָר, אין באַקוועמע באַדינגונגען סיי פאַר זיי און סיי פאַרן אַרבעט־געבער... אַזוי אַרום האָבן זיי דעראָבערט די פּאָזיציע מיט איין קלאַפּ און מיר זענען זיכער אַז היינטיקס יאָר וועט דער דאָזיקער פּרדס, וואָס איז געפלאַנצט געוואָרן מיט יידיש געלט, באַאַרבעט ווערן נאָר דורך יידן, אפשר צום ערשטן מאָל זינט זיין פלאַנצונג. אויב זיי וועלן מצליח זיין און ביידע צדדים וועלן זיין צופרידן, וועט עס זיין אַ נייע שיטה צו דערגרייכן אַרבעט. לאָמיר האָפן".

יאָ, יונה האָט אַרויפגעלייגט אויף דער קבוצה נישט נאָר צו דעראָבערן דעם פּרדס, נאָר אויך פיל אַנדערע אַרבעטן אין תחום פון חדרה. נאָך דעם ווי מיר האָבן פאַרענדיקט צוצומאַכן די גריבלעך, איז פאַר אונדז פאַרבליבן אַ צייט פון פיל וואָכן ביזן ערשטן צעגראָבן די ערד, און היות דאָס אַרומשניידן די טרוקענע צווייגן האָט אונדז אַלעמען נישט באַשעפטיקט, בעיקר ווייל די חברות האָבן דאָס געקענט דורכפירן, האָבן מיר אויסגעפונען אַז מיר מעגן זוכן „דרויסנדיקע אַרבעט" און זי גיך געפונען. אין יענעם יאָר האָט אהרונסון אָנגעהויבן די הכנות צו גרינדן אַן עקספּערימענטאַל־סטאַנציע אין עטלית און אַ פיליאַל אין חדרה. דאָס אָרט וואָס איז פאַר דער פיליאַל אויסגעוויילט געוואָרן איז געווען הינטערן ברונעם, קעגנאיבער דעם „חן" פון „דורשי ציון". לויטן פּראָגראַם איז די פּאַרצעלע באַשטימט געווען פאַר אַן „אַרבוריטום", ד"ה אַ זאַמלונג פון וואַלד־ביימער און שיינע געוויקסן פון פאַרשיידענע נייע מינים וואָס האָבן געזאָלט געבראַכט ווערן פון אויסלאַנד. כדי צוצוגרייטן די ערד איז מען צוגעטראָטן צו בויען אַ „בחר" און אָט האָט דער אויפזעער איבער דער אַרבעט אין נאָמען פון דער סטאַנציע, דער זעליקער אבשלום פיינבערג, מאָביליזירט פאַר דעם צוועק

אַראַבישע אַרבעטער און נאָר אין אַ קליינעם טייל האָט ער פאַר־בעטן יידן, מיט דער טענה, אַז צווישן אַלע יידישע אַרבעטער אין חדרה זענען נישט פאַראַן קיין ספּעציאַליסטן פאַר „בחר”. דעמאָלט איז יונה דערשינען און געפאָדערט, אַז אַ טייל פון „בחר” זאָל אי־בערגעגעבן ווערן דער „קבוצה” און פיינבערג איז דערצו מסכים געווען. פריער האָבן מיר געאַרבעט אַליין, און בעת ער האָט זיך איבערצייגט, אַז אונדזער אַרבעט איז גוט — אין חדרה האָט מען געזאָגט, אַז אַזאַ מין טיפן, ברייטן און שיינעם 'בחר” האָט נאָך חדרה נישט געזען. נאָר בלויז געהערט וועגן אַזאַ פיין שטיקל אַר־בעט אין פתח־תקוה — זענען קאָאָפּטירט געוואָרן נאָך יידישע אַר־בעטער פאַר דער אַרבעט.

אויך די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אַרבעטער איז געווען אַ קלאָגעדיקע, צוליבן מאַנגל אין דירות, אַ ביליקע קיך און נאָך ענ־לעכע פאַרלייכטערנדיקע באַדינגונגען פאַרן אַרבעטער, וואָס פאַר־דינט ווייניק און זיין אַרבעט איז נישט סטאַביל און די מאַלאַריע באַפאַלט אים גאַנץ אָפט. פון דעם שטאַנדפּונקט איז געווען די יידי־שע אַרבעטער פיל ערגער ווי די יידישע וועכטער וועלכע האָבן דע־מאָלט געהאַלטן שמירה אין דער קאָלאָניע. זיי האָבן דווקא געהאַט אַ רואיקן קיום, און נישט ווייניק פלעגט מען צווישן די אַרבעטער טענות האָבן צוליב אָט דער דיסקרימינאַציע.

די קליינע אַרבעטער־עדה האָט געלייגט אַן אויג אויף דער „קבוצה” וועלכע האָט געוווּנען פּרעסטיזש ביי די לאַנדווירטן, און האָט מיך אויסגעוויילט אַלס מיטגליד פון ועד; דער ערשטער שריט איז געווען צו פאַרענדיקן די אונטערהאַנדלונגען מיטן ארץ־ישראל־אַמט וועגן בויען אַן אַרבעטער־הויז און מיט דער הברה „עזרא” פון בערלין און דער מושבה־פאַרוואַלטונג וועגן אויפשטעלן אַן אַר־בעטער־קוואַרטאַל נעבן דער קאָלאָניע.

## י ו ס ף   ו ו ײ ץ

### ז.

די געזעלשאַפטלעכע פליכט וואָס איז אויף מיר אַרויפגעלייגט געוואָרן האָט מיך געבראַכט צו אָפטע באַזוכן אין דער מושבה און צו אַ נאָענטער באַרירונג מיט די תושבים און אָנפירער, די פאַרוואַלטונגס-מיטגלידער. דער ערשטער פון די אַלט-איינגעזעסענע חדרהער תושבים וועלכן כ'האָב דערקענט פון דער נאָענט איז געווען מענדל וועזלינסקי ז"ל, דער אויפזעער איבער „אונדזער" פּרדס. ער פלעגט דערשיינען אין טויער פון פּרדס אויפן רוקן פון אַ גרויען פערד, פאַרביירייטן די אַלייע און אָנקומענדיק ביזן בוים אין ראַנד פון דער אַלייע און הויף, פלעגט ער פלינק אַראָפּשפּרינגען, צובינדן דאָס פערד צום בוים און מיט פעסטע טריט און אויפגעהויבענעם קאָפּ מיטן בייטשל אין דער האַנט, פלעגט ער זיך אַריינלאָזן טיף אין פּרדס. דאָרט פלעגט ער זיך איינבייגן, און אין פאָרם פון אַ האַלב-בויגן שפּאַנען פון בוים צו בוים און אונטערזוכן די טיף פון אונדזערע גראָבנס. ביים אָנטרעפן אונדז, פלעגט ער זיך אָפּשטעלן אַ רגע, גאָרנישט זאָגן און דערנאָך פאָרזעצן זיין אינספּעקציע-טור אין פּרדס.

אַזוי פלעגט ער זיך נוהג זיין די ערשטע וואָכן, הויך-וווּקסיק, פעסט געבויט, מיט אַ פאַרהאַרטעוועטן פּנים און צוגעמאַכטן מויל. אַ רענדל — אַ וואָרט; איז דאָך קלאָר אַז קיין שמייכל איז אויך נישט געווען צו זען, פּונקט ווי מלכות וואָלט עס אים פאַרבאָטן. אין אַ צייט אַרום ווען אונדזער אַרבעט איז אים געפעלן, פלעגט ער בלייבן לענגער ביי אונדז, און אַמאָל צו מיטאָג, פלעגט ער זיך דערלויבן אפילו זיך זעצן אויף אַ קעסטל אונטערן גרויסן בוים, זיך צוהערן צו אונדזער שמועס און זיך מיטבאַטייליקן, אַריינוואַרפנדיק אַ פּאָר ווערטער, אויך האַרטע, שניידיקע, אָן קלאַנג און אָן ווידערקלאַנג. ער איז געווען אַ שותק אין זיין לעבן און אויך אין זיין פּלוצימדיקן טויט, וואָס איז איבערראַשנדיק געקומען אין עלטער פון 46 יאָר, צום סוף פון יענעם יאָר. אינטערעסאַנט: די „שווייגזאַמקייט" איז דעמאָלט געווען פאַרשפּרייט צווישן די חדרהער וועטעראַנען, און

כמעט געוואָרן זייער נאַטירלעכע אייגנשאַפט. ווער האָט עס נישט געקענט דעם גרויסן שתקן פון חדרה, בן־יהודה? זיינע אויגן האָבן כסדר געקוקט צו דער ערד, ווי ער וואָלט פון איר אויסגעשעפּט אירע אוצרות, און זיינע אויערן זענען שטענדיק געווען אָנגעשטעלט צו הערכן אירע סודות און זיין מויל איז פאַרמאַכט. אַז ער רעדט, באַקומט זיך אַ שטים פון נישט דאָ־הי, פאַרטושט, ווי די שטים פון דער ערד בעת עס ווערט אין איר אַריינגעקלאַפּט אַ פּלאָקן, דער ערשטער פּלאָקן. אויך ת. חנקין, א. סעמסאַנאָוו און לובין קענען נישט פאַררעכנט ווערן צווישן די רעדנערס און אויך בוטקאָווסקין האָט מען געקענט צורעכענען צו די שווייַגערס. אַז איך האָב מיך באַקענט מיט אָט דער געמיינזאַמער אייגנשאַפט פון די אַלע, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט אַלע חדרה־ווייען מיט ערלעכקייט און גלויבן, האָב איך שפּעטער זיך אויך געפירט לויטן כלל, אַז „יעדער חדרהער וועלכער פלאַפּלט פיל — גיי און פאָרש אויס צי איז ער טאַקע פון חדרה". דאַקעגן האָט די גרופּע שתקנים זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שטילער שטרעבונג: אויסברייטערן זייער מושבה, פאַרגרעסערן און באַפעסטיקן זי מיט מענטשן, הייזער, גאַסן, וואַסער און ענלעכע באַדערפענישן און גיטער וואָס אַ קולטור־לעבן פון אַ ישוב פאָדערט. עס זענען אין חדרה געווען מענטשן וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט יעדער אויסברייטערונג און געפאָדערט צמצום. אַן אומאויפהערלעכע מחלוקת האָט געהערשט צווישן ביידע מחנות, וועגן וועלכער כ'האָב מיך אָפּגעשטעלט באַריכות אין מיין בריוו צום „הפועל הצעיר", יאָר תרע"ב, נומער 3־4. די ערשטע האָב איך גערופן די פאַרטיי פון די „אויסברייטערער" און די לעצטע „די פאַרשמעלערער". און היות אויך די אַרבעטער זענען געווען פאַר אויסברייטערונג — במילא איז געפונען געוואָרן אַ געמיינזאַמע שפּראַך צווישן די אַרבעטער און די וועטעראַנען פון חדרה, איבערהויפּט אין יענעם יאָר, און אייניקע פון די גרעסערע אונטערנעמונגען לטובת אַלע צדדים — זענען דעמאָלט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

## י ו ס ף  װ י י ץ

### ז.

צוויי גאַסן ציען זיך פון מערב צו מזרח און צוויי גאַסן פון דרום צו צפון שליסן זיי אָפּ. דאָס איז געווען דעמאָלט די מושבה. אין הגם די גאַסן זענען לאַנג — פאַרמאָגן זיי אָבער גאַנץ ווייניק הייזער, ווייל עס עקזיסטירט אַ גרויסער רווח צווישן איינער און דער צווייטער. אַ רווח, אָבער נישט קיין בלויז, ווייל די אויקאַליפּטן־ביימער פילן עס אויס. טייל מאָל קומט אַ חורבה אויפן אָרט פון אַ שטוב און דעמאָלט פאַרגרעסערט זיך דער מרחק צווישן די באַוווינטע הייזער. אין מיין קאָרעספּאָנדענץ פון חדרה, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „הפועל הצעיר" תרע"ב, נומ' 6, האָב איך געגעבן אַן אויסדרוק פאַר דער שילדערונג פון דער מושבה: די דערוויטערטע, שרעקלעך וויסטע גאַסן מיט די באַהאַלטענע הייזער צווישן די אויקאַליפּטן־ביימער וואַרפן אַן אַן אימה, און די שוואַרצע חורבות מאַכן נאָך פינצטערער דאָס בילד". פאַרמערט די צאָל הייזער! דאָס איז געווען דער לאָזונג פון די „אויסברייטערער" און די אַרבעטער, וואָס האָט גורם געווען צום פּלאַן פון בויען וווינונגען פאַר פאַרהייראַטע אַרבעטער, אַ בית־פועלים פאַר אומפאַרהייראַטע מיט אַ ביליקער קיך.

דער פאָרשלאַג צו בויען הייזער פאַר אַרבעטער איז צוגעשטעלט געוואָרן דער חברה „עזרא" פון בערלין און זי איז מסכים געווען צו „באַזעצן אין חדרה 25 אַרבעטער, איבערגעבן יעדן איינעם 25 דונאַם, 5 דונאַם פאַר אַ בוי־פּלאַץ און 20 דונאַם פאַר פּלאַנטאַציעס, אויף ראַטעס־אויסצאָל אין משך פון 20 יאָר. דאָס געלט פאַרן בויען און די ערד זאָלן געגעבן ווערן פון דער חברה און זי וועט אויך איינצאָלן דער מושבה דעם פּרייז פאַרן באָדן אין 20 יאָר. אָלס באַלוינונג פאַר דער טובה, גיט די געזעלשאַפט אַ הלוואה דער מושבה כדי צו בויען אַ שפּיטאָל און פאַרריכטן די וואַסער־רערן פאַר די הייזער" (פון אַ בריוו אין „הפועל הצעיר", תרע"ב, נומ' 3־4) לויטן פּלאַן האָט דער קוואַרטאַל געזאָלט אויסגעבויט ווערן אין משך פון 3 יאָר. אין ערשטן יאָר — 10 הייזער, אין צווייטן — 8, און אין

דריטן — 7 הייזער. די פאַרהאַנדלונגען מיט דער חברה „עזרא" און די דיסקוסיעס אין דער מושבה האָבן זיך פאַרצויגן דאָס גאַנצע קיילעכיקע יאָר. די וועטעראַנען האָבן געשטיצט דעם פאָרשלאַג און געוואָלט אים זען פאַרווירקלעכט. דערנאָך, אַז די 10 ערשטע קאַנדידאַטן זענען שוין אויסגעוויילט געוואָרן און צווישן זיי זענען געווען 7 אַרבעטער און נאָר 3 לאַנדווירטן, איז אַנטשטאַנען די אָפּאָזיציע מצד די „פאַרשמעלערער", וועלכע זענען על-פּי-רוב גע-קומען פון אָרעמען קלאַס אין דער מושבה.

דאָס אַרבעטער-הויז האָט קרן קימת לישראל געבויט אויף אַ פּלאַץ וואָס די מושבה האָט צוגעשטעלט. אַ טייל אַרבעטער האָט געהאַט אַ פּרינציפּיעלע קעגנערשאַפט, ווייל דער ענין האָט גע-שמעקט מיט „שטיצע", אָבער דער רוב מיטן אַרבעטער-קאָמיטעט בראש, איז געווען פאַר דעם „הויז" און נאָך יענעם יאָר האָט מען אָנגעהויבן בויען און געפּראַוועט דעם חנוכת-הבית אָנהייב תרע"ב.

וועגן דעם קליינעם תחום פון דער מושבה חדרה אין יענע צייטן האָט מען אויך געקענט לערנען פון פאַקט, אַז דאָס אָרט פון בית-הפּועלים איז דעמאָלט באַטראַכט געוואָרן אַלס ווייט, און דאָס האָט פאַראורזאַכט אַ געוויסע פאַרביטערונג אין די אַרבעטער-קרייזן. אַזוי דערציילט א. י. גולני אין „הפּועל הצעיר". „אמת, איין זאַך וועט בקרוב רעאַליזירט ווערן — די געביידע פון בית-הפּועלים, אָבער אויך דאָ איז געווען אַן עין-הרע. דאָס דאָזיקע הויז וואָס האָט געקענט ברענגען פיל נוצן, בויט מען אויסער דער מושבה, ווייט פון מענטשן, אַזוי, אַז דער אַרבעטער וועט אַהין גיין נאָר אין נויט-פאַלן, ווען ער וועט שוין קיין מעגלעכקייט נישט האָבן צו געפי-נען אַ צימער אין דער מושבה זעלבסט".

## ח.

אַ סך רעגנס זענען אויסגעפאַלן אין שבט. די מערסטע צייט האָבן מיר פאַרבראַכט אין אונדזער באַראַק, און עס איז געווען אַנ-גענעם צו הערן דאָס קלאַפּן פון רעגן אויפן דאַך און אָנקוקן די

שווערע וואָלקנס, וועלכע גייען אַרויס פון הינטער דעם אויקאַליפּטן־וואַלד אויף דער גרענעץ פון אינפּיע און ליידיקן אויס זייער מענגע וואַסער. אַ געוויסן פרימאָרגן איז וואָלף אַרויס צו דער מושבה ברענגען פון דאָרט פּראָדוקטן. אַ גאַנצן טאָג האָט דער רעגן נישט אויפגעהערט. ס'איז שוין אָוונט און וואָלף איז נאָך נישטאָ צוריק. מיר האָבן אויף אים לאַנג געוואַרט און ער איז נישט געקומען. זע־נען מיר אים אַנטקעגנגעגאַנגען אָבער ווייט נישט דערגאַנגען, ווייל מיר זענען אַריינגעקראָכן אין וואַסער און טיפער בלאָטע. מיר זע־נען צוריקגעגאַנגען און פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז די סיבה פאַר וואָלפס נישט צוריקקומען. צומאָרגנס, בעת מיר זענען אַרויס אוי־סערן פרדס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונדזערע אויגן אַ וואַסער־סאַזשלקע וואָס האָט פאַרשטעלט דעם צוגאַנג צו דער מושבה. ערשט אַ וואָך שפּעטער איז דאָס וואַסער איינגעזונקען און מיר פלעגן מיט שווערער מי אָנקומען צו דער מושבה.

חודש אדר האָבן מיר אָנגעהויבן דעם גרויסן „טכמיר". דאָס איז געווען די הויפּט־אַרבעט ביים פּרדס. גראָבן אין דער טיף מיט דער שפּאַדלע, כדי גוט צו צערייבן די אייבערשטע ערד־שיכט, אויס־רייסן די גראָזן און זיי באַדעקן. דאָס איז געווען אַ שווערע האָרע־וואַניע, איבערהויפּט אין אַלטע פּרדסים, וווּ די צווייגן גרייכן ביז צו דער ערד און דער אַרבעטער מוז ממש קריכן אויף אַלע פיר כדי אויסצופירן די אַרבעט. די פּרדסים־אייגנטימער האָבן שטרענג אַכ־טונג געגעבן, אַז די דאָזיקע אַרבעט זאָל געמאַכט ווערן אין אָרדע־נונג, ד"ה טאַקע טיף, אָבער דאָך טאָר קיין גרוב נישט בלייבן, און די צעגראָבענע ערד דאַרף צעשאָטן ווערן אויף אַ גלייכן אופן אין אַלע פּלעצער, אַזוי אַז דער אויבערפלאַך זאָל אויסזען גלאַטיק, אָן גריבלעך און הערבן, און אָן סימנים פון פוסטריט. די אַראַבער זע־נען געווען מומחים פאַר „טכמיר", אָבער אַנדערש איז געווען די לאַגע מיט די יידישע אַרבעטער. מיר האָבן זיך געגרייט צו דער אַרבעט מיט ציטער און פלאַטער, דער עיקר יונה, וואָס האָט זיך באַצויגן צו יעדער אַרבעט מיט ערנסטקייט און כמעט מיט קדושה.

לויט די באַרעכענונגען אין די קאָנטראַקט-באַדינגונגען האָבן מיר געזאָלט באַאַרבעטן אַ האַלבן דונאַם אַ טאָג, און אַט האָבן מיר באַוויזן שוין דעם ערשטן טאָג צו באַאַרבעטן זאַלבעדריט כמעט צוויי דונאַם. אין פאַרלויף פון דער וואָך זענען מיר כמעט דערגאַנגען צו דריי דונאַם, ד"ה אַ דונאַם אַ טאָג פּער אַרבעטער. דאָס איז געווען אַן אומבאַקאַנטער „רעקאָרד", וואָס אויך יונה איז שטאָלץ געווען מיט אים, און זיין שטאָלץ האָט זיך אויסגעדריקט מיט גוטן און תמימות־דיקן שמייכל וואָס פלעגט זיך צעגיסן איבער זיין פּנים, יעדן אָוונט ביים אומקערן זיך „אַהיים". און אַזוי האָבן מיר „געשלעפּט" דאָס גראָבן — דער ערשטער יונה, נאָך אים וואָלף און נאָך אים איך. צוריקוועגס — איך דער ערשטער, וואָלף דער צווייטער און יונה דער דריטער און ווידעראַמאָל. עס איז געווען אַ גוטע אַרבעט; אַן עדות דערצו איז געווען דאָס הענטל פון זעלינסקי בייטשל, וואָס פלעגט זיך אַריינשטעקן אין יעדן פלאַץ „ווי פוטער". מער ווי די צוויי ווערטער האָבן מיר פון אים נישט געהערט.

ט.

צווישן פורים און פּסח האָט זיך פאַרענדיקט דאָס ערשטע גראָבן און מיר האָבן אָנגעהויבן דאָס צווייטע. ערב פּסח האָב איך באַקומען אורלויב ביז נאָך יום-טוב און כ'בין געפאָרן קיין רחובות, ווו עס איז געווען מיין „שטוב". אַ שטוב אין היימלאַנד. אַז כ'בין צוריקגעקומען קיין חדרה צוויי וואָכן שפּעטער, בין איך טיף איבערראַשט געוואָרן פון דעם שפּעדיקן געוויקס וואָס האָט ממש באַדעקט חדרה — תבואה-פעלדער ביזן האָריזאָנט, דופּטיקע לאַנקעס און דער וועג פון דער מושבה ביזן פּרדס איז געווען ממש אויסגעבעט מיט פרישן פרילינג-גרינס פול מיט שמעקנדיקע ריחות. דאָס גראָז איז אָבער אויך געוואַקסן אין פּרדס, און דאָס צווייטע גראָבן, וואָס איז אָפּגעלייגט געוואָרן ביזן נאָכן מלקוש (לעצטער רעגן) האָט עטוואָס פאַרשפּעטיקט און איז געוואָרן שווערער, ווי ס'איז געווען זיך פאַרצושטעלן. ווידער האָבן מיר גענומען די

שפּאַדלע מיט פּאַרקאַטשעטע אַרבל און דאַסמאָל אויך מיט אַנט־
בלויזטע פּים ביז איבער די קני און שלייכנדיק זיך אויפן וואַרעמען
זאַמד האָבן מיר אויסגעברייטערט די שליאַכן. אויך די געזעלשאַפט־
לעכע אַרבעט אין דער מושבה האָט נישט אויפגעהערט. ס׳איז ניי־
טיק געווען צו ברענגען נייע אַרבעטער, און ווירקלעך איז זייער
צאָל פאַרטאָפּלט געוואָרן אין די ערשטע זומער־חדשים. ס׳איז אויך
צוגעקומען אַ נייער טיפּ אַרבעטער — די תימנער. מיטן אָנקומען
פון די תימנער קיין חדרה איז די מושבה באַרייכערט געוואָרן מיט
אַ נייעם עלעמענט, און צו די פינף „קלאַסן" איז איצט צוגעקומען
אַ זעקסטער. די דאָזיקע קלאַסן זענען געווען: צוויי קלאַסן לאַנד־
ווירטן, פון די אַלט־איינגעזעסענע און רייכע, אָנגעהעריקע צו דער
„אַרמיי פון די אויסברייטערער"; די אָרעמע תושבים און לאַנד־
ווירטן וואָס ציילן זיך צווישן די „מצמצמים" (פאַרשמעלערער);
צום דריטן קלאַס האָבן געהערט צענדליקער אַראַבישע אַרבעטער
און אַרבעטאָרינס, וועלכע האָבן געוווינט אין די שטאַלן פון די
לאַנדווירטן און האָבן זיך אין אַ געוויסער מאָס געפילט מער ביר־
גער אין דעם פּלאַץ ווי די ערשטע; נאָכדעם קומט דער קלאַס פון
די יידישע וועכטער וועלכע האָבן זיך געלעבט זייער אייגן לעבן,
אויך אין אָנבליק פון זייער ספּעציפישער אויפגאַבע און איר חשי־
בות, ווי אויך עקאָנאָמיש; דערנאָך קומט דער קלאַס פון די יידישע
אַרבעטער, אָן אַ באַזע פאַר קיום, אָבער רייך אין אַ ברויזיקן און
אַקטיוון עלעמענט, נישט בלויז צווישן זיך נאָר אויך צווישן לאַנד־
ווירטן און שומרים (אין דער מאָס וואָס די לעצטע האָבן דערלויבט
אַריינצודרינגען אין זייער קרייז), און נישט בלויז מאַטעריעל נאָר
אויך אויפן קולטורעלן געביט. צו דעם קלאַס דאַרף מען צורעכענען
די יידישע לערער אין דער מושבה און בראש א. י. גולני, אַ פריינט
פון יידישער אַרבעט, פאַנאַטיקער פון דער העברעישער שפּראַך און
אָנהענגער פון יידישער לאַנדווירטשאַפט — אַלץ מיט עקסטרעמען
אייפער אָבער נישט בלינד. זיין שטוב איז געווען אַ בית ועד פאַר
אַרבעטער עסקנים און בעסערע לאַנדווירטן. און פיל פראַגן פלעגן

באַהאַנדלט ווערן פריער ביי אים אין שטוב איידער זיי זענען אַרויס אינדרויסן. דער זעקסטער קלאַס — די באַדנלאַזע, תימנער, אַן אייגענער רעאַליטעט, פּראָסט פּשוט, וועלכע האָבן דערוועקט רחמנות.

די „אַרבעט" ביי עסקנות האָט זיך פאַרמערט. „אגודת נטעים" האָט אויסגעבריייטעט איר טעטיקייט אין ברכת־עטה און אין חפצי־בה און, פאַרשטייט זיך נישט נעמענדיק אין אַכט די נייטיקייט צו פאַרגרעסערן די צאָל יידישע אַרבעטער. דער קאַמף האָט זיך צעפלאַקערט צווישן אַרבעטער־קאָמיטעט און דער אָרטיקער פאַרוואַלטונג. מען האָט שוין אָנגעהויבן בויען דאָס אַרבעטער־הויז, און דער בוי־אונטערנעמער האָט נישט מקפיד געווען אויף יידישער אַרבעט. דערוויל איז געוואָרן שטאַרק היים און מען האָט אויך באַדאַרפט אָפּהיטן דעם געזונט־צושטאַנד, כדי צו פאַרטרייבן דעם נישט־געוווּנטשענעם גאַסט — די מאַלאַריע. אָבער זי איז געקומען. אמת, נישט מיט רעש און איבעריקער חוצפה, אָבער זי איז געקומען און דעמאָלט האָט מען געמוזט זוכן היילונג ביי ד"ר ברין, וועלכער איז דעמאָלט געוואָרן דער קאָלאָניע־דאָקטער און האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער אויפגאַבע אויף אַ מוסטערהאַפטן אופן און האָט נישט געשפּאָרט קיין מי כדי צו געבן מעדיצינישע הילף יעדן נויטבאַדערפטיקן.

*

בייטאָג — אַרבעט אין פרדס, גראָבן, יעטן, באַוואַסערן ביימער און אונדזער גרינס־גאָרטן, און פאַרנאַכט לאָזט אַרויס די סירענע פון מאָטאָר שאַרפע, מאָנאָטאָנע פייפן און די וואַסער־שטראָמען פון ברונעם אין באַסיין טעמפּן אָפּ אַביסל דעם הילכיקן גערויש און שוואַכן עטוואָס אָפּ די אָנגעהיצטע לופט. מאָסקיטן זשומען אונטערן בוים. אויב צווישן זיי פליען אויך אַרום די מאַלאַריע־קאָמאַרן — וואָס מאַכט עס אויס? אַביסל מאַלאַריע איז נישט געפערלעך. אַזוי איז פאַריבער דער זומער. די תקופה פון אונדזער קאָנטראַקט דערנענטערט זיך צום סוף. וואָס האָבן מיר אויפגעטאָן?

„אַ וויכטיקער עקספּערימענט — שרייבט ש. דיין, וועלכער איז אַרויס פון דער קבוצה אַנהייב זומער, אין זיין בריוו צום „הפועל הצעיר", תרע"א, נומ. 17 — איז געמאַכט געוואָרן אין אונדזער קאָלאָניע, וואָס כאָטש די רעזולטאַטן זענען נאָך נישט באַוווסט, קען מען שוין דאָך זיך באַציִען צו אים פּאָזיטיוו און זען אין אים אַ וויכטיקן פאַקטאָר צו לייזן די „אַרבעטער-פראַגע" אין ארץ ישראל. אַ פּרדס פון 50 דונאַם איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דריי יידישע אַרבעטער, אַז זיי זאָלן אים אַליין באַאַרבעטן, ד"ה מען האָט איבערגעגעבן דעם יערלעכן בודזשעט די אַרבעטער. דער רוב אַרבעט איז שוין געמאַכט געוואָרן און ביידע צדדים זענען זייער צופרידן. די אַרבעטער פאַרדינען גוט און פילן זיך פריי, ווייל זיי אַרבעטן ביי זיך און דער צווייטער צד, די אַרבעט-געבער, איז אויך צופרידן ווייל די אַרבעט ווערט געמאַכט באַצייטנס און קאָסט אים אויך ביליקער. ווי אַזוי? אויב ער אַרבעט אויף זיין חשבון — נייטיקט ער זיך, חוץ דער טעגלעכער אַרבעט פון די אַראַבער וואָס איז נאָך זייער ספּקדיק צי זי איז טאַקע ביליק, אויך אין אַן אויפזעער און אַ ממונה איבערן פּרדס און ער גופא מוז אויך השגחה געבן; אויב, ווידער, ער גיט איבער די אַרבעט אויף דער אחריות פון די אַרבעטער איז ער פריי פון אַלץ. די אַרבעטער פאַרדינען, ווייל זיי פאַרטרעטן דעם פּלאַץ פון ממונה און פון משגיח. קומט אויס, אַז דער דאָזיקער סכום גייט אַריין אין זייער טעגלעכן לוין. מען קען, הייסט עס, זאָגן פון פאַרויס, אַז דער עקספּערימענט איז געלונגען און אויב אין חדרה וועלן זיך אָפּגעפינען גוטע אַרבעטער אַנהייב קומענדיקן יאָר, וועט מען קענען מאַכן וויכטיקע שריט אויף דעם וועג".

אָבער די נבואה, פּונקט ווי אַנדערע נבואות אין דער געשיכטע פון יידישער אַרבעט, איז נישט מקויים געוואָרן, און נישט ווייל עס האָבן זיך נישט אָפּגעזוכט קיין גוטע אַרבעטער. אַפילו דער פּרדס „דורשי ציון" איז אויך נישט איבערגעגעבן געוואָרן אין צווייטן יאָר דער זעלביקער קבוצה, וואָס האָט זיך קונה-שם געווען מיט איר אַרבעט. וואָס איז געווען די סיבה? „מען האָט נישט איבערגעגעבן דעם פּרדס „דורשי ציון" די אַרבעטער — שרייב איך

אין „הפועל הצעיר", תרע"ב, נומ. 6 — ווייל בשכנות געפינט זיך איצט אהרונסונס עקספּערימענטאַל־סטאַציע און היות ער וויל פאַראייניקן די אַרבעט פון דער סטאַציע מיטן פּרדס און אין דער סטאַציע מוזן, ווייזט אויס, אַרבעטן עטלעכע אַראַבער, קען מען שוין אויף דעם סמך נישט איבערגעבן דעם פּרדס צו יידן, טאַקע ווי דאָס גלייכוווערטל זאָגט: „בהדי הוצא לקי כרבא (מיט אַ־דעם דאָרן ווערט געשלאָגן דער קרויט)".

דער דאָזיקער עקספּערימענט האָט, הייסט עס, קיין המשך נישט געהאַט אין יענע טעג, נישט אין חדרה און נישט אין אַנדערע מושבות און אַז די תקופה פון קאָנטראַקט האָט זיך געענדיקט, חשון תרע"ב, איז די קבוצה אַרויס פון דער אַלייע און טויער אין דער ריכטונג פון דער מושבה. יענעם אָוונט איז געפּייערט געוואָרן דער חנוכת־הבית פון בית־הפועלים מיט אַ גרויסן עולם, ליכט און רעדעם ווי דער שטייגער איז. איך בין אָבער געווען טרויעריק. כ׳האָב ליב באַקומען די מושבה, די פּשוטע באַשיידענע הייזער אָנגעזאַפּט מיט ליידן, כ׳האָב ליב געהאַט דעם אַלטן „חן" וואָס ווייסט צו דערציילן וועגן שווערע יסורים פון „כבוש". כ׳האָב געחלומט אין אירע וועלדער און ליב געהאַט די סטעזשקע צווישן פּרדס און שייער ווו כ׳האָב אַזויפיל אַרומשפּאַצירט. כ׳האָב געשפּירט אַז אַ סך פעדים בינדן מיר צו חדרה. ס׳איז מיר שווער אָנגעקומען די צעשיידונג. גאָר שפּעט האָט זיך פאַרענדיקט דער יום־טוב און כ׳בין אַרויס אין אייקאַליפּטן־וועלדל וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון אַרבעטערהויז. קיינער איז נישט געווען, קיין שטים האָט זיך נישט געהערט; איינגעפּרעסטע טונקלקייט אין די שפּיצן ביימער רייסן זיך צום באַשטערנטן שימערירנדיקן הימל.

כ׳האָב מיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ דיקן געזונטן בוים־שטאַם און געפילט חדרה.

צומאָרגנס האָב איך זי פאַרלאָזט. כ׳האָב מיך אומגעקערט קיין פּתח־תקוה, קיין עין־גנים און אויף מיין געלעגער פון די צוויי ברעטער־טאָוולען האָט מיך געטרייסלט די מאַלאַריע, די חדרה־מאַלאַריע, לאַנגע טעג און נעכט.

# אַ שבת־רעטעכל

אַז דער ערשטער פון דער חבורה האָט עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל אין יאָר תרס"ז (1907), האָט זיך פאַרשטאַרקט אין די הערצער פון די פאַרבליבענע די נייגונג צו עליה. אָט די נייגונג איז געווען דער איינציקער אַקס אַרום וועלכער עס האָבן זיך געדרייט די שמועסן פון די חברים — ביי צוויי מנינים יינגלעך און מיידלעך אין אַ קליין שטעטל — בעת זייערע צופעליקע און אָפטע צוזאַמענטרעפן אין הייזער, גאַסן, ביבליאָטעק און שול. ארץ־ישׂראל, וועלכע איז ביז דעמאָלט ביי זיי געווען אַ לאַנד פון חלומות אוז פון עבר, פון תנ"כישע לעגענדעס און פון אברהם מאַפּוס וויזיעס — איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ פיזישע ממשות, אַ רעאַלע עקזיסטענץ וואָס מען קען אין איר אומגיין און זי פילן בחוש. זינט עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די בריוו פון זייער חבר, זייער ערשטן חלוץ, האָט זייער גלוסטונג צום דערוויילטן לאַנד, דאָס לאַנד פון זייער יידיש־מענטשלעכער שליחות, אָנגעהויבן ברענען מיט יוגנטלעכן פייער און די קאָנקרעטע ארץ־ישׂראל האָט זיי אויסגעזען צו זיין באַקרוינט מיט אַ הילע פון שיין און פרעכטיקע לאַנדשאַפטן. אין דער זעלבער צייט האָבן זיך נאָך מער אָנגעזען די דיקע שאָטנס פון גלות־לעבן. פלעגן די בריוו וואַנדערן פון האַנט צו האַנט און געלייענט ווערן ביחידות, און יעדער איינער האָט אין זיי געפילט זיין אייגענעם טעם. שפּעטער פלעגן שוין די בריוו פאָרגעלייענט ווערן קאָלעקטיוו, מיט באַטאָנונג און מיטן ציטער און פלאַטער פון מענטשן וועלכע פילן דאָס לאַנד נאָענט, ווי אַ חלום אין וואָר.

איין בריוו וואָס איז צו דער גרופּע אָנגעקומען אין איינעם אַ שבת־טאָג האָט זיך באַזונדער איינגעקריצט אין מיין זכרון. דאָס שטעטל מיט אירע הייזער, גערטנער און אַרומיקע פעלדער זענען באַדעקט מיט פרירנדיקן ווייטן שניי, דער הימל אָנגעלאָדן מיט

טונקל־גרויע כמאַרעס וואָס פאַרשמעלערן דעם האָריזאָנט. די פענצ־טער זענען באַצויגן מיט פראָסט און אַ טונקלקייט שפרייט זיך אויס אין צימער ווי די חברים פון דער אגודה האָבן זיך פאַרזאַמלט כדי צו לייענען דעם בריוו פון זייער חלוץ. דער בריוו האָט אָנגע־הויבן אַזוי:

„איך זיץ בײַ אַן אָפענעם פענצטער וואָס קוקט אַרויס צו די יהודה־בערג. אַ מילדע זון צעשיט אירע שטראַלן ביז די ווייטע האָריזאָנטן און די וועלט איז אָנגעזאַפט מיט שיין. אויפן עק פון מײַן טיש, געמאַכט פון נאַפט־קעסטלעך, שטייט אַ שיסעלע און אין איר — רויטע רעטעכלעך וואָס זענען נאָר־וואָס געבראַכט געוואָרן פון גרינס־גאָרטן בײַ דער שטוב און זיי דערגענצן מיט זייער לע־בעדיקייט און פרישקייט וואָס זיי האָבן אַרויסגעצויגן פון דער ווײַ־כער און רויטלעכער ערד — די פראַכט און שיינקייט, דאָס מעכ־טיקע לעבן, מיט וועלכע אונדזער לאַנד איז געבענטשט און...“

כ׳ווייס נישט פאַרוואָס גראָד האָט אין יענעם מאָמענט דאָס רויט־באַקיקע רעטעכל, פון די שבט־קולטיוון, אַזוי באַצויבערט מײַן האַרץ. דאָס רעטעכל האָט זיך מיר אויסגעדכט ווי אַ לעבעדיקער וועזן, פול מיט לעבנס־צאַפּל, ווי אַ סימבאָל פון אַן אויסגעבענקטער וועלט, פון אַ פאַרכישופטער לעגענדע, און כ׳האָב שוין מער נישט געהערט דעם המשך, נאָר ווי געפירט דורך אַ כישופמאַכער האָב איך געשוועבט אין יענעם צויבערלעכן לאַנד ווו אַ שײַנענדיקע זון און אַ רויט רעטעכל זענען דאָ בנמצא אין חודש שבט, און אַט דאָס לאַנד איז מײַנס געוועזן און מײַנס וועט זי זײַן. די האָריזאָנטן פון מײַן דאָ־זײַן זענען גרויס געוואָרן און מײַנע עמאָציעס — גאָר רײַך.

ס׳זענען נישט פאַרבײַ פיל חדשים און אין יאָר תרס״ח, האָבן פיל חברים באַפרידיקט זייער בענקשאַפט צו עליה און איך צווישן זיי. אין סאַמע תמוז האָב איך אַרײַנגעשטעקט צום ערשטן מאָל דעם שאַרף פון דער שפּאַדלע אין דער ווייכער מיט ברונעם־וואַ־סער אָנגעטרונקענער ערד. האָט די תמוז־זון אַרײַנגעשטאָכן אין

מיר אירע גליענדיקע שטראַלן און די לימענע־דערגער צעביסן מיי־
נע הענט און פּנים; אָבער דאָס רויט־באַקיקע רעטעכל, געצערטלט
פון אַ שבט־זון, האָט געוויייעט מיט פרישקייט אויף די ברענענישן
און שטעכענישן, דערקוויקט דאָס פאַרשמאַכטע האַרץ און דאָס
לאַנד האָט געלאָקט מיט זיין צויבער און מיט די היצן פון תמוז,
אב און אלול. און איך פיל מיך ווי אַ ניי־געבוירענער.

איך בין שוין קרוב 47 יאָר אין לאַנד, באַוועג מיך אָן אויפ־
הער, נישטער פיל, אין דער לענג און אין דער ברייט — און דאָך
פאַרמאָגט עס נאָך דעם פולן צויבער. ווי אַמאָל? ניין, פיל מער. אין
משך פון די יאָרן האָבן זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אויך זיינע פאַר־
באָרגענע באַדן־סודות, עס זענען אַנטבלויזט געוואָרן די באַהאַל־
טענע וווקס־געהיימענישן און כ׳ווייס: ס׳איז נישטאָ נאָך אַ לאַנד
ווי אונדזער קליין לענדל, אַזוי שיין, אַזוי גוט, אַזוי שפּעדיק, ברייט־
האַרציק פאַר די אַלע וואָס האָבן עס ליב.

ווייל איז דעם מענטש וואָס ציט זיין יניקה פון אונדזער לאַנד!
לאַנד.

כסלו, תשט״ו.

# פרידן אין דיין וועלט

עס איז געווען אַ לויטערער און גלאַנצפולער פרימאָרגן. איך בין אומגעגאַנגען אין דעם בירה־טאָל, דער טיפער ברייטער טאָל, וואָס קרייצט דורך דאָס הויכלאַנד פון גליל־התחתון ביי דעם דאָרף ד נ ה און גליטשט זיך אַראָפּ ביז צום טאָל פון ב י ת ־ ש א ן; אין זיין געלעגער ציט דאָס וואַסער אַ גאַנץ יאָר, איבערהויפּט פרי־לינג־צייט, בעת די וואַסער־קוואַלן פליצן אַריבער. דאָך זעט מען נישט דאָס וואַסער, און נאָר זיין רוישן און שטראָמען איבער די שטיינדלעך לאָזט זיך הערן אין די אויערן פון דורכגייער ווי אַ פליסטער־ניגון, וואָס שאַפט ביים צוהערער אַ מין באַזונדער ניואַנס פון פרישקייט און לעבעדיקייט, אַלס צוגאַב צום בשפעדיקן גרינעם קאָליר פון די געוויקסן. און פאַרוואָס זעט מען נישט דאָס טייכל? — צוליב די פילע פלאַנצן וואָס באַדעקן די ערד, און פון ביידע זייטן טייכל — וואַקסן זיי הויך, פלעכטן זיך צוזאַמען ביז צום פאַרשטעלן אים אינגאַנצן.

ב׳האָב מיך געוואונדערט אָנקוקנדיק אַזויפיל געוויקסן אין דעם טאָל, וואָס זומער־צייט שטייט ער וויסט און טרוקן און זיינע זיך־אַראָפּגליטשענדיקע ווענט באַקומען אַן אויסזען פון צאָרנדיקער טרויערקייט מיט אַן אויסבליק פון באַזאַלט. ווען גייענדיק אַראָפּ אויף דער זיך־שלענגלדיקער סטעזשקע און מיין אויג איז געווענדט צום גרינעם טעפּיך, דורכגעזאַפּט מיט דער ברייטהאַרציקער זון, געפין איך מיך שטיין אין אַ פלאַכער גרויסער שפלה, באַדעקט מיט פאַרשיידענע געוויקסן און פלאַנצן, פון דער קאָרן־בלום פאַמיליע, אַרבעס און אַנדערע, צוגעטוליעט איינער צום צווייטן, איינער אין צווייטן, איין געדיכטע מאַסע, און אַלע זענען זאַפטיק גרין. גע־צערטלט פון זון־שטראַלן, האָבן הנאה פון הימל־שיין און ענטפערן

אָפּ מיט אַ לייכטן נייג דעם פרימאָרגן־ווינטל, וועלכער פליט פאַר־
ביי מיט אַ גלעט פון באַגריסונג.

שטיל איז געווען אין דער וועלט ווו איך בין געשטאַנען. גישט קיין צוויץ פון אַ פויגל, קיין בלאָז פון אַ ווינטל, קיין ריר פון אַ בלעטל, און אין דער שטילקייט האָרך איך דעם וווקס פון אַלע פלאַנצן ווי עס גיסט זיך צונויף אין אַ ווונדערלעך־שלמותדיקער האַרמאָניע, אָן קיין שום פּגם, אָן קאָנקורענץ, אָן שטרייט; אַ וווקס פון זויגן מצד קינדער־ברידער פון איין מאַמען — די ערד.

דעמאָלט האָב איך שטיל תפילה געטאָן: הלוואַי זאָל אויך צווישן אונדז, יידן, הערשן דער זעלבער וווקס פון יניקה, ווי דער שלום וואָס הערשט אין דיין וועלט, אָה גאָט!

# חניתה

## (די פרשה פון אויסלייזן און באַזעצן חניתה לויט פרקים פון בוך „בחבלי נחלה")*

**תל־אביב, 9.12.1937** — מיר זענען אויפגעשטאַנען באַגינען און אַרויסגעפאָרן פון חיפה קיין צפון. די רייזנדיקע: גראַנאָווסקי, שרון, הירשזאָן, אַלטשולער און אַ באָדן־מעסטער, וואָס איז געקומען מיט אַלטשולערן כדי אונדז צו ווייזן די שטחים פון בסה־געגנט. מיר זענען צוגעקומען ביזן נייעם צפונדיקן שאָסיי און געפאָרן אויף אים ביי 6 ק"מ. מיר זענען אַרויפגעשטיגן אויף די בערגלעך און פאַרבייגעפאָרן דעם באָדן פון חניתה און הרבת־סמך, וואָס ווערן פאָרגעלייגט צום פאַרקויפן. דער שטח נעמט אַרום 10.000 דונאַם בערך און איז אינגאַנצן באַרגיק, באַדעקט מיט רעשטן פון וועלדער. דאָס פלאַץ איז שיין און פאַרמאָגט די פראַכט פון לבנון; אַ פרישער, לויטערער און לייכטער קלימאַט; די ערד איז אַ גוטע, אָבער נייטיקט זיך אין אַ גרינטלעכער מעליאָראַציע. מיר האָבן געזאָלט צוגיין צופוס ביז אַ בערגל כדי אָנצוקוקן די קליינע טאָלן צווישן די

---

* דער באָדן פון חניתה אויף אַ שטח פון 4.000 דונאַם, איז געווען אַ טייל פון דריי שכנישע בלאָקן אויף דער גרענעץ פון לבנון. אין צווייטן בלאָק — חרבת־סמך — זענען אויך געווען 4.000 דונאַם און אין דריטן — מסעוב — קרוב 4.500 דונאַם. די טעטיקייט אויסצולייזן דעם באָדן פון חניתה און געגנט פאַלט אויס אינמיטן דער תקופה פון אַראַבישן רעוואָלט און זייערע אָנגריפן אויפן יידישן ישוב אין לאַנד, וועלכע זענען אויסגעבראָכן אין אַפּריל 1936 און האָבן זיך פאַרצויגן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין סעפּטעמבער 1939. אין יענער תקופה איז די ענגלישע רעגירונג אַריין אין אונטערהאַנדלונגען מיט די אַראַבער וועגן ותורים אויפן חשבון פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און צווישן אַנדערע ותורים — איז אויך געווען דאָס באַשרענקען פון באָדן־דערווערב דורך יידן אין צפון־לאַנד און אין דרום. דער קרן־קימת האָט געמאַכט פאַר זיין אויפגאַבע אַריינצודרינגען אין יענע געביטן כדי צו פאַרזיכערן דאָרט יידישע פּאָזיציעס.

בערג, און אַט זעט דער שאָפער, וואָס איז שטיין געבליבן אויפן וועג, אַ גרופּע אַראַבער וואָס גייט אונדז אַנטקעגן באַרגאַראָפּ פון מזרחדיקן היגל. ער האָט מורא געהאַט זיי זאָלן נישט זיין קיין אי־בערפאַלער, און האָט אונדז צוריקגערופן. מיר האָבן זיך אומגע־קערט און צוריקגעפאָרן קיין חיפה נישט האָבנדיק קיין מעגלעכ־קייט צו באַטראַכטן גוט דעם באָדן.

**ירושלים, 16.12** — אין תל־אביב האָט מיט מיר לענגער גע־שמועסט אינזשעניער וויינשאַל, דער ברודער פון אַדוואָקאַט ד"ר וויינשאַל, וועגן דער קניה אין חניתה און חרבת־סמך. זיין פאָר־שלאָג איז, אַז די געזעלשאַפט „גאולה" זאָל דורכפירן דעם קויף פאַרן קרן־קימת און אויך אַריינלייגן איר געלט, בערך 15.000 ארץ־ישראלדיקע פונט, ווי אַן הלוואה דעם קק"ל אויף עטלעכע יאָר. לויט זיין מיינונג, קען מען באַקומען דעם באָדן אין 3־4 חדשים אַרום.

**ירושלים, 17.12** — כ'האָב געשמועסט מיט גראַנאָווסקין וועגן וויינשאַלס פאָרשלאַג בנוגע חניתה און חרבת־סמך. דער שטח, אַזעלכע 8.000 דונאַם, וועט קאָסטן לערך 20.000 פונט. אויב „גאו־לה" וועט לייען דעם קק"ל 15.000 פונט, הייסט עס אַז דריי פערטל פון סכום איז שוין געזיכערט און אין גוטע באַדינגונגען. מיט אַנ־דערע ווערטער — די פינאַנץ־פראַגע איז געלייזט געוואָרן.

גראַנאָווסקי האָט מסכים געווען און געזאָגט, אַז מיר וועלן זיין גרייט זיך צו באַגעגענען מיט „גאולה"־געזעלשאַפט און מיט איר באַהאַנדלען די באַדינגונגען פון דער הלוואה, אָבער קודם דאַרף מען קלאָר מאַכן, צי די יידישע אַגענץ איז גרייט, נאָכן קויפן דעם באָדן, ברענגען אַהין מענטשן און איינאָרדענען לאַגערן צו באַזעצן דעם באָדן. כ'האָב געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז דאָס איז אַ זעלבסטפאַר־שטענדלעכקייט און ס'איז כדאַי צו ריידן מיט בן־גוריונען וועגן דעם. איך האָב אויך געזאָגט, אַז די לאַגער־מענטשן וועלן זיין באַ־שעפטיקט ביי ערד־הכשרה, און קק"ל וועט דאַרפן אַריינלייגן אין דעם גרעסערע סכומים, אין דער גרויס פון דיפערענץ וואָס איז פאַראַן צווישן אַן אַקערפעאיקן באָדן און צווישן דעם פרייז פאַר רויען באָדן.

אין דעם איצטיקן צושטאַנד. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז לאַנדווירט־שאַפטלעך־טויגבאַרער באָדן איז אויף דעם אָרט ווערט 5 פונט אַ דונאַם און מיר באַצאָלן 2,5 פונט ווייל ער איז נאָך נישט צוגעגרייט, הייסט עס אַז דעם אונטערשייד וועט דער קק״ל אינוועסטירן אין דער הכשרה פון די שטחים. דער סכום פוןביידע שטחים קען באַטרעפן ביי 12.000 פונט און אויב אַן אַרבעטער פאַרדינט 60 פונט אַ יאָר — וועט דער סכום קלעקן פאַר 200 אַרבעטער אַ יאָר אָדער פאַר הונדערט אַרבעטער אין צוויי יאָר. דאָס וועט זיין דער יסוד אויפ־צוהאַלטן צוויי לאַגערן אויף ביידע שטחים. די אַגענץ וועט דאַרפן אַריינלייגן געלט אין דער „עליה אויפן באָדן", ד״ה אין אויפשטעלן די לאַגערן, אין פאַרלייגן אַ וועג, אין באַזאָרגן וואַסער און אין אַ טייל פון לאַנדווירטשאַפטלעכן אינווענטאַר, און אַזוי וועט מען דאַרפן קענען אויפהאַלטן צוויי לאַגערן מיט 100 מענטשן אין יעדן איינעם און עס וועט געזיכערט ווערן זייער קיום פאַר צוויי יאָר; ערשט דערנאָך וועט מען אָנהייבן בויען די לאַנדווירטשאַפט. גראַ־נאָווסקי האָט אויסגעדריקט אַ שאַרפע קעגנערשאַפט צו מיין צו־גאַנג, אַז דער קרן־קימת זאָל איבערנעמען די באָדן־הכשרה. די דאַ־זיקע אויפגאַבע איז קיינמאָל נישט געווען פון קק״ל. בפרט איצט ווען מיר שטייען פאַר דער נויט צו קויפן באָדן און ווידעראַמאָל קויפן באָדן. נאָר אוים פּאָליטישע גורמים קויפן מיר איצט חניתה און איר סביבה און ווען נישט דאָס, וואָלטן מיר נישט געקויפט. דעריבער דאַרף קרן־קימת בלויז קויפן באָדן.

כ'האָב געענטפערט: ריכטיק, נאָר באָדן, אָבער אַ באָדן אויף וועלכן מען קען זיך באַזעצן און לעבן. און אַ באָדן אין דעם צו־שטאַנד ווי ער געפינט זיך איצט, וועט נישט הייסן באָדן כל־זמן ער וועט נישט צוגעגרייט ווערן. דאָך האָט ער נישט מסכים געווען און מיך געבעטן נישט פאָרצוברענגען קיין פאָרשלאַג פון מיין זייט. כ'האָב זיך פון דעם אָפּגעזאָגט מיט דער טענה, אַז אויב אַ צוויי־טע אינסטאַנץ וועט מאַכן די מעליאָריזאַציע איז גוט, אויב אָבער נישט — דאַרף קרן־קימת זי מאַכן, ווייל די הכשרה הייסט גאולת־אדמה.

**ירושלים, 19.12** — דער שמועס מיט בן־גוריונען איז פאָרגע־קומען היינט 3.40 נאָכמיטאָג. איך האָב אים אויפגעקלערט, אַז אויב מיר וועלן איצט דערוועַרבן די צוויי שטחים פון חניתה און חרבת־סמך, וועלן מיר דערנאָך זיך פאַרנעמען מיט דערוועַרבן חרבת־מסעוב, ג׳ורדעי און אידמית. די אַלע שטחים צוזאַמען בילדן אַן איינהייט פון קרוב 20.000 דונאַם. בשכנות געפינט זיך אַ שטח פון 30.000 דונאַם וואַלד־באָדן, וואָס ווערט באַטראַכט ווי אַ רעגי־רונג־וואַלד. אויב די יידישע מדינה וועט אַנטשטיין, וועלן מיר באַ־קומען דעם דאָזיקן וואַלד און דעמאָלט וועלן מיר דאָרט האָבן אַ בלאָק פון 50.000 דונאַם. וואָס שייך עליה אויפן באָדן, וואָס קען פאָרקומען אין 3-2 חדשים אַרום שטעל איך מיר פאָר, אַז אַלע פיר טויזנט דונאַם וועלן האָבן אַ לאַגער פון 100 אַרבעטער. זיי וועלן זיך באַשעפטיקן מיט צוגרייטן דעם באָדן, עפענען אַ וועג פון שאָ־סיי ביז די פונקטן, איינריכטן וואַסער און בויען די בנינים. כדי צו דערהאַלטן די אַרבעטנדיקע מענטשן פאָדערן זיך 500 פונט אַ חודש און אין משך פון יאָר 6.000 פונט. פאַר די בנינים און וואַסער־באַ־זאָרג וועלן זיך פאָדערן 4.000 ארץ־ישראלדיקע פונט, ד״ה 10.000 פונט דעם ערשטן יאָר פאַר יעדן לאַגער. קרן־קימת וועט גרייט זיין צו קויפן ביידע שטחים, 4.000 דונאַם יעדער איינער, אויב די אַגענץ וועט מודיע זיין, אַז זי נעמט איבער די איינאָרדענונג פון די לאַגערן.

בן־גוריון איז געווען באַגייסטערט און האָט געענטפערט: דער סכום פון 10.000 פונט וועט זיין, און איר גייט און קויפט דעם באָדן.

האָב איך געזאָגט: באַשטעטיק דאָס מיר שריפטלעך. דעמאָלט האָט ער אַריינגערופן קאַפּלאַנען און אים איבערגעגעבן בקיצור דעם פּלאַן און די נייטיקייט אין 10.000 פונט. קאַפּלאַן האָט זיך אַרומ־געדרייט אין צימער און אונטערגעברומט: „כ׳האָב נישט איצט קיין געלט. אויב די קניה וועט צו שטאַנד קומען און עס וועט זיין געלט, וועלן מיר אַוודאי עס באַשטימען פאַר דעם צוועק. אָבער דערווייל וועט יעדער צוזאָג צוזשטעלן דאָס געלט זיין אַ פאַלשע הבטחה״. בן־גוריון האָט זיך אַריינגעמישט און געזאָגט: „אָבער מען

מוז קויפן דעם באָדן און מען מוז איינאָרדענען די עליה אויפן באָדן. מירן שוין זאָרגן פאַר געלט”. ענטפערט קאַפּלאַן: „יאָ, זאָל קרן-קימת קויפן דעם באָדן און באַזאָרגן די שמירה ווי ער טוט תמיד”. „דאָס איז נישט קיין געוויינלעכע שמירה” — האָב איך געענטפערט — „דער קק”ל וואָלט איצט נישט געקויפט קיין באָדן אין דעם פלאַץ, אָבער ער טוט עס צוליב דער פּאָליטישער נויטווענדיקייט, וואָס די אַגענץ פאָדערט צו דערפילן. אָט די נויטווענדיקייט באַטייט באַזעצן אַ גרעסערע צאָל מענטשן אין יענע פּלעצער, און דאָס געהערט נישט צו די קק”ל-אויפגאַבן”. זאָגט קאַפּלאַן: „מיר קענען אָבער דאָרט נישט דורכפירן איצט קיין שום קאָלאָניזאַציע. די מענטשן וועלן זיך באַשעפטיקן מיט באָדן-הכשרה און דאָס געהערט יאָ צום קק”ל, פּונקט ווי ער באַצאָלט פאַרן באָדן. מיר וועלן קענען קאָלאָניזירן נאָר ווען דער באָדן וועט זיין אַ צוגעגרייטער”.

כ׳האָב געוווסט, אַז קאַפּלאַן איז גערעכט. דאָך האָב איך נישט געקענט מסכים זיין מיט אים, ווייל אוסישקינס און גראַנאָווסקיס שטעלונג איז אַן אַנדערע. דערפאַר האָב איך געזאָגט: „דער באַשלוס פון דירעקטאָריום בנוגע דעם דאָזיקן באָדן איז אַ קלאָרער: — קרן-קימת וועט קויפן די ערד בתנאי, אַז די אַגענץ זאָל פינאַנצירן די עליה אויפן באָדן און איסהאַלטן דעם לאַגער”. — „אויב אַזוי, וועלן מיר באַטראַכטן די פראַגע” — האָט קאַפּלאַן געענטפערט און איז דערמיט אַרוים פון צימער. ווידער זענען מיר פאַרבליבן, איך און בן-גוריון. כ׳האָב אים אַ פרעג געטאָן: „וואָס טוט מען איצט?” — „קויפן די ערד” — ענטפערט בן-גוריון — „דערנאָך וועלן מיר זאָרגן. פאַרשטייט זיך אַז די הכשרה דאַרף גיין אויפן חשבון פון קק”ל”.

בן-גוריון האָט, הייסט עס, זיך צוריקגעצויגן פון זיין פריערדיקער מעלדונג און דערפאַר האָב איך געזאָגט, אַז מיר וועלן נישט קענען פאַרווירקלעכן די קניה סיידן מען זאָל אונדז בפירוש שרייבן, אַז קק”ל קויפט דעם באָדן און דאָס באַזעצן געהערט צו דער סוכנות. „כ׳וועל ריידן וועגן דעם מיט אוסישקינען” — האָט בן-גוריון

געזאָגט. „גוט — ענטפער איך — אָבער דערװײל װעלן מיר גאָר־נישט טאָן". און דערמיט בין איך אַרױס.

**ירושלים, 20.12** — הײנט אינדערפרי, האָב איך איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון מײן נעכטיקן שמועס מיט בן־גוריונען אוסישקינען און גראַנאָװסקין. אוסישקין האָט זיך צוגעהערט און דערנאָך געזאָגט אומגעפער אַזױ: איך בין נישט באַגײסטערט בכלל פון דער דאָזיקער קניה. איך גלײב נישט אַז דאָס אײנאָרדענונג לאָגערן אויף דעם פּלאַץ איז מסוגל אָפּצוראַטעװען דעם גליל פאַר אונדז. דאָס האָט קײן שום באַדײטונג נישט, װײל אָט עקזיסטירן שױן יאָ די דגניות פון לאַנג, דאָך האָט די קעניגלעכע קאָמיסיע פאָרגעשלאָגן נישט אײנשליסן זײ אין דער ײדישער מדינה. אלא װאָס? די אַגענץ פאַדערט דאָס פון אונדז, דעריבער װעלן מיר עס טאָן, אָבער מיר װעלן אויף זיך נישט נעמען קײן עול פון אױסהאַלטן מענטשן אויף דעם פּלאַץ, אַפילו װען די אַגענץ זאָל פאַרזיכרן זײער פּרנסה אין משך פון אַ יאָר. מיר װײסן נישט װאָס שפּעטער קען געשען, װײל אויב דער שטח װעט נישט פאַרבלײבן אין דער ײדישער מדינה — און מיר איז כמעט קלאָר אַז דער גליל װעט נישט אײנגעשלאָסן װערן אין אירע גרענעצן — גײט דאָס אָרט פאַרלױרן. מיר װעלן נישט האַנדלען אָן אַן אױסדריקלעכער באַשטעטיקונג מצד דער פינאַנץ־אָפּטײלונג פון דער אַגענץ — אַ בריװ פון בן־גוריון איז נישט גענוג — אַז זי איז פאַראַנטװאָרטלעך פאַרן אויפהאַלט פון די מענטשן דאָרט, פון איצט אויף שטענדיק.

און אַזױ האָבן מיר זיך צערעדט װעגן גורל פון גליל־העליון, װאָס לױט אוסישקינען איז פולשטענדיק קלאָר, אַז ער װעט נישט געהערן צו דער מדינה. כ'האָב געזאָגט: „אויב עס איז אַזױ, װעלן מיר דאָך דערשטיקט װערן אין אַזאַ מדינה, װו אַפילו דער גליל װעט נישט זײן. אויב ס'איז אויף אונדז נגזר געװאָרן חלוקה, דאַרפן מיר זיך דאָך באַמיען מיט אַלע כוחות און ראַטעװען װאָס עס לאָזט זיך. מיר דוכט אַז מיר האָבן נאָך צײט צו ראַטעװען". דעמאָלט האָט אוסישקין געלאַכט מיט ביטול: „װאָס טראַכטסטו זיך, װעסט

ראַטעווען דעם גליל וואָס פאַרמאָגט אַ שטח פון אַ מיליאָן מיט אַ פערטל דונאַם דורך צוויי קליינע לאַגערן?" — „נישט צוויי לאַגערן, נאָר 20 לאַגערן — זאָג איך — אויב מיר ווילן זיך אָנשטרענגען און איינקויפן אַלע שטחים וואָס ווערן אונדז אָנגעבאָטן, אַן ערך פון 60 טויזנט דונאַם. אויף דעם שטח קען מען איינאָרדענען 20 לאַגערן." — „דאַן — ענטפערט אוסישקין — וועלן מיר נייטיק האָבן פאַר דעם צוועק 6 מיליאָן ארץ־ישראל פונט." „און אונדזער טייל באַדן אין גליל וועט אויסמאַכן בלויז 5 פּראָצענט, וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָבן זיי?"

דאָ האָט זיך גראַנאָווסקי אַריינגעמישט און געזאָגט: „מען קען נישט פעסטשטעלן אַז אַזוי וועט זיין, ווייל מיר ווייסן נישט וועלכער גורם קען אַנטשיידן בעתן צייכענען די גרענעצן, איבערהויפּט ווען די אָנגעבאָטענע שטחים געפינען זיך נישט אויף איין פּלאַץ, נאָר זיי זענען צעשפּרייט. דורכדעם ווערט דער גליל „פאַריידישט" און הערט אויף צו זיין „יידנריין". איך האָב צוגעגעבן: „נישט 6 מיליאָן, ווייל מיט אַ צענט־חלק פון דעם קענען מיר דורכפירן די אַרבעט. 60.000 דונאַם זענען ווערט מאַקסימום 300.000 ארץ־ישראל פונט; איינאָרדענען 20 לאַגערן פון הונדערט מאַן אין יעדן לאַגער, וועט אָפּקאָסטן אין איין יאָר 200.000 פונט, הייסט עס, אַז מיט אַ האַלבן מיליאָן א"י־פונט קען מען אָפּראַטעווען דעם גליל פאַר אונדז. דאָס איז די רעטונג פון אַ פאָטערלאַנד, און אַנדערע פעלקער טוען פיל מער פאַר אַזאַ צוועק. יעדנפאַלס, אויב אַפילו מיר וועלן דורכדעם נישט מצליח זיין, לאָמיר כאָטש האָבן אַ ריינעם געוויסן כלפּי זיך און כלפּי די קומענדיקע דורות. עס איז נישט דערלאָזבאַר, מיר זאָלן זיך באַנוגענען מיט סתם רייד און פּראָטעסטן; איצט איז געקומען די צייט צו טאָן עפּעס ממשותדיקס."

אוסישקין האָט פאַרשוויגן דעם פאַרלויף פון שמועס און אַנגעהויבן ריידן וועגן דער וויכטיקייט פון איינקויפן ערד אין ירושלימער קאָרידאָר און בשכנות פון די פאַרגעשלאָגענע גרענעצן און האָט זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף דער קניה אין אבו־גוש.

גראַנאָווסקי האָט מבטל געמאַכט דעם ווערט פון דער קניה. איך האָב געזאָגט: „דער דאָזיקער צימער איז שולדיק, וואָס מיר האָבן ביז היינט נישט אויפגעשטעלט קיין סך ישובים אויפן שטח צווישן תל־אביב און ירושלים, און ווייזט אויס, אַז אויך ווייטער וועלן מיר דאָס נישט טאָן". מיט דעם האָט זיך געענדיקט דער שמועס. אָבער נאָכמיטאָג האָב איך זיך געטראָפן מיט הארצפעלדן, אליהון און רוטבערגן און געשמועסט וועגן צוגרייטן מענטשן פאַר באַזעצונג אויף די גרענעצן.

**ירושלים 23.12** — ווײַנשאַל פון תל־אביב האָט מיר געמאָלדן טעלעפאָניש, אַז זיין ברודער, דער אַדוואָקאַט, איז געקומען צו אַ הסכם מיט די אייגנטימער פון חניתה וועגן אַ פרייז פון 2 ארץ־ישראל פונט פער דונאַם, און אַז מען דאַרף אָפּשליסן די קניה די טעג און נישט פאַרנאַכלעסיקן די געלעגנהייט. כ'האָב אים געזאָגט, אַז אונדזער תשובה וועט קומען אין 3-4 טעג אַרום. דערווייל האָב איך גערעדט מיט גראַנאָווסקין און זיך באַמיט משפיע צו זיין אויף אים, אַז דער איינקויף פון חניתה איז אַ דרינגענדיקער ענין, אַ צייט־נויטווענדיקייט, און מיר טאָרן אים נישט אָפּלייגן. לויט מיין מיינונג דאַרפן מיר קויפן דעם באָדן, אַפילו מיר זאָלן נישט באַקומען קיין באַשטימטע פאַרזיכערונג פון דער אַגענץ בנוגע דער עליה. סוף־סוף האַנדלט זיך דאָך נישט וועגן אַ גרויסער סומע, נאָר וועגן 8.000 פונט. גראַנאָווסקי איז נישט איינשטימיק מיט מיר.

נאָכמיטאָג האָב איך טעלעפאָנירט בן־גוריונען קיין תל־אביב און אים מודיע געווען, אַז ענין חניתה האַלט ביים פאַרענדיקט ווערן מצד די אייגנטימער, אָבער קרן־קימת וועט גאָרנישט טאָן, כל־זמן עס איז נישטאָ קיין שריפטלעכע באַשטעטיקונג פון דער אַגענץ וועגן אַרויפברענגען מענטשן אויפן באָדן נאָכן קויף. בן־גוריון האָט זיך געוואונדערט און געזאָגט: האָט דאָך קרן־קימת באַשלאָסן צו קויפן 300.000 דונאַם באָדן! איך האָב אים דערמאָנט אַז דער באַשלוס פון קויפן ה נ י ת ה און ב ס ה איז פאַרבונדן מיטן באַדינג, אַז די אַגענץ זאָל אויף זיך נעמען די הוצאות פון באַ־

ועצונג, און ער אַליין, בן־גוריון, האָט דערצו מסכים געווען. דערויף האָט ער געענטפערט, אַז זונטיק וועט ער זיין אין ירושלים און ריידן מיט אוסישקינען.

**ירושלים, 24.12** — כ'האָב ווידער געשמועסט מיט אוסישקי־נען וועגן חניתה און ער באַגייסטערט זיך נישט פון פּלאַן. ער גלייבט נישט, אַז די זאַך קען משפיע זיין אָפּצוראַטעווען דעם גליל, אויב די בריטישע רעגירונג וועט באַשליסן אים אויסצושליסן פון דער יידישער מדינה. ווען ער ווייסט, אַז דער צעטיילונג־פּלאַן וועט נישט פאַרווירקלעכט ווערן — וואָלט ער אַבסאָלוט מסכים געווען צו דעם קויף, אָבער אין די איצטיקע אומשטענדן וועט ער עס טאָן, נאָר אויב די אַגענץ וועט זיך פאַרפליכטן דורכפירן אויף איר חשבון די אָקופּירונג. אַלע מיינע אַרגומענטן האָבן נישט געהאָלפן.

**ירושלים, 26.12** — היינט אין דער פרי, אַרום 10 אַזייגער, בין איך אַריינגערופן געוואָרן אין אוסישקינס צימער. דאָרט איז געווען בן־גוריון און דערנאָך איז אויך אַריינגעקומען גראַנאָווסקי. די טעמע — די קניה פון חניתה און הרבת־סמך. אוסישקין האָט אויפגעקלערט זיין שטעלונג און בן־גוריון האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף קויפן דעם באָדן; די אַגענץ וועט מאַכן דאָס איריקע בנוגע דער באַזעצונג און דער קק"ל — דאָס זייניקע. אין באַצוג צו די לעצטע ווערטער האָט זיך געפירט אַ וויכוח. אוסישקין און גראַנאָווסקי האָבן באַטאָנט, אַז קרן־קימת איז זיך נוהג צו באַשעפטיקן מיט געקויפטן באָדן, נאָר ווען ער איז נישט באַשטימט פאַר אַ געוויסן ציל, אָבער דער באַטרעפנדיקער באָדן איז יאָ באַשטימט פאַר אַ געוויסן ציל, דערפאַר איז קק"ל פּטור פון יעדער אויסגאַבע לשם באַזעצונג. בן־גוריון איז באַשטאַנען אויף זיין מיינונג, אַז קרן־קימת קען זיך פילן פּטור נאָר פון אַרבעטן וואָס ער איז זיך נישט נוהג צו מאַכן אויף אַזאַ סאָרט באָדן, און ער וועט נישט אָננעמען קיין שום געוועזענעם פאַקט ווי אַ ן אויסנאַמפאַל. אָבער שמירה געהערט צום קק"ל. איך האָב געזאָגט, אַז מען דאַרף די זאַכן זאָלן זיין קלאָר: די שמירה פון אָט־דעם באָדן איז נישט סתם שמירה

נאָר — כיבוש; דער באָדן איז נישט גרייט פאַר קאָלאָניזאַציע, ווייל ער דאַרף הכשרה. און דאָ איז די מחלוקת: קק"ל זאָגט, אַז די פליכט פאַר דער הכשרה איז נישט חל אויף אים, און די אַגענץ, ווידער, טענהט אָדער וועט טענהן, אַז קק"ל איז יאָ מחוייב דאָס צו טאָן. דאָ דאַרף מען פּסקנען. דעמאָלט האָט בן-גוריון זיך אומגע־קערט צו זיין פאָרמולירונג, אַז אויב קרן-קימת איז נישט נוהג בכלל צו טאָן הכשרה, וועט עס איצט אויך נישט טאָן, אָבער לכת־חילה באַפרייען דעם קק"ל פון דער התחייבות קען ער נישט. ער האָט פאָרגעשלאָגן אַ טעקסט פון אַ בריוו, וואָס זאָל געשיקט ווערן צום קק"ל, אָבער דער נוסח איז אוסישקינען און גראַנאָווסקין נישט געפעלן געוואָרן. איך האָב יאָ מסכים געווען, און ס'איז געבליבן אַז גראַנאָווסקי זאָל אַריינגיין נאָך מיטאָג צו בן-גוריונען און צו־זאַמען מיט קאַפּלאַנען פאָרמולירן דעם בריוו.

בעת גראַנאָווסקי איז צוריקגעקומען נאָכמיטאָג פון זיין באַ־געגעניש מיט בן-גוריונען און קאַפּלאַנען, האָט ער מיר דערציילט, אַז ס'איז פאָרגעקומען אַ הייסע דיסקוסיע צווישן זיי. קאַפּלאַן האָט נישט מסכים געווען צו קיין זאַך, וואָס קען אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ התחייבות מצד דער אַגענץ אויסצופירן הכשרה, וואָס איז נויטווענדיק פאַר דער ערד. בן-גוריון האָט פאָרגעלייגט, אַז די פראַגע זאָל אויפגעקלערט ווערן דורך מיר און שטערן. גראַנאָווסקי האָט נישט מסכים געווען (ער האָט געוווסט מיין שטעלונג, דער־פאַר האָט ער מורא געהאַט זיך צו פאַרלאָזן אויף מיר), און לסוף האָט מען באַשלאָסן ברענגען מאָרגן דעם ענין פאַר דער אַגענץ־עקזעקוטיווע.

**ירושלים, 27.12** — נאָכמיטאָג איז דערהאַלטן געוואָרן אַ בריוו פון בן-גוריונען וועגן חניתה און חרבת-סמך, ווו ער שרייבט, אַז די אַגענץ לייגט פאַר דעם קק"ל צו קויפן ביידע שטחים און זי וועט שוין זאָרגן פאַר דער עליה אויפן באָדן, תיכף נאָכן איינקויף, פאַרן צוועק פון אָקופּירן דעם באָדן; דער קק"ל, ווידער, וועט אויספירן

אויף דער ערד די אַלע אַרבעטן וואָס ער איז געוווינט צו מאַכן אויף באָדן פון אַזאַ מין.

גראַנאָווסקי האָט געמיינט אַז דער בריוו איז צופרידנשטעלנ־דיק, און אויך אוסישקין האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער מיינונג, כאָטש עס איז אין אים נישטאָ קיין שום ענדערונג פון דער וואָס בן־גוריון האָט נעכטן געהאַט פאָרגעשלאָגן. אַלנפאַלס האָב איך זיך געפרייט, וואָס דער וויכוח האָט זיך געענדיקט, אַפילו ווען ער זאָל זיך ווידער עפענען נאָכן קויפן דעם באָדן.

כ'האָב אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צו סיניגליא, ער זאָל אָנ־זאָגן וויינשאַלן צו קומען מאָרגן קיין ירושלים.

**ירושלים, 28.12** — אינזשעניער וויינשאַל איז היינט געקומען פאַרמיטאָג און מיר האָבן מיט אים געענדיקט, אַז די געזעלשאַפט „גאולה" זאָל דורכפירן פאַרן קק"ל די קניה פוןביידע שטחים חניתה און חרבת־סמך לויטן דורכשניטלעכן פרייז פון 2,5 ארץ־ישראל פונט אַ דונאַם, אונטערן תנאי אַז די ערד זאָל איבערגעגעבן ווערן צום קק"ל אין משך פון 3 חדשים און „גאולה" זאָל אויסלייען דעם קק"ל לפחות 15.000 א"י־פונט וואָס זאָלן צוריקגעצאָלט ווערן אין דריי יאָר אַרום. אַדוואָקאַט וויינשאַל וועט זיך פאַרנעמען מיט דער קניה. איצט וואַרטן מיר אָפּ די רעזולטאַטן פון די אונטער־האַנדלונגען.

**1938**

**חיפה, 5.1** — אינזשעניער וויינשאַל און סיניגליה זענען געקו־מען אין שייכות מיטן ענין חניתה. די געזעלשאַפט „גאולה" איז נישט מסכים, אַז די הלוואה זאָל איר אומגעקערט ווערן אין דריי יאָר אַרום, נאָר פאָדערט אַז זי זאָל צוריקגעצאָלט ווערן א י ן מ ש ך פון די דריי יאָר. די אָפּמאַך־באַדינגונגען מיטן אַראַבער זענען: אַן אָפּצאָל פון 4.000 א"י־פונט בעתן איבערגעבן דעם קו־שאַן (אייגנטום־שיין), 2.000 א"י־פונט בעתן איבערגעבן דעם באָדן

און 2.000 — בעתן „אויסבעסערן דעם שטח"*. דער אָפּמאַך וועט געחתמעט ווערן צווישן ערדבאַזיצער און דעם קק"ל אויף דער אחריות פון לעצטן, ד"ה אויב די איבערגעבונג וועט נישט צו־שטאַנד קומען — דאַן וועט פאַרבלייבן דעם קק"ל אַ שטיקל פּאַ־פּיר אין פאָרם פון אַ טערקישן קושאַן און דאָס וועט קאָסטן 4.000 ארץ־ישראל פונט. די דאָזיקע באַדינגונגען האָבן מיך איבעראַשט און ווי געטאָן. פריער האָבן מיר געמיינט, אַז „גאולה" וועט זיין די קויפערין און פאַראַנטוואָרטלעכע, און איצט? כ'בין זיכער, אַז אוסישקין וועט זיך קעגנשטעלן אַזאַ באַדינג און דער גאַנצער ענין הניתה און צפון וועט בטל ווערן, דווקא איצט, נאָכן בריוו פון אורמסבי־גאָר צום הויך־קאָמיסאַר אין פלשתינא וועגן צעטיילונג־פּלאַן און די אָנדייטונגען אַז דער גליל וועט פון אונדז צוגענומען ווערן.

**ירושלים, 7.1** — כ'האָב היינט אינדערפרי געשמועסט מיט גראַנאָווסקין וועגן חניתה, לויטן לעצטן פאָרשלאָג פון וויינשאַל און מיר האָבן באַשלאָסן אים איינצולאַדן קיין ירושלים כדי מיט אים אויפקלערן ענדגילטיק די באַדינגונגען פון דער קניה. כ'האָב באַשטעלט אַ טעלעפאָנישן שמועס מיט אים. דערווייל בין איך אַריינגערופן געוואָרן צו אוסישקינען און זיצנדיק ביי אים קלינגט דער טעלעפאָן — „וויינשאַל רעדט"! כ'האָב אים געהייסן קומען קיין ירושלים 12 אַזייגער. אוסישקין האָט געהערט דעם שמועס און

* אין דער צייט פון די טערקן פלעג מען נישט מעסטן די שטחים לאַנד, נאָר מען פלעג אָפּצייכענען אין דעם קויף־שיין די גרענעצן לויט אויסערלעכע סימנים און פעסט־שטעלן דעם פאַרנעם פון דעם מער ווייניקער.

מערסטנטייל איז די אָפּשאַצונג געווען ווינציקער ווי דער ווירקלעכער פאַרנעם. דאָס איז געווען ספּעציעל אַזוי כדי מען זאָל דאַרפן ווינציקער צאָלן שטייערן. ביי דער בריטישער פאַרוואַלטונג איז דאָס מעסטן געמאַכט געוואָרן ריכטיק לויט דער גרענעץ. אויך אין חניתה איז דער שטח לויט דעם קויף־שיין געווען קלענער לויט דעם ווירקלעכן פאַרנעם פון די גרענעצן און מען האָט דערפאַר געדאַרפט אויסבעסערן דאָס שוין געמאָסטענע און צופּאַסן דאָס צו די ווירקלעכע גרענעצן וואָס לויט זיי איז דאָס געווען 7.000 דונאַם.

געפרעגט אין וואָס עס גייט דאָ. האָב איך אים דערציילט בקיצור, אַז ס'וועט אפשר נייטיק זיין צו ענדערן די פרטים פון דער קניה און איינצאָלן אַביסל געלט בעתן רעגיסטרירן אין טאבו (רעגירונג רעגיסטער־ביכער פון אייגנטימער), און דאָס איבעריקע בעת דער עליה אויפן באָדן אַ חודש שפּעטער. ער האָט תיכף דערקלערט אַז ער איז קעגן יעטוועדן אָפּצאָל איידער מען גייט אַרויף אויפן באָדן און מען אָקופּירט אים, און געפּאָדערט, אַז וויינשאַל זאָל צו אים אַריינגיין. 12.30 איז וויינשאַל געקומען און מיר האָבן מיט אים אַרומגערעדט דעם ענין ביי גראַנאָווסקין. ווידער האָט ער אונדז אויפגעקלערט ווי דרינגענדיק עס איז דורכצופירן דעם טראַנספער, וואָס אויב ער וועט דורכגעפירט ווערן באַצייטנס — וועט געצאָלט ווערן אַ פונט פאַר אַ דונאַם. דער שמועס האָט געדויערט אַ האַלבע שעה. מיר האָבן איבערגעריסן כדי אַריינצוגיין צו אוסישקינען און אים איבערגעבן וועגן מצב. אַז מיר זענען אַריין צו אים אין צימער האָבן מיר אים שוין נישט געפונען, ווייל ער איז אַוועק אַהיים. מיר האָבן באַשלאָסן אָפּצולייגן די תשובה ביז זונטיק 10 אַזייגער. און אויב די תשובה וועט זיין פּאָזיטיוו — זאָל איך אָדער גראַנאָווסקי אַראָפּפאָרן קיין תל־אביב כדי דעפינטיוו צו פאַרענדיקן מיט דער לייטונג פון „גאולה". גראַנאָווסקי איז פאַר דער טראַנזאַקציע, אפילו אין דער פאָרם.

**ירושלים, 9.1** — אינדערפרי 9 אַזייגער האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג מיט אוסישקינען וועגן הניתה. גראַנאָווסקי האָט אים איבערגעגעבן די פרטים און תוך פון פאָרשלאַג, אַז מען דאַרף איינצאָלן 4.000 א"י־פונט בעתן טראַנספער און באַקומען דעם קושאַן. ווען גראַנאָווסקי האָט געענדיקט האָט מיר אוסישקין געפרעגט מיין מיינונג. כ'האָב געענטפערט קורץ: „מאַכן!" און מיין מיינונג איז — זעצט פאַר אוסישקין — נישט צו מאַכן. איך אנערקען נישט די באַדייטונג פון דער דאָזיקער טראַנזאַקציע אפילו ווען זי זאָל דורכגעפירט ווערן בשלמות, ד"ה מיר זאָלן באַקומען דעם באָדן אין אונדזער חזקה, היינט אַוודאי און אַוודאי דאַרף מען קיין געלט

נישט אַריינלייגן — 4.000 א״י־פונט איז נישט קיין קליינע סומע!
— אין אַ קויף וואָס וועט אונדז געבן בלויז אַ שטיקל פּאַפּיר.

ס׳איז אַנטשטאַנען אַ וויכוח צווישן אים און גראַנאָווסקין. גראַנאָווסקי האָט באַטאָנט אַז אמת, עס איז טאַקע פאַראַן אַ געוויסע ריזיקע, אָבער ס׳איז נישט קיין פולשטענדיקער פאַרלוסט, ווייל אַ קושאַן אויף 400 דונאַם איז שטענדיק עפּעס ווערט. איך האָב צוגעגעבן: פון אורמסבי־גאָרס בריוו איז מעגלעך צו לערנען אַז דער חלוקה־פּלאַן וועט נישט רעאַליזירט ווערן און דעמאָלט וועט קומען ערגערס: באַשרענקונגען און צרות; אויב אַזוי דאַרף מען אַוודאי קויפן דעם באָדן און אַ קושאַן אויפן נאָמען פון קק״ל וועט האָבן זיין ווערט. כ׳האָב מורא אַז אויב מיר וועלן נישט קויפן, וועלן די נאָכקומענדיקע האָבן רעכט צו זאָגן, אַז אין קק״ל זענען געזעסן נישט מענטשן וואָס ראַטעווען אַ היימלאַנד און וועלכע קוקן נישט אויף אַ גראָשן, נאָר לאַנד־הענדלער וועלכע באַטראַכטן זיך צי איז דאָס געלט זיכער אָדער נישט. מעגלעך, אַז דאָס דערווערבן דעם באָדן פון חניתה און די שפּעטערדיקע באַזעצונג וועט גאָר־נישט העלפן אין צוזאַמענהאַנג מיט די מדינה־גרענעצן בעת די קאָמיסיע וועט זיי שטודירן, אָבער אויב אַפילו עס פאַרמאָגט איינס קעגן טויזנט אויסזיכטן צו באַווירקן די ענינים לטובת אונדז — וואָס וועלן מיר דאַן זאָגן?

אוסישקין איז שטאַרק אין כעס געוואָרן פון מיינע ווערטער וועגן „לאַנד־הענדלער" און האָט שאַרף פּראָטעסטירט. ער איז זיכער נישט אַזעלכער, אָבער אין דעם פאַל איז נישטאָ קיין שום גרונט צו פאַרלירן 4.000 פונט אאַז״וו.

דער שמועס האָט זיך פאַרענדיקט דערמיט, אַז אויב מען וועט דאַרפן צאָלן קעגן אַ קושאַן און נישט קעגן באָדן־טראַנספער — וועט דער משא־ומתן ווערן אויס.

כ׳האָב אָפּגערופן ווײַנשאַלן אויפן טעלעפאָן און אים מיטגעטיילט דעם באַשלוס און ער האָט געזאָגט, אַז ס׳איז פאַראַן אַן אויסזיכט, עמיצער אַנדערש זאָל איבערנעמען די ריזיקע, אָבער

דעמאָלט וועט מען זיך נייטיקן אין אַ דאָפּלטן טראַנספּער. כ׳האָב מסכים געווען. פאַר דעם צוועק — האָט ער געזאָגט — דאַרפט איר תיכּף קומען קיין תל־אביב אין די ביוראָען פון „גאולה״.

ס׳איז געווען רעגן און נעפּל אין די יהודה־בערג, בעת גראַנאָווסקי און איך זענען אַרויסגעפאָרן אויפן וועג קיין תל־אביב. מיר זענען אָנגעקומען אין ביוראָ פון „גאולה״ 12.15 אַזייגער און דאָרט געפונען גלוסקין און זאַלצמאַן, וויינשאל און סיניגליה. מיר האָבן פריער אויפגעקלערט מיט די דירעקטאָרן פון „גאולה״ די הלוואה־באַדינגונגען אויף דער סומע פון 8.000 א״י־פונט און דערנאָך באַהאַנדלט מיט וויינשאלן די הויפּט־פראַגע. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיינער וויל אויף זיך נישט נעמען די ריזיקע אַריינצולייגן 4.000 א״י־פונט אין אַ קניה, וואָס אויב דער באָדן וועט נישט איבערגעגעבן ווערן — וועט קק״ל אים נישט דערווערבן, אָבער וויינשאל גופא איז גרייט צו נעמען אויף זיך די ריזיקע פון 1.500 פונט און דער קק״ל זאָל אַריינלייגן בלויז 2.500 פונט. אויב דער באָדן וועט נישט איבערגעגעבן ווערן דעם קק״ל אין חזקה און ער וועט אים נישט קויפן, איז ער זיך מתחייב אומצוקערן דעם פאָנד די 2.500 א״י־פונט אין משך פון אַ יאָר. אָדער מיר זאָלן אַריינלייגן בלויז 1.000 פונט בעתן חתמענען דעם אָפּמאַך, דערנאָך וועט זיין דער באָדן־טראַנספּער און ערשט דערנאָך — דער קושאַן. דאָס איז שוין אַ ריזיקע פון 1.000 פונט וואָס קענען גיין אינגאַנצן לאיבוד.

מיר זענען צוריקגעפאָרן קיין ירושלים כדי ווידער צו ברענגען דעם ענין פאַר אוסישקינען מאָרגן אינדערפרי.

**ירושלים, 10.1** — 9.30 אינדערפרי האָבן מיר געשמועסט מיט אוסישקינען וועגן ענין חניתה. גראַנאָווסקי האָט איבערגעגעבן בקיצור וועגן נעכטיקן שמועס מיט „גאולה״ און וועגן וויינשאלס לעצטן פאָרשלאַג, אַז קק״ל זאָל אַריינלייגן פון זיין געלט און אויף זיין אחריות נאָר 2.500 א״י־פונט קעגן קושאַן.

אוסישקין האָט זיך צוגעהערט. דאָסמאָל איז ער געווען אין אַ גוטער שטימונג און געזאָגט: הייסט עס, מיר האָבן פאַרדינט 1.500

פונט און וויבאַלד איר באַשטייט אַזוי ענערגיש אויף אייער פאַר־שלאַג — טאָ גייט און פירט אים דורך.

כ׳האָב טעלעפאָנירט צו וויינשאַלן. ער האָט זיך דערפרייט און געזאָגט, אַז תיכף וועט ער זיך באַשעפטיקן מיטן ענין און נאָך היינט צוווישן געבן. (ביז 9 אַזייגער אָוונט האָב איך פון אים קיין ידיעה נישט דערהאַלטן). מיר האָבן שפּעטער געשריבן אַ בריוו צו „גאולה" און באַשטעטיקט דעם הסכם צווישן אונדז וועגן דער הלוואה.

**ירושלים, 11.1** — פאַרמיטאָג האָב איך פאַרהאַנדלט מיט וויינ־שאַלן און סיניגליה וועגן פּרטים פון קויף־קאָנטראַקט פון חניתה. פון דאַנען זענען זיי געפאָרן קיין חיפה אונטערצושרייבן דעם קאָנ־טראַקט.

**ירושלים, 13.1** — כ׳האָב מיך געטראָפן מיט וויינשאַלן און פון אים באַקומען דעם קאָנטראַקט וואָס איז אייערנעכטן אונטערגעע־שריבן געוואָרן צווישן אים און זשאַמיל אביאַד וועגן קויף פון חניתה און עין־חור*. לויט דעם אָפּמאַך דאַרף די ערד פאַרשריבן ווערן אויף אונדזער נאָמען אין משך פון 2 וואָכן און איבערגעגעבן ווערן אין אונדזער חזקה נישט שפּעטער פון 28סטן פעברואַר.

**ירושלים, 27.1** — כ׳האָב טעלעפאָנירט וויינשאַלן: וואָס איז מיט חניתה? — „מען גרייט דעם רעגיסטער" — איז געווען די תשובה. דער טראַנספער וועט צושטאַנדקומען קומענדיקן מאָנטיק. לאָמיר זען.

**ירושלים, 31.1** — נאָכמיטאָג טעלעפאָנירט יעלי** און פרעגט צי זאָל מען איינאָרדענען דעם טראַנספער פון חניתה מאָרגן אינ־דערפרי. ער האָט עטלעכע פראַגן און ספקות, וואָס איך האָב אויף זיי קיין אַבסאָלוט באַפרידיקנדיקע תשובה נישט געגעבן, דאָך איז

---

* עין־חור האָט געהייסן אַ טייל פון חניתה־שטח.

** אַן אָנגעשטעלטער פון קרן־קימת אין חיפה.

געווען מיין פאַראָרדענונג: אַריבערפירן! ריזיקע? זאָל זיין אַ ריזיקע! מען קען נישט בלייבן שטעקן אין מיטן וועג.

**ירושלים, 3.2** — דער טראַנספער פון חניתה איז דורכגעפירט געוואָרן היינט פאַרמיטאָג אין עכו, 25 חלקים אויפן נאָמען פון קק״ל און 15 חלקים אויפן נאָמען פון סיניגליה. אויב דער באָדן וועט געשטעלט ווערן אין אונדזער רשות סוף פעברואַר, ווי עס איז פאָרגעזען אין קאָנטראַקט, וועט ער איבערפירן זיין חלק צום קק״ל. יעלי האָט אונטערגעשריבן אויפן טראַנספער אין נאָמען פון קק״ל. איצט וועלן מיר זען ווי וועלן זיך אַנטוויקלען די ענינים ווייטער. אַלנפאַלס דאַרף מען אָנהייבן פאַרהאַנדלונגען וועגן די איבעריקע שטחים אין דער סביבה.

**ירושלים, 7.2** — אינאָוונט האָבן מיך באַזוכט שטערן, האַרצפעלד און מעקלער. מיר האָבן אָנגעהויבן אַרומרעדן וועגן דער עליה אויפן באָדן פון חניתה. ווער וועט אַרויפגיין? זאָל עס זיין אַ געשלאָסענער קיבוץ וואָס וועט פאַרבינדן זיין צוקונפט מיט דעם פּלאַץ, אָדער זאָלן עס זיין גרופּן פון פאַרשיידענע קיבוצים. האַרצפעלד איז גענייגט צום צווייטן פאָרשלאַג, ווייל דורכדעם איז לייכטער צו לייזן די פראַגע פון „ווער איז בילכער" בנוגע די דריי קבוצישע שטרעמונגען אין דער הסתדרות, הקבוץ המאוחד, הקבוץ הארצי און חבר הקבוצות (די קבוצות פון הפועל המזרחי און הנוער הציוני קומען נישט אין באַטראַכט; זיי פאַרמאָגן נישט קיין פּאַסיקע מענטשן וואָס זאָלן גרייט זיין צו דער עליה). עס איז פאַראַן אַ „ויתרוצצו" צווישן אַלע טענדענצן און יעדע איינע וויל זוכה זיין אין דער העלדישער מצוה פון „כיבוש הצפון". אָבער שטערן און איך זענען געווען גענייגט צום ערשטן פאָרשלאַג, אויס ווירטשאַפטלעכע מאָטיוון; אַ פאַראייניקונג פון טיילן קבוצות פון פאַרשיידענע ריכטונגען קריסטאַליזירט זיך נישט גוט אויס, ווי מיר האָבן שוין געזען אין „מעוז" אין בית שאן געגנט. אויב, דאַקעגן, עס וועט אַרויפגיין איין קערפּערשאַפט מיט דער כוונה זיך צו באַזעצן — וועט זי תיכף קענען אָנהייבן מיט ווירטשאַפטלעכע איניציאַטיוון.

אויב אַזוי — וועלכע קערפּערשאַפט וועט דאָס זיין? לויט האַרצ־פעלדן, איז גאָרנישט דאָ אַזאַ מין קאָנסאָלידירטער קבוץ, וואָס זאָל קענען מאָביליזירן 80־100 מאַן — וואָס נייטיקן זיך פאַר דער עליה — אַלע יונגע און אָן משפּחות. מיר זענען נישט געקומען צו קיין באַשלוס, ווייל מיר האָבן געטראַכט אַז בעסער איז פריער זיך צו פאַרשטענדיקן מיט די קאַנדידאַטן און אויך שיקן „מרגלים" צו באַטראַכטן דעם פּלאַץ און שטודירן די קאָלאָניזאַציע־באַדינגונגען. ס'איז רעזומירט געוואָרן, אַז די אויסשפּיר־קאָמיסיע זאָל זיין צו־זאַמענגעשטעלט פון אונדז פיר און נאָך צוויי פון דער הגנה.

**ירושלים, 18.2** — אין דער באַגעגעניש, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן משה שערטאָק (היינט משה שרת) און דעם הויפּט־סעקרע־טאַר פון דער רעגירונג, האָט שערטאָק גערעדט וועגן דער עליה קיין חניתה. איך וואַרט אויף אַ תשובה, ווייל פון איר איז אָפּהענ־גיק דער המשך פון אונדזער אַרבעט אויפן געביט פון באָדן־קויף.

**ירושלים, 19.2** — גראַנאָווסקי האָט מיר אָנגעזאָגט דורך אַ צעטל, אַלס ענטפער אויף מיין פראַגע, אַז די תשובה פון גענעראַל־סעקרעטאַר שערטאָקן איז אַ צופרידנשטעלנדיקע, ד"ה ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין קעגנערשאַפט צו דער עליה קיין חניתה. מען דאַרף, הייסט עס, זיך גרייטן צו איר תיכף, אויב דער באָדן וועט אונדז איבערגעגעבן ווערן.

**ירושלים, 21.2** — אין היינטיקן טעלעפאָנישן שמועס מיטן אַדוואָקאַט ווײנשאַל, האָט ער דערציילט, אַז די טראַנספערירונג פון חניתה וועט פאָרקומען נעקסטן מאָנטיק. כ'האָב באַשטימט אַז מיטוואָך זאָל אַהין אַרויספאָרן די אויסשפּיר־גרופּע און כ'האָב וועגן דעם געמאָלדן שטערנען, האַרצפעלדן און זכר'ן פון דער הגנה. נאָכ־דעם איז פאָרגעקומען אַ שמועס צווישן שטערן, האַרצפעלד, גראַ־נאָווסקי, און צווישן מיר וועגן בודזשעט פאַר דער עליה און פאַרן אויסהאַלט פון די מענטשן. שטערן האָט געבראַכט אַ בודזשעט־פאָרשלאַג אויף דער סומע פון 11.000 א"י־פונט, העלפט פאַר דער עליה און אויסשטאַטונג פון לאַגער און העלפט פאַר דער אַרבעט

אין משך פון 10 חדשים, און האָט געפאָדערט, אַז קק״ל זאָל זיך באַטייליקט מיט אַ העלפט אויפן חשבון פון באָדן־הכשרה. ס׳האָט זיך צעפלאַקערט דער אַלטער וויכוח צווישן מיר און גראַנאָווסקין. דער לעצטער האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם פאָרשלאָג, אַז באָדן־הכשרה זאָל געמאַכט ווערן אויפן חשבון פון קק״ל און איך האָב געזאָגט, אַז קק״ל איז נישט מחויב צו טראָגן די לאַסט פון די הוצאות פאַר עליה און אָקופּירונג, אָבער איז יאָ מחויב מכשיר זיין דעם באָדן פאַר קאָלאָניזאַציע. מיר האָבן גאָרנישט באַשלאָסן, אָבער מיר האָבן אָפּגערעדט אַז מאָרגן אינדערפרי וועלן מיר, גראַנאָווסקי און איך, ברענגען די פראַגע פאַר אוסישקינען, כדי זי צו באַהאַנדלען און אַנטשיידן.

**חיפה, 22.2** — נאָכמיטאָג בין איך אַרוים פון ירושלים נאָכן קורצן און שווערן שמועס וואָס איז פאָרגעקומען צווישן אוסישקין, גראַנאָווסקי און מיר וועגן ענין חניתה. פאַר דעם שמועס האָב איך אָפּגעהאַלטן אַ געשפּרעך מיט גראַנאָווסקין און ער האָט ווידער אויסגעדריקט זיין שטעלונג, אַז קק״ל דאַרף נישט אַנטיילנעמען אין די הוצאות פון באָדן־הכשרה. דאָס וואָלט געהייסן אַן ערשטער „דורכבראָך אין די טירן״ און דערנאָך וועט מען שוין ווייטער דורכברעכן. פאַרשיידענע ווינטן וועלן זיך אַריינרייסן און גורם זיין צו פאַרגרעסערן די קק״ל־הוצאות — היינט אין באָדן־הכשרה, און מאָרגן וועט עס זיין עפּעס אַ וועג, איבערמאָרגן געפינען וואַסער אאַז״וו. ער איז גרייט, ווי אַן אויסנאַם, זיך צו באַטייליקן מיט אַ געוויסער סומע, בתנאי, אַז די אַגענץ זאָל צוזאָגן נישט צו מאָנען מער. איך האָב אים געענטפערט, אַז אויב עס איז פאַראַן איין אָפּענע און קלאָרע טיר אַריינצוגיין און אַרויסגיין, איז שוין נישט נייטיק מורא צו האָבן פאַר פיל טירן. איך זאָרג נישט. עס זאָלן דערשיינען דורכגעבראָכענע טירן, ווייל די באַגרינדונג פון באַגריף „הכשרת קרקע״ איז פאַר מיר פולשטענדיק קלאָר. פונקט ווי מיר ווייסן וואָס דאָס באַטייט אויסטריקענען זומפּן, אַזוי איז אויך קלאָר באָדן־הכשרה אין בערג. אין זומפּיקן באָדן דאַרף מען אויס־

טריקענען דעם זומפּ, ווייל אָן דעם איז נישט מעגלעך צו אַקערן די ערד, נישט צום פאַרזייען און נישט צום פלאַנצן, אַזוי אויך דאָ — מוז מען אויסראָטן די קוסטן און אָפּראמען די שטיינער, אויף אַזוי פיל וויפל זיי שטערן דאָס אַקערן, אויף צו פלאַנצן און זייען. דער־פאַר זאָג איך: נישט סתם באַטייליקונג וואָס איז נישט דעפינירט און זי קען הייסן ווילקירלעך, נאָר אַ דערפילונג פון אַ פליכט וואָס פליסט אַרויס פון עצם באַגריף „באָדן פאַר קאָלאָניזאַציע".

מיר זענען נישט געקומען צו אַ הסכם צווישן זיך, און פאַרגע־זעצט דעם וויכוח מיט אוסישקינען. ער האָט נישט געוואָלט הערן קיין שום אַרגומענט און אויפקלערונג פון מיר. ער איז געווען צו־פרידן וואָס גראַנאָווסקי האָט די זעלבע מיינונג ווי ער און אַז אַ סכנה דראָעט דעם קק"ל, אויב ער וועט איינגיין אויף באָדן־הכשרה און האָט זיך צו מיר געווענדט: „מאָרגן וועסטו זאָגן, אַז אויך טיכט איז נייטיק, און הייזער זענען נייטיק, ווייל אָן זיי קען קיין קאָלאָ־ניסט זיך נישט באַזעצן אויף באָדן". כ'האָב געענטפערט: „אויב ה' אוסישקין וויל אויף אַזאַ אופן פירן דעם וויכוח, איז שוין בעסער אים איבערצורייסן תיכּף. ס'איז קלאָר, אַז אַ גרויסער מרחק טיילט אָפּ צווישן מיינע פאָדערונגען, אַז קק"ל זאָל איבערגעבן באָדן פאַר קאָלאָניזאַציע, ד"ה, אַז דער באָדן זאָל זיין ראוי פאַר אַקער און פאַרזיי, און צווישן אַ פאָדערונג צו מיסט און הייזער. איך בין דער־גאַנגען צו מיין דעפיניציע און מיין אָנשויאונג נישט צוליב „חניתה" נאָר אַ שטיקל צייט פריער. דאָס איז אַ רעאַלע קאָנצעפּציע, וואָס דרינגט אַרויס פון פאַרשטיין די הצטרכותן פון דער קאָלאָניזאַציע און פון איינטיילן די פונקציעס צווישן דעם קק"ל, וואָס קויפט דעם באָדן און צווישן דעם קרן־היסוד וואָס קאָלאָניזירט אים. אָט די אויסבעסערונג, אָפּרייניקן קוסטן און אויסשטיינערונג, האָבן מיר אויך געגעבן אין קרית־ענבים מיט 16 יאָר צוריק. זינט דעמאָלט איז קיין קאָלאָניזאַציע נישט פאַרגעקומען אין באַרגיקע געגנטן, אָבער אַזאַ אַרבעט דאַרף געמאַכט ווערן אויך להבא".

דעמאָלט האָט אוסישקין אויסגערופן: אויב אַזוי, דאַרף מען

נישט קויפן די ערד. מיין תשובה: דאָס פאַרשטיי איך. ארץ־ישראל — נאָר אין טאָלן און פלאַכן. חס־ושלום נישט אין פלעצער ווו עס איז פאַראַן שטיין. דאָ איז דער מקור פאַרן חלוקה־פלאַן.

אוסישקין האָט נישט רעאַגירט און איז באַשטאַנען אויף זיי־ניקע: נישטאָ וואָס צו דיסקוטירן. דער פאָרזיצער פון דער אַגענץ האָט זיך מתחייב געווען צו אָקופירן חניתה — דאַרף ער עס טאָן. מיר קענען העכסטנס זיך באַשעפטיקן מיט באַוואַלדונג.

יאָ — זאָג איך — די אַגענץ וועט זיך פרייען דערמיט. די גאַנ־צע 4.000 דונאָם טויגן נישט פאַר לאַנדווירטשאַפט דערפאַר וועלן זיי באַשטימט ווערן פאַר באַוואַלדונג, ד"ה, אַלע 80־100 מאַן וואָס וועלן זיצן אין חניתה, וועלן תחילת זיך פאַרנעמען מיט באַוואַל־דונג, נאָכדעם וועלן זיי היטן דעם וואַלד „וואָס איז זייער וויכטיק אויף דער גרענעץ פון לאַנד" און קק"ל וועט טראָגן די גאַנצע לאַסט, אַבי נישט שאַפן קיין באָדן פאַר לאַנדווירטשאַפט.

עס זענען געזאָגט געוואָרן נאָך זאַכן, אָבער אוסישקין האָט זיך נישט גערירט פון זיין שטאַנדפּונקט. צום סוף בין איך אַרויס פון זיין צימער. שטערן האָט געבעטן אַ תשובה און איך האָב אים געשיקט צו גראַנאָווסקין. ער האָט געשריבן אַ בריוו און איך בין אַוועקגעפאָרן קיין חיפה.

7 פאַרנאַכט קלינגט הארצפעלד פון תל־אביב און דערציילט מיר, אַז די אַגענץ האָט דערהאַלטן דעם קק"ל־בריוו און אַז העקס־טער האָט תיכף געענטפערט גראַנאָווסקין, אַז די אַגענץ וועט נישט גיין קיין חניתה און זי רייסט איבער אַלע הכנות. ווידער איז פאָר־געקומען אַ וויכוח צווישן אים — הארצפעלדן מיט גראַנאָווסקין און אוסישקינען — אָבער אָן רעזולטאַטן. אוסישקין האָט געזאָגט, אַז אויב די אַגענץ וועט נישט גיין קיין חניתה — וועט די ערד גיין לאיבוד און קיין אחריות פאַלט נישט אויפן קק"ל.

אין צווישן האָב איך מיך געזען מיט זשאַמיל אביאַד, וועלכער האָט פאַרמיטלט אין באָדן־פאַרקויף און האָט זיך מתחייב געווען דורכצופירן דאָס איבערגעבן דעם באָדן. ער פאָדערט אַביסל געלט

עד לחשבון. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז דאָס געלט וועט באַצאָלט ווערן לויטן קאָנטראַקט, און מיר זענען גרייט צו קומען און אויסקוקן דעם באָדן פאַר דער עליה.

**ירושלים, 23.2** — אין חיפה האָב איך מיך געזען מיט ד״ר וויינשאל און מיר האָבן אַרומגערעדט די פּרטים אין שייכות מיט דער עליה אין חניתה.

**ירושלים, 24.2** — נאָכמיטאָג האָבן מיר מיט הארצפעלדן און שטערן גערעדט וועגן חניתה. שטערן האָט פאָרגעשלאָגן, אַז קק״ל זאָל זיך פאַרנעמען מיט באָדן־הכשרה און אויך אנטיילנעמען אין די הוצאות פון אויפשטעלן דעם לאַגער. כ׳בין געווען קעגן און גע־זאָגט, אַז באַשטימטע און געמישטע אויפגאַבן זענען פאַרטיילט צווישן ביידע אינסטיטוציעס: די אַגענץ דאַרף אָקופּירן דעם פּלאַץ און דער קק״ל דאַרף אויף זיך נעמען די הכשרה, מער נישט. הארצ־פעלד האָט מסכים געווען און פאַרגעלייגט איך זאָל די זאַכן פאָרמו־לירן שריפטלעך.

**תל־אביב, 1.3** — אינדערפרי האָט זיך געזעשט אין גאַנץ־האָ־טעל, ווו איך שטיין איין, אין שייכות מיט דער עליה אויפן באָדן פון חניתה. אַ גרויסער עולם איז געקומען, „קאָמאַנדירן" און אינס־טרוקטאָרן, טעכניקער און מעסטער — אַ „גאַנצע קאָפּעליע". 9 אַזייגער האָבן מיר פאַרלאָזן דעם האָטעל און זיך אָפּגעשטעלט אויפן שאָסיי ביים אַריינגאַנג צו קרית־חיים, ווו מיר האָבן געוואַרט אויף די „עולים". אברהם אכר, דער ממונה אויף די ג פ י ר י ם, איז געפאָרן קיין עכו צו ברענגען דעם פּאָליציי־אָפיציר. אין נהריה האָבן מיר געוואַרט אויף אים. עס זענען געווען 8 קליינע אויטאָמאָבילן, אויסער דעם אויטאָ פון אָפיציר און דעם געפּאַנצערטן אויטאָ פון דער פּאָליציי. אין איינעם פון זיי זענען געפאָרן וויינשאל, סיניגליה און דער אַראַבישער וועגווייזער. מיר זענען געווען צוזאַמען ביי 25 מאַן מיטן פאָטאָגראַף.

10.40 זענען מיר אָנגעקומען אויפן פּלאַץ. אויפן נייעם שאָסיי קעגנאיבער דעם קיילעכיקן טאָל, צופוסנס די חניתה־בערג, האָבן

מיר זיך אָפּגעשטעלט און פון דאָרטן אָנגעהויבן צו שפּאַנען צופוס, דער אַראַבער — פאָרויס, נאָך אים — איך און נאָך מיר דער איבעריקער עולם. מיר זענען אַרויף אויף אַ באַרג פול מיט פעלדזן. נישטאָ קיין ערד, נאָר שטיינער און שטיינדלעך און מיין שטימונג איז געווען שווער ווי דער שווערער פעלדז. הייסט עס, אַז אַט די פעלדזן דאַרף מען צוגרייטן דורך אונדזערע חלוצים! כ'האָב מיך פאַרשעמט פאַר זיך און נישט געשמועסט מיט די חברים. כ'בין געגאַנגען שנעל און די איבעריקע זענען פאַרבליבן אַביסל אָפּגערוקט הינטער מיר און דעם אַראַבער. כ'האָב אַריינגעפלאָכטן מיין האַנט אין דעם אַראַבערס אָרעם און אים אַריינגערוימט: זענען קיין קלענערע שטיינער גאָר נישטאָ אויף דעם שטח? ער האָט מיך פאַרשטאַנען און אַ זאָג געטאָן: גוטע ערד איז פאַראַן אין דער הויך. אָבער שטייגנדיק ווייטער האָב איך זי נאָך נישט אַנטדעקט. נעכטן איז ירושלים געווען איינגעוויקלט אין שניי און זאַווערוכעס און כ'האָב מורא געהאַט, אַז אויך דאָ וועט דער וועטער ענלעך זיין, אָבער דער פרימאָרגן איז געווען מילד און לויטער. ווייסע וואָלקנס האָבן געשוועבט אין דער לופטן און ס'האָט זיך געאָטעמט אנגענעם. ס'איז לייכט געווען צו שטייגן הויך און העכער. פון דער ווייטנס ווייזט מיר דער אַראַבער אַ גרין און פלאַך שטיקל ערד. אויב אַזוי, זע איך שוין ערד אויך. און אָט זענען מיר צוגעקומען קיין עין-בידה*. דער קוואַל איז טאַקע געווען ווייס און דער שטיין — קרייט. אין אַ פעלדז איז אויסגעהאַקט אַ פאַרצייטיקער באַסיין און אויפן דנאָ פליסט נישט פיל וואַסער פון אונטער אַ וואַנט. די מומחים שאַצן אָפּ דעם כמות אין אומגעפער אַ האַלב קוביק-מעטער אַ שעה. איז אויך דאָ וואַסער סוף זומער? דער אַראַבער ענטפערט „יאָ”, אָבער ווער קען זיך אויף אים פאַרלאָזן? נעבן קוואַל אַ פעלד, פאַרזייט מיט שיינעם ווייץ. דער קאָליר טונקל-גרין און די תבואה איז הויך. מיר שפּרייזן צווישן אַ סך באָקסער-ביימער, מיט גלייכע שטאַמען. אַ סימן, אַז די ווינטן דאָ זענען נישט קיין שטאַרקע, נישט

* אַ קליינער וואַסער־קוואַל צווישן ווייסע ערד.

ווינטער און נישט זומער. די פלאָרע איז רייך און פריש. און ווי־דער אַ ווייץ־פעלד. שטייט אַן אַראַבער און גיט אַכטונג אויף צוויי פרויען וואָס יעטן אויס גראָזן צווישן די זאַנגען. „זייט געבענטשט פון גאָט" — גריסן מיר זיי און זיי ענטפערן מיט סימפּאַטיע. איך קוק זיך צו: איינע איז צעקנייטשט, מיאוס, און די צווייטע יונג, חנעוודיק און שיין, מיט בליענדיקע באַקן ווי רויזן און טיף־שוואַר־צע אויגן אונטער שוואַרצע ברעמען ווי זיי וואָלטן געווען באַשמירט מיט קויל. די אויגן האַלט זי אַראָפּגעלאָזן, שעמט זיך אָנצוקוקן פרעמדע מענער. כ׳האָב זי אָנגעקוקט עטלעכע מינוט און זי האָט מיר אויסגעזען ווי אַ צאַרטע בלום אין אָט דער ווייטער און פאַר־איינזאַמטער סביבה.

און ווידער קלעטערן מיר און אין דער מאָס וואָס מיר הייבן זיך אויף העכער אַנטפּלעקן זיך גרינע גוט־באַאַרבעטע און שיינע פעלדער. ס׳איז מיר לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן. הייסט עס, מיין האַרץ האָט מיר פאָרויסגעזאָגט. ס׳איז פאַראַן ערד צו באַאַרבעטן און מען דאַרף נישט צוגרייטן דעם גאַנצן שטח. מען קען אָבער יאָ מכשיר זיין נאָך אַ טייל. 12 אַזייגער זענען מיר אָנגעקומען צום שפּיצבאַרג, אויף וועלכן עס שטייט אַן אַלט שטיינערן הויז, וואָס דינט ווי אַ וווינונג פאַר 4־3 מישפּחות וועלכע באַאַרבעטן די ערד. מיר זענען אַרויף אויפן דאַך, און ווי הערלעך איז דאָס בילד: חיפה און דער כרמל ליגן פאַר אונדז אַזוי קלאָר, און עמק־זבולון שפּרייט זיך אויס ווי אויף דער האַנט, און נהריה קוקט אַרויס מיט אירע רויטע דעכער און איר טורעם אַריינגעשניטן אין הימל־בלויקייט. דער ים אין מערב ציט זיך אויס רואיק און העל־בלוי. און די בערג פון אַרום זעען אויס אַזוי איידל, אַזוי זאַנפט, אַזוי צערטלדיק אין גוט! די גרינס־פעלדער יובלען צווישן די באָקסערן, דעמבעס און לינדן. אַ ברייטע וועלט עפנט זיך דאָ אויף, דער גאַנצער גליל. ווער עס וועט דאָ זיצן — וועט דעראָבערן דעם גליל. און די לבנון־גרע־נעץ קענגנאיבער; נאָר איין טיפער וואַדי שיידט אונדז אָפּ פון לבנון, עס הייסט פון טייל גליל־העליון וואָס געפינט זיך איצט אין לבנון.

ס'איז גוט געוואָרן אויפן האַרצן און יעדער שפור פון פחד איז פאַר־שוווּנדן.

מיר האָבן אָנגעהויבן באַהאַנדלען און באַשטימען דאָס פלאַץ פאַרן ישוב. איך האָב געזאָגט אַז ער דאַרף זיין דאָ. אויף דעם הויכלאַנד־שטח און אַלע זענען מסכים געווען בנוגע דעם דעפיני־טיוון פלאַץ פון ישוב, אָבער ס'איז געווען אַ מיינונגס־פאַרשיידנ־קייט בנוגע דעם פּראָוויזאָרישן לאַגער. שטערן האָט אָנגעוויזן אויף אַ נידעריקערן אָרט, אין מערב־זייט. מיר זענען ווייטער געגאַנגען מזרח־צו, אַרומגערינגלט דעם היגל, געזען פון ווייטן חורבות־חור און דעם קוואַל עין־חור, אָבער נישט געזען דאָס וואַסער. מיר האָבן זיך אַ קער געטאָן צו מערב, און דאָ עפנט זיך פאַר אונדז דער באַרג־אַראָפּ און נאָך אים — אַ טאָל מיט באַאַרבעטע פאַרצעלן. מיר זע־נען אַראָפּ מיט דער סטעזשקע און דערגאַנגען ביז צו דער מערבדי־קער גרענעץ און פון דאָרט זיך פאַרקירעוועט צום דרום און צוגע־קומען ביז צום נידעריקערן היגל. די קאָמאַנדירן האָבן אויסגעפו־נען, אַז ער איז פּאַסיק פאַר אַ צייטווייליקן לאַגער. מיר האָבן אָנ־געהויבן זוכן אַ וועג צוצוקומען צום אָרט פון שאָסיי מיט אויטאָס. די גרופּע האָט זיך געטיילט אין צווייען, אַ טייל איז אַוועק קיין מערב און דער צווייטער קיין דרום, לענגאויס דעם וואַדי קעגנאי־בער עין־בידה. צום באַדויערן האָבן מיר קיין וועג נישט געפונען, און פאַרלייגן, ווידער, אַ וועג איז שווער, צוליב דער פילצאָליקייט פון די פעלדזן און בעיקר ווייל אונדזער ערד גרענעצט זיך נישט מיטן שאָסיי.

2 אַזייגער זענען מיר צוגעקומען צום שאָסיי. מיר האָבן גע־וואַרט ביז עס וועט אָנקומען די צווייטע גרופּע און דערווייל זיך געזעצט אונטער אַ באָקסער־בוים עפּעס טועם צו זיין פון דעם עסנ־וואַרג. וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט. 3.30 זענען מיר אָנגעקומען קיין חיפה און נאָך אַ באַראַטונג געקומען צום פאָלגנדיקן שלום:

1) דער סטאַבילער ישוב וועט זיין אין דער הויך, נעבן דעם שטיינערנעם הויז; 2) דער צייטווייליקער לאַגער וועט שטיין אויפן

נידעריקן היגל; 3) וואָס שייך דעם וועג, דאַרף מען פּועלן ביי דער רעגירונג, אַז דער אָפּטייל פאַר עפּנטלעכע אַרבעטן זאָל פאַרלייגן דעם וועג ביז אונדזער באָדן אויף אונדזער חשבון.

פאַרנאַכט בין איך אַרויסגעפאָרן קיין תל־אביב און דאָרט זיך געזען מיט אינזשעניער ווינשאַל און מיט אים אַרומגערעדט וועגן דורכגאַנג פון שאָסיי ביז אונדזער באָדן.

**ירושלים, 10.3** — דריי אַזייגער בין איך צוריקגעקומען אין ביוראָ און אָט איז שטערן אַריין מיט אַ פרייד: דער וועג איז פריי! כ׳האָב פאַרשטאַנען אַז ער מיינט דערמיט חניתה. האָב איך מיך אויך געפרייט. די רעגירונג האָט געמאָלדן, אַז זי פאַרהאַלט נישט די עליה אויפן באָדן. באַלד זענען מיר זיך צונויפגעקומען, האַרצפעלד, אליהו, פיין פון דגניה א׳, יעקב פון דער הגנה. (דער ערשטער איז געווען באַאויפטראָגט איבער דער אַרבעט־פאַרטיילונג דאָרט און דער צווייטער איבער דער זיכערקייט) און איך. מיר האָבן אָנגעהויבן באַהאַנדלען די פראַגע: א) גייען מיר תיכף אַרויף אויפן נידעריקן היגל און דערנאָך זאָל מען אָנהייבן פלאַסטערן דעם וועג פון שאָסיי, אָדער לייגט מען פריער אַ וועג און דערנאָך זאָל מען עולה זיין? פאַרן צווייטן פאָרשלאַג האָט גערעדט שטערן, אָבער די איבעריקע אָנוועזנדיקע האָבן זיך קעגנגעשטעלט מיטן אַרגומענט: ביים פלאַסטערן דעם שאָסיי קען קומען אַ שטערונג פון עמיצן, און דעמאָלט וועט די גאַנצע עליה געשטערט ווערן. לאָמיר קודם אַרויפגיין און זיין דאָרט און דעמאָלט זאָל מען אָנהייבן עפּענען אַ וועג פון לאַגער ביזן שאָסיי. מיר וועלן פריער פלאַסטערן אויפן שטח פון אונדזער באָדן און דערנאָך וועט שוין ווייניק פאַרבלייבן אין שטח אויסער אונדז. אַזוי איז באַשלאָסן געוואָרן. ב) וועט די עליה זיין אַן עפנטלעכע אָדער אַ שטילע? דער רוב, חוץ האַרצפעלדן, איז געווען פאַר אַ שטילער עליה און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, מען פאַרעפנטלעכט נישט דעם טאָג פון דער עליה. אין איר וועלן זיך באַטייליקן 100 מאַן וואָס זאָלן פאַרבלייבן סטאַביל אין לאַגער, 70 גפירים פון די ישובים אין עמק און 100 שטיינהע־

קער און טעסער מיט זייערע כלים. די ערשטע וועלן זיך פאַרנעמען מיטן אויפשטעלן געצעלטן, אַ פלויט פאַר שוץ און וואַסער־איינ־ריכטונגען. די לעצטע וועלן בלויז עפענען דעם וועג. די גפירים וועלן היטן ביידע לאַגערן. ג) דער עליה־טאָג זאָל באַשטימט ווערן אויפן קומענדיקן דינסטיק, דעם 15טן מערץ. די מענטשן פון לאַ־גער וועלן גערופן ווערן זיך צו פאַרזאַמלען זונטיק אינדערפרי אין עין־המפרץ פון עמק־זבולון, פון דאָרט וועט מען אַרויסגיין באַגינען צום פלאַץ. פרויען וועלן נישט צוגעלאָזן ווערן און אויך נישט זיי־טיקע מענטשן. ד) נאָכדעם ווי דער וועג וועט געעפנט ווערן — און דאָס וועט דויערן בערך דריי טעג — וועט מען איינשטעלן די באַ־ראַקן, שוץ־טויערן, דעם טורעם, וואַסער־רערן א"אַז"וו. מען שטעלט זיך פאָר אַז די עפנטלעכע עליה וועט זיין זונטיק דעם 20סטן מערץ. דערמיט ענדיקט זיך די זיצונג.

**ירושלים, 13.3** — דער פלאַטער אַרום דער עליה אין חניתה נעמט אַרום דאָס גאַנצע לאַנד. נאָך צוויי טעג! הלוואַי זאָל זיין אַ שיינער וועטער און קיין שטערונג זאָל נישט קומען פון קיין צד.

**חיפה, 14.3** — די פרשה פון דער עליה קיין חניתה קייקלט זיך ווייטער. היינט 9 אינדערפרי האָט העקסטער געמאָלדן אין שערטאָקס נאָמען, אַז נעכטן ביינאַכט, 9 אַזייגער, האָט דער פּאָלי־ציי־שעף געבעטן אָפּלייגן די עליה ביז דאַנערשטיק אַנשטאָט דינס־טיק. דער מאָטיוו — די פּאָליציי איז נאָך נישט גרייט. שערטאָק איז מסכים געווען. דעמאָלט באַקומען מיר אַ טעלעגראַמע פון או־סישקינען אין לאָנדאָן וואָס זאָגט: „צאָלט העקסטערן טויזנט א"י־פונט לויט פאַראַגראַף פינף און זיבן פון שטערן־בודזשעט אין חניתה". אין די פאַראַגראַפן איז געשריבן: 5) וואַסער־איינריכטונג 600 א"י־פונט. 7) עפענען 400־500 מעטער וועגן — 400 א"י־פונט. אויך העקסטער האָט דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פון קאַפּלאַנען: „וועסט באַקומען פון קק"ל — 1.000 פונט, פון „הדסה" — 1.000, פון ביצרון — 4.000. נאָך אוסישקינס צוריקקומען וועט מען באַ־האַנדלען. מאַכט תיכף די עליה". ווען גראַנאָווסקי האָט געזען ביי־

דע טעלעגראַמעס האָט ער זיך זייער אויפגערעגט. הייסט עס, אַז עס זענען פאַראַן צוויי אָפּמאַכן: איינער אין ירושלים (פון 4טן מערץ) און אַ צווייטער אין לאָנדאָן. אַלץ לייגט מען אַרויף אויפן קק״ל! זענען דאָך די 4.000 א״י-פונט פון „בצרון״ אויך פון קק״ל, די גאַנצע אָדער די העלפט פון דער סומע. אויך העקסטער איז געווען אין כעס און דאָס איז פאַרגעקומען אין גראַנאָווסקיס צימער. אין פאַרלויף פון געשפרעך איז קלאָר געוואָרן, אַז שטערנס בודזשעט פאַר דער עליה קיין חניתה באַטרעפט 9.000 א״י-פונט און ביז איצט האָט די אַגענץ באַקומען פון ווייצמאַנען 3.000. העקסטער האָט טעלעגראַפירט קאַפּלאַנען, אַז ער קען נישט איינאָרדענען די עליה צוליב מאַנגל אין 6.000 א״י-פונט, און דערויף איז געקומען קאַפּלאַנס תשובה. גראַנאָווסקי האָט זיך נישט באַרואיקט, ווייל אַלע קומען און וואַרפן זיך אויפן קק״ל פונקט ווי ער וואָלט געווען אַ באַנק. כ׳האָב מיך באַמיט אים באַרואיקן און לסוף איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ געמיינזאַמע טעלעגראַמע אין נאָמען פון העקסטער און גראַנאָווסקי צו אוסישקינען און קאַפּלאַנען בזה הלשון: „דעם 4טן מערץ איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך אַגענץ-קק״ל. קק״ל באַטייליקט זיך אין הכשרה און וועג ביז צום באָדן. שטערן־בודזשעט געהערט דער אַגענץ. אַגענץ פרעגט צי די 1.000 א״י-פונט איז אַן הלוואה אָדער נייע באַטייליקונג. קק״ל איז קעגן יעדער באַטייליקונג אויסערן הסכם״.

אַ שטיקל צייט נאָכדעם האָב איך זיך דערוווּסט, בעת אַ שמועס מיט האַרצפעלדן, אַז דאָס אָפּלייגן די עליה איז געקומען נישט בלויז צוליב דער פּאָליציי-פאָדערונג, נאָר — און אפשר בעיקר — צוליב געלט-מאַנגל. ביז היינט אינדערפרי האָבן שערטאָק און העקסטער נישט געהאַט קיין מוט איינצואָרדענען די עליה, אָן אַ פאַרזיכערטן בודזשעט, און ווייזט אויס אַז נאָך נעכטן אָוונט האָבן זיי באַשלאָסן אָפּצולייגן די עליה. קען זיין, הייסט עס, אַז דער גאַנצער ענין פּאָליציי איז אַ תירוץ און ערשט נאָכן דערהאַלטן קאַפּלאַנס טעלעגראַמע, איז געלייזט געוואָרן די בודזשעט-פראַגע און מען וועט קע־

נען מאָרגן דורכפירן די עליה. אָבער דאָס אָפּלייגן איז שוין באַקאַנט געוואָרן אומעטום.

כ׳בין געווען דערשלאָגן אַ גאַנצן פרימאָרגן. „קבצן, דלפון" — דאָס איז שוין אונדזער גורל. אַ פאָלק קען בויען זיין היימלאַנד — און ער האָט נישט קיין פאַר טויזנט פונט פאַר דעם צוועק; מען שטייט פאַרן אויפשטעלן אַ מדינה — מיט ליידיקע הענט! און דאָס אַלץ אין די טעג ווען עסטרייך ווערט אָקופּירט פון היטלערן. כ׳האָב מיך פאַרשעמט ביזן טיפן האַלדז.

**חיפה, 15.3** — היינט אינדערפרי איז דער הימל געווען באַצויגן מיט וואָלקנס און אַ רעגן האָט געקאַפּעט. מיר האָבן געטראַכט, ס׳איז נאָך אַ מזל וואָס די עליה קיין חניתה איז אָפּגעלייגט געוואָרן פון היינט אויף דאָנערשטיק. דער רעגן וואָלט געשטערט. 3.30 זענען מיר געקומען קיין משמר-זבולון אין חיפהר בוכטע, ווו עס לאַגערט די מחנה פון חניתה און ווי מיר זענען אַריין אין הויף, איז מען אונדז אַנטקעגנגעקומען מיט דער בשורה, אַז די עליה איז ווידער אָפּגעלייגט געוואָרן אויפן קומענדיקן מאָנטיק. דערשטוינט זענען מיר געבליבן: וואָס איז ווייטער געשען? דאָרט האָט מען די סיבה נישט געוווּסט. די צוויי הויפּט-אינסטרוקטאָרן זענען געפאָרן קיין תל-אביב צו ריידן מיט אליהון. דערווייל האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע בחורים און 8 מיידלעך ביי אַ געצעלט. דער רעגן האָט זיך פאַרשטאַרקט און האַרצפעלד איז געשטאַנען אין מיטן, אַרום אים די „מאָביליזירטע" און געזונגען אינאיינעם דאָס ליד „שמחנו" מיט געפיל און פרייד. די בחורים זעען אויס יונג, אפשר צו יונג, און אויך די מיידלעך, אָבער מען איז פריילעך.

פון חיפה האָבן מיר גערעדט טעלעפאָניש מיט שערטאָקן. די סיבה פון אָפּלייגן — ס׳איז דערהאַלטן געוואָרן אַ באַשטעטיקונג פון דער רעגירונג, אָבער מען דאַרף דאָס מיטטיילן דעם צפון-גובערנאַטאָר עטלעכע טעג פאַר דער עליה. היות עס איז רעגנדיק, האָט מען שוין געמאָלדן דעם גובערנאַטאָר אַז די עליה וועט פאָרקומען

מאַנטיק. מען האָט באַשלאָסן איבערלאָזן דעם לאַגער אויפֿן אָרט און אים נישט צענעמען.

**חיפה, 20.3** — נאָכמיטאָג בין איך אָנגעקומען פֿון ירושלים. היינט איז ערב דער עליה קיין חניתה. ווייזט אויס, אַז מער קיין אָפּלייגן וועט שוין דאָס מאָל נישט זיין. אויך דער וועטער איז שיין; אַ גאַנצן טאָג האָט געשיינט די זון און אַ לייכט ווינטל האָט גע־בלאָזן פֿון מזרח. אַ רעגן וועט מאָרגן זיכער נישט זיין. מיר לייגן זיך פֿרי שלאָפֿן, ווייל קיין חניתה פֿאָרט מען אַרוים מאָרגן 5 אַזייגער באַגינען. די חיפהער האָטעלן זענען איבערפֿולט מיט „מחו־תנים", וועלכע זענען אַהער פֿאַרפֿאָרן אויפֿן וועג קיין „צפון", עסקנים, אַרבעטער און די „קאָמאַנדע".

**חיפה, 21.3** — כ'האָב מיך אויפֿגעכאַפּט 2 אַזייגער נאָך האַל־בער נאַכט. 4 אַזייגער איז ה' באַדער, האָטעל־אייגנטימער, פֿאַר־בייגעגאַנגען אַלע טירן, אומעטום אָנגעקלאַפּט און אויפֿגעוועקט די שלאָפֿנדיקע; אַ האַלבע שעה שפּעטער זענען מיר שוין געזעסן ביים טיש און געטרונקען טיי מיט סוכאַרקעס. מיר האָבן מיטגענומען שפּייז אויפֿן וועג און 5 אַזייגער אַרויסגעפֿאָרן. אין מיין אויטאָ, אָנ־געפֿירט פֿון אַ ירושלמי, זיצן האזרחי, ביילין, רענן, רוחמה און איך. דער מאָרגנשטערן האָט אָנגעהויבן צו שיינען. דער הימל איז גע־ווען עטוואָס פֿאַרוואָלקנט. אויפֿן וועג ביי קרית־מוצקין האָבן מיר אָפּגעוואַרט די גאַנצע „מחנה" וואָס איז אַרוים פֿון משמר־זבולון. אַ ווײַלע אַרום זענען זיי געקומען. דער וועג איז געווען ליידיק, אָבער תיכף זיך אָנגעפֿילט מיטן גערויש פֿון קליינע אויטאָמאָבילן און פֿון שווערע לאַסט־אויטאָס באַלאָדן מיט מענטשן, אייזלען און מאַטעריאַלן. אין אַ שעה אַרום זענען מיר אָנגעקומען צום פּלאַץ און זיך געשטעלט ביים בערגל וואָס פֿירט אַרויף קיין חניתה. ס'איז געווען אַ קילער און פֿרישער פֿרימאָרגן. די זון האָט נישט געשיינט. מיר זענען געגאַנגען באַזוכן די גרענעצן און אַריינקלאַפּן סלופּעס מיט אַ גרופּע מעסטערס און דעם אַראַבישן וועגווייזער. אין צוויי שעה אַרום האָב איך זיך אָפּגעשיידט פֿון דער גרופּע און אַרויף

אויפן היגל פון פּראָוויזאָרישן לאַגער. עטלעכע געצעלטן זענען שוין אויפגעשטעלט געוואָרן. דער פּלויט איז שוין אָנגעצייכנט געוואָרן. הונדערטער מענטשן האָבן געררוישט, אַרויף און אַראָפּ פון וועג און מיטגעבראַכט משאות: בעטן, מאַטראַצן, אייזערנע סלופּעס און דראָטן, ברעטער און טאָוולען. זיי האָבן זיך אַרויסגעהאָלפן מיט אייזלען. 9 אַזייגער האָב איך פאַרזאַמלט אַ קליינע גרופּע כדי אַרויפֿצוקריכן אויפן שפּיץ בערגל, קיין חניתה העליונה. אין דער גרופּע זענען אויך געווען גראַנאָווסקי, יוליוס סימון, בן־צבי און שערטאָק. נעבן מיר איז געגאַנגען אַ נוטר מיטן נאָמען ברענער, אַ חבר פון השומר־הצעיר קבוץ אין פּתח־תקוה, וועלכער האָט זיך פאַראינטערעסירט אין דער רייכער פלאָרע. דריי מיט האַלבער שעה האָבן מיר באַטראַכט דעם באָדן. מיר זענען אָנגעקומען אויך ביז חורבת עין־חור און דעם דאָרטיקן קוואַל, וואָס גיט קרוב 20 קוביק־מעטער גוט וואַסער אַ שעה. דער טאָל צווישן חניתה־באַרג און חור־באַרג באַצויבערט אין זיין אויסזען און פלאָרע. די ערד איז זייער אַ גוטע.

פאַר איינס אַזייגער זענען מיר צוריקגעקומען צום לאַגער. איך האָב דערליידיקט מיט פיינען, דער פאַראַנטוואָרטלעכער אויפן אָרט אין נאָמען פון קק״ל, און מיטן אַראַבער, דעם אופן פון איבערנעמען די ערד דורך אַן אַקט פון שניידן די תבואה און צעאַקערן דעם באָדן וו עס לאָזט זיך אַקערן. האַרצפעלד האָט געזונגען, געטאַנצט און געהאַלטן אַ רעדע. ס׳איז עפּעס דערגרייכט געוואָרן, די עליה קיין חניתה איז פאָרגעקומען, אָבער איך בין נישט צופרידן; ס׳איז נאָך צו ווייניק אין פאַרגלייך מיט די באַדערפענישן פון אונדזער ציל. עפּעס שטויסט מיך איצט ווייטער, צו אַ נייעם אָרט.

2 אַ האַלב האָב איך זיך געזעגנט פון פיינען, אים געוואָרנט עס זאָל זיין רואיק און שטיל ביינאַכט, געגעבן אָנווייזונגען די מעסטערס, טאַרק און רעזניק, זיי זאָלן מאָרגן אָנהייבן מעסטן די גרענעצן און זיך אומגעקערט קיין חיפה.

**חיפה, 22.3** — האַלב דריי אַזייגער בין איך אָנגעקומען פון כפר־החורש קיין נהלל רייטנדיק אויף אַ פערד און דאָרט איז צו

מיר דערגאַנגען די ידיעה, אַז נעכטן ביינאַכט איז פאָרגעקומען אַן אַטאַקע אויף אונדזער חניתה, וואָס האָט געדויערט קרוב דריטי־האַלבן שעה. דער נוטר ברענער איז דערהרגעט געוואָרן און דער קאָמאַנדיר פון פלאַץ, יעקב בערגער, איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין פוס. אַ גאַנצע שעה האָב איך קיין רו נישט געפונען. קומענדיק אין אָוונט קיין חיפה האָב איך זיך דערוווּסט פּרטים וועגן איבערפאַל, וואָס איז געקומען פון דאָרף ב צ ת, פון אַן אָרט פון וואַנען קיי־נער פון די „קאָמאַנדירן" האָט זיך נישט געריכט, און יענע זייט איז נישט געווען באַשיצט ווי געהעריק. שטערן און האַרצפעלד האָבן גערעדט מיט מיר וועגן פאָרזעצן די אַרבעט דאָרט. איך האָב געזאָגט, אַז די הויפּט־נויטווענדיקייט איצט איז צו עפענען דעם וועג ביז אין דער הויך. מען דאַרף מאָביליזירן 500 מאַן וואָס זאָלן דורכפירן די אַרבעט אין געציילטע טעג. האַרצפעלד איז דערשלאָגן; שטערן האָפט. איך רעד וועגן דער אָנשטרענגונג צו דערווערבן די שכנותדיקע חירבת־סמך כדי דאָרט צו גרינדן נאָך אַ פונקט.

די העברעישע פרעסע האָט אין דער פרי נישט געמאָלדן וועגן דער עליה, ווייל אַזוי האָט באַפוילן די אַגענץ־עקזעקוטיווע, אָבער די אָוונט־צייטונגען האָבן שוין יאָ פאַרעפנטלעכט דעם ענין צוליב דער אַטאַקע און דער דערמאָרדונג פון ברענערן. די ידיעה האָט גע־מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אין לאַנד, נעמענדיק אין אַכט די פּאָ־זיטיווע טייל פון דער אונטערנעמונג. די אַרבעט אין חניתה גייט פאָרויס. היינט האָט מען באַוויזן עפענען 450 מעטער וועג.

**ירושלים, 23.3** — די נעכטיקע נאַכט און היינט זענען פאַרביי רואיק אין חניתה. די אַרבעט גייט פאָרויס.

**ירושלים, 31.3** — אינדערפרי בין איך געגאַנגען זען ערד־שטחים אין דער סביבה פון רחובות כדי צו בויען אויף זיי הייזער פאַר די אַרבעטער פון רחובות. 11 אַזייגער בין איך אָנגעקומען אין דער עקספּערימענטאַל־סטאַנציע און מיט ווילקאַנסקין אַריין זען ווייצמאַנען, וועלכער האָט זיך געפונען אין זיין צימער אין זיו־אינס־טיטוט. בעת מיר זענען אַריין אין קאָרידאָר, האָט זיך געעפנט די

מיר און עמיצער איז אַרויס. אין דעם מאָמענט האָט מיך ווייצמאַן געזען, אויפגענומען מיט ליבלעכקייט און אַריינגעפירט אין צימער. אַז מיר האָבן זיך צוגעזעצט האָט ער געפרעגט: וואָס הערט זיך, ווייץ, מכוח נייעם באָדן אין צפון? כ'האָב געענטפערט: וועגן דעם ענין בין איך צו אייך געקומען. נאָכדעם ווי איר האָט באַזוכט חניתה, וויל איך הערן אייער מיינונג וועגן המשך פון די קניות. עס זענען פאַראַן פאָרשלאַגן, אָבער דער פרייז איז, לויט אונדזער מיינונג, צו הויך. ס'איז צו האָפן אַז אויב מיר וועלן נישט זיין צו־דרינגלעך צו די פאַרקויפער, וועט פאַלן דער פרייז, אָבער אויב איר זעט איין אַז די דערוועֿרב־טעטיקייט אין צפון איז אַ וויטאַל־פּאָלי־טישע באַדערפעניש, טאָ גיט אַ באַפעל און מיר וועלן פאָלגן.

אויף דעם האָט ער געענטפערט: די דערוועֿרב־טעטיקייט אין צפון איז אַ גרויסע און וויכטיקע זאַך — אָדער אפשר אַ גרויסער אומגליק, מיר דאַרפן אָבער אַלץ טאָן כדי עס צו פאַרוואַנדלען אין אַ וויכטיקן ענין. מען דאַרף קויפן. אָט האָט ווילקאַנסקי אַמאָל געזאָגט „געוועזער האָט נישט קיין סטאַבילן ווערט"; אונדזער גאַנג אין צפון דאָס איז אונדזער געווער. זאָלן גיין לאַיבוד נאָך אַ פּאָר טויזנט א"י־פונט, אָבער מיר דאַרפן זיך איילן. אין משך פון צוויי חדשים דאַרף מען קויפן און באַזעצן מענטשן... וויפל איז מעגלעך צו קויפן?

— עס זענען פאַראַן צוויי פאָרשלאַגן נעבן חניתה, וואָס נעמען אַרום 9.000־10.000 דונאַם, האָב איך געזאָגט, און אַזוי אַרום וועלן מיר פאַרמאָגן אין דער סביבה קרוב 14.000 דונאַם.

— אויב אַזוי קענען מיר דאָרט באַזעצן 800־1.000 מאַן — זאָגט ווייצמאַן. — דאָס איז אויסגעצייכנט! מען דאַרף עס טאָן.

— כ'וואָלט וועלן איר זאָלט די דאָזיקע פאַראָרדענונג געבן דעם קרן־קימת שריפטלעך, האָב איך באַמערקט. אפשר שרייבט איר אוסישקינען?

— שרייב אים — ווענדט ער זיך צו ווילקאַנסקין — אַז דאָס איז אַ גרויסע און וויכטיקע זאַך אָדער גאָר אפשר אַ גרויסער אומ־גליק. מען דאַרף זיך איילן.

— דאָס האָב איך פון אייך געוואָלט הערן — האָב איך אים געזאָגט און זיך אויפגעהויבן פון בענקל. ער איז אויך אויפגעשטאַנען, דערלאַנגט זיין האַנט וואָס איך האָב געדריקט מיט מיינע ביידע הענט. און ער גיט צו: איילט אייך, ווייץ, טוט, קויפט. געלט האָט איר דאָך. מיר האָבן זיך געזעגנט. בעת כ'בין פון אים אַרויס, האָט מיר ווילקאַנסקי געזאָגט, איך זאָל שרייבן דעם בריוו. כ'האָב מיך אַוועקגעזעצט אין צימער פון דער כימישער לאַבאָראַטאָריע און אָנגעשריבן אָט דעם טעקסט:

„לכבוד
מ. אוסישקין
הקרן הקימת לישראל
ירושלים!

מיין פריינט, קומענדיק אין לאַנד האָב איך געפונען פאַר מיין פליכט תיכף צו באַזוכן חניתה. זייענדיק דאָרט איז מיר קלאָר געוואָרן אַז דאָס דאָזיקע ווערק קען ווערן גרויס און וויכטיק פאַר אונדזער באַוועגונג, אַדער ח"ו אַ גרויסער אומגליק פאַר אונדזערע מענטשן. כדי אויסצומיידן דאָס לעצטע און פאַרשטאַרקן דאָס ערשטע, גלייב איך אייך, אַז מען דאַרף שנעל קויפן די שכנישע שטחים פון חניתה, וועלכע ווערן פאַרגעלייגט צום פאַרקויפן, אַפילו אויב דער געפאָדערטער פרייז איז איצט העכער פון רעאַלן ווערט. אין אַזאַ אַנטשיידנדיקער צייט פאַר אונדז קען דער דאָזיקער באַטרעף נישט זיין פאַר אונדז קיין מניעה פון צו גיין פאָרויס און פאַרשטאַרקן אונדזער פּאָזיציע אין צפון לאַנד. און וואָס פריער איז בעסער."

כ'האָב איבערגעגעבן דעם בריוו ווילקאַנסקין, און ער האָט אים גענומען צו ווייצמאַנען. דאָרט האָט מען איבערגעשריבן די ווערטער אויף אַ בלויען בלאַנק פון זיוו־אינסטיטוט און ווייצמאַן האָט לסוף צוגעגעבן: „שלום רב לך, חיים ווייצמאַן". דער פאַרמאַכטער בריוו איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן. מאָרגן וועל איך אים איבערגעבן גראַנאָווסקין און דערנאָך אוסישקינען, נאָך זיין צוריקקומען.

**ירושלים, 4.4** — כ׳האָב אָפּגעוואַרט אויסישקינען אין חיפהער פּאָרט פון 6.30 אינדערפרי. 7.30 איז ער אַראָפּ. זיין פּנים מיד און בזאַם און ער איז פאַרקילט און הוסט. מיר זענען אַרויף אין פּענסיאָן, כדי צו פאָרן 8 אַזייגער קיין חניתה, ווי עס איז אָפּגערעדט געוואָרן מיט דער „הגנה״.

8 אַזייגער זענען מיר אַרויסגעפאָרן. אין נהריה האָט אויף אונדז געוואַרט די „וואַך״, און 9 אַזייגער זענען מיר שוין געווען „אין דער הויך״. ס׳איז געווען אַ פּרעכטיקער טאָג אָנגעזאַפּט מיט זון און מילדע ווינטעלעך. איך האָב מיך איבעראַשט פון דעם געמאַכטן וועג און פון גרויסן פאָרשריט ביים אויפשטעלן דעם לאַגער. דער וועג פון דאַנען און העכער, ביז צום חניתה־היגל, גייט פאָרויס און מען זאָגט אַז סוף וואָך וועט ער זיך פולשטענדיק ענדיקן. אויב אַזוי וועט מען קענען עולה זיין! מען רעדט וועגן צוויי לאַגערן: אין דער הויך — דער סטאַבילער, און דאָ — אַ וואַכפּאָסטן. כ׳האָב געזאָגט, אַז אויב מיר קויפן דעם מ ס ע ו ב־באָדן*, וועט דער לאַגער קענען באַדינען יענעם באָדן ווי אַ שטענדיקער פּונקט. די אונטערהאַנדלונגען מיט די לבנונער אַראַבער, וועלכע האָבן דאָ באַאַרבעט אַ טייל פון באָדן, דערנענטערט זיך צום סוף אַ דאַנק פּיינען. דער ענין וועט זיך גוט ענדיקן. בכלל איז נישטאָ קיין שוועריקייט ביים פריי מאַכן דעם באָדן. מ ע ק ל ע ר האָט מיר געזאָגט, אַז לויט זיין מיינונג מוז מען באַשטימען אין דער הויך די סטאַבילע קבוצה און נישט איבערלאָזן דעם „קיבוץ פון די קיבוצים״. איך בין דערצו אינגאַנצן מסכים. ח ד ש י און א ג ו ז י וועלכע צייכענען די לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַפּע זאָגן, אַז עס איז פאַראַן פיל גוטע באָדן־שטחים, און די לאַגע איז פון דעם שטאַנדפּונקט צופרידנשטעלנדיק.

פ יי ן האָט מיט אונדז גערעדט אין עסצימער און געפּאָדערט

---

* אַ שטח פון 4.000 דונאַם. דרום־זייט פונעם הויפּטוועג קעגנאיבער חניתה. היינט מ צ ו ב ה.

די אויסברייטערונג פון די שטחים. אוסישקין האָט מסכים געווען און האָט באַגריסט די זידלער. דער נאָמען „חניתה" זאָגט אים גאָרנישט; ער וואָלט וועלן אָנרופן דעם ישוב „משמר הלבנון".

**חיפה, 12.4** — פינף אַזייגער זענען מיר צוריקגעקומען קיין חיפה. כ'האָב אויפגעקלערט מיט ווײַנשאַלן געוויסע פראַגן וואָס זענען פאַרבונדן מיטן פריי־מאַכן דעם באָדן אין חניתה און מיטן המשך פון דער קויף־טעטיקייט.

**ירושלים, 14.4** — אוסישקין האָט מיך געפרעגט וואָס הערט זיך אין די פלעצער וואָס כ'האָב באַזוכט. דערצייל איך אים, אַז מען איז שוין אַריין אין חניתה און שוין אַריין אויך אין דעם הויז (אגב, האָב איך געגעבן אָנווייזונגען פיינען, ער זאָל זיך באַגיין פריינטלעך מיט די אַראַבער, וועלכע האָבן פאַרלאָזט דאָס הויז און אַז ער זאָל זיי פאַרגיטיקן מיט געלט, כדי זיי זאָלן זיך קענען קויפן געצעלטן אויף זיך צו באַזעצן אויסערן תחום, ווייל אויב נישט, פאַלן זיי אַ קרבן פון די העצערס פון די באַנדע־אַראַבער), און אַז טראַקטאָרן אַקערן אין חניתה. ער איז געווען פול מיט התפעלות און געזאָגט: אַזאַ זאַך איז נאָך נישט געשען אין אונדזער געשיכטע. אין אַזאַ קורצער צייט איז געקויפט געוואָרן די ערד, מען איז שוין אַרויף, שוין באַקומען, שוין באַזעצט און מ'אַקערט שוין! איך האָב געפילט אין זיינע רייד שטאָלץ און גרויסהאַלטונג.

**ירושלים, 16.4** — פאַרנאַכט, אַז מיר זענען צוריקגעקומען פון אונדזער באַזוך ביי אוסישקינען אין שטוב, איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז אויפן וועג פון חניתה זענען דערהרגעט געוואָרן 4 יידן, זיי האָבן זיך אומגעקערט פון זייער שפּאַציר דאָרט. דאָס הייסט אומזיסטע קרבנות! ס'איז דאָך געווען אַ פאַראָרדענונג נישט צו באַזוכן דאָרט. כ'האָב אויפגעשווידערט; כ'קען נישט משלים זיין מיט דער בלוטפאַרגיסונג אין חניתה.

**חיפה, 4.5** — גאַנץ פרי זענען מיר אַרויס קיין חניתה. אַ גרויסער קאַראַוואַן געווען — שטערן, האַרצפעלד, מעקלער, רענן, מאיר ראטבערג און נאָך. צום ערשטן מאָל זענען מיר אַרויף אויף איי־

טאָמאָבילן ביזן שפּיין היגל — די אויבערשטע חניתה. ווידער אַנט־פּלעקט זיך פאַר אונדז די גאַנצע פּראַכט פונעם פּלאַץ: אַ גלעטנדיקע קילקייט, פאַרטרוימטע און פאַרטראַכטע נעפּלען; באַהאַלטענע גרינס אין די טיפע אָפּהענג וואָס באַקרוינט אין קאָלירטע שטרייפן דעם וווּנדערשיינעם געוועב פון די בערג־קנייטשן. אַלץ בליט. אָבער אינעם לאַגער גופא — איז נישטאָ קיין אָרדענונג — עס הערשט מיליטאַריזם! מען פאָדערט צוויי חניתות: די אונטערשטע — אינגאַנצן מיליטער און וואָך, און די אויבערשטע — דאָרט וועלן 24 מאַן פון 90 אַרבעטן. מיר האָבן באַטאָנט אַז נישט דאָס איז דער ציל. מיר ווילן אָנהייבן די אַרבעט, די באָדן־הכשרה — בקיצור: די לאַנדווירטשאַפט. כ׳בין אַרויס מיט אַ קאַלעמוטנער שטימונג. נישט אַזוי האָבן מיר געוואָלט אָריענטירן חניתה, נישט דאָס איז די כוונה.

אין חיפה — אַ לאַנגער שמועס מיט ווײַנשאל און סטרוזמאַ וועגן אָרענדע־אָנקלאַגעס, וואָס אַראַבער פון חניתה האָבן דערלאַנגט. מאָרגן אין עכו דאַרף די אָנקלאַגע געבראַכט ווערן פאַרן געריכט. כ׳האָב געזאָגט, אַז קק״ל וויל נישט קיין געריכטן, נאָר ענדיקן בשלום מיט די אַראַבער דאָס איז אונדז נייטיק סיי פון פּאָליטישן שטאַנדפּונקט און סיי כדי אָנצוהאַלטן גוטע שכנישע באַציאונגען. אָבער ווײַנשאל מיינט נישט אַזוי. ער וויל דווקא אַ געריכט.

**ירושלים, 15.5** — עס איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון די פיר — אוסישקין, גראַנאָווסקי, בן־גוריון און קאַפּלאַן. שטערן און איך האָבן רעפערירט וועגן בודזשעט פאַר חניתה. ס׳איז פאָרגעקומען אַ מיינונג־שטרייט. כ׳האָב אויסגעדריקט מיין שטעלונג. בעתן איבערבליק וועגן חניתה, לויט וועלכן די ענינים גייען נישט לויט מיין מיינונג אין אָרדענונג און אַז מען דאַרף פריער באַשליסן וועגן דער טענדענץ פון דער עליה און איר ציל, וואָס דאַרף זיין אַ קאָלאָניזאַטאָריש־לנאַדווירטשאַפטלעכער און נישט קיין מיליטערישער. ש ט ע ר ן האָט פאַרטיידיקט די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג. בן־גוריון און קאַפּלאַן האָבן מיר האַלב מודה געווען. ס׳איז

באַשלאָסן געוואָרן אַז שטערן און איך זאָלן אויסאַרבעטן אַ פּלאַן און לויט דעם באַטראַכטן דעם בודזשעט.

**ירושלים, 23.5** — היינט אין דער פרי האָב איך לאַנג גערעדט מיט שטערן וועגן חניתה-בודזשעט. שווער אַרויסצוטרעטן קעגן דאָרטיקן מיליטאַריזם נאָכן נעכטיקן אומגליק — אַ נוטר איז דערמאָרדעט געוואָרן שטייענדיק אויף דער וואַך פון וועג — כאָטש ס׳איז מעגלעך אַז דאָס גאַנצע שטיין איז געווען איבעריק. די עסקנים טראַכטן בכלל נישט וועגן קאָלאָניזירן די געגנט. די וועלכע פירן אָן די אַרבעטנדיקע קאָלאָניזאַציע ווילן זען אין חניתה אַליין, הוין אַ לאַנד־ווירטשאַפטלעכן פּונקט. צום סוף זענען מיר געקומען צו אַן הסכם, אַז נאָך דעם קומענדיקן אָקטאָבער, וועט אָנהייבן די לאַנדווירטשאַפטלעכע תקופה אין חניתה.

**ירושלים, 1.11** — אין דער פרי איז מען זיך צונויפגעקומען אויף אַ זיצונג כדי צו באַהאַנדלען די עליה אין ח י ר ב ת - ס מ ך. אָנוועזנד זענען געווען שטערן, רענן, אליהו, הורוויץ, האַרצפעלד און איך. 3 שעה האָט מען דיסקוטירט די פראַגע און צו קיין שלום נישט געקומען. ס׳איז אויסגעבראָכן אַ קריגעריי צווישן האַרצפעלדן און שטערנען בנוגע דער אויפלייזונג פון דער אונטערשטער חניתה. לויט שטערן, דאַרף מען אויפלייזן חניתה תחתית און אַריבערפירן דעם לאַגער און די אויסשטאַטונג קיין חירבת-סמך. אליהו און האַרצפעלד זענען קעגן, מיט דער טענה אַז חניתה תחתית באַוואַכט די וועגן און וועט אויך באַדינען דעם מסעוב-באָדן, וואָס מען האַלט ביים קויפן. שטערן האָט זיך אויפגערעגט. ווייזט זיך אַרויס, אַז זיין מצב אין דעם ענין איז זייער אַ שווערער. ווי באַקאַנט, איז צוגעגרייט געוואָרן אַ בודזשעט פון 10.000 א״י־פונט צו באַזעצן חירבת-סמך אין משך פון אַ יאָר. קק״ל האָט געפאָדערט אַז ׳בצרון״ זאָל געבן אַ העלפט און די צווייטע העלפט זאָל געבן די אַגענץ. און אָט איז שטערנען איינגעפאַלן אַזאַ געדאַנק: דער ריכטיקער בודזשעט באַטרעפט 9.000 א״י־פונט. דער לאַגער פון חניתה תחתית איז ווערט 4.000 פונט, הייסט עס אַז מיט די 5.000 פונט וואָס קק״ל

וועט אים געבן, וועט ער קענען דערליידיקן חירבת-סמך. די אַגענץ וועט נישט אַריינלייגן קיין גראָשן אין גאַנצן ענין. דעם פּלאַן האָט ער פאָרגעלייגט קאַפּלאַנען און אויף דעם סמך האָט קאַפּלאַן מסכים געווען צו דער עליה, אָבער אויב חניתה תחתית פאַרבלייבט אויפן אָרט, דאַן פאַלט אום זיין גאַנצער בנין. ער האָט פאַרגעסן, אַז דער לאַגער אין חניתה תחתית געהערט אין צוויי-דריטל צום קק"ל. אמת, איך בין אויך פאַר דער אויפלייזונג פון חניתה תחתית, אָבער נישט תיכף. און דאָ איז אויסגעבראָכן אַזאַ ווערטער-געפעכט צווישן שטערנען און הארצפעלדן, אַז מיר האָבן געמוזט איבעררייסן די זיצונג.

**ירושלים, 7.11** — שטערן, גראַנאָווסקי און איך האָבן „רואיך" געשמועסט וועגן אויפלייזן חניתה תחתית און וועגן דער עליה אויפן באָדן פון חירבת-סמך. איך האָב רעפערירט און געזאָגט, אַז לויט מיין מיינונג דאַרף מען נישט אויפלייזן תיכף חניתה תחתית צוליב צוויי טעמים: איינער איז אַ פּאָליטישער. מען זאָל נישט זאָגן אַז מיר האָבן ליקווידירט אַ פּונקט; בעסער אַז מיר זאָלן היינט צו טאָג האַלטן דריי פּונקטן אין צפון; און דער צווייטער — אפשר באַנייען מיר די אונטערהאַנדלונגען וועגן אָפּקויפן חירבת-מסעוד, און דעמאָלט וועט חניתה תחתית דינען ווי אַ פּונקט פון ישוב און אָנהאַלט פאַרן נייעם באָדן וואָס גרענעצט זיך מיט איר; אלא וואָס דען? מען דאַרף דעם לאַגער רעדוצירן ווי וויט מעגלעך. זאָלן דערווייל פאַרבלייבן דאָרט 20 מענטשן און זאָלן באַשטימט ווערן פאַר זייערע הצטרכותן 100 א"י-פונט אַ חודש — אַ דריט-חלק פון כופר הישוב, אַ דריט-חלק פון זיכערקייט-בודזשעט און אַ דריט-חלק זאָלן די אינסטיטוציעס געבן בתנאי, זיי זאָלן האָבן רעכט אויפצולייזן דעם לאַגער ווען זיי וועלן דאָס געפינען פאַר נייטיק. בנוגע חירבת-סמך, לאָמיר דערווייל באַשטימען 1.000 א"י-פונט פאַר דער עליה, איינריכטונג און אויסשטאַטונג פון לאַגער, פון די 5.000 פונט פון „קרן הבצרון". גראַנאָווסקי האָט מסכים געווען און אויך שטערן איז צוגעשטאַנען צו אונדזער מיינונג.

**ירושלים, 8.11** — די אַגענץ־עקזעקוטיווע האָט היינט באַהאַנדלט די באַזעצונג פון חניתה און חירבת־סמך און באַשטעטיקט די קערפערשאַפטן „קבוצת שומרון" פאַר חניתה און קבוץ השוה"צ ארצישראלי ב׳ — פאַר חירבת־סמך. דערמיט איז די אַגענץ אַריין אין דער קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט פון די בערג.

**חיפה, 16.11** — כ׳בין אויפגעשטאַנען פרי און אַרויסגעפאָרן קיין חניתה. מיט מיר זענען געווען שרון, אגוזי, הורוויץ פון משמר העמק און נאָך אַנדערע. אין נהריה האָבן מיר געוואַרט אויפן געפאַנצערטן אויטאָ, וואָס וועט קומען אַ שעה שפּעטער. דאָס האָט מיך אויפגערעגט און כ׳האָב פאַרגעוואָרפן די „קאָמאַנדירן" צוליבן אומבאַרעכטיקטן צייט־פאַרלוסט — אַ סך מענטשן האָבן פאַרשווענדעט צייט, צווישן זיי די מעסטער־גרופּע פון רעזניק, וועלכע איז געקומען אויסמעסטן די מזרח־גרענעץ פון חירבת־סמך. אין נהריה האָב איך געזען די ציגן־טשערעדע פון קבוצת־שומרון, וואָס האָט דאָרט געלאַגערט אויפן וועג קיין חניתה.

10 אַזייגער זענען מיר אָנגעקומען קיין חניתה און מיר האָבן אינספּעקציאָנירט צוזאַמען מיט אגוזי, שרון און אייניקע פון קבוצת שומרון — די שטחים, וואָס דאַרפן תיכף, לויט אגוזי, צוגעגרייט ווערן פאַר פּרוכט און טרויבן־פּלאַנטאַציעס. מיר האָבן תיכף אָנגעצייכנט די פּלעצער פאַר די עקספּערימענטן וואָס מיר גייען דורכפירן כדי צו אַקלימאַטיזירן אַ ריי פּלאַנצן ווי קליינע ניסלעך, יאַגדעס, פיסטאַשקעס און נאָך.

**1939:**

**חיפה, 27.3** — מיר האָבן זיך צוריקגעקערט קיין חניתה און חירבת־סמך. אין חניתה האָב איך געזען די אויסוואָרצל־מאַשין ביי דער אַרבעט. ריזיקע וואָרצלען ווערן אויסגעריסן, כדי צו מכשיר זיין באָדן פאַר אינטענסיווער לאַנדווירטשאַפט.

# נ ע מ ע ן ־ ר ע ג י ס ט ע ר

ד״ר ג ר אַ נ אָ ו ס ק י — היינט ד״ר גרנות, פּאָרזיצער פון קק״ל־דירעקטאָריום.

ש ר ו ן — שרון ווייץ, דער זון פון מחבר, אויפזעער איבערן באַוואַל־דונגס־ווערק פון קק״ל.

ה י ר ש ז אָ ן — א. הירשזאָן, אויפזעער איבערן קק״ל־באָדן אין צפון.

אַ ל ט ש ו ל ע ר — עמינדב אַלטשולער, געבוירענער אין רחובות, אויפזעער איבער דעם נגב־באָדן, וואָס איז דערוואָרבן געוואָרן דורך חנקין.

א י נ ז ש ע נ י ע ר ו וי נ ש א ל — פון תל־אביב.

אַ ד ו אָ ק אַ ט ו וי נ ש א ל — פון חיפה.

אַ ר מ ס ב י ג אָ ר — קאָלאָניען־מיניסטער אין ענגלישן קאַבינעט, אין יענע צייטן

ג ל ו ס ק י ן — זאב פון תל־אביב, דירעקטאָר פון דער „גאולה״־געזעלשאַפט.

ק אַ ל צ מ אַ ן — פון תל־אביב, דירעקטאָר פון דער „גאולה״־געזעלשאַפט.

ס י נ י ג ל י ה — יוסף, רמת־גן, פון די איטאַליענישע עולים, אַ פריינט פון קק״ל.

ש ט ע ר ן — דוד, ירושלים, דירעקטאָר פון דער קאָלאָניזאַציע־אָפּטיילונג ביי דער יידישער אַגענץ אין יענע צייטן.

ה ע ק ס ט ע ר — אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד פון דער יידישער אַגענץ. פאָרשטייער פון די ניט־ציוניסטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

ה אַ ר צ פ ע ל ד — אברהם, תל־אביב, מיטגליד אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער צענטראַלע ביי דער הסתדרות העובדים.

ב יי ל י ן — פאָרשטייער פון פּאָליטישן דעפּאַרטאַמענט ביי דער יידישער אַגענץ.

ר ע נ ן — ווייץ, ירושלים, זון פון מחבר, דעמאָלטיקער וויצע־דירעקטאָר פון דער קאָלאָניזאַציע־אָפּטיילונג ביי דער יידישער אַגענץ.

יעלי — א., פון חיפה, דירעקטאָר פון דער געזעלשאַפט „הכשרת מפרץ חיפה״ (צו אַנטוויקלען די חיפהער בוכטע).

ווילקאנסקי — יצחק, ז״ל, דירעקטאָר פון דער לאַנדווירטשאַפט־לעכער עקספּערימענטאַל־סטאַנציע אין רחובות, און מיטגליד פון קק״ל־דירעקטאָריום.

רוטבערג — מאיר, ז״ל, אַ מיטגליד אין „הגנה״־ראַט.

סטרומזה — יוסף, פון חיפה, אַדוואָקאַט, באַאַמטער פון דער געזעל־שאַפט „הכשרת הישוב״ און דערנאָך פון קק״ל.

יוליוס סימון — שעף פון דער עקאָנאָמישער קאָרפּאָראַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן.

בצרון — אַ ספּעציעלער קאַמפּיין אין די פאַראייניקטע שטאַטן לטובת זיכערקייט־ענינים אין ארץ־ישראל.

גאולה — אַ געזעלשאַפט צו קויפן באָדן אין שטאָט און דאָרף נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דער תקופה איז געווען פּאָרזיצער ז. גלוסקין, געוועזענער דירעקטאָר פון ווייַנגערטנער־פאַרבאַנד, אין ראשון לציון.

# באַזעצונג פון די בערג אויף די גרענעצן

## (ריכטליניעס פאַר דער קומענדיקער קאָלאָניזאַציע)

נאָך 10 יאָר פאַרנעמפולער און גרויסצוגיקער קאָלאָניזאַציע, באַגלייט מיט באָדן-עקספּערטיזעס און וואַסער-פאָרשונגען, איז איצט מעגלעך פעסטצושטעלן פאַקטן, וואָס זאָלן אָנצייכענען ריכט-ליניעס פאַר דער קאָלאָניזאַציע אין משך פון די 10 קומענדיקע יאָרן. די פאַקטן זענען:

### באָדן-שטחים

א. — די פליינען אין צפון לאַנד וואָס באַזיצן רעגן-קוואַנטומס איבער 300 מילימעטער: דער ים-ברעג, עמק יזרעאל, עמק בית-שאן און חולה-טאָל, זענען פאַרטיילט און קאָלאָניזירט אין מושבים, קבו-צים, יחידים, עפנטלעכע און פריוואַטע געזעלשאַפטן, שטעט און קוואַרטאַלן. מחוץ רעשטלעך פון איינצלנע שטחים, וואָס קיין איי-נער פון זיי קלעקט נישט פאַר אַ זעלבשטענדיקן ישוב, זענען גאַנצע בלאָקן פאַרבליבן בלויז אין צוויי פלעצער: אין דרום-טייל פון צפון-לאַנד, צווישן כפר-מנחם און יד-מרדכי — קרוב 235 טויזנט דונאַם ברוטאָ, און אין צפון חולה — נאָך דער אויסטריקענונג — קרוב 35 טויזנט דונאַם, אַ סך-הכל פון אַזעלכע 270.000 דונאַם ברוטאָ, וואָס זענען באַשטימט פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע. די פיר אויסגערעכנטע פליינען פאַרנעמען אַ שטח פון 3.760.000 דונאַם ברוטאָ. הייסט עס, אַז פרייער באָדן אין די פליינען פאַר קאָלאָניזאַ-ציע באַטרעפט נישט מער פון 7 פּראָצענט פון זייער שטח.

ב. — די היגלען און טאָלן פון אונטערשטן גליל, וואָס פאַרנע-מען אַ שטח פון 340.000 דונאַם ברוטאָ, זענען אויך פאַרטיילט און באַזעצט און פאַר נייער קאָלאָניזאַציע איז נישט פאַרבליבן מער ווי 10 טויזנט דונאַם אין רמת-המורה אין דער ריכטונג פון בית-השטה

אין עמק יזרעאל. ד"ה פרייער באַדן פאַר קאָלאָניזאַציע אין דער געגנט באַטרעפט נישט מער פון 3 פּראָצענט.

ג. — אין די פליינען ביים ים-ברעג פון נגב און אויפן הר־הנגב (אויך אָנגענומען מיטן נאָמען מערב-צפונדיקער נגב) און וועלכע שפּרייטן זיך אויס אויף אַ שטח פון 2 מיליאָן דונאַם, זענען באַזעצט און פאַרטיילט געוואָרן צווישן סטאַבילע ישובים אין דער זאָנע קרוב צו אַ האַלבן מיליאָן דונאַם. דער שטח וואָס איז באַשטימט פאַר אַ נייער קאָלאָניזאַציע איז ביי 1,5 מיליאָן דונאַם, אָדער 75 פּראָצענט פון דעם גאַנצן שטח.

ד. — אין די באַרג-געגנטן איז דער יידישער ישוב זער שיטער און פאַרמאָגט גרויסע בלויזן. גאָר ספּעציעל זענען גרויס די בלויזן לאַנגאויס די גרענעצן אין דרומדיקן באַרג; די שפלה (נידעריקע היגלען) פון נחל שורק אין צפון ביז דביר אין דרום; דאָס איז אַ געביט וואָס נעמט אַרום 625.000 דונאַם און האָט 40 ק"מ די לענג, דורכגעקרייצט פון שאָסיי הרטוב-בית גוברין. אויף דעם גאַנצן שטח איז נישטאָ מער פון 5 ישובים וועלכע פאַרנעמען עטלעכע טויזנט דונאַם. אַלעס איבעריקע איז ליידיק און אומבאַשיצט. קליינע אומבאַזעצטע בלאָקן ערד זענען אויך פאַראַן אין דער סביבה פון מבוא-ביתר, מעלה החמשה, נעבן דעם קליינעם דרייעק און אין עמק עירון. דער גלבוע-באַרג, מיט אַ שטח פון בערך 50 טויזנט דונאַם און אַ לענג, ביי דער גרענעץ, פון קרוב 20 ק"מ — איז אויך פריי פון אַ יידישן קאָלאָניסט.

אין גליל-באַרג איז ליידיק דער פּאַס ביי דער לבנון-גרענעץ, אויף אַ לענג פון 80 ק"מ בערך, און אַ שטח פון אומגעפער 200 דונאַם. צעפּראַלט איז אויך די געגנט פון צפת, אין מערב-זייט און מזרח-זייט ביז צום ירדן, צווישן כפר נחום און משמר הירדן. דאָס איז אַ בלאָק פון בערך 130 טויזנט דונאַם וווּ עס געפינען זיך 2 קליינע דערפער, עליפלט און עמיעד, און די שטאָט צפת וווּ די באַפעלקערונג פאַרמינערט זיך פון יאָר צו יאָר. פּוסט און פאַרשפּאַרט שטייט אויך פאַר אונדז דער אַראַבישער אויבער-גליל,

וואָס שפּרייט זיך אויס אויף 900 טויזנט דונאַם בערך און זיין אַראַבישע באַפעלקערונג, איינשליסלעך די שטאָט נצרת, ציילט 20.000 נפשות, אין פאַרגלייך מיט 300 יידן אין די צוויי אָרעמע דערפער: די באַנייענדיקע פּ ק י ע י ן און ש ז ו ר. די פרייע באַרג־שטחים, וואָס לאָזן זיך לאַנדווירטשאַפטלעך אַנטוויקלען דורך באַזידלונג, סומירן 1.150.000 דונאַם.

ה. — די עקזיסטירנדיקע לאַנדווירטשאַפט, סיי די אַלטע און סיי די נייע, צעוואַקסט זיך דורך אויסברייטערן צווייגן, פאַרבעסערן דעם באָדן, אינטענסיווירן באַאַרבעטונג־שיטות, און דער רעזולטאַט — די פאַרגרעסערונג פון דער פּראָדוקציע פון שפּייז און רוישטאָפן. די אַגראַר־פּראָדוקציע פון דער עקזיסטירנדיקער ווירטשאַפט נעמט שוין היינט אַרום 60־70 פּראָצענט פון די שפּייז־באַדערפענישן אין לאַנד, בעת די לאַנד־באַאַרבעטונג אין אירע תחומים איז נאָך נישט דערגאַנגען צו אַ הויכפּונקט און די ווירטשאַפטלעכע אויסשטאַטונג איז נאָך נישט דערגאַנצט געוואָרן, די נייע פּלאַנטאַציעס גיבן נאָך נישט קיין פּרוכט און דער פּראָצענט באַוואַסערטער באָדן גרייכט נישט מער ווי צו אַ פערטהלק פון באַאַרבעטן שטח. דער פאַנאַנדערבלי פון דער עקזיסטירנדיקער ווירטשאַפט אין גאַנג צו זיין שליחות און דערגרייכונג פון זיין צוועק — פּראָדוקציע פון שפּייז און רוישטאָפן — איז פאַרזיכערט פון די עקזיסטירנדיקע באַדינגונגען: די איניציאַטיוו פון די מתישבים; ריכטיקע פאַך־אָריענטאַציע; אָרגאַניזיר־אַקציע; עפעקטיווער אַפּואַץ און דאָס אַפּזוכן אַ באַלאַנסירטן קרעדיט.

ו. — די עקספּערטיזע־דאַטן פון באָדן, וואָס זענען אונטערגעצויגן געוואָרן דורך פאַרשיידענע שיטות, ווייזן, אַז אַנגעמען אַ שטח פון 5 מיליאָן דונאַם פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכער באַאַרבעטונג, נאָך אַ מעליאָראַציע און פאַרבעסערונג — איז ריכטיק און רעאַל, און צו דעם וועלן נאָך צוקומען ביי 2 מיליאָן דונאַם פאַר פּאַשע און באַוואַלדונג.

ז. — עס ווערט אַלץ מער קלאָר, אַז די אָנגענומענע אָפּשאַצונג

פון וואַסער־קוואַנטום פאַר איריגאַציע, איז נישט רעאַל. דער דאָזיקער קוואַנטום איז איצט רעדוצירט געוואָרן (טיילווייז צוליב פּאָליטישע טעמים) ביז 1,5 מיליאַרד קוביק־מעטער. לויט די וואָס קאַלקולירן 500 קוביק־מעטער וואַסער פער דונאַם, וועט דאָס קוואַנטום קלעקן פאַר דריי מיליאָן דונאַם און דעמאָלט וועט דער באַוואַסערטער שטח אַרומנעמען 60 פּראָצענט פון גאַנצן אַקערפעאיקן באָדן, און לויט דער מיינונג פון די וואָס באַרעכענען 600 קוביק־מעטער וואַסער פער דונאַם — וועלן איריגירט ווערן 2,5 מיליאָן דונאַם, ד"ה אַ העלפט פון אַקערפעאיקן שטח.

## דאָס פאַרטיילטע וואַסער, ווהין?

עס איז אויבן געזאָגט געוואָרן, אַז די פאַקטן דאַרפן אונדז דינען ווי ריכטליניעס פאַר אונדזער באַזעצונג איצט און אין דער צוקונפט און מיר וועלן צוגעבן, אַז אויך אין דער ריכטונג פון די צווייגן אין דער קעגנוואַרטיקער און צוקונפטיקער לאַנדווירטשאַפט, אין דער מאָס וואָס זייער אַנטשטייאונג און מעלה זענען אָפּהענגיק פון באַוואַסערונג. די הויפּט־פּראָבלעם איז דאָס וואַסער. נאָכדעם ווי אונדזער וואַסער וועט נישט קלעקן צו פאַרוואַנדלען אונדזער גאַנצן באָדן אין איריגירטע שטחים, מוז מען עקזאַמינירן די לוינבאַרקייט פון יעדן לאַנדווירטשאַפטלעכן צווייג לויט זיין פאַרבינדונג מיט וואַסער. אויב אַ דונאַם פישפּאַנג אין באַסיינען פאָדערט 5 טויזנט קוב"מ וואַסער אַ יאָר, און אַנדערע מקילים מיינען — 3.500. און דאַקעגן באַנוגנט זיך אַ דונאַם ציטרוס מיט 600 אָדער 700 קוב"מ וואַסער אַ יאָר — דעמאָלט וועט דער וואַסער־קריטעריום אַנטשיידן לטובת ציטרוס־פּלאַנטאַציעס און וועט גוזר זיין אויף דעם צווייג פון פישפּאַנג אין באַסיינען, אַז נישט נאָר ער זאָל זיך נישט פאַרשפּרייטן, נאָר אַפילו אַנולירן דאָס עקזיסטירנדיקע, סיידן ער פאַרברויכט פּסולע וואַסער כדי צו איריגירן קולטור־פּלאַנצן און ס'איז נישט מעגלעך עס צו מישן מיט גוט וואַסער. דאָס זעלביקע איז חל אויף באַנאַנע־פּלאַנטאַציעס, וואָס אויב זי נייטיקט זיך אין וואַסער

כמעט דריי מאָל מער ווי באַוול — טאָ זאָל געגעבן ווערן פאָרצוג־רעכט דעם באַוול, אַז זיי ביידע, די ציטרוסן און דער באַוול, זאָלן אויסברייטערן די באַוואַסערטע שטחים און אונדז דערנענטערן צו דער עקאָנאָמישער זעלבשטענדיקייט פיל מער ווי דער קאַרפּ און די באַנאַנע.

אָבער נישט בלויז צו באַלאַנסירן די לאַנדווירטשאַפטלעכע צווייגן לויט זייער וואַסער־באַדאַרף — צווינגט אונדז דער פאַקט פון געפינען וואַסער פאַר אַ העלפט פון אונדזער באָדן; די הויפּט־כוונה פון דעם פאַקט איז צו קאָאָרדינירן די קאָלאָניזאַציע אין אַלע טיילן פון לאַנד. און דאָ איז פאַראַן אַ פּלאַץ צו פרעגן: דאָס דאַזיקע פאַרטיילטע וואַסער — וווהין זאָל עס גיין? אין צפון־געגנטן וווּ עס געפינען זיך זיינע הויפּט־מקורות און בשכנות פון די שטחים און ממילא וועט דער באַנוץ זיין עקאָנאָמיש, ווייל שוין דאָס פלאַכלאַנד אין צפון שטייגט איבער דעם פאַראַנענעם כמות וואַסער אויף אי־ריגאַציע, אָדער עס זאָל פליסן קיים דרום, צום ווייטן נגב און דער־צו וועט נייטיק זיין אַ גוואַלדיקע אינוועסטיציע און גרויסע לויפיקע הוצאות און ווו זיי וועלן נישט זיין עקאָנאָמיש? געוווען טאַקע עמי־צער וואָס האָט געפּסקנט לטובת דעם צפון, אָבער די וואָס זעען אונדזער לאַנד ווי איין בלאָק, נישט בלויז פון שטאַנדפּונקט אַז עס דאַרף תיכף דערגרייכט ווערן עקאָנאָמישע זעלבשטענדיקייט — נאָר זעענדיק אין פּערספּעקטיוו די צוקונפט און אירע פּאָליטיש־רוימלעכע און עקאָנאָמישע באַדערפענישן — אַזאַ וועט דעם אור־טייל נישט אָננעמען אינגאַנצן, ווייל די בחירה איז נישט צווישן נאָענט און ווייט, נאָר צווישן לעבן און טויט. דער צפון איז באַשאָנ־קען מיט גוטע סגולות פון באָדן און קלימאַט. דער רעגן פאַלט אויס אין אַ גוטער מאָס און ערטערווייז — מיט שפע, פון 600 מ״מ אַ יאָר און מער. אין צפון קען מען אַנטוויקלען אינטענסיווע לאַנדווירט־שאַפטלעכע צווייגן אויך אָן אַ צוגאָב פון איריגאַציע־וואַסער. אמת, דורכדעם וועט רעדוצירט ווערן די גערעטעניש, דערפאַר אָבער וועט זיך פאַרגרעסערן די באָדן־איינהייט פאַר אַ ווירטשאַפט. נישט אַזוי

איז די לאַגע אין טרוקענעם נגב, וואָס אויב ער וועט זיין אויסגע־שטעלט בלויז אויף רעגן — וועט ער פאַרמאָגן פּלאַץ בלויז פאַר מיזערנע פּאַסטוכער־וואַנדערער און די באָדן־איינהייט פאַר אַ ווירטשאַפט וועט זיך דאַרפן אויסשפּרייטן אויף הונדערטער דונאַם. אָן איריגאַציע־וואַסער איז דער נגב פאַרמשפּט צו זיין אַ מדבר ווי ביז איצט און קיין ייד וועט דאָרט נישט קענען וווינען. מיט אַנדע־רע ווערטער — דאָס איז דער טויט פון גרויסן רוים פון אונדזער מדינה. פונדאַנען איז צו לערנען, אַז בעת דער פאַרטיילונג פון וואַ־סער מוזן מיר פאַרזיכערן די נייטיקע מאָס פאַרן נגב, וואָס זאָל אויסמאַכן כאָטש 40 פראָצענט, ד״ה 600 מיליאָן קוביק־מעטער.

אַ דאַנק דער באַזונדער אייגנשאַפט פון לייס־באָדן און לייס־זאַמד אין צפון־מערבדיקן נגב וואָס פאַרלירט נישט זיין וואַסער, נאָר היט עס אויף פאַרן פלאַנץ, אַזוי אַז דער כמות וואַסער פאַר דור־נאָם וועט דאָ נישט איבערשטייגן דעם צפון־לאַנד, איז זיך פאַרצו־שטעלן אַז 600 מיליאָן קוביק־מעטער וועט קלעקן פאַר אַ שטח פון 1,5 מיליאָן דונאַם ברוטאָ — דער אַקערפעאיקער שטח. היינט צו טאָג נעמט דער נגב פון וואַסער אין לאַנד, בערך 10 פראָצענט. זיין אָנטייל אין דער אַנטוויקלונג פון דער לאַנדווירטשאַפט איז אַ קליי־נער, מחמת ביז מיר וועלן דערגרייכן צו דער פולער מאָס פאַר איריגאַציע (אַנדערהאַלבן מיליאַרד קוביק־מעטער), וועלן נאָך פאַרביי־גיין נישט ווייניק יאָרן — אין איינקלאַנג מיט דער אויספירונג פון לאַנד־פּלאַן פאַר וואַסער — אַזוי אַז צוטיילן איצט מער וואַסער דעם צפון דיסקרימינירט דעם נגב און „פאַרגליווערט״ זיין באַזעצונג, וואָס איז זייער וויכטיק און אַקטועל פאַר דער זיכערקייט פון דער מדינה.

## דער איינציקער וועג פאַר „לייכטער״ קאָלאָניזאַציע

די מסקנה איז, אַז אַ נייע קאָלאָניזאַציע אין „צפון״ (פון 300 מ״מ רעגן און העכער) אויף אַ יסוד פון איריגאַציע באַשעדיקט די וויטאַליטעט פון נגב, וואָס וועט נישט בלויז פאַרלירן דעם המשך

פון זיין באזעצונג, נאר אפילו די אנטוויקלונגס-פעאיקייט פון די עקזיסטירנדיקע ישובים וועט שווער געטראפן ווערן צוליבן מאנגל אין דער כמות וואסער פאר דער באזישער ווירטשאפט-איינהייט. אט דערפאר מיין איך, אז מען דארף באצייכענען דעם קאלאניזאציע-פלאן אין פלאכלאנד פון לכיש-ראיאן ווי א טעות וואס דארף פארריכט ווערן. מיר האבן פריער דערמאנט (אפשניט א׳, קאפ. א׳), אז אט דאס פלאכלאנד אין דרום-טייל פון לאנד איז דער איינציקער רעזערוו פאר „לייכטער" קאלאניזאציע. מען דארף זי אפהיטן פארן „מיטלשטאנד" פון די מערב-לענדער, וועלכער ווערט דורך אונדז גערופן עולה צו זיין און זיך דא באזעצן. אויב דער רעזערוו וועט איצט אויסגענוצט ווערן פאר דער באזעצונג פון אומבאמיטלטע נייע עולים, וועט נישט זיין קיין פלאץ פאר דעם מין עולים, אין וועלכע מיר זענען פאראינטערעסירט זיי זאלן עולה זיין און זיך באזעצן אין דארף און נישט אין שטאט. די דאזיקע וועלן נישט גיין אין נגב — על כל פנים נישט אין די נעקסטע יארן — און וועלן נישט ארויפשטייגן אויפן בארג. און אויב אויך די שטיק ערד וועט נישט שטיין צו זייער פארפיגונג — פארהאלטן מיר בידים זייער עליה אדער מיר שטויסן זיי אין שטאט. די רעזערווע דארף דינען דעם צוועק נאך אין משך פון לאנגע יארן, און דערווייל ווערט זי ראציאנעל באארבעט לויט אן עקסטענסיווער שטה פון צייטווייליקע ארענדאטארן און איר גערעטעניש פלעכט זיך אריין אין דער לאנדווירטשאפטלעכער פראדוקציע וואס האלט אין וואקסן.

די ריכטונג פון דעם ווענדפונקט צו מאכן אריינשטראמען וואסער אין צפון-מערבדיקן נגב איז מחייב א נייע אויסרעכענונג אין דער טעטיקייט פון תה״ל און מקורות — די צוויי זיילן פון פלאנירונג און אויספיר אין די טעריטאריעלע און רעגיאנעלע וואסער-ווערק. צו דער נייער קאלקולאציע דארפן אויך צושטיין די פלאנירער פון דער לנאדווירטשאפט און די וואס באשטימען די דימענסיעס פאר די ווירטשאפט-איינהייטן. דאס וואס א טייל פון צפון — און א באדייטנדיקער טייל — וועט נישט באוואסערט ווערן,

ליגט אַרויף אויף אַלע צדדים, וועלכע באַטייליקן זיך אין דער לאַנד־באַזעצונג, אַ פליכט צו עקזאַמינירן קאָנווענציאָנעלע ווערטז און יסודות, כדי נישט נאָכשלעפּן זיך אַ רוטין, וואָס אַנטהאַלט אומפּאַר־ריכטבאַרע פעלערן.

## די לייזונג ליגט אין באַרג

**דאָס פאַרהאַלטן אַ נייע באַזעצונג אין די צפון־פליינען און דאָס ריכטן די קאָלאָניזאַציע צום צפון־מערבדיקן נגב צוזאַמען מיט די וואַסער־רערן,** וועלן אומפאַרמיידלעך גורם זיין אַ האַסטיקן איבער־רייס פון אַ גרויסצוגיקער און שנעל־וואַקסנדיקער קאָלאָניזאַציע, אַ זאַך וואָס מיר טאָרן זיך איצט נישט דערלויבן, בעת מיר דערוואַרטן אַ מאַסן־עליה נישט נאָר פון צפון־אַמעריקע נאָר אויך פון מזרח־אייראָפּע און פון צפון־אַפריקע און מיר ווילן זי זאָל פאַרזעצן אין לויף פון די נעקסטע יאָרן. איז דאָך קלאָר אַז אַן לאַנדווירטשאַפט־לעכער קאָלאָניזאַציע וועט נישט זיין קיין אַבסאָרבציע פאַר אַט די עולים! אָבער די לייזונג קומט פון באַרג־געביט.

עס איז אויבן אָנגעדייט געוואָרן, אַז אין די באַרג־געגנטן וואַרטן אויף באַזעצונג אַן ערך 1.150.000 דונאַם. זיי טיילן זיך אויין אין צוויי סוב־געביטן: די שפלה, מיט אַ הויך פון 200 מעטער אי־בערן ים־אויבערפלאַך ביז 500 מעטער, און דער באַרג פון איבער 500 מעטער. די שטחים אין דער שפלה נעמען אַרום 750.000 דו־נאַם, און אַלע געפינען זיך אין דרומדיקן באַרג בעת די שטחים אויפן הויכן באַרג באַטרעפן 400 טויזנט דונאַם, פון זיי אין דרומדיקן באַרג (יהודה) 90.000 דונאַם און אין צפונדיקן (אויבער גליל) 310 טויזנט דונאַם. נאָר דער דרום־טייל פון דער שפלה, ביי 200.000 דו־נאַם, געפינט זיך אין דער ליניע פון 350־400 מ״מ רעגן, אַלעם אי־בעריקע געפינען זיך אין אַ געגנט פון 400 מ״מ און מער. אין די מאַנדאַט־צייטן זענען 35 פראָצענט פון די שטחים געווען באַאַרבעט פאַר זריעה און פלאַנטאַציעס, ד״ה אַן ערך פון 400.000 דונאַם, און די איבעריקע האָט געדינט פאַר פאַשע. ביים היינטיקן טאָג באַאַר־

בעט מען דאָרט נישט אַפילו קיין 10 פּראָצענט און די גרעסטע מערהייט איז וויסט, פאַרוואַקסן מיט ווילדע געוויקסן וואָס דינען ווי גלענצנדיקער שטאָף פאַר שרפות און באַהעלטענישן פאַר אונ־זערע שונאים, די נאַכט־אַריינדרינגלער.

כדי צו אַנטוויקלען אַן אינטענסיווע לאַנדווירטשאַפט אין דעם ראַיאָן, איז נייטיק וואָס שנעלער צוגרייטן דעם באָדן. אַדאַנק אַ גרינטלעכער און אומאיבערגעריסענער הכשרה קען מען דערגיין צו אַקערפעאיקן שטח פון איבער 360.000 דונאַם און אַדאַנק אַ טיילווייזע הכשרה וועלן צוקומען נאָך 140.000 דונאַם, אַזוי אַז דער שטח פאַר אינטענסיווער לאַנדווירטשאַפט וועט גרייכן אַ האַלבן מיליאָן דונאַם. פון עודף קען מען באַנוצן 425.000 דונאַם פאַר גוטע פּאַשע און 250.000 דונאַם פאַר באַוואַלדונג.

אַ האַלבער מיליאָן דונאַם, נאָך דער געהעריקער צוגרייטונג, וועט בילדן די באַזע פאַר ווירטשאַפטן וואָס זאָלן באַשטיין פון תבואה — 60.000 דונאַם, פלאַנטאַציעס פון ערשטע קאַטעגאָריע — 120.000 דונאַם, פלאַנטאַציעס פון צווייטער קאַטעגאָריע — 140.000 דונאַם. די פלאַנטאַציעס פון ערשטער קאַטעגאָריע נעמען אַרום: עפּל, באַרן, אייראָפּעיִשע פלוימען, פערשקעס, ניס און עס־טרויבן — אין הויכן באַרג; מאַנדלען, משמשים, יאַפּאַנישע פלוימען און ווייַן־טרויבן — אין דער שפלה. אין די פלאַנטאַציעס צווייטער קאַ־טעגאָריע גייען אַריין: איילבירטן, פייגן און באָקסער. די לעצטע וועלן פאַרנעמען אַ שטח פון 100 טויזנט דונאַם. גרינצייג וועט זיין באַוואַסערט און די פלאַנטאַציעס פון ערשטער קאַטעגאָריע וועלן זומער־צייט געניסן פון צוגאָב־איריגאַציע אין דער פּראָפּאָרץ פון 150-100 קוביק־מעטער וואַסער פאַר אַ דונאַם אין יאָר. דאָס אַלגע־מיינע וואַסער־קוואַנטום פאַר דער גאַנצער געגנט סומירט זיך אין 30 מיליאָן קוב"מ וואַסער אַ יאָר.

דער צוזאַמענשטעל פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע צווייגן וואָס זענען אויבן דערמאָנט געוואָרן, שאַפט אַ ווירטשאַפטלעכע באַזע פאַר 12.000 משפּחות. די ווירטשאַפט־איינהייט וועט אין דורכשניט

באַטרעפֿן, אַלזאָ, איבער 90 דונאַם ברוטאָ און דאָס יערלעכע קוואַנ־טום וואַסער וואָס יעדע משפחה וועט פאַרברויכן וועט דערגיין אומ־געפער צו 2.500 קוב"מ.

## איבערגאַנג-פּעריאָד

די סטאַביליזאַציע פון נייעם ישוב אין דער געגנט וועט זיך אַרויסהעלפֿן מיט דער אַרבעט וואָס ער וועט באַקומען אין משך פון 5-6 איבערגאַנגס-יאָרן, ביז די פּלאַנטאַציעס וועלן געבן פּרוכט. אַרבעט וועט זיין גאָר פיל: אַ פּאָרזיכטיקע אָפּשאַצונג האָט באַוויזן, אַז אין באָדן-הכשרה וועלן אַריינגעלייגט ווערן 8,2 מיליאָן אַרבעט־טעג און אין באַוואַלדונג 3-6 מיליאָן; צוזאַמען 11,8 מיליאָן אַרבעט־טעג פון קרן-קימת-בודזשעט. איצט דאַרף מען צוגעבן 6,3 מיליאָן אַרבעט-טעג ביים פּלאַנצן די פּלאַנטאַציעס און זיי אויפהיטן פון בודזשעט פון דער קאָלאָניזיר-אינסטאַנץ: ס"ה — 18,1 מיליאָן אַר־בעט-טעג. אויב מיר זאָלן אָננעמען אַז פאַרזיכערטע באַשעפטיקונג פאַר אַ משפחה הייסט 250 אַרבעט-טעג אין יאָר, מחוץ דער אַר־בעט אין דער אייגענערווירטשאַפט, ווי אַ הינטערשטייג און שטאַל, וואָס פאָדערן זיך אין די ערשטע טעג פון קאָלאָניזאַציע — הייסט עס אַז אָט די אַרבעטן וועלן באַשעפטיקן 12.000 אַרבעטער אין משך פון 6 יאָר.

די אויסגעהאַלטנקייט פון אָט דער מזיגה צו שאַפן באַדינגונ־גען פאַר לאַנדווירטשאַפט און בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג פון די עיקרדיקע אַגראַר-צווייגן, אין וועלכע עס נעמען אָנטייל דער באָדן־בודזשעט און דער קאָלאָניזירט-בודזשעט — איז שוין באַוויזן גע־וואָרן אין די באַרג-געגנטן לגבי דעם זידלער, אַ נייער עולה אין מי־טעלן עלטער. אין דער איבערגאַנגס-תקופה וואָס דויערט 4-6 יאָר, פּאַסט ער זיך צו צו דער אַרבעט, שאַפט זיך איין ידיעות און פּאַכ־מענישקייט אין דער לאַנדווירטשאַפט און געוווינט זיך צו צו ווירט־שאַפטלעכער זעלבשטענדיקייט. די נייע עולים פון צפון-אַפריקע זעען אַלע אויס צו זיין אַ גוטער עלעמענט פאַר דעם מין קאָלאָני־

זאַציע, איבערהויפּט ווען זיי וועלן ווערן אָריענטירט און צוגע־פּאַסט פאַר דער טענדענץ און מיסיע פון אַט דער קאָלאָניזאַציע.

די פאַרווירקלעכונג פון דער קאָלאָניזאַציע אין די בערג אין משך פון 4 יאָר, ד״ה דאָס באַזעצן 3.000 משפּחות אַ יאָר לויט אַ פאָרויסגערעכנטן און פּינקטלעך אויסגעאַרבעטן פּלאַן, וועט באַ־טראַכט ווערן ווי אַ גרויס ווערק וואָס וועט מיטאַמאָל לייזן עטלע־כע גאָר וואָגיקע פּראָבלעמען: דער המשך פון דער קאָלאָניזיר־טע־טיקייט און די פאַרזיכערונג פון אַ גוטער אינטעגראַציע פאַר צענד־ליק טויזנטער נפשות, דאָס אינקאָרפּאָרירן אַ מיליאָן דונאַם אין עקאָנאָמישן פּראָדוקציע־קרייז פון דער מדינה און דאָס פאַרשטאָפּן געפערלעכע שפּאַלטן אויף די גרענעצן. דערווייל וועט אָנגעזאַמלט ווערן וואַסער פאַר צפון־מערבדיקן גליל און די קאָלאָניזאַציע וועט אויך געריכטעט ווערן אַהין, כדי אים צו פאַרשטאַרקן און באַ־פעסטיקן.

פאַרפעסטיקן די מדינה אין איר פולן פאַרנעם — דאָס איז אונ־דזער לאָזונג פאַר די קומענדיקע צען יאָר.

מאַי, 1955.

# ירושלים הבנויה

„ירושלים הבנויה כעיר שחוברה לה יחדו״.

(תהלים, קכ״ב. ג׳)

„די אויפגעבויטע ירושלים ווי אַ שטאָט וואָס
איז פֿאַראייניקט צוזאַמען״.

בעת מיר דריקן היינט אויס אַ ווונטש, אַ דורותדיקן פֿאָלקס־ווונטש, וועגן דער „אויפגעבויטער ירושלים״, צילן מיר דערמיט נישט בלויז צו דער שטאָט ירושלים — און מעג זי פֿאַרנעמען די מעגלעך־ברייטסטע תחומים — נאָר אויך צו אירע ברייטקייטן און ווייטקייטן, אין דער נייטיקער מאָס פֿון שאַפֿן אַ לאַנדווירטשאַפֿט־לעכע „סביבה״, אויף וועלכער די שטאָט זאָל זיך באַזירן. ביים היינטיקן טאָג, נאָך דער לעקציע וואָס מיר האָבן באַקומען וועגן ירושלים אין יאָר תש״ח, קענען מיר שוין נישט איבערחזרן דעם טעות וואָס מיר זענען, באַוווסטזיניק אָדער אומבאַוווסטזיניק, באַ־גאַנגען אין משך פֿון די 30 לעצטע יאָר פֿאַר דער באַפֿרייאונגס־קריג, ווען ירושלים איז געווען פֿאַראיינזאַמט און אָפּגעריסן פֿון יעדער ייִדישער סביבה. און אויב זי גופא איז געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט ביז 100 טויזנט נפשות, איז זי דאָך פֿאַרבליבן איינזאַם און אַנטבלויזט, ווייל זי איז געווען אַ הויפּטשטאָט אָן אַ לאַנד. דער פֿעלער מוז פֿאַרריכט ווערן, און בעת מיר ריידן היינט, נאָך דער אַנטשטייאונג פֿון דער מדינה, וועגן ירושלים אַלס איר הויפּטשטאָט און וועגן גרויסע פּלענער וואָס דאַרפֿן פֿאַרווירקלעכט ווערן כדי זי אויסצוברייטערן און גרויס־מאַכן, דאַן קענען זיי נישט זיין איינ־געשלאָסן אין די איצטיקע שטאָטישע תחומים, נאָר מיר מוזן זיך אויסשפּרייטן אויף די אַרומיקע געגנטן, צו דער פּעריפעריע.

ס׳איז שלעכט וואָס נישט די גאַנצע פּעריפעריע פון ירושלים געפינט זיך אין אונדזערע הענט. זי איז נאָך פאַרשפּאַרט פאַר אונדז אין דריי זייטן: דרום, מזרח און צפון. נאָר דער מערב איז אָפן און קאָנטראָלירט דורך אונדז. דערפאַר דאַרפן מיר, דערוויל, באַזירן דעם וווקס פון ירושלים און איר פאַרפעסטיקונג אויף אָט דער זייט און דורכפירן אַלע אויפריכטונג- און קאָנסאָלידאַציע-אַרבעטן פון דער זייט, אָנהייבנדיק פון אויסגאַנג-פּונקט, פון איר סביבה.

צוויי זענען די אויסגאַנג-פּונקטן פון ירושלימער „סביבה" פון מערב-זייט: די וואַסער-קוואַלן און קאָמוניקאַציע-וועגן. די וואַסער-קוואַלן שליסן איין דעם ירקון, וואָס האָט געליפערט וואַסער דער שטאָט אין דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט און וועט עס טאָן אויך אין דער צוקונפט, ווי אויך גרונט-וואַסער אין די זאַמדן פון רחו־בות - נס ציונה, וואָס בילדן רעזערוון פאַרן וואַסער-באַזאָרג אין ירושלים, איצט און אין דער צוקונפט. די קאָמוניקאַציע-וועגן זע־נען: די באַן און צוויי שאָסייען וואָס פאַרבינדן ירושלים מיט דער שפלה. דאָס זענען די עלעמענטן פון אָנהייב פעריפעריע, וואָס מוזן באַטראַכט ווערן ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון דער שטאָט, ממש אַ לעבעדיקער אבר. אַדאַנק אים און מיט אים וועט די שטאָט אויפ־געבויט ווערן, און אָן אים וועט זי פאַרבלייבן מדולדל און נאַקעט — אַפילו אויב די שטאָט זעלבסט וועט בויען הייזער און פאַרגרע־סערן איר באַפעלקערונג. הייסט עס: די מערבדיקע „סביבה פון ירושלים" שפּרייט זיך אויס לענגאויס אירע שאָסייען נישט בלויז אויפן באַרג, נאָר אויך אויף דער שפלה — ביזן תחום פון ים-ברעג געגנט. אין דער ברייט, ווידער, געפינט זיך די סביבה אינערהאַלב דער יוריסדיקציע פון דער יידישער אַרמיי און פון דער ישראל־רעגירונג. די אַנטוויקלונג פון דער סביבה דאַרף זיין געריכטעט אַזוי, אַז זי זאָל באַדינען די הויפּטשטאָט ירושלים: דורך פאַר־שטאַרקן די וואַסער-ליניעס און קאָמוניקאַציע-וועגן און דורך שאַפן יידישע דערפער וואָס זאָלן זיין עקאָנאָמיש און קולטורעל מיט איר פאַרבונדן.

אַט די סביבה וואָס הייסט היינט „קאָרידאָר", דאַרף זיך אויס־שפּרייטן אויף אַ האַלבן מיליאָן דונאַם: פון צפון הייבט זי זיך אָן ביי דעם מקור פון ירקון און ציט זיך צופוסנס פון דער שפלה ביז בן־שמן, און דאָ הייבט זי זיך אויף מיט דער שפלה הינטער בית נבלה — די תנ"כישע נבלט — ביז די בערג, צפון פון קרית ענבים; פון דרום הייבט זי אָן אין חולדה און גייט אַרויף אין אַ כמעט גלייכער ליניע, צו דרום פון הר־טוב ביז די גרענעצן פון דער שטאָט. די ברייט אין דער באַזע פון קאָרידאָר דערגייט צו 40 ק"מ, אָבער אינמיטן די בערג גרייכט נישט די ברייט מער ווי ביז 13 ק"מ. אָבער ביים היינטיקן טאָג האַלטן מיר נישט דעם גאַנצן קאָ־רידאָר. דער שונא הערשט נאָך אין עטלעכע פלעצער פון דער צפון־ליניע. מיר האַלטן היינט אַ שטח פון אומגעפער 350 טויזנט דונאַם.

די פּלאַנירונג פון „דער אויפגעבויטער ירושלים" איז געצילט צו אַנטוויקלען דריי ראַיאָנען פון דער פּעריפעריע צום צענטער, נעמלעך: דאָס דאָרף, די פאָרשטאָט און די שטאָט. אין דאָרפס־ראַ־יאָרן ווערט אַריינגענומען די שפלה ביז שער־הגיא, און אויך אַ טייל פונעם באַרג, פון שער־הגיא ביז נאָך קרית ענבים. דער דאָזיקער שטח אין די דורך אונדז געהאַלטענע תחומים גרייכט צו 270 טויזנט דונאַם אין באַרג. אָבער די לאַנדווירטשאַפטלעך־טויגלעכע ערד איז נישט מער ווי בלויז 200 טויזנט דונאַם. די איבעריקע 120 טויזנט דונאַם איז באַשטימט פאַר באַוואַלדונג. אין דעם ראַיאָן איז דער־ווייל פאַראַן פּלאַץ פאַר 4.150 לנדווירטשאַפטלעכע משפחות, לויטן קריטעריום פון 60 דונאַם אין דער שפלה און 25 אין באַרג — יעדע איינהייט. אין דער צוקונפט, ווען עס וועט געבראַכט ווערן מער וואַסער אין דער שפלה און דער איריגירטער שטח וועט וואַקסן, וועט געשאַפן ווערן אַ מעגלעכקייט צו פאַרגרעסערן די צאָל לאַנד־ווירטן. די קאָלאָניסטן וועלן וווינען אין 52 ישובים, ד"ה אין דורכ־שניט 80 ווירטשאַפט־איינהייטן אין יעדן ישוב. די פונקטן וועלן אַנטשטיין אַרום דעם ערשטן וואַסער־קוואַל אין ראש־העין, לענג־אויס די רערן אויף זייערעביידע אָפּצווייגונגען און לענגאויס די

וועגן וואָס פירן אין דריי ריכטונגען: די באַן־ליניע, כביש הגבורה און כביש לאַטרון. זיי וועלן שאַפן די נעץ ישובים וואָס וועט באַדעקן די ירושלימער לאַנדווירטשאַפטלעכע סביבה. אין דער ראַם זענען שוין אַנטשטאַנען 8 ישובים: 5 אין דער שפלה און 3 אין באַרג.

דער פאַרשטאָט־ראַיאָן וועט זיך פאַרשפּרייטן אויף די הויכע בערג ביים שטאָט־אַריינגאַנג אויף אַ שטח פון לערך 50 טויזנט דונאַם. דער אַקערפעאיקער באָדן פאַרנעמט נישט מער ווי אַ פערטחלק פון דעם אַלגעמיינעם שטח און ער געפינט זיך בעיקר אין די טאָלן צווישן די בערג. דאָ און דאָרט אויך אויף די צפונדיקע שפּועים און אויף די היגלען. רעגן־וואַסער וועט געזאַמלט ווערן אין גרויסע באַסיינען, וואָס זאָלן אויסגעהאַקט ווערן אין די בערג און וועלן פאַרזאָרגן וואַסער אָנצוטרינקען די עפעקטיווסטע פלאַנצן. דאָ וועט אַנטשטיין די אַממערסטן אינטענסיווע ווירטשאַפט אויף אַ שטח פון 4 ביז 5 דונאַם. די טענדענץ איז, אַז אויב קיין פולע פרנסה וועט אפשר דער שטח נישט ברענגען זיינע באַוווינער, וועלן זיי אָבער יאָ האָבן די גרעסטע טייל פרנסה. דאָס איבעריקע וועט דער קאָלאָניסט דערגענצן מיט אַרבעט — אויף זיין אָרט אָדער אין דער שטאָט, און דורך אויסהאַלטן דאַטשע־ און אָפּרו־אַנשטאַלטן. ווייל, נעבן די דאָרפישע הילפס־ווירטשאַפטן, וועלן אויף די בערג אַנטוויקלט ווערן וועלדער און וועלדלעך ווו די אַרבעטנדיקע וועלן געפינען אָפּרו און דערהאָלונג. אַזעלכע אַנשטאַלטן וועלן אויפגעשטעלט ווערן אין דעם ראַיאָן פאַר גרויס און קליין; דאָ און דאָרט וועלן אַנטשטיין אינדוסטריעס כדי אויסצונוצן די נאַטירליכע רוישטאָפן ווי, למשל, שטיין, קאַלך און ענלעכעס. 10 פאַרשטעטישובים וועלן דאָ אַנטשטיין און אין יעדן איינעם וועלן זיך באַזעצן ביי 200 משפחות.

אין ביידע ראַיאָנען וועלן, הייסט עס, אַנטשטיין 62 ישובים, וואָס וועלן ציילן איבער 6.000 לאַנדווירטשאַפטלעכע משפחות — מחוץ פאַבלייט און אַנדערע, וועלכע וועלן גרייכן די צאָל פון 1.500.

אָבער דורך קאָלאָניזאַציע וועט אויסגענוצט ווערן בלויז די

„גוטע" ערד. דער פעלדזיקער באָדן, ווידער, וואָס איז נישט גע־
אייגנט פאַר לאַנדווירטשאַפט און פאַרנעמט אַ שטח פון 150 טויזנט
דונאַם — וועט קיין תיקון נישט האָבן סיידן דורך באַוואַלדונג. דער
רוב איז טאַקע באַשטימט פאַר דעם. כדי צו באַדעקן אָט די שטחים
מיט גרינע ביימער וועט נייטיק זיין צו פלאַנצן קרוב 30 מיליאָן
ביימער. די אַרבעט וועט פאָדערן 3,5 מיליאָן אַרבעט־טעג. אויב זי
וועט דורכגעפירט ווערן אין משך פון 15 יאָר, קען זי באַשעפטיקן
1.000 אַרבעטער אַ יאָר און עס וועט זיין אַ וויכטיקע הילף די נייע
ישובים פאַר די ערשטע גרינדונגס־יאָרן און אין משך פון זייער
עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג.

דער שטאָטישער ראַיאָן גופא, ווו דער מערב־תחום וועט גרע־
נעצן מיטן פאַרשטאָט־ראַיאָן, וועט אויסגעברייטערט ווערן אין
איינשליסן טויזנטער נייע דונאַם. די פלאַנירונג וועט זיין געצילט
אויסצונוצן יעדן שטח פאַר דער בעסטער באַשטימונג טאָפּאָגראַ־
פיש, קלימאַטיש און אַגראַריש. די אָפּגעשלאָסענע טאָלן צווישן די
בערג וועלן נישט דינען פאַר מענטשן־וווינונגען, נאָר פאַר פלאַנצן
— אין פאָרם פון שפּאַציר־פּאַרקן, צי אין פאָרם פון בלומען אין
גרינס־גערטנער, באַוואַסערט דורך אָפּגוס־וואַסערן וואָס וועלן גע־
רייניקט און געזאַמלט ווערן אין באַזונדערע באַסיינען.

נאָכן באַפרייאונגס־קריג האָבן מיר באַקומען די מעגלעכקייט
צו קאָנצענטרירן גרויסע ערד־שטחים, כדי צו פלאַנירן אויף אַ ראַ־
ציאָנאַלן אופן די שטאָט־בוי־פּלענער. אַזוי וועלן באַקעמפט ווערן
די טייערע פרייזן פאַר באָדן, פון וועלכע ירושלים לײדט גאַר באַ־
זונדער נאָך פון די מאַנדאַט־צייטן. דער ווערט פון צוגעקומענע
שטאָטישן באָדן וועט זיין רעאַל, אָן שום אַבסאָלוט־אומבאַרעכ־
טיקטן ספּעקולאַנטישן פרייזן־אויפשרויף. אַזוי אַרום וועט אויך בי־
ליקער ווערן דער איבעריקער שטאָטישער באָדן און ירושלים וועט
לייזן איינס פון אירע שווערע פּראָבלעמען. אַדאַנק דער סיסטעמאַ־
טישער פלאַנמעסיקייט וועט מען קודם־כל אויסמיידן צו פאַרבויען
די לייכטע פלעצער ווו קיין שווערע הכשרה (באָדן־צופּאַסונג) איז

נישטאָ און אַזוי וועלן געעפנט ווערן נייע האָריזאָנטן פאַר מאַכן אַרבעטער צו דערווערבן אַ דאַך איבערן קאָפּ. אויך די אינדוסטריע וועט פון דעם געניסן און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס — גרויסע צי קליינע — וועלן שוין מער נישט שטיין פאַרן מכשול, פון זיין געצוווּנגען צו בויען אויף אומפּאַסיקע פּלעצער וועלכע זענען אָבער מיט גאָלד צוגלייך.

די אויספירונג פון פּלאַן פאַר דער אויסגעבויטער ירושלים נייטיקט זיך קודם-כל אין באָדן. ס׳איז נייטיק אַז דער באָדן זאָל זיך געפינען אין אונדזער באַזיץ, דאָס הייסט, ביי דער פאָלקס-אינסטיטוציע, וואָס זאָרגט פאַר נאַציאָנאַלער קאָנסאָלידאַציע און וווּקס. דער קרן קימת לישראל וואָס זעט זיך ווי דער שליח פון פאָלק פאַר דעם צוועק, האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו דערווערבן דעם באָדן אין די דריי ראַיאָנען פון „דער אויפגעבויטער ירושלים". אין די אַרבעטס-פּלענער פון דעם יאָר איז אַריינגעפּלאַכטן די אויפגאַבע פון דערווערבן 180.000 דונאַם, פון וועלכע 170.000 געפינען זיך אין די ראַיאָנען פון דאָרף און פאָרשטאָט, ד"ה 85 פּראָצענט פון דער פאַראַנענער לאַנדווירטשאַפטלעכער ערד. די איבעריקע וועט אויך אַריבערגיין צום קק"ל. אַוודאי וועט ער אויך דאַרפן דערווערבן אַ טייל פון באַוואַלדונגס-שטח, ווייל פאַרווירקלעכן די באַוואַלדונג אין אַ ברייטן מאַסשטאַב, דאָ און אין אַנדערע טיילן פון דעם לאַנד, וועט די מדינה נישט קענען מאַכן נישט איצט און נישט אין דער צוקונפט, נאָר דער קק"ל וועט מוזן נעמען אויף זיך די דאָזיקע אויפגאַבע אין אַ קענטיקער מאָס פאָדערנדיק ביים גאַנצן פאָלק בייסטייערונגען לטובת דער לאַנד-באַוואַלדונג. מיט דעם איז נאָך קק"ל נישט יוצא. אויך ביים לייזן די וואַסער-פראַגע פאַר די ישובים אין דאָרף און פאָרשטאָט-ראַיאָנען וועט ער דאַרפן צולייגן אַ האַנט און אין ערשטן קאָלאָניזיר-בודזשעט וועט ער דאַרפן אַנטיילנעמען. גלייכצייטיק איז ער אַ שותף צו הייבן די שטאָט-עקאָנאָמיק דורך אורבאַנישער און אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג.

אין אויפבוי פון גרויס-ירושלים, די שטאָט מיט אירע פאַר-

שטעט און דערפער — דערשיינט אַלזאָ דער קרן־קימת ווי אַן אָנגעזעענער פאַקטאָר, אפשר ערשטראַנגיק. דער קק״ל וועט אויםטראָגן דעם יאָך פון צושטעלן ערד, באַטייליקונג אין וואַסער און אַנטוויקלונג פון דער קאָלאָניזאַציע, פאַרשפּרייטונג פון וואַלד און פאַרשטאַרקונג פון דער שטאָט. אין די יסודותדיקע טעטיקייטן פון קק״ל, איצט און אין דער צוקונפט, איז איינגעפלאָכטן די גרויסע טענדענץ אויפצושטעלן און קאָנסאָלידירן דעם פּרוזדור: קאָרידאָר, די סביבה פון ירושלים, ער זאָל זיין ראוי צום טרקלין — די הויפּטשטאָט ירושלים. נאָכן פאַרווירקלעכן די טענדענץ, וועט מקוים ווערן די דורות־אַלטע תפילה — וועגן „ירושלים הבנויה״.

„הארץ״, ניסן תש״ט.

# וואַלד און באַוואַלדונג אין מדינת ישראל

„אז ירננו כל עצי־יער“.

(תהלים צ״ו, י״ב)

„דעמאָלט זאָלן זינגען אַלע ביימער אין וואַלד“.

## א.

בעת מלכות־ישראל האָט זיך איינגעשטעלט אין לאַנד, איז געקומען פרייהייט פאַרן מענטש, אַ גאולה פאַר דער ערד און באַפרייאונג פאַרן בוים. און אַז מען זאָגט בוים, מיינט מען טאַקע דעם וואַלד־בוים, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין ששת ימי בראשית ווי אַ גוטער מלאך צו געבן שוץ און שפּייז דעם מענטש, באַוואַלדונג און פאַרטיידיקונג דער ערד. דער מענטש וואָס איז באַהאָפטן מיט זיין ערד, די ערד פון זיין לאַנד און היים, און ער ציט פון איר גייסטיקע און מאַטעריעלע יניקה, פאַרשטייט זיין בוים און היט אים אַפּעס זאָל אים קיין בייז נישט געשען, ער זאָל נישט אויסגעהאַקט אָדער פאַרדאַרבן ווערן. דערפאַר שטייט געשריבן אַז דער „מענטש איז אַ בוים אין פעלד“ („האדם עץ־השדה“), אַז דער מענטש טאָר נישט פאַרדאַרבן דעם בוים אין פעלד סיידן אין ציַיטן פון אַ שווערער באַלאַגערונג־מלחמה קעגן אַ שטאָט „וואָס טוט קעגן אים מלחמה האַלטן“. אונדזערע חכמים, וועלכע האָבן געקענט דאָס לאַנד און עס ליב געהאַט, האָבן געוואָרנט די ערדאַרבעטער זיי זאָלן קיין שאָף און ציגן נישט האָדעווען, וואָס באַשעדיקן שווער די וואַלד־ביימער. נישט אַזוי אָבער האָבן געהאַנדלט די פרעמדע באַצווינגער, מדבר־מענטשן, וועלכע האָבן באַהערשט דאָס לאַנד. די שאָף־סטאַדעס — זייער עיקר־פרנסה — האָבן צעשטערט די טעראַסן, צעגריזשעט די ביימער, און דער ביימער־מאַנטל וואָס האָט איינגע-

הילט דאָס לאַנד מיט זיין פּראַכט, איז ביסלעכווייז איינגעשרומפּן געוואָרן און פאַרשוואונדן. די בערג און זייערע שפּועים זענען אַנט־בלויזט געוואָרן פאַרן ווינט, רעגן און ווינטעניש. דער פּאַסטוך מיט זיינע סטאַדעס האָט זיך אויך גענומען צום וואַלד־בוים, אים גע־שניטן און געהאַקט כדי אים צו באַנוצן ווי האָלץ פאַרן פייער. ביי־דע — סיי דער מענטש און סיי זיין חיה — האָבן ווי געמאַכט שות־פות צווישן זיך צו פאַרדאַרבן אַלע ביימער אין וואַלד.

יאָרן אויף יאָרן, איין יאָרהונדערט נאָכן צווייטן, אונטער אַראַ־בישער הערשאַפט און טערקישער מאַכט און אפילו אין די צייטן פון מאַנדאַט־רעזשים וואָס האָט פּרעטענדירט צו זיין אַ קולטור־טרעגער — איז די פולע שוץ פאַרן וואַלד־בוים נישט געקומען. די טראַדיציע פון צעשטערונג האָט גובר געווען דעם לויזן געזעץ, וואָס האָט נישט פאַרבאָטן דאָס אַריינדרינגען אין וואַלד, כאָטש ער איז אַן איבערבליב און נייטיקט זיך אין באַזונדערער פלעגונג. די האַנט וואָס הייבט זיך אויסצושניידן בראשית־פלאַנצן און די צונג וואָס ווערט אַרויסגעשטעלט אויסצוגריזשען יעדע צאַרטע צווייג — זענען נישט פאַרטריבן געוואָרן פון די הויכקייטן אין גליל, די הילען פון שומרון און די בערג פון יהודה, וווּ עס זענען געווען שאָטנדיקע וועלדלעך און רעשטן פון וועלדער און ווו זיי זיינען חרוב געוואָרן. און אַזוי ווערט פאַרגעזעצט די וואַלד־פאַרניכטונג ביזן היינטיקן טאָג. און נישט בלויז דעם בראשית־וואַלד, נאָר אויך נייע וועלדער, פאַרפלאַנצט דורך ציטערדיקע הענט מיט גרוים ליב־שאַפט, האָט דער ציגן־צאָן און מענטשן־האַנט געטראָפן. אַלץ איז געוואָרן אויסגעריסן און פאַרברענט. דאָס איז געווען דער גורל פון קרן־קימת־וואַלד און פון רעגירונגס־וואַלד.

און אָט האָבן מיר זוכה געווען און דערגאַנגען צום טאָג פון דער גאולה ווען עס פלאַטערט ווידער די פאָן פון אַ יידישער רע־גירונג, אַ פאָן פון קולטור און אַרבעט, איבער אַ טייל פון לאַנד און זיינע איינוווינער. נאָך דורות פון פאַרקנעכטונג אונטער אַראַבישער

הערשאַפט און טערקישער מאַכט, איז געקומען אַ סוף צו אונדזערע ליידן. ס׳איז געקומען די גאולה פאַרן בוים און קוסט אין פעלד.

## ב.

אין מדינת ישראל וועלן מיר זיך נישט באַגנוגענען מיטן גע־זעץ צו באַשיצן דעם עקזיסטירנדיקן וואַלד און צו אָפּהיטן דעם בוים, מיט דער פולער שטרענגקייט, ווייל די וועלדער־שרידים זע־נען זייער ווייניק, און אַליין וועלן זיי נישט זיין בכוח צו פאַרריכטן די פלאָגן פון דער ערד, פאַראורזאַכט פון נאַקעטקייט און אַנט־בלויזטקייט, און זיי וועלן נישט זיין אימשטאַנד איר אומצוקערן די פּראַכט. דער עקזיסטירנדיקער וואַלד, סיי דער איבערגעבליבענער פון אַמאָל און סיי דער פאַרפלאַנצטער דורכן מענטש, פאַרנעמט נישט מער אין שטח פון דער מדינה ווי 170.000 דונאַם, וואָס מאַכן אויס ווייניקער פון 1 פּראָצענט פון טעריטאָריעלן שטח, געשאַצט אין 20,5 מיליאָן דונאַם. אַ לאַנד ווי אונדזערס, וואָס ווערט באַנעצט דורך רעגן אַ צאָל טעג דורכן יאָר און איז אויסגעשטעלט אויף דער גליענדיקער זון און בלאָזן פון ווינטן דורכן רוב טעג פון יאָר, קען נישט משלים זיין מיט אַזאַ וואַלד־אָרעמקייט — ווען אַפילו די דאָ־זיקע וועלדער זאָלן פאַרמאָגן גרויסע ביימער און ברייטע צווייגן. אַזאַ מין פּראָצענט איז גלייך ווי גאָרנישט. און אָן וועלדער אין אונ־דזער לאַנד, וועט די ערד נישט אויסגעהיילט ווערן פון אירע וווּנדן און דער קלימאַט וועט נישט אויסגעבעסערט ווערן. אַ דוחק אין וועלדער איז אַ סימן דלות פאַר אונדזער לאַנד אין שלום־צייטן און אַ סכנה אין מלחמה־צייטן. יעדע באַוועגונג פון מיליטער און זיין טראַנספּאָרט, אויף וועגן און פעלדער, אין סטראַטעגישע פּאָזיציעס און פּאָסטנס, איז אָפּן פאַרן לופטפליער וואָס שפּירט אויס דעם שטח פון אויבן און פאַרן באָמבאַרדירער. אין אונדזער נגב, מיט זיינע ברייטע אָפענע פליינען, איז נישטאָ קיין באַהעלטעניש פאַר אונ־דזער מיליטער, ווייל עס פעלן בוים־קרוינען צו פאַרשטעלן אים אין זיינע לאַגערן. כדי צו פאַרריכטן די אַלע פּגימות מוז געשאַפן ווערן

דער וואַלד; אַ וואַלד אין אַלע וואַלד־פּאַרמען — וועלדלעך און אַלייען.

ווי גרויס דאַרף זיין דער וואַלד אין אונדזער מדינה, מיר זאָלן קענען זאָגן, אַז ער דערפילט די לאַנד־הצטרכותן פון אַלע שטאַנד־פּונקטן? אַ תשובה אויף דער פראַגע וועט קומען פון אַן אַנדער פראַגע: ווי גרויס זענען די ערד־שטחים אין דער מדינה, וואָס מויגן נישט פאַר לאַנדווירטשאַפט? דאָס איז דאָך די מעלה פון וואַלד־בוים, וואָס ער איז נישט קיין איבערקלייבער און נישט קיין מפונק בנוגע דער ערד. ער איז זייער באַשיידן אין זיינע פאָדערונגען, אָבער פעסט אין זיין ווירקונג. שלעכטע ערד, לאַנדווירטשאַפטלעכע פּסולת איז פאַר אים גוט ווייל ער איז אַ חלוץ, וואָס גייט פאָרויס די אי־בעריקע קולטורן פון פעלד און גאָרטן און גרייט צו אַ פּלאַץ פאַר זיי. און אויב אין אַנדערע לענדער, ווו די ערד שפּרייט זיך אויס אויף ברייטע מרחקים, טרעפט אַמאָל אַז דער וואַלד וואַקסט אויך אויף גוטן באָדן, קענען מיר זיך עס אָבער נישט פאַרגינען, ווייל יעדער שפּאַן ערד וואָס איז אַקערפעאיק — מוז באַשטימט ווערן פאַר פרוכטביימער און פעלד־געוויקסן. דער וואַלד־בוים וועט באַקומען פעלדזיקן באָדן, אויף האַסטיקע שפּועים און אויך ברעגן פון אַ טייכל אָדער וואַנדערנדיקע זאַמדן. די דאָזיקע שטחים מאַכן אויס אין אונדזער מדינה לערך 3.500.000 דונאַם. פון זיי געפינען זיך אין צפון־נגב, אויסשליסנדיק דעם הר־הנגב און די ערבה לערך 1.200.000 דונאַם און דאָס איבעריקע אין צפון־טייל פון דער מדינה, קרוב אַנ־דערהאַלבן מיליאָן דונאַם בלויז אין גליל. דער שטח, אויב ער וועט אינגאַנצן באַוואַלדעט ווערן, וועט בילדן 17 פּראָצענט פון גאַנצן מדינה־שטח, איינשליסלעך דעם נגב און מדבריות. אויב מיר וועלן אים באַרעכענען בלויז אין פאַרהעלטעניש צו אַקערלאַנד־שטחים, וועט דער וואַלד אויסמאַכן 33 פּראָצענט, און דאָס איז דער אָנגענומענער פּראָצענט אין ענלעכע לענדער צו אונדזערע אין הינזיכט פון קלימאַט און ערד. אָבער כדי צו באַדעקן אָט דעם גאַנצן שטח מיט וואַלד־ביימער וועלן נייטיק זיין איבער 500 מיליאָן ביימער!

## ג

ווער וועט איבערנעמען די אויפגאבע, ווער וועט זי אויספירן? איידער מיר וועלן ענטפערן אויף דער פראגע, לאמיר זיך אפשטעלן א ווײַלע איבערן מהות פון דעם ווערק און אויספיר-סיסטעם. באוואלדונג ביי אונדז איז נישט קיין לייכטע און נישט קיין ביליקע ארבעט. די קלימאט- און באדן-באדינגונגען (ערד פון אן ערגערער קוואליטעט) זענען נישט באקוועם פארן וווקס פון בוים נאכן ווערן פארפלאנצט. ער קוקט אויס אויפן רעגן, אבער דאס וואסער וואס ער טרינקט, קומט צו אים ווייניק טעג אין יאר און דאקעגן זענען לאנג און פיל די זומער-טעג ווען ער טרינקט בכלל נישט. קינסטלעכע באוואסערונג און באוואלדונג זענען תרתי דסתרי. בודזשעטאריש און טעכניש איז אזא באוואלדונג אין די בערג און אנדערע באוואלדונג-פלעצער זייער טייער און דער וואלד, בעסער געזאגט, דער באוואלדונג-בודזשעט, קען גאר אזא זאך נישט פארנעמען.

דאקעגן דארף די יונגע פלאנץ ביישטיין מזרח-ווינטן פון פרילינג און הארבסט; זי דארף פירן א קאנקורענץ מיט ווילדע גראזן, וועלכע וואקסן פון זיך אליין און זענען שטארקער פאר איר כדי אויסצונאגן דאס ביסל וואסער וואס האלט זיך אין דער אויבערשטער ערד-שיכט. כדי די פלאנץ זאל דאס קענען אויסהאלטן, מוז דער פלאנצער איר ארויסהעלפן, ד"ה, אויסיעטן די גראזן, באארבעטן די ערד כדי עס זאל אויפהיטן די פייכטקייט לטובת דעם פלאנץ. און נישט נאר אין ערשטן יאר, נאר אויך אין צווייטן און דריטן נייטיקט זי זיך אין דער פלעגונג. אט די ארבעט — צוגרייטן די ערד צום פלאנצן, און אויך דאס עצם פלאנצן, צעגראבן און יעטן — רויבט אוועק טעג, פיל טעג ביים ארבעטער, וואס מאכן אויס צום סוף פון 3-4 יאר ביז 20-22 טעג פאר יעדן דונאם וואלד.

מחוץ די אינוועסטיציעס אין ארבעט-לוין קומט נאך אויך צו אן אינוועסטיציע אין קולטיווירן יונג-פלאנצן, בויען פארצאמונגען און שמירה. ס'איז צו האפן, אז אין מדינת ישראל וועט דער בא-

וואַלדער נישט דאַרפן מאַכןביידע הוצאות פון פאַרצאַמונג און שמירה וואָס איז שטאַרק נייטיק געווען אין די מאַנדאַט-צייטן מחמת שאָף-סטאַדעס, פאַסטוכער און סתם צעשטערער פלעגן, מיט אַ כיוון אָדער נישט ווילנדיק, ברעכן און שטעכן אין די יונגע וועל-דער. די גרויסע אינוועסטיציעס און טרחה, וואָס זענען פאַרבונדן מיט באַוואַלדונג-אַרבעט, האָבן ביז איצט גורם געווען צו אַ באַ-שרענקטקייט אין דער טעטיקייט. דער קרן-קימת וואָס האָט גע-שאַנקען אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט צו באַוואַלדן זיין שטחים באָדן, האָט נישט באַוויזן פאַר דער גאַנצער צייט צו באַוואַלדן מער ווי 30 טויזנט דונאַם. דאָס זעלביקע האָט באַוויזן די מאַנדאַט-רעגירונג, טראָצדעם וואָס זי האָט פאַרמאָגט פיל גרעסערע געלט-מיטלען.

אויב די באַוואַלדונג-אַרבעט וועט אָנהאַלטן דעם זעלביקן טעמ-פּאָ, וועלן אַריבערגיין טויזנט יאָר און מער, ביז דער שטח, וואָס איז באַשטימט פאַר באַוואַלדונג אין אונדזער מדינה — וועט פאַר-פלאַנצט ווערן. אָבער מען קען נישט נעמען ווי אַ מאַסשטאַב דעם אויבנדערמאָנטן ציפער ווי אַ דורכשניט פאַר 30 יאָר. ווייל אַט האָט קרן-קימת אַליין דערגרייכט צו אַ באַוואַלדונג פון 4.000 דונאַם אַ יאָר. ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז קק"ל וועט דערגיין צו אַ מעג-לעכקייט פון באַוואַלדן 20-25 טויזנט דונאַם אַ יאָר, איבערהויפּט אויב די באַוואַלדונג וועט געריכט ווערן צום נגב. אָבער, אויך די מאָס איז נישט גענוג. אין אויפריכטונג-פּראָגראַם פון מדינת ישראל דאַרף די באַוואַלדונג פאַרנעמען אַ וויכטיקן אָרט, סיי ווי אַ ציל פאַר זיך — אָפּהיטן די ערד, אָפּרו און דאַטשע פאַרן מענטש, שוץ קעגן שונא, און שיינקייט פאַרן לאַנד — און סיי ווי אַ געזעלשאַפט-לעכע אַרבעט, וואָס לייזט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס די פראַגע פון באַשעפטיקן נייע עולים. די באַוואַלדונג אין אונדזער מדינה מוז זיך אויסברייטערן און פאַרשפרייטן ביז 40-50 טויזנט דונאַם אַ יאָר, אַפילו אויב דער קאַפּיטאַל וואָס נייטיקט זיך פאַר דעם זאָל באַ-טרעפן מיליאָנען און הונדערטער טויזנטער פונט אַ יאָר.

אויב אַזוי, קומט מען ווידער צו דער פראַגע: ווער וועט אי־בערנעמען די אויפגאַבע, ווער וועט זי אויספירן?

## ד

קלאָר, אַז די מדינה וועט זי אַליין נישט קענען אויסטראָגן. דער בירגער, דער שטייער־צאָלער וועט נישט אויפהייבן די לאַסט, נישט היינט און נישט שפּעטער. אין קיין שום לאַנד טוט דאָס נישט דער שטייער־צאָלער. די וועלדער אין אַנדערע לענדער טיילן זיך אײַן אין דריי מינים: א) מלוכהשע וועלדער; ב) געמיינשאַפט־וועלדער; און ג) וועלדער פון יחידים. דער צד־השווה ביי אַלעמען איז, וואָס די וועלדער זענען נאַטירלעכע און זייער אויסנוץ טראָגט זיי אַריין הכנסות וואָס שטייגן ווייט אַריבער די הוצאות פון פלאַנצן נייע וועלדער. די אויפגאַבע פון דער מלוכה איז אַכטונג צו געבן אויפן אויסנוץ, עס זאָל נישט געמאַכט ווערן בגזלה, ווי עס איז געווען איינגעפירט מיט צענדליקער יאָרן צוריק און איז נאָך היינט אויך איינגעפירט אין אומקולטורעלע לענדער, ד״ה, אַז דאָס פלאַנצן זאָל נישט וויניקער זיין פון אויסשניידן. דאָ און דאָרט באַשעפטיקן זיך אויך מדינות מיטן באַוואַלדן נייע שטחים, אָבער די הוצאות ווערן נישט אויסגעטראָגן פון שטייער־צאָלער. אויך ביי אונדז וועט דער בירגער קענען אָנטיילנעמען אין שאַפן דעם וואַלד, דורך פלאַנצן אַלייען אָדער עפנטלעכע וועלדלעך נעבן שטעט און קאָלאָ־ניעס און דורך באַזונדערע ביישטייערונגען, בנוגע אונדזער רעגי־רונג, וועט זי זיך דאַרפן באַגנוגענען מיט צוויי אויפגאַבן: 1) פאָר־שונג, עקספּערימענטירונג און שטודיום; 2) באַוואַלדונג־אַרבעט אין אַ קליינע מאַסשטאַב, בערך 2 מיליאָן ביימער אַ יאָר, אין דער ראַם פון דער בודזשעטאַרער מעגלעכקייט פון בירגער.

די מיטלען דורכצופירן די באַוואַלדונג־אַרבעט דאַרפן קומען פון אַ פאָנד פאַר ביימער־תרומות, אַ התחייבות פאַר די יידן פון דער גאָרער וועלט, און אפשר אויך פאַר ניט־יידן. אויב די אַרבעט וועט געמאַכט ווערן אין אַ ברייטן מאַסשטאַב, וועט זי דערפילן אַ

גרויסע אויפגאַבע אין די עפנטלעכע אונטערנעמונגען וואָס באַדינען דעם נייעם עולה אין זיין איבערגאַנגס־צייט, פון זיין אָנקומען ביז זיין איינגלידערונג אין דער מדינה־עקאָנאָמיק. די אַרבעט פאַדערט נישט קיין באַזונדערע פאַכמענישקייט, בפרט יענע אַרבעט וואָס איז פאַרבונדן מיטן אויסבעסערן די רעשטן פון די עקזיסטירנדיקע וועלדער. זי פאַרמאָגט די מעלה, וואָס דורך איר דערנענטערט זיך דער נייער עולה צו דער ערד און צו דער נאַטור פון לאַנד און לערנט זי צו קענען. אפשר וועט ער אַדאַנק דער באַשעפטיקונג אויסוויילן די לאַנדווירטשאַפט ווי אַ שטענדיקע פרנסה און וועט צושטיין צו די קאָלאָניסטן. אַזאַ מין באַוואַלדונג־אַרבעט איז אויך פאַסיק פאַר דעמאָביליזירטע זעלנער פון דער יידישער אַרמיי. הונדערטער וועלן זיך קענען אָרגאַניזירן אין מחנות פון וואַלדמענער, אין פאַרשיידענע געגנטן, בעיקר יענע סאָלדאַטן וועלכע טראַכטן וועגן לאַנדווירטשאַפט. אויך די עולים־יוגנט אין דערוואַקסענער עלטער וועלן קענען מקיים זיין די פליכט פון פלאַנצן וועלדער ביי פאַרשיידענע ספּעציעלע באַשעפטיקונגען, ווי למשל, פלאַנצן און יעטן, אַרומשניידן צווייגן און שיטער מאַכן וועלדער. דאָס וועט נישט זיין קיין צו שווערע אַרבעט פאַר הונדערטער יינגלעך און מיידלעך, וועלכע וועלן איינגעאיבט ווערן, מיט פאַכמענישע אינסטרוקטאָרן, אין איינעם פון די צווייגן וואָס איז פאַרבונדן מיט דער נאַטור פון לאַנד.

דער קק״ל וועט, פאַרשטייט זיך, דורכפירן די באַוואַלדונג אויף זיין באָדן, וואָס איז באַשטימט פאַר דעם צוועק, צוליב די נאַטור־אייגנשאַפטן. אָבער אין דער מאָס וואָס עס וועלן פאַרשטאַרקט ווערן די מיטלען פון ביימער־פאָנד, וועט ער אויך קענען אויסנוצן דעם מדינה־באָדן, וואָס זאָל איבערגעגעבן ווערן צום קק״ל, אין פולן רשות אָדער אויף אַרענדע, פאַר אַ תקופה פון 99 יאָר, אָן שום קעגן־אָפּצאָל. קודם־כל קומען אין באַטראַכט מדינה־שטחים באַדעקטע מיט שרידים פון וועלדער, וועלכע נייטיקן זיך אין זאָרג און אויסבעסערונג. אַזאַ אַרבעט קען געמאַכט ווערן אין משך פון גאַנצן

יאר, סיי ווינטער און סיי זומער, און נייטיקן זיך נישט אין יונגע ביימלעך. שוין היינט ווערן געפירט פארהאנדלונגען מיט דער רעגירונג וועגן באוואלדונג־ארבעטן, וואס קק״ל איז גרייט דורכצופירן אויף א שטח פון 20 טויזנט דונאם אין גליל העליון; די ארבעט וועט געמאכט ווערן דורך נייע עולים אדער נייע קאלאניסטן. עס וועלן זיך פאדערן א מיליאן ארבעטס־טעג און עס וועלן זיין באשעפטיקט 1.200 ארבעטער אין משך פון 7 ביז 8 חדשים. דורך דעם וועלן אנטשטיין 20 טויזנט דונאם וועלדער, און די הוצאה וועט נישט דארפן פאלן אויף דער מדינה. עס וועט אויך געשאפן ווערן א מעגלעכקייט אויפצונעמען 1.200 משפחות אויפן וועג צו לאנדווירטשאפט. נאכן דורכפירן די ארבעט וועלן די וועלדער אין גליל העליון באדינען די טוריסטן און דאטשניקעס און צוגעבן שיינקייט און פראכט.

מיר האבן שוין געזאגט, אז מדינת ישראל איז אנטשטאנען, וועט אויך קומען א גאולה פארן לאנד. די ביימער וועלן זינגען אין דערציילן וועגן גבורה און דעראבערונג, וועגן פראכט און גרייסקייט, וועגן זין וואס קערן זיך אום אהיים און וועגן דער אויפריכטונג פון דורותדיקער וויסטעניש.

שבט. תש״ט—1949.

# ע ר ד - ב אַ ש אַ ף

גרויסע געווינסן וועט די ציוניסטישע באַוועגונג האָבן פון דער עליה אין חניתה, און דער וויכטיקסטער וועט זיכער זיין דאָס שאַפן ערד. אונדזער קאָלאָניזאַציע אין לאַנד האָט שוין עטלעכע פאַלן פון באַלעבן וויסטע ערד. אויפן פלאַץ פון זומפן זענען אַנטשטאַנען פרוכפּערדיקע תבואה-פעלדער; די זאַמדן זענען פאַרוואַנדלט גע-וואָרן אין בליענדיקע פּרדסים און אויף פעלדזיקן באָדן שפּרייטן זיך אוים זאַפטיקע וויינגערטנער. עס וועט נישט זיין קיין גוזמה צו זאָגן, אַז דאָס איז געווען דער וועג, אויף וועלכן מיר זענען געגאַנ-גען אין ס'רוב אונטערנעמונגען פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע. די ערד וואָס מיר האָבן דערוואָרבן איז געווען פון אַ שלעכטער קוואַליטעט, אָדער וויסט און פאַרוואָרלאָזט, און מיר האָבן באַדאַרפט אַריינלייגן אַ סך מי, כדי זי אויסצובעסערן. צו אַזאַ מין מצווה פון ש אַ פ ן ערד, פאַר וועלכער מיר שטייען איצט אין צפון, האָבן מיר נישט זוכה געווען שוין איבער פופציק יאָר, זינט די ערשטע חלוצים זענען אַרויף אויפן באָדן פון ג'עוני (ראש פנה) און סמרין (זכרון יעקב), אָבער יענער ווינקל אין צפון, וואָס מיר ווילן איצט אויפריכטן, כאַראַקטעריזירט זיך נאָך מער מיט זיין ווייניקן אַקער-לאַנד.

פון דאָרף ב צ ת צו מזרח, לענגאויס דער לבנון-גרענעץ און פוןביידע זייטן צפונדיקן שאַסיי, שפּרייטן זיך אוים בערג, וואָס פאַרנעמען בערך אַ שטח פון עטלעכע צענדליק טויזנט דונאַם. סטאַ-בילע ישובים זענען דאָ נישט פאַראַן, און די וואָס זענען יאָ פאַראַן פאַרמאָגן אַ גאָר קליינע באַפעלקערונג. אויך נעמען פון לעבעדיקע ישובים קען מען דאָ נישט געפינען; נאָר חורבות זענען דאָ, וואָס דערמאָנען די עקזיסטענץ פון לעבעדיקע ישובים אין דער פאַרגאַנ-גענהייט. חרבת מסוב, חרבת עין-חור, חרבת סמך, חרבת סורבנה,

חרבת אדמית, חרבת יורדעי און נאָך. רעגירונג־פּאַליטיק, וועלכע האָבן אָפּגעשאַצט דעם פּראָצענט פון אַקערלאַנד, כדי איינצושטעלן דעם איינהייטלעכן לאַנדווירטשאַפטלעכן שטייער, האָבן פעסטגע־שטעלט, אַז עס שטייגט נישט איבער קיין צען ביז צוואַנציק פּראָ־צענט פון גאַנצן שטח. און אַז די פאַרצעלן זענען נישט קאָנצענ־טרירט צו קענען בילדן אַ גרויסן שטח, נאָר צעשפּרייט און דערוויי־טערט, טיילווייז איבערגעריסן דורך טיפע וואַדיס און אָפּגרונטן, ווי למשל ואדי־כרכרה, וועלכער שניידט אָפּ חרבת סמך פון חרבת אדמית; וואַדי־דלם, וואָס קרייצט דורך חניתה־באָדן אין צפון ביז חרבת עין־חור. די ערד, ווי זי איז היינט, איז נישט ביכולת אויפ־צוהאַלטן אַ סטאַבילן ישוב באַזירט אויף לאַנדווירטשאַפטלעכע קולטיוון; די באַפעלקערונג דאָ באַשטייט פון וואַנדער־פּאַסטוכער, וועל־כע לעבן פון פיצוכט אויף נאַטירלעכער פּאַשע, אָדער פון האָלץ־קלייבער, וועלכע מאַכן קוילן.

אָבער אַזאַ מצב קען זיך ענדערן. די נאַטירלעכע אייגנשאַפטן פון באָדן און קלימאַט, מיט וועלכע דער ווינקל צייכנט זיך אויס, קענען איר ברענגען גרויס נוצן. ווער עס וועט זיי אַנטדעקן, וועט פאַר זיך עפענען אַ לעבנס־אוצר פאַר אַ צופרידענעם לאַנדווירט.

אַ סימן פאַר דער קוואַליטעט פון באָדן זענען די געוויקסן. דער וואָס זעט צום ערשטן מאָל חניתה־באָדן ווערט פאַרוווּנדערט פון דער כמותדיק רייכער און פילפאַרביקער פלאַנצן־וועלט. טויזנטער דונאַם זענען באַדעקט מיט וואַלד־געוויקסן:ביימער, קוסטן און קוסטלעך, וואָס וואַקסן אַזוי געדיכט, אַז מען קען אין זיי נישט אַריינדרינגען. דאָס גרעסטע וווּנדער איז, וואָס סיי חיות און סיי מענטשן האָבן נישט אויפגעהערט זיי צו פאַרניכטן, און דאָך עק־זיסטירן די פלאַנצן און הייבן זיך אויף ערטערווייז מיט פּראַכט און שיינקייט. באָקסער־ביימער, מיט אַלטע שטאַמען און ברייטע קרוי־נען הייבן זיך אין געפלאָנטער פון מאַסטיק־קוסטן; און רעשטן פון דעמבעס וואַקסן אינאיינעם מיט דעם איידעלן לאָרבער. דאָ געפינט מען דעם סירישן א ד ר, וואָס מען קען זען בלויז אין צפון פון

גליל העליון און ער כאַראַקטעריזירט דעם לבנונדיקן קלימאַט. שיינע טיפּן פון דעם מין בוים וואַקסן לעגנאָוים דער סטעזשקע, וואָס פירט פון קוואַל עין־חור, ביזן בערגל פון דער חורבה וואָס טראָגט דעם זעלבן נאָמען. מזרח צו דעם בערגל קען מען זען דעם ברייטבלעטערדיקן קוסט ר מ נ ו ס, ווי ער הייבט זיך אויף פון אַ סך געדיכטע קוסטן און ער באַצוויבערט מיט זיין שלאַנקן וווּקס און זיין פֿולקאָמענער פאָרם פון אַ קאָנוס, ווי זי וואָלט לכתחילה אַזוי געשאַפן געוואָרן מיט אַ כוונה. אויף חניתה־באָדן, נישט ווייט פון ווייסן קוואַל וואַקסט אַ באַרנבוים, דער סירישער באַרנבוים. און אויך איז צו זען מאַנדל־וועלדער. דאָס איז די אַליעריקע פלאָרע. בנוגע די יערלעכע געוויקסן, די פאַרשיידענע מינים גראָזן, זענען זיי אויך רייך און פילצאָליק. דאָס אַלץ איבערצייגט אַז עס איז פאַראַן ערד פאַר זייערע וואָרצלען, וואָס גיט זיי כוח צו לעבן און זיך אַנטוויקלען. אָבער אויך די געוויקסן צאָלן אָפּ דעם באָדן דורך דעם, וואָס זיי היטן אים אויף, ער זאָל נישט אָפּגעשווענקט ווערן פון די בערג. מיר זענען דאָ עדות פון אַ קעגנזייטיקייט־לעבן צווישן באָדן און געוויקסן. פון דאַנען שטאַמט די אנגענעמע דערשיינונג, וואָס אין דער סביבה פאַרנעמען די נאַקעטע בערג אַ גאָר קליינעם פּלאַץ, נישט אַזוי ווי די בערג פון יהודה. עס זענען פאַראַן אַ סך פעלדזן, אָבער זיי זענען נישט אַנטבלויזט. געוויקסן־וואָרצלען נעמען זיי אַרום פון אונטן און די צווייגן באַשירעמען זיי פון אויבן און די ערד איז צווישן זיי איינגעקלאַמערט און ווערט נישט אַראָפּגעשלעפּט מיט די וואַסער־שטראָמען אין ים אַריין.

די רייכקייט און פרישקייט פון געוויקס ווייזן אויף אַ צווייטער איינגשאַפט, וואָס איז דאָ באַקאַנט — אַ סך רעגן. רעגנס גייען דאָ פון 800-1.000 מילימעטער אין אַ נאָרמאַל יאָר. אָבער טראָץ דער גרעסערער צאָל רעגנס, וואָס פאַלן אויף די בערגלעך און די משופּעדיקע אָפּהאַנגען, איז נישט צו מערקן אויף דער ערד קיין וואַסער־וואַדיס, וואָס מען זעט אַזוי אָפט אויף פעלדזיקע און נאַקעטע שפּיץ. עס זעט אויס ווי דאָס וואַסער וואָלט אַריינגעדרונגען אין די

ערד-שיכטן און דאָרט איינגעשלונגען געוואָרן דורך לעכער און קאַנאַלן וואָס דער פלאַנץ בויערט דורך. אַט אַזוי היט אויף די ערד איר פייכטקייט אַ לאַנגע צייט נאָך דער רעגן-תקופה. דאָס איז אויך משפיע צו גוטן אויף די יערלעכע געוויקסן, און אַוודאי אויף די שטענדיקע.

פון בצת-טאָל הייבן זיך אויף די בערגלעך פון חניתה; זייער הייך גרייכט פון 100-350 מעטער איבערן ים-פלאַך. חרבת מ ע ר י אין מזרח-זייט איז נאָך העכער מיט הונדערט מעטער און זי הייבט זיך אַרויף איבער דער גאַנצער סביבה. אין דער הויכקייט איז דער קלימאַט גוט פאַרן מענטש, פאַרן בעל-חי און פאַרן געוויקס. זומער פאַרמאָגט ער די געזונטקייט פון לבנון-באַרג, און ווינטער די וואַרעמקייט פון נאָענטן ים. כמעט תמיד בלאָזן דאָ ווינטלעך, אָבער נישט אַזוינע שניידיקע ווי אויפן כרמל, די ביימער שטייען דאָ שלאַנק און זייערע קעפ זענען נישט געבויגן צום מזרח, ווי עס איז צו זען ביי די כרמל-ביימער. אין ס׳רוב זומער-נעכט איז פאַראַן טוי, וואָס ווירקט אויך זייער גוט אויף דער וועגעטאַציע.

נאָך אַן אייגנשאַפט האָט חניתה-הויכלאַנד, וואָס זי איז באַשאָנקען מיט אַ גוואַלדיקער נאַטור-שיינקייט; פון מערב זעט מען דעם מיטללענדישן ים; פון דרום — די טאָלן פון עכו און זבולון, אויסגעשפרייט ווי אויף דער דלאָניע, און פון זיי שטאַרצן אַרויס די יידישע ישובים; ביים שפוע פון כרמל זעט מען די שטאָט חיפה און די בערגלעך פון גליל און צפון ווי טונקעלע, ברוינע און גרינע כוואַליעס, איינגעהילט אין העלבלויע נעפלען. אין צפון-מזרח ווינקט דער לבנון. מען זעט אים נישט, אָבער מען פילט אים.

וועלכע זענען די קאָלאָניזאַטאָריש-לאַנדווירטשאַפטלעכע מעגלעכקייטן וואָס קענען אַרויסקומען פון די אייגנשאַפטן? די מעגלעכקייטן זענען אַזויפיל ווי די אייגנשאַפטן. ראשית-כל קומט די מעגלעכקייט צו קולטיווירן פרוכט-ביימער און וויינגערטנער. די אַנוועזנהייט פון ווילדע באַרן-ביימער און מאַנדל-ביימער — חוץ איילבירטן, פייגן און באָקסער — ווייזט אָן שום ספק אַז פרוכט-ביימער פון דער רויזן-פאַמיליע קענען דאָ וואַקסן מיט הצלחה. די

באַדינגונגען פון באָדן, קלימאַט און רעגן זענען פּאַסיק און בשפע. דאָס זעלבע בנוגע ווײַנגערטנער. פּרוכט־ביימער און ווײַנגערטנער וועלן זײַן איינער פון די עיקרדיקסטע צווייגן אין דער לאַנדווירטשאַפט פון דער געגנט. נישט ווייניקער וויכטיק וועלן זײַן פּיצוכטס, בינענצוכט, עופות, טאַבאַק און ירקות פאַרן קאָלאָניסט. די אָרטיקע באַדינגונגען וועלן העלפן צו קולטיווירן גרינס אָן באַוואַסערונג און אין די שפּעטע זומערטעג. אויף די ברייטע היגלען וועט וואַקסן תבואה פאַרן געברויך פון די קאָלאָניסטן: ווייץ, גערשטן, אַרבעס, און מינים היי פאַר עופות און פאַר די לאָקאַלע קי. אויך די מילך־פּראָדוקציע איז בעיקר באַשטימט פאַרן געברויך פון די קאָלאָניסטן.

דער לאַנדווירטשאַפטלעך באַאַרבעטער שטח וועט באַטרעפן 1.200 דונאַם, וואָס מאַכן אויס 30% פון באָדן־שטח. היינט דערגרייכן נישט די צעוואָרפענע ערד־פּאַרצעלן וואָס ווערן באַאַרבעט פאַר תבואה, אַפילו צו קיין צענטחלק פון גאַנצן שטח. אָבער מיר קענען זיך דאָך בשום אופן נישט באַנוגענען מיט דעם וואָס איז פאַראַן, ווײַל דער „פאַראַן" נעמט פון אונדז אַוועק אונדזער פּאָזיציע און מיר וועלן דאַרטן נישט געפינען קיין באָדן זיך אײַנצופונדעווען עס שטייט פאַר אונדז אַ קלאָרער ציל, אומדערזעצלעך און אומפאַרמײַדלעך שאַפן באָדן אין דער געגנט און אין דעם גאַנצן באַרג, לכל הפחות, אין דער פּראָפּאָרץ פון 30% פון דעם אַלגעמײַנעם שטח. אין קעגנפאַל האָבן מיר נישט קיין באָדן, אַפילו דאָרטן זאָלן זײַן ווייניק ישובים און אַפילו אינגאַנצן אָן ישובים. דאָס וועט הייסן אַז מיר פאַרשליסן זיך דעם וועג צום באַרג־געביט אין אַלגעמיין, דאָס הייסט, אַז מיר וועלן אַליין ברענגען אויף זיך די גזירה פון צעטיילן דאָס לאַנד און וועלן זיך שאַפן אַ שמאָלן תחום המושב, כדי אונדזערע שונאים זאָלן קענען דורכפירן זייערע שלעכטע כוונות.

אָט דער ציל פון שאַפן אַקער־טויגלעכן באָדן איז גאָרנישט קיין אוממעגלעכקייט, כאָטש מען דאַרף מודה זײַן, אַז די מעטאָדן זענען כלל נישט קיין לײַכטע און פּשוטע. צוגרייטן באָדן ער זאָל קענען באַאַרבעט ווערן דורכן אַקער — און דאָס איז דער סימן פון לאַנד־

ווירטלעך טויגלעכן באַדן — וועט פאַדערן אַ סך אַרבעט, טיילמאָל גרויסע אָנשטרענגונגען און גאָרנישט קיין קליינע מיטלען. פאַר־שיידענע פאַרמען וועט האָבן די הכשרה: אויסרייסן קוסטן, באַזײ־טיקן שטיינער, טיף צעאַקערן, דאָ און דאָרט אויך מאַכן טעראַסן. דאָס וועט זיין פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות. ריכטיק, ביים צוגעבן אַט די סכומים צום פרייז פאַרן באַדן וועט די אינוועסטיציע אויס־זען גרויס און איבערשטייגן דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן ווערט פון דער ערד. אָבער עס איז פאַראַן נאָך אַ שטאַנדפונקט: די גאולה פון פאַטערלאַנד; פונקט ווי מיר צאָלן פאַר ערד אין עמק און אין שרון אָן שום ווירטשאַפטלעכער באַזע, נאָר מיר באַטראַכטן עס מצד דער חשיבות פאַרן פאָלק, אַזוי אויך דאָ. באַרג־באַדן איז נישט ווייניקער הייליק פון פלאַכלאַנד־באַדן. פאַרקערט די באַרג־געגנט, איבער־הויפט דאָ אין גליל, איז פאַרהייליקט געוואָרן מיט דער קדושה פון אונדזערע אורעלטערן, טראַדיציע, קולטור און נאַציאָנאַלער גבורה. ס'איז כדאי מיר זאָלן איצט צוגעבן צו די אַלע קדושות אויך די קדושה פון יידישער אַרבעט און פון ציוויליזאַטאָרישן אויפטו.

אַ זייער וויכטיקער פאַקטאָר צו פאַרלייכטערן דעם וועג, כ׳־י צו דערגרייכן דעם דערמאָנטן ציל, איז דער אַרבעטער, וועלכער וועט מאַכן די הכשרה. היות די מלאכה איז אמתער באַשאַף, שאַפן היימלאַנד־באַדן פאַר אונדז דאַרף אויך דער אַרבעטער זיין אַ שע־פער, באַשאָנקען מיט פעאיקייטן פון אַ שעפער און באַוואָפנט מיט זיינע כלים: ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט צו דער שאַפונג, טריי־הייט און נשמה־בונד צו דער אַרבעט און איבער אַלץ — געדולד און אויסדויער. מיט אַט די כוחות האָבן מיר ביז איצט געווירקט אין די טאָלן און מצליח געווען, נאָר לגבי די בערג וועלן מיר זיי דאַרפן נאָך מער אינטענסיווירן. נישט בלויז פאַר הכשרת־קרקע, נאָר אויך כדי צו גרינדן די ווירטשאַפט און זיי טאָג־טעגלעך אויסצוהאַלטן. פון קאָלאָניסט אין חניתה און אין ענלעכע ישובים וועט געפאָדערט ווערן אַ נאָענטער און פערמאַנענטער קאָנטאַקט מיט דער ערד. נאָך ענגער פון דעם, וועלכער עקזיסטירט צווישן קאָלאָניסט און זיין ערד אין טאָל און אין פלאַכלאַנד. דאָ אין די בערג וועט צווישן ביי־

דע נישט שטיין די מאַשין, נישט דער טראַקטאָר און נישט דער קאָמביין. טריט נאָך טריט וועט ער מוזן שפּאַנען אויף דער מיט שטיינדלעך באַזייטער ערד, הינטער דער בהמה, וואָס איז איינגע־שפּאַנט אין זיין אַקער; דער רידל און די לאָפּעטע וועלן דערנענ־טערן דעם קאָלאָניסט צו זיין ערד צו אָטעמען אינאיינעם מיט איר אָטעם, באַרירן די גרודע און זי צעקרישלען, אָננעמען דעם שטיין און אים אַוועקוואַרפן. אַדאַנק אָט דער באַרירונג וועט ער זיך אויס־לערנען טייער צו האַלטן יעדן שטיקל ערד פון ד׳ על ד׳, אָפּהיטן ווי די אויג פון קאָפּ יעדן שמאָלן פּאַס פון רויטלעכן אָדער בלאַסלעכן באָדן, וואָס שטעקט באַהאַלטן צווישן אימהדיקע פעלדזן. ווייל פון אָט דעם קוואַדראַט און פון אָט די שמאָלע פּאַסן וועט ער ציען זיין חיונה, זיין ברויט און זיין פּרוכט, און פון די פעלדזשפּאַלטן וועט זיין שאָף אים ברענגען מילך. דאָס געפיל פון „בוז לקטנות״ — גרינגשעצונג צו קלייניקייטן, וואָס באַהערשט איצט אונדזערע פּויע־רים צו יעדן שטח באָדן, ווו דער טראַקטאָר קען פריי נישט לויפן, דאַרף אינגאַנצן נעלם ווערן אין די הערצער פון די באַרג־מענטשן, און אויף זיין פּלאַץ דאַרף קומען אַ געפיל פון „ליבהאָבן״ יעדן שפּאַן. אָה, דאָס וועט זיין אַן אמתער ערדאַרבעטער! זיין קענצייכן — ער וועט זיין פּשוט און האַרט ווי אַ פעלדז, גרויס און מעכטיק ווי אַ באַרג.

מיט דער עליה קיין חניתה זענען מיר אַריינגעטראָטן אין באַרג־געביט, אין צפון פון דעם אייגנאַרטיקן גליל העליון. ער איז אייגנאַרטיק מיט זיינע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן. חניתה איז טיפּיש פאַר דער גאַנצער געגנט. אירע אוצרות זענען פאַר־שלאָסן, אָבער זיי וואַרטן אויפן אַרבעטער און שעפער, וואָס וועט זיי עפענען און אַנטדעקן, אַז דאָס זענען לעבנס־אוצרות פאַר טויזנ־טער מענטשן. הלוואי זאָלן די חלוצים פון חניתה זיין די יעניקע אַרבעטער און שעפער, חלוצים פאַר זיך און פאַר זייערע חברים.

דאָס איז די תפילה און דאָס איז מיין ברכה.

„הארץ״, אייר תרצ״ח.

וַעֲלִיתֶם אֶת הָהָר...
במדבר י"ג 17

# מָבוֹא

...בִּנְטוֹת יוֹם וּמשֶׁה עָלָה אֶת רֹאשׁ הַפִּסְגָּה. אַדֶּרֶת הַצְּלָלִים שֶׁעֲטָפַתּוּ בְּעוֹדוֹ בְּצַלְעוֹת הָהָר נָפְלָה עַתָּה מֵעָלָיו, וְאוֹר, אוֹר רַב, כִּתְּרָהוּ. נִשְׁעָן עַל מַטֵּהוּ שָׁאַף אֶת הָאֲוִיר הַצַּח וְהַמָּלֵא נְגוֹהוֹת, וַיְהִי כְּאִלּוּ מַשָּׂא־שְׁנוֹתָיו וְטָרְחוֹת־עַמּוֹ וְרִיבוֹ הוּסְרוּ מֵעָלָיו בְּבַת־אַחַת. אָז זָקַף אֶת קוֹמָתוֹ וַיִּשָּׂא אֶת עֵינָיו. יְרִיעַת־שְׁחָקִים עֲמֻקַּת־תְּכֵלֶת הָיְתָה תְּלוּיָה בִּמְרוֹמִים נִשָּׂאִים, פּוֹרֶשֶׂת שׁוּלֶיהָ לַאֲפָקִים רְחוֹקִים, רְחוֹקִים; וּמִתַּחְתָּהּ, בִּקְצוֹת יַמָּה, רוֹבֵץ הָר, מְכֻנָּס עַד כְּתֵפוֹ בִּגְלִימָה עַרְפִלִּית־כְּחֻלָּה הַמַּבְלִיטָה אֶת קִפּוּלָיו וּפִסּוּל־אֲבָרָיו הָעֲנָקִיִּים וְרֹאשׁוֹ מַבְהִיק בְּאוֹר שַׁלְהֶבֶת, כְּבוֹעֵר בְּאֵשׁ הַחַמָּה הַמְהַלֶּכֶת עָלָיו.

אָז יִשְׁלַח משֶׁה אֶת קַרְנֵי־מַבָּטוֹ יָמָּה, אֶל הָהָר, וְהַקַּרְנַיִם מְרַצְּדוֹת עַל פָּנָיו וְרוֹאוֹת אֶת הַמּוֹרָדוֹת הָעוֹטִים יַעַר וְאֶת הַגְּבָעוֹת הַגּוֹטְפוֹת עָסִיס, אֶת הַבְּקָעוֹת הָעוֹטְפוֹת בָּר וְאֶת הַגֵּיאוֹת הַלּוֹחֲשׁוֹת עֲיָנוֹת, וְיִפְעַת הַמַּרְאֶה מִ„מֶּגֶד שָׁמַיִם מִטָּל וּמִתְּהוֹם רוֹבֶצֶת תַּחַת" גּוֹבֶרֶת גָּבוֹר וְהָלוֹךְ מֵהַנֶּגֶב וְצָפוֹנָה עַד שִׁפּוּלֵי בִּקְעָה. וְשָׁם, שָׁם הַרְחֵק מִזֶּה, מֵעֵבֶר לַבִּקְעָה הַגְּדוֹלָה, מִתְנַשֵּׂא שׁוּב הָהָר, הָלוֹךְ וְהִתְנַשֵּׂא וְהִתְרוֹמֵם עַד לִירִיעַת שְׁחָקִים; וְחוֹפֵף עַל הָהָר הַהוּא מַעֲטֶה יָרֹק מֵרַגְלָיו וְעַד כְּתֵפָיו. אַךְ אֶת רֹאשׁוֹ תִּצְנֹף מִצְנֶפֶת לְבָנָה מְשֻׁבֶּצֶת זֳהָרוּרִים, וְכֻלּוֹ „שְׂבַע רָצוֹן וּמָלֵא בִּרְכַּת ד'". וְהָיָה בַּחֲזוֹת

מֹשֶׁה בְּמַחֲזֵה־בְּחִירָתוֹ, וַתִּמָּלֵא נַפְשׁוֹ כְּמִיהָה וּנְהִיָּה אֵלֶיהָ וַיִּפְרֹשׂ כַּפָּיו אֶל ד׳ וַיִּתְחַנֵּן:

— אֶעְבְּרָה־נָּא וְאֶרְאֶה אֶת הָאָרֶץ הַטּוֹבָה אֲשֶׁר בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן, הָהָר הַטּוֹב הַזֶּה וְהַלְּבָנוֹן!...

הָהָר הַטּוֹב הַזֶּה! כָּל הַתְּשׁוּקָה וְהָאַהֲבָה, כָּל הַכֹּסֶף וְהָעֶרְגוֹן לָאֶרֶץ הַבְּחִירָה נִתְקַפְּלוּ בִּקְרִיאָתוֹ זוֹ שֶׁל מֹשֶׁה, בְּהַצּוֹק לַחֲשׁוֹ בִּתְפִלָּה אַחֲרוֹנָה, וּבְבַקְּשׁוֹ בִּטּוּי נִמְרָץ לְרִגְשׁוֹתָיו שֶׁאֲהֵבָה נַפְשׁוֹ: הָהָר הַטּוֹב הַזֶּה!

כִּי הָהָר — זוֹהִי הָאָרֶץ הַמֻּבְטַחַת אֲשֶׁר מֵעֵבֶר לַיַּרְדֵּן מַעֲרָבָה, הוּא — שֶׁאֵלָיו נָשְׂאוּ עֵינֵי הָעָם בְּלֶכְתּוֹ בַּמִּדְבָּר. הָאָרֶץ, לְיֶתֶר גְּלִילוֹתֶיהָ הָרַבִּים הַנִּבְדָּלִים זֶה מִזֶּה, לֹא נוֹדְעָה לוֹ עֲדַיִן. הָאָרֶץ — זֶהוּ הָהָר, וּלְכָל הַיּוֹתֵר גַּם הַנֶּגֶב, וּבִשְׁלֹחַ מֹשֶׁה אֲנָשִׁים לָתוּר אֶת הָאָרֶץ אָמַר אֲלֵיהֶם: „עֲלוּ זֶה בַּנֶּגֶב וַעֲלִיתֶם אֶת הָהָר, וּרְאִיתֶם אֶת הָאָרֶץ מַה הִיא״ 1*. רַק אַחֲרֵי שׁוּב הָאֲנָשִׁים מִתּוּר אֶת הָאָרֶץ, מִקֵּץ אַרְבָּעִים יוֹם, סִפְּרוּ עַל „עֲמָלֵק יוֹשֵׁב בְּאֶרֶץ הַנֶּגֶב, וְהַחִתִּי וְהַיְבוּסִי וְהָאֱמֹרִי יוֹשֵׁב בָּהָר, וְהַכְּנַעֲנִי יוֹשֵׁב עַל הַיָּם וְעַל הַיַּרְדֵּן״ 2* עַתָּה שׁוֹמְעִים אָנוּ, כִּי הָאָרֶץ מְחֻלֶּקֶת לְאַרְבָּעָה גְּלִילוֹת, אֲבָל גַּם בַּחֲלֻקָּה גֵיאוֹגְרָפִית זוֹ תּוֹפֵס הָהָר, כַּחֲטִיבָה מְיֻחֶדֶת, אֶת חֶלְקָהּ הַגָּדוֹל שֶׁל הָאָרֶץ שֶׁמֵּעֵבֶר לַיַּרְדֵּן מַעֲרָבָה: מֵהַנֶּגֶב וְעַד הַלְּבָנוֹן. מִלְּבַדּוֹ יֶשְׁנָם כִּכַּר הַיַּרְדֵּן וְחוֹף הַיָּם. הָהָר רֻבָּהּ שֶׁל הָאָרֶץ הוּא, זֶהוּ מְקוֹמוֹ בְּכָל הַתֵּאוּרִים הַגֵּיאוֹגְרָפִיִּים שֶׁל הָאָרֶץ לִפְנֵי הַחֲלֻקָּה בֵּין שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל; שְׁמוֹתֵיהֶם שֶׁל גְּלִילוֹת אֲחֵרִים, — יֵשׁ וְהֵם נֶעְדָּרִים, פַּעַם גָּלִיל זֶה וּפַעַם גָּלִיל אַחֵר, אַךְ גְּלִיל הָהָר נִפְקָד תָּמִיד, כִּי הוּא רֹב בִּנְיָנָהּ שֶׁל הָאָרֶץ; כְּשֶׁיָּשְׁבוּ בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל בְּחוֹרֵב דִּבֵּר אֲלֵיהֶם אֱלֹהִים לֵאמֹר: „פְּנוּ וּסְעוּ לָכֶם וּבֹאוּ הַר הָאֱמֹרִי וְאֶל כָּל שְׁכֵנָיו:

1*. במדבר י״ג 17, 18. 2*. שם, שם 21.

בָּעֲרָבָה, בָּהָר וּבַשְּׁפֵלָה וּבַנֶּגֶב וּבְחוֹף־הַיָּם, אֶרֶץ הַכְּנַעֲנִי וְהַלְּבָנוֹן עַד הַנָּהָר הַגָּדוֹל, נְהַר פְּרָת" 1*. וִיהוֹשֻׁעַ הַכּוֹבֵשׁ אֶת הָאָרֶץ שֶׁבְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן מַעֲרָבָה וּמַכְנִיס בָּהּ אֶת עַם יִשְׂרָאֵל „יַכֶּה אֶת כָּל הָאָרֶץ, הָהָר וְהַנֶּגֶב וְהַשְּׁפֵלָה וְהָאֲשֵׁדוֹת" 2*. הָהָר, הַשְּׁפֵלָה וְהָאֲשֵׁדוֹת — שֵׁמוֹת שׁוֹנִים הֵם לַחֲבָלִים מְסֻיָּמִים הַכְּלוּלִים בְּתוֹךְ גְּלִיל הָהָר.

בִּכְבוֹשׁ עַם־יִשְׂרָאֵל אֶת הָאָרֶץ הָיָה לָהֶם הָהָר כַּחֲטִיבָה שְׁלֵמָה וְטִבְעִית מִבְּרֵאשִׁית, לְמִן הַנֶּגֶב בַּדָּרוֹם וְעַד הַלְּבָנוֹן בַּצָּפוֹן, מֵעֵמֶק חוֹף־הַיָּם בַּמַּעֲרָב עַד עַרְבַת הַיַּרְדֵּן בַּמִּזְרָח. רַק לְאַחַר שֶׁחִלְּקוּהוּ בֵּינֵיהֶם וְהִצִּיבוּ גְבוּלוֹת בֵּין הַשְּׁבָטִים, נִתְפַּצֵּל הָהָר לַחֲבָלִים חֲבָלִים, וְלָהֶם שֵׁמוֹת חֲדָשִׁים: יְהוּדָה וְאֶפְרַיִם, שׁוֹמְרוֹן וְהַכַּרְמֶל, נַפְתָּלִי וְהַגָּלִיל. תְּחִלָּה הַר יְהוּדָה וְהַר אֶפְרַיִם וְהָרֵי נַפְתָּלִי וְאַחַר כָּךְ: אֶרֶץ יְהוּדָה וְאֶרֶץ אֶפְרַיִם וְאֶרֶץ שׁוֹמְרוֹן וְאֶרֶץ הַגָּלִיל, כְּשֶׁכָּלְלוּ בְּתוֹכָן לֹא רַק אֶת חֶלְקֵי הַר אֶלָּא גַם חֲלָקִים מֵעֵמֶק הַחוֹף, וּמִשְּׁפֵלַת הַחוֹף וּמֵעֵמֶק־יִזְרְעֶאל וּמִבִּקְעַת־הַחוּלָה וּמִכִּכַּר הַיַּרְדֵּן. הַגְּבוּלוֹת הַטִּבְעִיִּים שֶׁבֵּין הָהָר וְהָעֵמֶק כְּאִלּוּ נִטַּשְׁטְשׁוּ וְהָעֵמֶק נִגְרַר אַחֲרֵי הָהָר. אֶפֶס, טִשְׁטוּשׁ גְּבוּלוֹת אֵלֶּה הָיָה רַק לַהֲלָכָה, בְּ„מַפַּת הַכְּתוּבִים", אֲבָל לֹא לְמַעֲשֶׂה, כִּי הִתְנַחֲלוּת הַשְּׁבָטִים וְהִתְאַחֲזוּתָם לֹא הָיְתָה שְׁלֵמָה לְפִי חֲלֻקַּת הָאָרֶץ שֶׁעָלְתָה בְּגוֹרָלָם, אֶלָּא נִצְטַמְצְמָה בִּגְבוּלוֹת הָהָר בִּלְבָד. בְּנֵי יִשְׂרָאֵל שֶׁכָּבְשׁוּ וְגַם יָרְשׁוּ אֶת הָהָר לֹא יָכְלוּ לָרֶשֶׁת אֶת הָעֵמֶק. בָּהָר זָרְעוּ אֶת זֶרַע הִתְנַחֲלוּתָם וּבוֹ שָׁלְחוּ שָׁרְשָׁם וַיִּגְדְּלוּ וַיִּהְיוּ לְעֵץ יְפֵה־נוֹף וּגְבַהּ־קוֹמָה, מְעֹרֶה בָּאֲדָמָה מְצֻקַּת אֲבָנִים וּמְשֻׁתֶּתֶת סְלָעִים.

כִּי מִשַּׁחַר יַלְדוּתָהּ שֶׁל אֻמָּה זוֹ נִכְרְתָה בְּרִית בֵּינָהּ וּבֵין הָהָר. עָלָיו נִתְגַּלָּה ד׳ אֶל אֲבִי־אֲבוֹתֶיהָ, וְאוֹתוֹ, אֶת הָהָר, הִבְטִיחָהוּ ד׳ „וַיַּעֲבֹר אַבְרָם בָּאָרֶץ עַד מְקוֹם שְׁכֶם עַד אֵלוֹן מוֹרֶה... וַיֵּרָא ד׳

1*. דברים א׳ 7. 2*. יהושע י׳ 40.

אֶל אַבְרָם וַיֹּאמֶר לְזַרְעֲךָ אֶתֵּן אֶת הָאָרֶץ הַזֹּאת... וַיַּעְתֵּק מִשָּׁם הָהָרָה מִקֶּדֶם לְבֵית אֵל... וַיִּבֶן שָׁם מִזְבֵּחַ לַד׳ וַיִּקְרָא בְּשֵׁם ד׳״ 1*. הַנִּסָּיוֹן הַגָּדוֹל שֶׁנִּתְנַסָּה אַבְרָהָם אָבִינוּ בֶּאֱמוּנָתוֹ לְאֵל יָחִיד, בַּהֲבִיאוֹ אֶת בְּנוֹ יְחִידוֹ לַעֲקֵדָה, הָיָה בָּהָר הַזֶּה: „וַיֹּאמֶר קַח נָא אֶת בִּנְךָ אֶת יְחִידְךָ אֲשֶׁר אָהַבְתָּ אֶת יִצְחָק אֶל אֶרֶץ הַמֹּרִיָּה וְהַעֲלֵהוּ שָׁם לְעֹלָה עַל אַחַד הֶהָרִים אֲשֶׁר אֹמַר אֵלֶיךָ״ 2*; וְשׁוּב נִתְגַּלָּה אֵלָיו ד׳ בָּהָר 3*. וְכָךְ נֶחְתַּךְ גּוֹרָלָהּ שֶׁל אֻמָּה זוֹ שֶׁתְּהֵא קְשׁוּרָה אֶל הָהָר כְּאֶל הַמּוֹלֶדֶת הַגַּשְׁמִית וְהָרוּחָנִית. מֵעַתָּה נֶהְפַּךְ הָהָר לְבָמַת חַיֶּיהָ, לְכוּר תּוֹלְדוֹתֶיהָ.

לְמֹשֶׁה, רוֹעֵה־הַצֹּאן—הָעָם, מִתְגַּלֶּה ד׳ עַל הַר הָאֱלֹהִים: „וּמֹשֶׁה עָלָה אֶל הָאֱלֹהִים וַיִּקְרָא אֵלָיו ד׳ מִן הָהָר לֵאמֹר:״ 4*. וּבְצֵאת עַם יִשְׂרָאֵל מִשִּׁעְבּוּד לְחֵרוּת מוֹלִיכוֹ מֹשֶׁה תְּחִלָּה אֶל הָהָר, זֶה סֵמֶל גַּדְלוּת וְהִתְרוֹמְמוּת, הִתְפַּעֲלוּת וְהִתְקָרְבוּת לְאֵל עֶלְיוֹן מֵעַל כֹּל. הַמַּרְאֶה הַנִּשְׂגָּב בְּיוֹתֵר אֲשֶׁר חָזָה פַּעַם עָם — רוֹאֶה עַם־יִשְׂרָאֵל בְּמַעֲמַד הַר סִינַי 5*. עַל הָהָר מְקַבֵּל מֹשֶׁה אֶת הַתּוֹרָה וְאֶת הַמִּצְוָה וּמִשָּׁם הוּא יוֹרֵד כִּמְחוֹקֵק עִם „שְׁנֵי לוּחוֹת הָעֵדוּת, לוּחוֹת־אֶבֶן כְּתוּבִים בְּאֶצְבַּע אֱלֹהִים״ 6*. הַתּוֹרָה הַנִּתֶּנֶת בָּהָר נֶחְקֶקֶת בָּאֶבֶן, שֶׁהִיא יְסוֹד הָהָר. עִמָּם, עִם לוּחוֹת הָאֶבֶן הוֹלֵךְ הָעָם אֶל אַרְצוֹ הַמֻּבְטַחַת, הוּא הָהָר הַטּוֹב. וְכָאן בָּהָר, מִתְעַלִּים יוֹצְאֵי־חֲלָצֵיהֶם שֶׁל עַבְדֵי מִצְרַיִם וְנִהְיִים לְעַם בֶּן־חוֹרִין, הַיּוֹצֵר בְּמֶשֶׁךְ דּוֹרוֹת, דּוֹרוֹת רַבִּים, חַיֵּי יִשּׁוּבֵי־הֲרָרִי, מְדִינָה הַשּׁוֹלֶטֶת בְּעִקָּר בָּהָר, וְרַק לְעִתִּים רְחוֹקוֹת הִיא יוֹרֶדֶת לַעֲמָקִים, וְתַרְבּוּת רוּחָנִית הַנֶּחְצֶבֶת מִסֶּלַע הָהָר, וְעַל כֵּן עַזָּה כָּמוֹהוּ, וּכְמוֹתוֹ קַיֶּמֶת לָעַד. הָהָר הוּא שַׁעֲרָהּ שֶׁל

1*. בראשית י״ב 6, 7, 8. 2*. שם כ״ב 2. 3*. שם שם 14, 18. 4*. שמות י״ט 3. 5*. שמות י״ט 16, 20. 6*. שם ל״א 18.

הָאֻמָּה, וְגַם אֱלֹהִים „חָמַד אוֹתוֹ לְשִׁבְתּוֹ" 1*, וְעַל־כֵּן יֵאָמֵר עַל עַם־יִשְׂרָאֵל כִּי „אֱלֹהֵי הָרִים אֱלֹהֵיהֶם עַל כֵּן חָזְקוּ" 2*. שׁוֹפְטָיו, מְלָכָיו וּנְבִיאָיו מִקֶּרֶב הָהָר יָצְאוּ. עָתְנִיאֵל בֶּן קְנָז, אֵהוּד בֶּן גֵּרָא, דְּבוֹרָה הַנְּבִיאָה, בָּרָק בֶּן אֲבִינֹעַם, גִּדְעוֹן בֶּן יוֹאָשׁ וכו' מִן הַשּׁוֹפְטִים, שָׁאוּל הַמֶּלֶךְ הָרִאשׁוֹן, וְדָוִד „מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל חַי וְקַיָּם" שֶׁמִּמֶּנּוּ הַשּׁוֹשֶׁלֶת הַמַּלְכוּתִית בִּיהוּדָה; שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא, אֱלִישָׁע, יְשַׁעְיָה, יִרְמְיָהוּ, הוֹשֵׁעַ, יוֹאֵל, עָמוֹס וַחֲבְרֵיהֶם מִן הַנְּבִיאִים יוֹצְרֵי הַתּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב, וּמֵאַחֲרֵיהֶם יוֹרְשֵׁיהֶם הַחֲכָמִים, מַנִּיחֵי הַיְסוֹד לַתּוֹרָה שֶׁבְּעַל־פֶּה בְּמֶשֶׁךְ מֵאוֹת שָׁנִים, בְּשֶׁבֶת הָעָם בִּיהוּדָה, בְּאֶפְרַיִם וּבַגָּלִיל.

אַף הַגִּבּוֹרִים, לוֹחֲמֵי מִלְחֶמֶת הָעָם לְחֵרוּתוֹ הַמְּדִינִית, בְּנֵי הָהָר הֵם בְּרֻבָּם, בִּימֵי הַבַּיִת הָרִאשׁוֹן כְּבִימֵי הַבַּיִת הַשֵּׁנִי. מִשְׁפַּחַת הַמַּכַּבִּים מִמּוֹדִיעִים שֶׁבִּשְׁפֵלַת הָהָר, הֲלֹא הִיא שֶׁבִּגְבוּרַת בָּנֶיהָ שִׁחְרְרוּ אֶת עַמֵּנוּ מִלַּחַץ הַיְּוָנִים, שִׁחְרוּר מְדִינִי וְרוּחָנִי, וּבְאֹמֶץ רוּחָהּ הִרְחִיבָה אֶת גְּבוּלוֹת הָאָרֶץ, שֶׁכְּמוֹהֶם לֹא הָיוּ מִימוֹת דָּוִד וּשְׁלֹמֹה. אַחֲרֵיהֶם גִּבּוֹרֵי־הַהֵאָבְקוּת בְּמַלְכוּת רוֹמָא: יוֹחָנָן מִגּוּשׁ חָלָב, בַּר־כּוֹכְבָא מִבֵּיתָר וְעוֹד. עַל גְּבוּרָתָם שֶׁל אֵלֶּה אָצַל הָהָר מֵעֻזּוֹ שֶׁבִּמְרוֹמִים נִשָּׂאִים, מִשִּׂגְבּוֹ שֶׁבְּמוֹרָדוֹת תְּלוּלִים, מִמַּחֲסֵהוּ שֶׁבְּגֵיאָיוֹת עֲמֻקּוֹת. רַק בָּהָר יֵשׁ מָקוֹם לְבָמַת חֶזְיוֹנוֹת מֻפְלָאִים, שֶׁלָּהֶם הָיוּ עֵדִים מְצָדָה, יוֹדְפַת, גּוּשׁ חָלָב, בֵּיתָר וְעוֹד.

הַקֶּשֶׁר שֶׁבֵּין הָאֻמָּה לָהָר כִּלְאֶרֶץ־מְכוֹרָה וְעֶרֶשׂ מוֹלֶדֶת מִשְׁתַּקֵּף יָפֶה בְּדִבְרֵי הַנְּבִיאִים וְהַכְּתוּבִים, אִם בְּזַעַם וְקִינָה וְאִם בְּנֹחַם וְשִׁירָה; אִם בִּתְפִלָּה וּתְחִנָּה וְאִם בְּפִיּוּט וּמְלִיצָה. הַנָּבִיא יִרְמְיָהוּ קוֹנֵן „רָאִיתִי הֶהָרִים וְהִנֵּה רֹעֲשִׁים וְכָל הַגְּבָעוֹת הִתְקַלְקָלוּ" 3*; „צֹאן אֹבְדוֹת הָיוּ עַמִּי, רֹעֵיהֶם הִתְעוּם הָרִים שׁוֹבְבוּם, מֵהַר אֶל גִּבְעָה הָלָכוּ שָׁכְחוּ רִבְצָם" 4*.

1*. תהלים ס"ח 17. 2*. מלכים א כ' 23. 3*. ירמיהו ד' 24.
4* שם נ' 6.

וְעַל כֵּן „עַל הֶהָרִים אֶשָּׂא בְכִי" 1*. וִיחֶזְקֵאל חוֹזֶה חָזוֹת קָשָׁה לָעָם „וְנָתַתִּי אֶת בְּשָׂרְךָ עַל הֶהָרִים וּמִלֵּאתִי הַגֵּאָיוֹת רָמוּתֶךָ וְהִשְׁקֵיתִי אֶרֶץ צָפָתְךָ מִדָּמְךָ אֶל הֶהָרִים וַאֲפִיקִים יִמָּלְאוּן מִמֶּךָּ...2* „וְנָתַתִּי אֶת הָאָרֶץ שְׁמָמָה וּמְשַׁמָּה... וְשָׁמְמוּ הָרֵי יִשְׂרָאֵל מֵאֵין עוֹבֵר" 3* „יִשְׁגּוּ צֹאנִי בְּכָל הֶהָרִים וְעַל כָּל גִּבְעָה רָמָה" 4*. „וָאֶקְרָא חֹרֶב עַל הָאָרֶץ וְעַל הֶהָרִים וְעַל הַדָּגָן וְעַל הַתִּירוֹשׁ וְעַל הַיִּצְהָר וְעַל אֲשֶׁר תּוֹצִיא הָאֲדָמָה" 5*. אוּלָם בְּאַחֲרִית הַיָּמִים, כְּשֶׁהָעָם יָשׁוּב לֵאלֹהָיו וּלְאַרְצוֹ „נָכוֹן יִהְיֶה הַר בֵּית ד' בְּרֹאשׁ הֶהָרִים וְנִשָּׂא מִגְּבָעוֹת וְנָהֲרוּ אֵלָיו כָּל הַגּוֹיִם" 6*; הַבְּשׂוֹרָה תָּבוֹא מִן הָהָר: „עַל הַר נִשְׁפֶּה שְׂאוּ נֵס" 7*, „עַל הַר גָּבֹהַּ עֲלִי לָךְ, מְבַשֶּׂרֶת צִיּוֹן" 8*, וְלֹא עוֹד אֶלָּא שֶׁ„רַגְלֵי הַמְבַשֵּׂר נָאווּ עַל הֶהָרִים" 9* וּמַהִי הַבְּשׂוֹרָה? „כִּי בְשִׂמְחָה תֵצֵאוּ וּבְשָׁלוֹם תּוּבָלוּן, הֶהָרִים וְהַגְּבָעוֹת יִפְצְחוּ לִפְנֵיכֶם רִנָּה" 10*, וְ„עוֹד תִּטְּעוּ כְרָמִים בְּהָרֵי שֹׁמְרוֹן" 11*. „וְשָׁתַלְתִּי אָנִי עַל הַר גָּבֹהַּ וְתָלוּל, — בְּהַר מְרוֹם יִשְׂרָאֵל אֶשְׁתֳּלֶנּוּ" 12* „בְּמִרְעֶה טּוֹב אֶרְעֶה אוֹתָם וּבְהָרֵי מְרוֹם יִשְׂרָאֵל יִהְיֶה נְוֵהֶם" 13*, „וְהָיָה בַיּוֹם הַהוּא יִטְּפוּ הֶהָרִים עָסִיס וְהַגְּבָעוֹת תֵּלַכְנָה חָלָב וְכָל אֲפִיקֵי יְהוּדָה יֵלְכוּ מָיִם וּמַעְיָן מִבֵּית ד' יֵצֵא" 14*, „וְעָשִׂיתִי אוֹתָם לְגוֹי אֶחָד בָּאָרֶץ, בְּהָרֵי יִשְׂרָאֵל וּמֶלֶךְ אֶחָד יִהְיֶה לְכֻלָּם" 15*.

הַנַּעֲלֶה וְהַנִּשְׂגָּב שֶׁאֲלֵיהֶם יְפַלֵּל כָּל יָשָׁר בָּאָדָם נִמְצָאִים עַל הָהָר. „קוֹלִי אֶל ד' וַיַּעֲנֵנִי מֵהַר קָדְשׁוֹ" 16*; „שְׁלַח אוֹרְךָ וַאֲמִתְּךָ הֵמָּה יַנְחוּנִי, יְבִיאוּנִי אֶל הַר קָדְשְׁךָ וְאֶל מִשְׁכְּנוֹתֶיךָ" 17*, „יִשְׂאוּ

1*. ירמיהו ט' 9. 2*. יחזקאל ל"ב 5—6. 3*. שם ל"ג 28. 4*. שם ל"ד 6. 5*. חגי א' 11. 6*. ישעיהו ב, 2. 7*. שם י"ג 2. 8*. שם מ' 9. 9*. שם נ"ב 7. 10*. שם נ"ה 12. 11*. ירמיהו ל"א 4. 12*. יחזקאל י"ז 23—24. 13*. שם ל"ד 14. 14*. יואל ד' 18. 15*. יחזקאל ל"ז 20. 16*. תהלים ג' 5. 17*. שם מ"ג 3.

הָרִים שָׁלוֹם לָעָם וּגְבָעוֹת בִּצְדָקָה 1*. וְהַמִּתְפַּלֵּל יִשָּׂא „עֵינָיו אֶל הֶהָרִים לְבַקֵּשׁ מֵאַיִן יָבוֹא עֶזְרִי" 2*. הֶהָרִים מִתּוֹךְ חָסְנָם וְשִׂיאָם וְעָזָם הֵם מַכִּירִים אֶת יוֹצְרָם וְכָל הַקָּרוֹב אֲלֵיהֶם שׁוֹמֵעַ אֵיךְ הֵם מְקַלְּסִים וּמְרוֹמְמִים וּמְשַׁבְּחִים אוֹתוֹ. הֵם שֶׁמְּסַפְּרִים כְּבוֹד אֵל וְהֵם שֶׁמְּעִידִים עַל צִדְקָתוֹ בַּל תִּמּוֹט 3*, הָרִים יְרַנְּנוּ וִירַקְּדוּ 4*, אַף יֶעֶשְׁנוּ וְיִרְגָּזוּ. „עַל כֵּן חָרָה אַף ד' בְּעַמּוֹ וַיֵּט יָדוֹ עָלָיו וַיַּכֵּהוּ וַיִּרְגְּזוּ הֶהָרִים" 5*. וּבִמְלִיצָה מְתַקֵּשֶׁט הָהָר בִּסְתָרָיו וּבְצַלְעוֹתָיו, בְּמוֹרָדָיו וּבִמְרוֹמָיו; הוּא נִשְׁפָּל וּמִתְרוֹמֵם, נִשְׁקָל וּמִתְמוֹטֵט, „כָּל גֵּיא יִנָּשֵׂא וְכָל הַר וְגִבְעָה יִשְׁפָּלוּ" 6* „כִּי הֶהָרִים יָמוּשׁוּ וְהַגְּבָעוֹת תְּמוּטֶינָה" 7* „וְשָׁקַל בַּפֶּלֶס הָרִים וּגְבָעוֹת בְּמֹאזְנָיִם" 8*. הוּא סֵמֶל לַגְּבוּרָה: „תָּדוּשׁ הָרִים וְתָדֹק וּגְבָעוֹת כַּמֹּץ תָּשִׂים" 9* וכו' וכו'. הָהָר וּמוֹסְדוֹתָיו מְשָׁלִים הֵם בְּתוֹרַת חַיִּים וּמַעֲשִׁירִים אֶת הַשָּׂפָה הָעִבְרִית בְּנִיבִים וּבִטּוּיִים פְּלַסְטִיִּים כְּמוֹהֶם: „יָרְדוּ בִמְצוֹלוֹת כְּמוֹ אָבֶן" 10* „הֲלֹא כֹה דְבָרִי כָּאֵשׁ נְאֻם ד' וּכְפַטִּישׁ יְפֹצֵץ סָלַע" 11*; „יִקֹּב הַדִּין אֶת הָהָר!" 12* „עוֹקֵר הָרִים וְטוֹחֲנָם זֶה בָּזֶה" 13*; „רֹאשְׁךָ וָהָר!" 14*, וְעוֹד.

חֵן מָקוֹם עַל יוֹשְׁבָיו. וְהָהָר, כְּאֶרֶץ יְשִׁיבָתָם שֶׁל בְּנֵי יִשְׂרָאֵל בִּתְקוּפָה שֶׁל כְּאֶלֶף שָׁנָה, מֵרֵאשִׁית תּוֹלְדוֹתָם וְעַד הֱיוֹתָם לְעַם סְגֻלָּה בַּעַל תַּרְבּוּת מְיֻחֶדֶת לוֹ, אָצַל מֵרוּחוֹ וּמִנִּשְׁמָתוֹ עַל חַיָּיו וִיצִירוֹתָיו: הַדָּת, הַלָּשׁוֹן וְהַתַּרְבּוּת, וְהַשְׁפָּעָתוֹ עֲלֵיהֶם רַבָּה.

חֵקֶר הָהָר בְּתוֹלְדוֹת יִשְׂרָאֵל, שְׂפָתוֹ וְתוֹרָתוֹ הִיא פָּרָשָׁה חֲשׁוּבָה בִּפְנֵי עַצְמָהּ, שֶׁלִּשְׁמָהּ כְּדַאי לְהַקְדִּישׁ חִבּוּר מְיֻחָד. אָכֵן, לְפָרָשַׁת־הָהָר שֶׁלְּפָנֵינוּ מְגַמָּה יְשׁוּבִית, הַיְינוּ: לְהַגִּיד אֶת טִבְעוֹ שֶׁל

1*. תהילים ע"ב ג'. 2*. שם קכ"א 1. 3*. שם ל"ו 7. 4*. שם צ"ח 8. 5*. ישעיה ה' 25. 6*. שם מ' 4. 7*. שם כ"ד 10. 8*. שם מ' 12. 9*. שם מ"א 15. 10*. שמות ט"ו 5. 11*. ירמיהו כ"ג 29. 12*. יבמות צ"ב. 13*. סנהדרין כ"ד. 14*. חולין ל"ט.

הָהָר (פרק א׳) וְאֶת טִיבוֹ לַחַקְלָאוּת וּלְהִתְיַשְּׁבוּת לְפָנִים וְהַיּוֹם (פרק ב׳). פָּרָשָׁה זוֹ תְּנַהֶגְךָ וְתַעֲלֶה אוֹתְךָ, קוֹרֵא יָקָר, אֶל מְרוֹמֵי הָהָר, לִרְאוֹת אֶת גְּבוּלוֹתָיו הַטִּבְעִיִּים, הַקּוֹבְעִים אוֹתוֹ בַּחֲטִיבָה גֵּיאוֹגְרָפִית מְיֻחֶדֶת, וּתְגַלֶּה לְפָנֶיךָ אֶת רָמוֹתָיו וְגֵיאוֹתָיו, אֶת בִּקְעוֹתָיו וּפִסְגּוֹתָיו, אֶת מַסַּד־אַדְמָתוֹ וְאֶת מַעֲטֵה־צְמָחָיו, וְאַגַּב תְּסַפֵּר לְךָ מַה פָּעַל בּוֹ יִשְׂרָאֵל כְּשֶׁהָיָה הָהָר נַחֲלָתוֹ וּמָה הַבְּשׂוֹרָה הַנִּשֵּׂאת עָלָיו לְשָׁבֵי הַגּוֹלָה עַתָּה; בְּקִצּוּר, הִיא רוֹצָה לְהוֹבִילְךָ אֶל הָהָר הַטּוֹב הַזֶּה...

# דער באַרג

„ועליתם את ההר״.

(במדבר י״ג, 17)

„און איר זאָלט אַרויפגיין אויפן באַרג.״

...עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט און משה איז אַרויף אויפן שפּיצבאַרג. דער שאָטן־מאַנטל וואָס האָט אים איינגעהילט, ווען ער האָט זיך נאָך געפונען אויפן באַרג־שיפּוע איז איצט פון אים אַראָפּגעפאַלן, און אַ ליכט, אַ גרויס ליכט, האָט אים אַרומגערינגלט. אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן האָט ער איינגעאָטעמט די קלאָרע און שימערירנדיקע לופט, און עס האָט אויסגעזען ווי דאָס גאַנצע געוויכט פון זיינע יאָרן, די שווערע דאגות און שטרייטיקייטן פון זיין פאָלק, זענען פון אים מיטאַמאָל אָפּגעטאָן געוואָרן. דעמאָלט האָט ער זיך אויסגעגלייכט און אויפגעהויבן די אויגן. אַ טיפבלויער הימל־לייוונט איז געהאָנגען איבער אים אין די הויכקייטן, און זיינע זוימען דערלאַנגען ווייטע, גאָר ווייטע האָריזאָנטן; פון אונטן, אויף די ברעגן פון ים, שטייט אַ באַרג, אָנגעטאָן ביז די אַקסלען מיט אַ בלוילעך־נעפּלדיקן בגד, וועלכער באַטאָנט זיינע פאַלדן און די ריזיקע אויסגעשניצטע אברים און זיין קאָפּ פלאַמט, ווי ער וואָלט געברענט אין זון־פייער וואָס גייט אויף אים.

דעמאָלט האָט משה אַרויסגעשיקט זיין בליק קיין מערב־זייט, צום באַרג, און די זון־שטראַלן שפּרינגען אויף זיין פּנים און ער זעט די שפּועים באַגרינטע פון וועלדער און די זאַפט־טריפנדיקע היגלען, די טאָלן איינגעטונקט אין תבואה און די וואַדים וואָס פליסן מיט קוואַלן און אָט דאָס פּראַכטפולע בילד „הימל־פּרוכטיק פון טוי און פון אונטן־ליגנדיקן תהום״, ווערט וואָס אַמאָל פאַרכאַפּנדיקער

פון דרום קיין צפון ביז צו דער נידערונג פון טאָל. און דאָרט, העט־
ווייט, איבער דעם גרויסן טאָל, הייבט זיך ווידער אויף אַ באַרג,
אַלץ העכער און העכער ביז צום סאַמע הימל. און אָט דער באַרג
איז באַהאָנגען מיט אַ גרינער הילע פון אַקסל ביז צום פוס, אָבער
אויף זיין קאָפּ איז אָנגעטאָן אַ ווייסער פינקלדיקער הוט, און אינ־
גאַנצן איז ער „זאַט פון צופרידנקייט און פול מיט דער ברכה פון
גאָט". בעת משה האָט באַטראַכט זיין הארץ־גלוסטיק בילד, האָט
זיין נשמה זיך אָנגעפולט מיט נאָגונג און בענקשאַפט צו אים און
ער האָט אויסגעשפרייט זיינע הענט צו גאָט און געטאָן בעטן:

— לאָמיר נאָר אַריבערגיין און כ'וועל זען דאָס גוטע לאַנד
וואָס פון דער אַנדער זייט פון ירדן, אָט דעם גוטן באַרג און דעם
לבנון!...

אָט דעם גוטן באַרג! דער גאַנצער באַגער און ליבשאַפט, די
גאַנצע בענקשאַפט און שטרעבונג צום אויסדערוויילטן לאַנד זע־
נען געווען איינגעקנוילט אין אָט דעם אויסרוף משהס, בעת ער טוט
תפילה צום לעצטן מאָל, און בעת ער זוכט אַ קרעפטיקן אויסדרוק
פאַר זיינע הייסע געפילן — אָט דער גוטער באַרג!

ווייל דער באַרג, דאָס איז דאָס פאַרשפּראָכן לאַנד פון מערבֿ־
זייט ירדן; צו אים האָבן זיך געצויגן די בליקן פון פאָלק
וואַנדערנדיק אין מדבר. דאָס לאַנד מיט זיינע פאַרשיידנאַרטיקע
געגנטן, איז אים נאָך נישט געווען באַקאַנט. דאָס לאַנד — מיינט
מען דעם באַרג און לכל היותר אויך דעם נגב, און בעת משה שיקט
מענטשן אויסקוקן דאָס לאַנד, זאָגט ער זיי: „גייט אַרויף אין דעם
נגב און איר וועט אַרויפגיין דעם באַרג, און איר זאָלט זען וואָס פאַר
אַ מין לאַנד דאָס איז" [1]. ערשט נאָכדעם ווי די מענטשן זענען צו־
ריקגעקומען פון באַקוקן דאָס לאַנד, פערציק טעג שפּעטער, האָבן
זיי דערציילט וועגן „עמלק וואָס זיצט אין לאַנד פון נגב, און דער
חתי און יבוסי און אמורי וואָס זיצן אין באַרג, און דער כנעני זיצט

[1] במדבר י"ג, 17, 19.

בײם י ם און בײם י ר ד ן״[1]. איצט הערן מיר אַז דאָס לאַנד איז אײנגעטײלט אין פיר ראַיאָנען, אָבער אויך אין דער געאָגראַפישער אײנטײלונג פאַרנעמט דער באַרג, ווי אַ באַזונדערע אײנהײט, דעם גרעסטן טײל פון לאַנד אין דער מערבדיקער זײט פון ירדן, פון נגב ביז לבנון. חוץ אים איז פאַראַן ככר הירדן און דער ים־ברעג. דער באַרג בילדעט די מערהײט לאַנד. דאָס איז זײן פּלאַץ אין אַלע געאָגראַפישע שילדערונגען פון לאַנד פאַר דער צעטײלונג צווישן די ישראל־שבטים; נעמען פון איבעריקע ראַיאָנען פעלן צו־מאָל, אַמאָל דער און אַמאָל אַן אַנדער ראַיאָן, אָבער דער באַרג־ראַיאָן ווערט תמיד דערמאָנט, ווײל ער איז דער רוב בנין פון לאַנד. בעת די בני ישראל זיצן אין חורב, האָט צו זײ גאָט גערעדט, אַזוי צו זאָגן: „פאַרקערט זיך און ציט אײַך אַוועק און גײט צו דעם געבערג פון אמורי און צו אַלע זײַנע שכנים; אין דעם פּלײן, אין דעם געבערג און אין דער נידערונג און אין דרום און בײם באָרטן פון ים, אין לאַנד פון דעם כנעני און צום לבנון, ביזן גרויסן טײַך, דעם טײַך פּרת״[2]. יהושע װעלכער דעראָבערט דאָס לאַנד אין מערב־זײט פון ירדן, און פירט אַרײַן די בני ישראל „האָט געשלאָגן דאָס גאַנצע לאַנד, דאָס געבערג, און דעם דרום, און די נידערונג, און די אַראָפּגאַנגען (אשדות)״[3]. דער באַרג, די שפלה און אשדות זײַנען פאַרשײדענע נעמען פאַר געװיסע געגנטן אין באַרג־ראַיאָן.

װען דאָס פאָלק ישראל האָט דעראָבערט דאָס לאַנד, איז פאַר אים דאָס געבערג געװען אין אָנהײב אַ שלמותדיקע און אַ נאַטירלעכע אײנקײט, פון נגב אין דרום ביז לבנון אין צפון, פון ים־ברעג־טאָל אין מערב ביז דעם ירדן־פּלײן אין מזרח. ערשט נאָכן צעטײלן אים צװישן זיך און נאָכן אײנשטעלן גרענעצן צװישן די שבטים, איז דער באַרג צעבראָכן געװאָרן אין קלענערע זאַנגען מיט נײַע נעמען: יהודה און אפרים, שומרון און כרמל, נפתלי און גליל. קודם,

[1] דאָרט, 29.
[2] דברים, א׳, 7.
[3] יהושע, י׳, 40.

דער באַרג פון יהודה און דער באַרג פון אפרים און די בערג פון נפתלי, און ערשט דערנאָך, דאָס לאַנד פון יהודה און דאָס לאַנד פון אפרים און דאָס לאַנד פון שומרון און דאָס לאַנד פון גליל, ווייל דעמאָלט האָבן זיי אַרומגענומען ניט בלויז טיילן פון באַרג, נאָר אויך טיילן פון ברעג טאָל, פון ברעג פלאַכלאַנד, פון עמק־יזרעאל, פון חולה־טאָל און פון ככר־הירדן. די נאַטירלעכע גרענעצן צווישן באַרג און טאָל זענען ווי פאַרווישט געוואָרן און דער טאָל האָט זיך נאָכגעשלעפּט דעם באַרג. אָבער די דאָזיקע גרענעץ־פאַרווישונג איז נאָר געווען טעאָרעטיש, אין דער „מאַפּע פון די שריפטן", אָבער נישט פּאַקטיש, ווייל די באַזעצונג פון די שבטים איז כלל נישט געווען קיין פולשטענדיקע לויט דער גורל־געוואָרפענער לאַנד־איינטיילונג, נאָר זי האָט זיך באַגרענעצט בלויז צו די בערג. די בני ישראל וועלכע האָבן דעראָבערט און זיך באַזעצט אויפן באַרג, האָבן דעם טאָל נישט געקאָנט פאַרנעמען. דער אָנהייב פון זייער התנחלות האָבן זיי פאַרזייט אין באַרג, דאָרט האָבן זיי געשלאָגן וואָרצלען, זיך צעוואַקסן און געוואָרן אַ הויכוווקסיקער און ברייטצווייגיקער בוים, טיף אַריינגעשטעקט אין אַ פעלדזיקן און שטייניקן באָדן.

ווייל זינט דער קינדהייט פון דעם פאָלק איז צווישן אים און באַרג געשלאָסן געוואָרן אַ בונד. אויפן באַרג האָט גאָט זיך אַנטפּלעקט צום אורפאָטער אברהם און אים צוגעזאָגט דעם באַרג: „און אברם איז דורכגעגאַנגען דאָס לאַנד ביזן אָרט פון שכם, ביז דעם אייכנבוים מורה... און גאָט האָט זיך באַוויזן צו אברמען און געזאָגט: צו דיין זאָמען וועל איך געבן דאָס דאָזיקע לאַנד... אוז ער האָט זיך איבערגעטראָגן פון דאָרט צום באַרג, אין מזרח פון בית־אל... און ער האָט דאָרט געבויט אַ מזבח צו גאָט און גערופן אין גאָטס נאָמען"[1]. דער גרויסער נסיון וואָס אברהם אבינו איז אויסגעשטאַנען, ברענגענדיק זיין איינציקן זון אויף דער עקדה, איז געווען אויף דעם באַרג: „און ער האָט אים געזאָגט: נעם דיין זון, דיין

[1] בראשית, י״ב, 6, 7, 8.

איינציקן, וואָס דו האָסט ליב, יצחקן, און גיי דיר צום לאַנד מוריה, און ברענג אים אויף דאָרטן פאַר אַ קרבן אויף איינעם פון די בערג וואָס איך וועל דיר זאָגן״[1].

און ווידער האָט זיך צו אים גאָט באַוויזן אויפן באַרג[2]. אַזוי איז אַנטשידן געוואָרן דער גורל פון דעם פאָלק, עס זאָל זיין צוגעבונדן צום באַרג ווי צו זיין פיזישן און גייסטיקן פאָטערלאַנד. פון איצט אָן איז דער באַרג געוואָרן דער סצענאַר פון זיין לעבן, דער אורשפרונג פון זיין געשיכטע.

גאָט באַוויזט זיך צו משהן, דעם פאַסטוך פון שאָף און פאָלק, אויפן געטלעכן באַרג: „און משה איז אַרויפגעגאַנגען צו גאָט און גאָט האָט גערופן צו אים פון באַרג אַזוי צו זאָגן״[3]. און ווען דאָס פאָלק ישראל באַפרייט זיך פון דער שקלאַפעריי, פירט אים קודם משה צום באַרג, דעם סימבאָל פון גרויסקייט און דערהייבונג, באַגייסטערונג און דערנענטערונג צום אויבערשטן, וואָס איז איבער אַלץ. דאָס פאָלק ישראל זעט אין מעמד הר סיני דאָס הערלעכסטע בילד, וואָס אַ פאָלק האָט ווען עס איז געזען[4]. אויפן באַרג באַקומט משה די תורה מיט די מצוות, און פון דאָרט נידערט ער אַראָפ ווי אַ געזעצגעבער מיט „צוויי לוחות פון געזעץ, שטיינערנע לוחות, געשריבן מיט דעם פינגער פון גאָט״[5]. די תורה וואָס ווערט געגעבן אין באַרג איז אויסגעקריצט אין שטיין, דער יסוד פון באַרג. מיט אָט די שטיינערנע לוחות גייט דאָס פאָלק צו זיין צוגעזאָגטן לאַנד, וואָס איז דער גוטער באַרג. דאָ אויפן באַרג דערהייבן זיך די אָפּשטאַמיקע פון מצרימס שקלאַפן און ווערן אַ פריי פאָלק, וואָס שאַפט אין משך פון לאַנגע דורות אַ באַרג־ישובדיקן לעבנשטייגער, אַ

1 דאָרט, כ״ב, 1.
2 בראשית, כ״ב, 14, 18.
3 שמות, י״ט, 3.
4 שמות, י״ט, 16, 20.
5 דאָרט, ל״א, 18.

מדינה, וואָס הערשט בעיקר אין באַרג און נידערט זעלטן אַראָפּ אין די טאָלן. ער שאַפט אַ גייסטיקע קולטור וואָס ווערט אויסגעהאַקט פון פעלדזיקן באַרג און איז קרעפטיק ווי ער און אייביק ווי ער. דער באַרג איז דער טויער פון פאָלק „וואָס גאָט האָט פאַר זיין וווי־נונג געקליבן"[1]. דער פאַר ווערט געזאָגט וועגן פאָלק ישראל, אַז „אַ גאָט פון בערג איז זייער גאָט און דערום זענען זיי געווען שטאַר־קער פון אונדז"[2] די שופטים, מלכים און נביאים קומען אַרויס פון באַרג: עתניאל בן קנז, אהוד בן גרא, דבורה הנביאה, ברק בן אבי־נועם, גדעון בן יואש א"א. פון די שופטים: שאול, דער ערשטער מלך און דוד „מלך ישראל חי וקים", פון וועלכן עס קומט אַרויס די קעניגלעכע דינאַסטיע אין יהודה; שמואל הנשיא, אלישע, ישעיה, ירמיהו, יהושע, יואל, עמוס און די אַנדערע נביאים וועלכע האָבן געשאַפן די תורה שבכתב, און זייערע יורשים די חכמים, גרונט־לייגער פון דער תורה שבעל־פה אין משך פון הונדערטער יאָרן, בעת דאָס פאָלק איז געזעסן אין יהודה, אפרים און גליל. אויך די גבורים וועלכע האָבן געקעמפט פאַר דער פּאָליטישער פרייהייט פון פאָלק, זענען על־פי־רוב באַרג־מענטשן, סיי אין די צייטן פון בית־ראשון און סיי אין בית־שני. די מכבי־משפחה פון מודיעין וואָס גע־פינט זיך אין דער באַרג־שפלה, האָט אַדאַנק דער גבורה פון אירע זין, באַפרייט פּאָליטיש און גייסטיק אונדזער פאָלק פון דער גריכי־שער אונטערדריקונג און מיט איר דרייסטקייט אויסגעברייטערט די לאַנד־גרענעצן אין אַזאַ פאַרנעם, וואָס האָט נישט עקזיסטירט זינט די צייטן פון דוד און שלמה. נאָך דעם קומען די העלדן פון גע־ראַנגל מיט דער רוימישער אימפעריע: יוחנן מגוש חלב, בר־כוכבא פון ביתר און נאָך. די גבורה פון די מענער איז געווען אינספּירירט פון באַרגיקער פעלדזיקייט אין די גוואַלדיקע הויכן, פון דער פראַכ־טיקייט אין די האסטיקע אַפּהאַנגען, פון דער שוץ אין די טיפע טאָלן. נאָר אין באַרג איז פאַראַן פּלאַץ פאַר אַ סצענאַר פון אַזעל־

---

[1] תהלים, ס"ח, 17.
[2] מלכים א', כ', 23.

כע אומגעווייִנלעכע אַנטפּלעקונגען ווי מצדה, יודפת, גוש חלב, ביתר און נאָך.

דער בונד צווישן פֿאָלק און באַרג ווי אַ שטאָמלאַנד און היימלאַנד שפּיגלט זיך שיין אָפּ אין די ווערטער פֿון די נביאים און כתובים, סיי אין צאָרן און קלאָג, סיי אין טרייסט און ליד; סיי אין תפילה און געבעט, סיי אין דיכטונג און מליצה. דער נביא ירמיהו קלאָגט: „איך האָב געזען די בערג, ערשט זיי ציטערן, און אַלע הייכן האָבן זיך געטרייסלט" [1], „בלודנע שאָף איז געווען מיין פֿאָלק, זייערע פּאַסטוכער האָבן זיי געלאָזט בלאָנדזשען, אויף די בערג זיי אָוועקגעלאָזט, פֿון באַרג צו בערגל זענען זיי געגאַנגען, פֿאַרגעסן זייער הויערט" [2]. און דערפֿאַר „וועגן די בערג וועל איך אויפהייבן אַ געוויין" [3].

און יחזקאל זעט דאָ אַ שלעכטע נבואה פֿאַרן פֿאָלק: „און איך וועל אַהינטאָן דיין פֿלייש אויף די בערג, און וועל אָנפֿילן די טאָלן מיט דיין ווערעמדיקייט, און איך וועל אָנטרינקען דאָס לאַנד מיט דיין אייטער מיט דיין בלוט ביז די בערג; און די גראָבנס וועלן אָנגעפֿילט ווערן מיט דיר..." [4]; „און איך וועל מאַכן דאָס לאַנד אַ וויסט און וויסטעניש... און לייִדיק וועלן שטיין די בערג פֿון ישראל אָן אַ דורכגייער" [5]. „עס האָבן געבלאָנדזשעט מיינע שאָף אויף אַלע בערג און אויף איטלעכן בערגל" [6]. „און איך האָב אויסגערופֿן אַ טריקעניש אויפֿן לאַנד, און אויף די בערג און אויף דער תבואה און אויפֿן וויין, און אויפֿן אייל און אויף וואָס נאָר די ערד ברענגט אַרויס" [7]. אָבער אין אחרית הימים, ווען דאָס פֿאָלק וועט צוריקקומען צו זיין גאָט און לאַנד „וועט שטיין פֿעסט דער באַרג פֿון גאָטס

[1] ירמיהו, ד׳, 24.

[2] ירמיהו, נ׳, 6.

[3] ירמיהו, ט׳, 9.

[4] יחזקאל, ל״ב, 5-6.

[5] יחזקאל, ל״ג, 28.

[6] יחזקאל, ל״ד, 6.

[7] חגי, א׳, 1.

הויז אויבן-אָן פון די בערג, און דערהויבן איבער די הייכן; און שטראָמען צו אים וועלן אַלע פעלקער"[1].

די בשורה וועט קומען פון באַרג: „אויף אַ הויכן באַרג שטעלט אויף אַ פאָן"[2], „אויף אַ הויכן בערג גיי דיר אַרויף, אָנזאָגערין פון ציון"[3]. און נישט בלויז דאָס, נאָר „ווי שיין זענען אויף די בערג די פיס פון דעם אָנזאָגער"[4], וואָס לאָזט הערן שלום, וואָס זאָגט אָן גוטס און אין וואָס באַשטייט די בשורה? „וואָרום מיט שמחה וועט איר אַרויסגיין און בשלום וועט איר געפירט ווערן; די בערג און די הייכן וועלן אויסברעכן פאַר אייך אין געזאַנג"[5]. און „וועסט נאָך פלאַנצן ווייגערטנער אויף די בערג פון שומרון"[6]. „און איך אַליין וועל אים פאַרפלאַנצן אויף אַ הויכן און דערהויבענעם באַרג — אויף דעם הויכן באַרג פון ישראל וועל איך אים איינפלאַנצן"[7]. „אויף אַ גוטער פיטערונג וועל איך זיי פיטערן און אויף די הויכע בערג פון ישראל וועט זיין זייער לאַגער"[8]. „און עס וועט זיין אין יענעם טאָג, וועלן די בערג טריפן זאַפט און די הייכן וועלן איבער-גיין מיט מילך, און אַלע גראָבנס פון יהודה וועלן איבערגיין מיט וואַסער. און אַ קוואַל וועט אַרויסגיין פון גאָטס הויז"[9]. „און איך וועל זיי מאַכן פאַר איין פאָלק אין לאַנד, אויף די בערג פון ישראל, און איין מלך וועט זיין ביי זיי אַלעמען דער מלך"[10].

דאָס שענסטע און דערהויבנסטע צו וועלכן יעדער ערלעכער מענטש וועט שטרעבן געפינט זיך אויפן באַרג. „מיט מיין קול טו איך רופן צו גאָט, און ער ענטפערט מיר פון זיין הייליקן באַרג"[11].

1 ישעיה, ב, 2, 7.
2 ישעיה, י״ג, 2.
3 ישעיה, מ׳, 9.
4 ישעיה, נ״ב, 7.
5 ישעיה, נ״ה, 12.
6 ירמיהו, ל״א, 4.
7 יחזקאל, י״ז, 23, 24.
8 יחזקאל, ל״ד, 14.
9 יואל, ד׳, 18.
10 יחזקאל, ל״ז, 22.
11 תהלים, ג׳, 5.

„שיק דיין ליכט און דיין אמת, זיי זאָלן מיך פירן; זיי זאָלן מיך ברענגען צו דיין הייליקן באַרג און צו די וווינונגען דיינע" [1]. „די בערג זאָלן טראָגן שלום צום פאָלק, און די הייכן — דורך גערעכטי־קייט" [2]. דער וואָס טוט תפילה הייבט אויף זיינע „אויגן צו די בערג: פון וואַנען וועט קומען מיין הילף?" [3]. די בערג, היות זיי זענען הויך און שטאַרק, קענען זיי זייער באַשעפער, און ווער עס איז צו זיי נאָענט, הערט, ווי זיי לויבן און באַזינגען אים. זיי דערציילן גאָטס כוח און זאָגן עדות אויף זיין אומפאַרגענגלעכער גערעכטיקייט [4]. בערג זינגען און שפרינגען [5], רויכערן זיך און ציטערן. „דערום האָט געגרימט גאָטס צאָרן אויף זיין פאָלק און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט אויף אים און האָט אים געשלאָגן, אַז די בערג האָבן גע־ציטערט" [6], אין דעם מעטאַפאָר פוצט זיך דער באַרג מיט זיינע באַ־העלטענישן און שיפועים, מיט זיינע נידערונגען און הויכקייטן: ער לאָזט זיך אַראָפּ און הייבט זיך אויף, ער ווערט געמאָסטן און פאַלט איין, „יעטוועדער טאָל זאָל דערהויבן ווערן, און יעטוועדער באַרג און הייך זאָל דערנידערט ווערן" [7]. „ווייל די בערג וועלן זיך רירן און די הייכן וועלן איינפאַלן" [8]. „און געוויגן די בערג אויפן וואָג און די הייכן אויף וואָגשאָלן" [9]. דער באַרג איז דער סימבאָל פון גבורה: „וועסט דרעשן בערג און זיי צעמאָלן און הייכן וועסטו ווי שפריי מאַכן" [10]. אאַז"וו. דער באַרג און זיינע פונדאַמענטן זענען משלים און אַ לעבנס־חכמה, און באַרייכערן די העברעישע שפּראַך

[1] תהלים, מ"ג, 3.
[2] תהלים, ע"ב, ג'.
[3] תהלים, קכ"א, 1.
[4] תהלים, ל"ו, 7.
[5] תהלים, צ"ח, 8.
[6] ישעיה, ה', 25.
[7] ישעיה, מ', 4.
[8] ישעיה, כ"ד, 10.
[9] ישעיה, מ', 12.
[10] ישעיה, מ"א, 15.

מיט פּלאַסטישע אידיאָמען און אויסדרוקן, ווי: „זיי זענען געגידערט אין די טיפענישן ווי אַ שטיין"[1], „פּאַרוואָ, מיין וואָרט איז אַזוי ווי פייער, זאָגט גאָט, און ווי אַ האַמער וואָס האַקט פעלדז"[2], „זאָל דער דין דורכלעכערן דעם באַרג"[3]. „ער רייסט אויס בערג און צע־מאָלט זיי איינער אין דעם צווייטן"[4], „דיין קאָפּ און דער באַרג"[5].

דער פּלאַץ באַשיינט זיינע באַוווינער. דער באַרג אַלס זיצאָרט פון די יידן אין אַ תקופה פון קרוב טויזנט יאָר, זינט דעם אָנהייב פון זייער געשיכטע ביז זייער ווערן אַן עם סגולה מיט אַן אייגנ־אַרטיקער קולטור, האָט באַשטראַלט מיט זיין גייסט און נשמה דאָס לעבן און שאַפן פון פאָלק; די רעליגיע, זיין לשון און קולטור. זיין השפעה איז געווען גאָר גרויס.

די באַרג־פאָרשונג אין דער געשיכטע, שפּראַך און תורה פון ישראל, איז אַ וויכטיקע פּרשה פאַר זיך און עס איז כדאַי איר ווידמען אַ באַזונדער אָפּהאַנדלונג. מיר, אָבער, האָבן אַ קאָלאָניזאַטאָרישע טענדענץ ביים באַהאַנדלען דאָס קאַפּיטל ברג, ד"ה, באַשרייבן די נאַטור פון באַרג אין זיין חשיבות פאַר לאַנדווירטשאַפט און קאָלאָניזאַציע אַמאָל און היינט.

---

[1] שמות, ט"ו, 5.

[2] ירמיהו, כ"ג, 29.

[3] יבמות, צ"ב.

[4] סנהדרין, כ"ד.

[5] חולין, ל"ט.

# אויף די פעלדער פון בית־לחם

אין די נאָכמיטאָג־שעהן בין איך אַרומגעגאַנגען אויפן באַרג פון בית־לחם יהודה, כדי אויסצוזוכן פעלדער. צוויי מענטשן האָבן מיך באַגלייט, איינער אַ ספרדישער ייד, אַ תושב פון ירושלים אָנגעטאָן מיט אַ טורבאַן און ער רעדט העברעיש געמישט מיט אַראַביש און פראַנצויזיש. דער צווייטער — אַ דאָרפישער אַראַבער, אויפן קאָפּ אַ טוך־כפיה און אויפן קערפּער אַ ווייס לאַנג קלייד. ביידע הויך־געוואַקסן און גוטע גייער אין די בערג. דער אַראַבער פלעגט אַפילו שפּרינגען פון פעלדז צו פעלדז ווי אַ יונגער הירש. עס איז געווען דעמאָלט חודש אייר, אָבער אויף די בערג האָט נאָך אַרומגעשפּאַצירט דער פרילינג צווישן די זילבערנע זאַנגען פון די גערשטן און דעם גרין־בליענדיקן ווייץ, באַגלייט מיט צאַרטן ליכט און מילדן ווינטל, אַז דאָס ווינטל וואָס פרישט אויף דעם גייער, ער זאָל לייכט שוועבן סיי ביים אַרויפקלעטערן אויף בערגלעך און סיי ביים אַראָפּנידערן פון די בערג־שיפּועים.

און מיר זענען ווירקלעך אַרויף און אַראָפּ. די בערג אין מזרח־זייט פון בית־לחם האָבן די פאָרם פון באַלן. זייערע שפּיצן — קיילעכדיקע בערגלעך וואָס בייגן זיך אַראָפּ האַסטיק אין אַלע פיר זייטן. דאַקעגן זענען די טאָלן, צופוסנס, ברייטע און פאַרוואַנדלען זיך טיילמאָל אין פליינען, וואָס שלענגלען זיך און פאַרשווינדן אין די זייטן. דער וואָס קוקט אויף זיי פון אַ באַרג זעט זיי ווי אַ חוט השדרה, פון וועלכע עס וואַקסן אַרויס פאַרשיידענע ביינער, נאָענט איינער צום צווייטן לויט דער מאָס פון די טריט, אָבער ווייט לויטן קוק, ווייל די בערג־קייט פאַרשטעלט זיי פון אויג.

אַ מין דערקוויקנדיקע פאַרבאָרגנקייט רוט צווישן די דאָזיקע בערג און ווינקט צו דיר, זאָלסט זי אַנטפּלעקן הינטער דעם בערגל אָדער צווישן די בערג־מאַסיוון, און אַזוי קלעטערסטו פון באַרג צו

באַרג, קרייצסטו די טאָלן — און דאָס געהיימע איז נאָך נישט דער־גרייכט. פילסטו זי, אָטעמסטו מיט איר. זי שוועבט אַרום דיר, און דאַך, דוכט זיך, ווי אַ פּרוכת אויסגעהעפּט פון דינע פעדעם, שיידט דיך אָפּ פון איר און דו זוכסט דעם פאָדעם־ברעג, כדי אים אָנצו־כאַפּן און צענעמען דאָס געוועב און עס זאָל זיך אויפהייבן דער פּרוכת און זאָלסט קענען אַריינבליקן אין דעם סוד.

יאָ, עס איז געפונען געוואָרן דער פאָדעם! שטייענדיק אויף אַ בערגל אין מזרח־צפון פון דער שטאָט בית־לחם, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אַ ברייטער טאָל אַרומגערינגלט מיט בערג. שפּרייט זיך אוים דער טאָל מיט גרינער תבואה באַגאָסן פון זונענשיין. די בערג־שיפּועים אַרום טאָל זענען געבויט ווי שמאָלע טעראַסן, אייגנע דרינגט אַריין אין דער צווייטער און אויך זייער גרינקייט לייכט אַרויס. פון דערווייטנס גיבן זיי צו די בערג אַ פאָרם פון כוואַליעס, ווי כוואַליעדיקע געקרייזלטע האָר פון אַ שיין מיידל. און בעת איך קוק אָן פאַרווונדערט דעם טאָל, גיט דער אַראַבער אַ זאָג כלאַחר־יד:

— דאָס זענען די פעלדער פון בועז!

איבערגעריסן דער פאָדעם, פאַרשווונדן דער פּרוכת, ווי עס צעשווימען זיך פרימאָרגן־נעפּלען ביים זון־אויפגאַנג. דער סוד איז אַנטדעקט.

די פעלדער פון בועז! אָט זענען זיי! הייסט עס אַז די לעגענדע פון פאַרצייטנס ווינקט צו דיר פון יעדן בערגל און פון יעדן טאָ־די לעבנס־לעגענדע פון אוראַלט, פון די קינדהייט־יאָרן פון פאָלק, וואָס האָט אַרויפגעלייגט איר אומפאַרווישלעכן שטעמפּל אויף דער נאַטור פון לאַנד.

— די פעלדער פון בועז! — רופט אוים אויך דער ירושלימער תושב מיט פאַרווונדערונג — טאַקע? — און אַראָפּגייענדיק אויף דער סטעזשקע פון דעם באַרג־שיפּוע זינגט ער אונטער:

„און נעמי האָט געהאַט אַ קרוב פון איר מאַן, אַ העלדישן מענטש, פון דער משפּחה פון אלימלך און זיין נאָמען איז בועז. האָט רות די מואביה געזאָגט צו נעמי, איך וועל גיין אין פעלד און

איך וועל זאַמלען אין די זאַנגען נאָכדעם ווי איך וועל אים געפעלן. האָט זי געזאָגט צו איר: גיי, מיין טאָכטער. איז זי געגאַנגען און איז געקומען און האָט געזאַמלט אין פעלד הינטער די שניטער. און עס איז געשען דער צופאַל, אַז זי איז געקומען אין פעלד פון בועז, וואָס פון אלימלכס משפחה. און אָט קומט בועז פון בית־לחם און ער זאָגט צו די שניטער: גאָט איז מיט אייך, האָבן זיי אים גע־זאָגט: זאָל דיך גאָט בענטשן! האָט בועז געזאָגט צום יינגל וואָס שטייט איבער די שניטער: וועמענס איז דאָס מיידל? האָט דער יינגל וואָס שטייט אויף די שניטער, געענטפערט און געזאָגט: אַ מיידל אַ מואביה איז זי. וואָס איז צוריקגעקומען מיט נעמין פון די פעלדער פון מואב, און האָט געזאָגט: לאָמיר קלייבן און זאַמ־לען אין די גאַרבן הינטער די שניטער, און זי איז געקומען און זי שטייט שוין פון אינדערפרי ביז איצט.״

אַ שמאָלע סטעזשקע קומט פון אַ זייטיקן ווינקל אין טאָל און לויפט אין אומקרייזן און געשלענגלט צווישן דער תבואה אין פעלד. גייט אַריבער אַ לייכטער געראויש אין דער תבואה, וואָס שטייט פאַר־זונקען אין זיך, ווי זי וואָלט געטראַכט אין זכרונות פון פאַרצייטנס, ווי איך און ווי דער ירושלימער ייד. פון מאָל צו מאָל דריי איך אויס מיין קאָפּ צו דער סטעזשקע, צי קומט נישט אָן בועז פון דאָרט? און ווו איז רות? באַהאַלט זי זיך נישט הינטערן געדיכטן פייגנבוים, וואָס באַוואַכט דאָ דעם טאָל, און זי וואַרט ביז די נאַכט וועט צו־פאַלן און דעמאָלט וועט זי אינדערשטיל קומען אין שייער?

מיר גייען שטיל־שווייגנדיק אויף דער סטעזשקע, אָבער דער אַראַבער ליידט נישט דאָס שווייגן, און ער דערציילט וועגן די פעל־דער פון בועז, וואָס זענען געבענטשט ביזן היינטיקן טאָג. דאָס אַרו־מיקע וואַסער פון די בערג זאַמלט זיך דאָ אָן און באַגיסט די ערד נישט נאָר מיט פליסיקייט נאָר אויך מיט מיסט, וואָס עס שלעפּט מיט פון די פלעצער, ווו עס פיטערן זיך סטאַדעס שאָף און רינדער. און די פעלדער ברענגען אַ גרויסע גערעטעניש. אַזוי רעכנט אויס דער אַראַבער אַלע מעלות פון בועזעס פעלדער; אָבער די הויפּט־

מעלה ווייסט ער נישט. מיר ווייסן יאָ, זי איז דער אור־אָפּשטאָם פון מגילת רות, פון וועלכער מיר טראַכטן ביז מיר גייען אַרויס פון טאָל און גייען אַריין אין אַ טיפן קאַניאָן צווישן צוויי הויכע בערג.

ווי ריזיקע ווענט הייבן זיך די בערג און פאַרשטעלן די זון, וועלכע לאָזט זיך אַראָפּ אין מערבדיקן האָריזאָנט און אירע שטראַלן דערגרייכן מער נישט אַהער צום וואַדי, וואָס טובלט אין אַן אומעטיקער פינצטערניש. „וואַדי א סיד" — זאָגט דער אַראַבער, און גיט תיכף צו, אַז ער הייסט אַזוי, אויפן נאָמען פון לייב, וואָס דוד האָט דערהרגעט זייענדיק נאָך אַ פּאַסטוך פון זיין פאָטערס שאָף.

— יאָ — העלפט אים אונטער דער ירושלימער ייד, און ער ציקלט שוין ווידער זיין שטים, ווי ער וואָלט געזאָגט מפטיר:

„און דוד האָט געזאָגט צו שאולן: געפּיטערט האָט דיין קנעכט די שאָף ביי זיין פאָטער און עס איז געקומען דער לייב און דער בער און אַוועקגעטראָגן אַ שעפּס פון דער סטאַדע; בין איך אַרויס הינטער אים און אים דערשלאָגן, געטויט; אויך דעם לייב אויך דעם בער האָט דיין קנעכט דערשלאָגן — און דער פלשתי דער ערל וועט זיין ווי איינער פון זיי."

און דער אַראַבער דערציילט: ביז היינט ווערט דער וואַדי באַטראַכט פאַר מסוכנדיק, צוליב די חיות וואָס קומען אָן פון ירדן־טאָל, רייסן זיך אַריין צווישן די סטאַדעס און מאַכן דאָרט אַן אַ חורבן. די פּאַסטוכער מיידן אויס דעם וואַדי, נאָר מאַכן אומקרייזן כדי צו דערגרייכן צום הויכלאַנד אין צפון, ווו עס איז פאַראַן אַ סך פּאַשע.

אַהינצו גייען מיר איצט, אָבער מיר האָבן נישט קיין סך צייט פון טאָג־ליכט כדי צו שפּאַנען אין פּאַסטוכער־סטעזשקעס, מיט אומקרייזן, און איך שלאָג פאָר צו קירצן דעם וועג דורך אַרויפקלעטערן באַרג־אַרויף. אַזוי האָבן מיר געטאָן. שווער איז געווען דער אַרויפגאַנג; אומהדיקע פעלדזן זענען אונדז געשטאַנען אַנטקעגן און קליינע שטיינדלעך האָבן זיך אַרויסגעגליטשט אונטער אונדזערע פיס, אָבער מיר האָבן זיך געאיילט אַרויסצוגיין פון לייבן־

וואַדי און דעריבער האָבן מיר זיך נישט אָפּגערוט ביזן דערגרייכן דעם שפּיץ.

דאָ איז אונדז אַנטקעגנגעקומען די זון וואָס האָט נאָך שפּאַצירט אויף די שפּיצבערג און באַגילדט די געוויקסן, דעם שטומען פעלדז און אָנגעפּוטצט דעם רוים מיט פּריילעכן ליכט. טראָגן זיך די בליקן אין אַלע זייטן און פאַלן אויף אַ ווייגגאָרטן וואָס קלעטערט אויפן קעגנאיבערדיקן באַרג, באַגאָסן מיט שיין און ליכט; אויף די פייגנבוים־בלעטער און אויפן איילבירט בוים וואָס הייבן די קעפּ מיט חשיבות ביים ווייגגאָרטן. נישט ווייט שטייט אַ פּאַסטוך צווישן זיינע שאָף און שפּילט אויפן פלייט, כדי אָנגענעם צו מאַכן פאַר די בעלי־חיים צו גריזשען דאָס גראָז. כ׳הער מיך צו צום קלאַנג און שפּילן און עס דוכט מיר, ווי ער וואָלט אויפגעגאַנגען פון מיין נשמה. איך וואונדער זיך — וווּ האָב איך געזען אַזאַ בילד?

מיינע באַגלייטער דערוויטערן זיך און איך שפּאַר זיך אָן אויף אַ פעלדז, וואָס איז דורכגעאַקערט מיט לעכער און קריצן פון ווינטן און רעגנס במשך פון צענדליק טויזנטער יאָרן; כ׳מאַך צו די אויגן און שטרענג זיך אָן צו געדענקען. פלוצים גייט מיר דורך אַ ציטער, און עס טויכט אויף אַ דערינערונג פון מיינע יוגנט־יאָרן אין מיין געבוירן־שטעטל. באַהאַלטן, קיינער זאָל מיר נישט זען, בין איך זיך מתיחד מיט דער סצענע פון אַלטערטום, וואָס דער קאָמפּאָנער הוזה, דער בעל „אהבת ציון"*, האָט אויפגעבראַכט ווי מיט אַ צויבער־שטעקעלע. אָט די בילדער דערוועקן זיך אין מיר היינט:

„און בית־לחם, די וויג פון יהודהס קעניגן, זעט זיך אין דרום פון ירושלים, געבויט אויף אַ פּרעכטיקן בערגל. אַרום איר ברונעמער און קוואלן מיט קרישטאַל־ריינעם און זיסן וואַסער. אין אַט דער הערלעכער לאַנדשאַפט וואַקסן פרישע איילבירטן און זאַפטיקע ווינשטאָקן, וואָס אויף זיי רויטלען זיך הענגלעך ווייַנטרויבן. די בערגלעך גאַרטלען זיך אַרום מיט פרייד און די טאָלן זענען

---

* אברהם מאַפּו.

באַצירט מיט אַ בלומען־געוועב. דאָרט שפּרינגען די שעפּסן און עס פּיטערן סטאַדעס רינדער.״

איז אויך אָט די וויזיע אַ לייזונג פאַר דעם לעגענדע־סוד וואָס שפּרייט זיך דאָ אויס אויף יעדן באַרג און טאָל? שטייענדיק אַזוי פאַרזונקען אין מחשבות — רופט מיר מיין יידישער באַגלייטער. עס דוכט זיך מיר, זיין שטים האָט זיך געענדערט און אַ טאָן פון פייערלעכקייט הילכט אין איר. יאָ, דער מענטש איז לוסטיק, זיינע שוואַרצע אויגן גלאַנצן און זיינע ווערטער קלינגען האָפערדיק:

— גיט נאָר אַ קוק אויף די באַסיינען פון שלמה המלך, און אָט דאָ איז צו זען די סימנים פון קאַנאַל, וואָס שלמה המלך האָט געגראָבן כדי צו ברענגען פריש וואַסער קיין ירושלים. דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען געבענטשט און די יידן האָבן דאָ געלעבט אין גוטס און וווילזיין. זיי האָבן געהאַט וויינגערטנער און פעלדער, שאָף און רינדער. דוכט זיך, אַז אויך ער איז געפאַנגען פון יענער סודותדיקייט און ער לעבט אין דער וויזיע פון קאָוונער העלזוער:

„פון דאָרט האָט שלמה המלך געגראָבן דריי באַסיינען, כדי איינצוזאַמלען דאָס וואַסער פון דעם פלאַץ. אויך קאַנאַלן האָט ער געמאַכט צו ברענגען וואַסער קיין ירושלים, זיין געליבטע שטאָט. די באַסיינען זעען אויס ווי באַשלאָגן מיט זילבער און אַרום זיי, אויף צווייגן פון ביימער,ווימלען טייבעלעך אין סצענעס פון ליבע.״

און ווי צו דערגענצן דאָס פּראַכטפולע בילד, טרעפן מיר אין איינעם פון די געדרייטע טאָלן, צווישן צוויי בערג שיפּועים, אַ גרופּע ביימער, שרידים פון אַן אַלטן וואַלד, וואָס צווייגן זיך אַריין איינער אין צווייטן און בילדן אַ שאָטנדיק וועלדל, און פון אים שלאָגט אַ ריח פון וואַסער. מיר זעצן זיך צו אין וועלדל און פילן די שטילקייט וואָס נעמט אַרום דאָס פאַרבאָרגענע ווינקל און עס וועבט זיך ווידער אויס פאַר די אויגן די זעאונג:

„די זון גיסט איר וווּנדער־ליכט און אַ צאַרטע וואַרעמקייט

איבער די פּאַשע־פּלעצער, און די רויטיקע טייכעלעך און קוואַלן.
אַ שאַרך פון אַ בלעטל, געשמיסן פון אַ מילד ווינטל, פייגל־גע־
זאַנג, מעקען פון סטאַדעס און דער ווידערקול אין די בערג — אַט
די אַלע קלאַנגען און פאַרבן האָבן אויפגעהייטערט די פּאַסטוכער.
און אַט צעגיסן זיך פליייט־טרעלן איבער אַלע פּאַשע־פּעלדער.״

מיינע אויערן הערן דאָס פייגל־געזאַנג, דאָס מעקען פון די סטאַדעס און דעם אָפּקלאַנג אין די בערג; מיינע אויגן נישטערן, צי זענען דאָ אויך נישט פּאַראַן אמנון און תמר? איז נישט דער גלעט פון זייער ליבע, אַט דער גלעט פון לייכטן ווינטל, וועלכער היפּערט איבער די שפּיצן ביימער?...

# רחובות

## (צו איר יובל)

רחובות, דווקא „מלעיל". אזוי איז דער קלאַנג ווייך און צאַרט און דריקט אויס איר כאַראַקטער און נשמה: ווייך און צאַרט, איינגעהילט אין פאַנטאַזיע, אָטעמט מיט בענקשאַפט, פליסטערט מיט גלויבן און מונטערט האָפענונג. אַנהייב פרילינג־טעג איז זי געבוירן, און דוכט זיך, אַז פרילינג־מלאכים האָבן איר געגעבן צו טרינקען פון די בעכערס פון זייערע זאַפטן, זי איינגעהילט אין געוועב פון זייערע בונטע פליגלען, און איר געשפּילט ניגונים פון זייערע קלאַנגפולע פליטן. איר נשמה איז פאַרבליבן אַ פרילינג־נשמה אויך בעת זי איז גרויס געוואָרן און זיך אויסגעשפּרייט איבער די אַרומיקע בערגלעך.

אַזאַ האָב איך זי געזען יענעם ערשטן פאַרנאַכט פון מיין אָנקומען אין לאַנד, גאַנץ און אומבאַפלעקט: אַ בלויליך־נעפּלדיקער כלה־שלייער איז צו אירע פיס געפאַלן פון די יהודה־בערג אין מזרח און אַ צניעותדיקע רויטקייט גייט אויף אין אירע באַקן פון ים־האָריזאָנט, ווו עס באַהאַלט זיך די תמוז־זון. פון די דעמערדיקע ווייננגערטנער קומען סודותפולע שאָרכן און פליסטערס, און פון די אויסגעבעטע גאַסן מיט ווייך־געלבלעכן זאַמד דערגייען קינדער־קולות, און די ביימער־קרוינען ציען זיך אויס תפילה צו טאָן בלחש צו די בלויע הימלען. איך בין דעמאָלט 18 יאָר אַלט געווען, אַ יונגער בחור מיט בענקשאַפט צום לאַנד פון די אָבות און נאָגונג צום לאַנד פון די זין און אין זיינע אויגן ליכט פון פאַנטאַזיע, פון אַ חלום צו אַ בעסערער וועלט. בעתביידע האָבן זיך באַגעגנט — איז באַשאַפן געוואָרן די ליבע, די ערשטע ליבע צום היימלאַנד: אַן אָרט פון היימלאַנד און ערד פון היימלאַנד.

רחובות פאַרמאָגט אַ באָדן, צעקנייטשט און געפאַלדעוועט. בערגלעך און אָפּהענג, הויכלאַנד און טאָלן, אָבער דער תוך איז פול מיט לעבן און שמחה. זי האָט זיך געפרייט אַנטקעגן אירע אַרבעטער־זין, וועלכע קומען צו איר צוריק און זי גיט זיך נאָך זייערע הענט, מעגן זיי נאָך נישט זיין אַזוי געאיבט. אין פעלד פון טיפן „בחר" שטייען אין אַ ריי בחורים מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און גראָבן די ערד, נעמען פון איר אַרויס די פסולת און גרייטן זי צו פאַר אַ וויינגאָרטן און פרוכטגאָרטן, און די רידלען שפּילן ביי זיי אין די הענט ווי אַ סמיטשיק ביי אַ פידלער. איין גרופע נאָך דער צווייטער צעקרישלען זיך און ווערן אַרויסגעשאָטן פון איין זייט צו דער אַנדערער. שפּאַרט אַרויס אַ פאַרבאָרגענער ריח פון אירע טיפענישן און פילט אָן די הערצער מיט פרייד. דעמאָלט שיסן אַלע אויס מיט איין געזאַנג:

העבודה היא כל חיינו
מכל צרה תצילנו.

פון רחובות־באָדן איז אַרויסגעקומען די רעליגיע פון אַרבעט און די בחורים מיט די מיידלעך אָנגעטאָן אין שטרויענע ברייט־ראַנדיקע היט זענען אירע טרייע כהנים. די פרייד און קדושה פון אַרבעט באַגלייטן זיי אויך, ווען זיי האָבן שוין רחובות פאַרלאָזן און זיך צעשפּרייט איבער שומרון און גליל, עמק און שרון. דאָס געפיל איז אין זייער האַרץ פאַרבליבן: אין רחובות־באָדן איז גוט צו אַרבעטן.

און אין רחובות זענען פאַראַן מענטשן. אויך זיי האָבן געטראָגן אַ פרילינג אין זייער האַרץ; זיי שטראַלן מיט וואַרעמקייט, מיט היימישקייט, זיי וועקן צו האָפענונג, דערמוטיקן צו שמחה. און אַלץ מיט אַזאַ פשוטקייט ווי אין פרילינג. ס'איז געווען אָנגענעם זיך צו טרעפן מיט זיי, אין גאַס און אין וויינגאָרטן, אין בית־עם און אין אַ פּריוואַט הויז. עס איז געווען אַ שטוב וווּ אַ פונק פון ברידערלעכקייט און גאַסטפריינדלעכקייט האָט דאָרט שטענדיק געטליעט; דאָס איז געווען אַ נידעריקע הויז אינמיטן גאַס „עזרה"; וווּ אַן עקאַ־

ליפּטוס־בוים האָט זיך אַרויסגעהויבן איבערן דאַך און ער באַוועגט זיין קרוין, ווי ער וואָלט איינגעלאַדן יעדן גאַסט און יעדן פאַרביי־גייער אַריינצוקומען און אָפּנעמען אַ וואַרעם־מוטערלעכע, אַרים־טאַקראַטישע און למדנישע ברכה, און זיך צוהערן צו די אינספּי־רירטע רייד פון אַן ערלעכן, גלייביקן און איידעלן פּאַטער.

דאָס הויז פון די אַלטשולערס: ווער ווייסט די צאָל פון די בלאָנדזשענדיקע וואָס דו האָסט אומגעקערט צום שוים פון היים־לאַנד מיט דער וואַרעמער היימישקייט וואָס האָט געשלאָגן פון דיי־נע צימערן, דיין באַשיידענע וועראַנדע, אונטער די צווייגן פון בוים און פון די גרינע בייטן!

און אין רחובות איז פאַראַן אַ יוגנט — יינגלעך און מיידלעך. זיי זענען דער סאַמע פרילינג. אַלע שיינע מיט זייערע אָפּגעברענ־טע געזיכטער און מיט די בליציקע אויגן. אַלע שפּרודלען מיט לעבנס־פרייד. קינדער־לידער אין זייער מויל און יוגנט־ברען אויף די פּנימער. די בערגלעך זינגען מיט זיי מיט אין סודותפולע לבנה־נעכט בעת די וויינגערטנער ענטפערן אין עכאָ:

אויפן ירדן און אין שרון
רוען נאָך אַראַבער,
אונדזערס איז דאָס לאַנד, מיין קינד,
און דו וועסט זיין דער בויער.

און די פריילעכע חברה פּליעסקעט מיט די הענט, טופּעט מיט די פיס און מאַכט אַ געפּילדער:

אונדזערס איז דאָס לאַנד, מיין קינד,
און דו וועסט זיין דער בויער.

און איין מיידל, פול מיט חן, באַקרוינט מיט לאָקן, צעזינגט זיך, ווי אַ נאַכטיגאַל אין טיפן וואַלד, זי זינגט אַ ליד וואָס איינער פון די יינגלעך, אַ בחור מיט פאַנטאַזיע, וועלכער האָט ליב אַרומצו־בלאָנקען איבער די בערג — האָט פאַרפאַסט:

איך בין, טליה,
אָנגעזאַפּט מיט טוי פון גאָט,
דו ביסט אַ שיינהייט פון אַ מיידל.
דיינע באַקן רויזן
וויל איך מיט מיין טוי באַפייכטן
וועלן זיי נאָכמער בליִען, שיינען.

און דאָס איז טאַקע געווען טליה, אָנגעזאַפּט מיט געטלעכן טוי און כ'האָב זי ליב געהאַט. אויף די בערגלעך פון רחובות האָבן גע־הויערט ליבע־גייסטער.

די פרילינג־מלאכים, וועלכע זענען געשטאַנען ביי דער וויג פון רחובות באַגלייטן זי נאָך אויך איצט ווען זי ווערט 50 יאָר אַלט. זיי באַהאַלטן זיך אויס אין די אַלטע הויפן צווישן די טרוסקאַווקע־צווייגן און בעיקר אין די אַרומיקע בערגלעך. און איך, וואָס בין געגאַנגען מיין וועג ווייט פון איר, קער מיך אום צו איר פון צייט צו צייט כדי זיך מתיחד צו זיין מיט די מלאכים און בעטן זייער ברכה. עס איז דאָרט פאַראַן אַ בערגל, אַ מין תפילה־הויז, פונוואַ־נען מען קען זען דערהויבענע בילדער פון אַלע פיר זייטן, פּרעכ־טיקע געטלעכע בילדער — אינדערפרי און פאַרנאַכט. בעת מיינע מידע פיס שטעלן זיך אויף דעם בערגל כדי מקבל־פנים זיין די אויפגייענדיקע זון און ווען עס פליען פאַרביי די פרימאָרגן־ווינטע־לעך און פאַרשיכורן מיך מיטן ריח פון פעלד און מיט דער בונט־קייט פון די פאַרבן און מיטן טיפן שווייגן פון באַגינען און מיט דעם ברייטן אויפוואַכנדיקן לעבן — קערט זיך צו מיר צוריק דער פרי־לינג־גייסט, און דעמאָלט וויים איך: איך האָב איינגעאָטעמט די נשמה פון רחובות, מילד און צאַרט, איינגעהילט אין פאַנטאַזיע, אָטעמט מיט בענקשאַפט, פליסטערט מיט גלויבן און מונטערט האָפענונג.

רחובות, מיין היים! ווי טייער דו ביסט מיר אין די מאָמענטן!

## שניי אין די בערג

זינט פֿרי זענען די ירושלימער בערג אַרומגעוויקלט מיט אַ גרוי־קאַלטן וואָלקן, און עס פֿאַלן די שנייעלעך. אָבער נישט לאַנג־זאַם פֿאַלט דער שניי, נאָר ווערט געשליידערט, ער ווערט געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט, טאַקע לויט דער שילדערונג פֿון דוד המלך: „ער גיט שניי ווי וואָל, פֿראָסט צעוואַרפֿט ער ווי אַש, ער שליי־דערט זיין אייז ווי שטיקער ברויט"... זעט אויס ווי די וואָל־שטיקער פֿירן זיך אויף ווויליונגעריש און זיי שפּרינגען און האַפּקען זיך ווי זיי וואָלטן אַרויס אין אַ משונהדיקן טאַנץ, אין וועלכן עס זענען פֿאַרמישט גרויסע און קליינע שטיקער, ווייך ווי וואָל און האַרט ווי קרישטאָל, און בעת דער ווינט גיט אַ בלאָז, אַזוי צעטאַנצן זיי זיך ווי שדים, ווערן געיאָגט ווי פֿון אַ שטורעם און ווי אַ שטויב־וואָלקן וואָס האָט זיך צעהוליעט אין דער וועלט. אָבער בעתן דער־גרייכן די ערד, דעקן זיי זי צו מיט אַ ווייסן, זייבער־ווייסן, און בלאַנקענדיקן טעפּיך. און אָט האָט זיך וועלט פֿאַרענדערט. ירוש־לים האָט זיך איינגעהילט אין אַ צניעות־קלייד, אין אַ מין לאַנגער מוך, וואָס די תמימותדיקע כלה טומט אָן ביים אַרויסגיין פֿון באָד, און ס'איז זי נישט צו דערקענען. אָבער עפּעס באַזונדערס, עפּעס געהיימעס און וווּנדערלעכס שטעקט אין איר באַהאַלטן, וואָס לאַקט און באַצויבערט. וואָס איז דער באַזונדערער שטריך אין שניי, וועל־כער דערוועקט אין אונדז אַזאַ גרויסע פֿאַראינטערעסירונג, אַזאַ שטאַרקע אויפֿמערקזאַמקייט, אַזאַ האַרציקע צוציאונג? איך קען דאָס נישט אויפֿקלערן, ווייל אָט די צוציאונג דערוועקט זיך נישט בלויז דאָ אין זוניקן לאַנד, וווּ דער שניי איז אַ זעלטענע דערשיי־נונג. נייִן, איך געדענק עס נאָך אויך פֿון „דאָרט", אין די פֿליינען פֿון אוקראַינע און פּוילן, נאָך זייענדיק אַ קינד פֿלעג איך אויפֿגע־ציטערט ווערן אין אָבליק פֿון ערשטן און לעצטן שניי, בעת ער איז

געפאַלן אין אַלע זיינע פאָרמען און ניואַנסן. ווייזט אויס אַז דער „תרתי דסתרי" וואָס איז אין אים פאַרקערפּערט, דערוועקט אונדזער רעאַקציע. ער וואָס טראָגט מיט זיך דעם סוף, דעם אויפהער, דעם טויט איז נישט שוואַרץ נאָר דווקא ווייס; טויט און ווייסקייט — צוויי קעגנזאַצן אין איין וועזן. ער — דער טויט און מיר — דאָס לעבן. ווידער אַ קעגנזאַץ. נישט דאָס סטימולירט אונדז צו אַ באַזונדער לעבנס-לוסט, צו שטיפן און בושעווען, צו מאַכן שניי-פּיל-קעס און זיי וואַרפן אויף דער וועלט כדי צו באַווייזן אַז עס איז פאַראַן אין אונדז לעבן, און דווקא אַ ברויזיק לעבן? עפּעס ענלעכס באַהערשט מיך אַ גאַנצן טאָג אַנקוקנדיק די ווייסע קלייד וואָס נעמט אַרום די בערג אַרום און פאַרענדערט דעם אויסזען פון אונדזער וועלט. אַזוי בין איך דורך אים צוגעצויגן געוואָרן און כ'בין צו אים אַרויס.

אונדזער גאָרטן — וואָס האָט אין אים אָנגעבראַכט אַט דער שלעכטער שניי? (איז ער טאַקע שלעכט?) ער ליגט מיט דער גאַנצער שווערקייט אויף די קאַרטאָפל. ווי צו די קוסטן פון אונדזערע קאַרטאָפל, וועלכע זענען געווען אַזוי גרין און פריש, און איצט ליגן זיי אויסגעצויגן אויף דער פייכטער און קאַלטער ערד און דער שניי דרינגט אין זיי אַריין, נישטערט צווישן די בלעטער און אונטער די בלעטער, וואַרפט זיך אויף זיי און מען קען זיי בכלל נישט אָנזען. נאָר דאָ און דאָרט קוקט אַרויס אַ גרין בלעטעלע, אַזוי נעבעכדיק, דערשראָקן און איינגעקאָרטשעט. אַנדערש פירט זיך אויף דער קרויט. ער ראַנגלט זיך קעגן ווייסן צודעק און וויל זיך נישט לאָזן. ער זעט אויס ווי אַן עקשנותדיק קינד, וועלכער שליידערט פון זיך אַראָפּ די דיקע קאָלדרע, וואָס די מאַמע האָט אים געגעבן קעגן זיין ווילן. זיינע בלעטער שטאַרצן אַרויס פון דער ווייסער קאָלדרע און שטעקן אין איר אַריין זייערע גרין-שאַרפע בליקן. די רעטעכער און רעטעכלעך האָבן זיך אונטערגעגעבן. זיי קענען נישט אויסהאַלטן די משא און אַראָפּגעבויגן די קעפּלעך ביז צו דער ערד. און ווי דערשראָקן זעען אויס די בוראַקעס! ווי נאָר די ווייסע שנייע-

לעך האָבן אָנגעהויבן פאַלן אויף זייערע ברייטע בלעטער, אַזוי האָבן זיי זיך דערשראָקן, ס׳איז פאַרשוווּנדן זייער גרינקייט און זיי זע־נען ברוין געוואָרן. זיי האָבן זיך דערנענטערט, און שטייען ווי אַ צונויפגעדריקטע סטאַדע פאַר אַ שטורעם.

אָבער נישט בלויז די צאַרטע גרינס האָבן געענדערט דעם אויסזען, בעת עס איז אָנגעקומען דער נישט פאַרבעטענער גאַסט, נאָר אויך צווישן די קוסטן און ביימער איז אַנטשטאַנען אַ מהומה. דער לאָרבער פון דער אַליי ברעכט זיך איין אונטער דער לאַסט פון שניי. אָרעמער! ער האָט זיך אויפגעפירט מיט נישט איבעריקער חכמה. ביים דערשפּירן דעם באַריר פון ווייסן שניי, האָט ער צו־נויפגעפּרעסט זיינע בלעטער, כדי צו פאַרקלענערן דעם שטח אויף וועלכן ער זאָל ליגן. אָבער אַ טעות. דער שניי איז אַריינגעדרונגען אין די פאַלדן, און יעדער אויסגעקיילעכט בלאַט ווי אַ מולטער, האָט זיך אָנגעפילט מיט ווייסע שנייעלעך, מיט אַ גרויסער לאַסט. אַזוי האָט זיך אויסגעצויגן יעדע בלאַט, און די בלעטער האָבן אויס־געצויגן יעדן צווייג און די צווייגן האָבן אַראָפּגעבויגן זייער קאָפּ און וואָלטן ביז צו דער ערד דערפאַלן, ווען זיי טרעפן זיך נישט אָן איינער אויפן צווייטן און שפּאַרן זיך נישט אָן קעגנזייטיק. אויס־דריקנדיק זייער שטומען ווייטיק. אָבער זיי האָבן פאַרשטעלט דעם וועג און כ׳האָב געמוזט זיך מאַכן אַ וואַרע מיט מיין שטעקן. בעת איך בין פאַרביי די אַליי און דערגרייכט צו די ציפּרעסן בין איך הויים געוואָרן, ווייל דער וואָל האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיינע בג־ים. דעמאָלט האָב איך דערזען דעם לימענע־בוים און ער האָט דער־וועקט רחמנות. ווי קומט ער צו שניי? אין זיין חלום האָט ער עס נישט געזען. ער וויל זון, אַ סך זון! אין דער זון לעבט ער, אָטעמט, בליט און גיט פרוכט און אָט — אַזאַ צרה, אַזאַ אָנשיקעניש! יעדעס בלעטל איז צונויפגעדרייט און איינגעשרומפּן, די צווייגן צענומען און צעפלאָשעט און יעדע געלע פרוכט ציטערט און זוכט זיך צו באַהאַלטן. אויך דער באָקסער־בוים ליידט, אָבער דער עקשן טראָגט זיך צער מיט שטאָלץ און שאַ־שטיל. אמת, זיינע בלעטלעך האַנד־

לען אַזוי ווי ביים לאָרבער: זיי האָבן זיך צונויפגעקייקלט ווי פייפלעך און ווילן זיך פאַרשליסן פאַר די ווייסע שנייעלעך, אָבער יענע זענען אַריינגעדרונגען אין יעדער עפענונג און שפּעלטל און פילן אויס דעם אינעווייניקסטן רוים און קלעפּן זיך פון דרויסן, אַזוי אַז כמעט זיין גאַנצער קערפּער איז ווייס באַדעקט, אָבער ער שטייט זיך אַראָגאַנט און גלייך און רירט זיך נישט. ווייס און גרין ראַנגלען זיך אין אים צווישן זיך, אָבער אים אַרט עס נישט. די פּאַלמען, ווידער, האָט שוין איבערקליגט דעם שניי. אירעברייטע בלעטער, וואָס זענען תמיד אויסגעשטעלט ווי דלאָניעס צום הימל כדי אויפצונעמען פיל זונשטראַלן, האָבן איצט געענדערט זייער ריכטונג פון האָריזאָנטאַלער צו ווערטיקאַלער פּאָזיציע, און דער שניי האָט נישט קיין אחיזה אויף זיי, נאָר גאָר ווייניק. אָבער פון מאָל צו מאָל גייט זיי דורך אַ צאַפּל, ווי זיי וואָלטן וועלן אַראָפּוואַרפן פון זיך אויך די ביסל שנייעלעך, וועלכע האָבן זיך דאָך אָנגעכאַפּט.

דאַקעגן זענען די סאָסנעס גאָר שטאָלץ מיט די שניי־פּילקעס, וועלכע האַלטן זיך אָן אויף זייערע נאָדל־בלעטער. אין זייער איינגעוויד טראָגן זיי נאָך אַ זכרון פון ווייטע צייטן, ווען זייער אורפאָטער האָט געלעבט אין צפון און געוואַקסן אין שניי־פליינען. זיי געדענקען איצט זייערע בלוט־ברידער — משפחה־קרובהשאַפט, מען טאָר נישט מינדערשעצן! — ווי זיי הייבן זיך איבער דיקע שנייצודעקן אין די צפונלענדער און איצט איז אויך אויסגעפאַלן אויף זייער חלק עטוואָס פון אָט דער בלענדעדיקער און גלאַטיקער ווייסקייט. וואָס — טראַכטן זיי מיט אַ ציטער פון פאַרגעניגן — דאָס איז אויך שניי? זייער טאַטנס־טאַטע און זייערע ברידער פון „דאָרט" ווייסן וואָס הייסט שניי. „הלוואי — שושקען זיך די בלעטער און די שישקעס — זאָל פאַלן נאָך און נאָך". און אַזוי הייבן זיי אויף די צווייגן און שטעלן זיי אויס אַלס זעענסווירדיקייט: זעט נאָר, זעט, ווי שיין מיר זעען אויס; גרין און ווייס, ווייס און גרין, פריידיקע גרינס און פינקלדיקער ווייס פון אונדז, אויף אונדז און אונטער אונדז! און אָט דאָס געסעלע: פון ביידע זייטן שטייען די

סאָסנעס, די קרוינען באַרירן זיך ווי אַ שטיל־שטומע אַריסטאָקראַ־
טישקייט וואָלט געווען אין אים אויסגעגאָסן. שטייען די סאָסנעס
שטיל־שטיל און דאַוונען אַ תפילה־זכה, ווייך ווי דער שניי אויף
זייערע צווייגן און אויפן שפּיץ קרוין. אַזוי טוען אויך די ציפּרעסן.

אַרויס, אינדרויסן, צו דער ברייטקייט! זענען פאַרשווונדן די
סטעזשקעס אין די בערג, און די קופּעס שטיינער — ווי מיט דער
האַנט אָפּגעווישט. די פעלדזן וואָס שטאַרצן אַרויס איבער דעם
ווייסן צודעק זעען אויס אַזוי מאָדנע, ווי דער קשר צווישן זיי און
דער ערד, זייער מוטער, וואָלט איבערגעריסן געוואָרן. און זיי קוקן
אויס ווי פרעמדע אברים וועלכע וואַרפן שוואַרצע פלעקן אויף דער
בלענדנדיקער ווייסקייט. דעם ווייכן „וואָל" שטייט נישט אָן דער
שידוך מיטן פעלדז, ווי נאָר ער קומט אין באַרירונג, אַזוי גליטשט
ער זיך אַראָפּ און פאַרשטעקט זיך ווו אַ לאָך אָדער אַ שפּאַלט. אין
די געשלענגלטע „וואַדיס" הויפט זיך אָן דער שניי אין מאַסן, דאָרט
לייגט ער זיך אויס מיטן שימער פון זיין ווייסקייט און ער שלאָגט
אָפּ אַ ליכטיקן גלאַנץ צו די שנייעלעך וואָס דרייען זיך נאָך אין דער
לופטן. איך גיי אַרויף אויפן באַרג. מיין באַקאַנטער ווייגגאָרטן באַ־
האַלט זיין געזיכט פאַר מיר. די וויינשטאָקן זענען באַדעקט פון קאָפּ
ביז די פיס, און נאָר דאָ און דאָרט צוועקלען זיך אַרויס דינע צווייגן
ווי סקעלעטן־הענט, אָן הויט און ביינער, אַרויסגעשטעקט פון אַן
אַלטן פגר. די איילבירט־ביימער האָבן זיך צוגעבויגן, צעשפּרייט די
צווייגן, און זייערע בלעטער הענגען אָפּהענטיק און טריב, ווי אַן
עושר וואָס איז פאַראָרעמט געוואָרן. פון גאַנצן אויסזען ווייט מיט
אַ שניידיקן אומעט. נאָר די פייגנביימער, וועמעס נאַקעטע צווייגן
האָבן זיך אַרויסגעשפּיצט מיט פאַרוואונדערונג, קוקן זיך צו גלייכ־
גילטיק און אָן אינטערעס צו די ווייסע פליענדיקע שמעטערלינ־
גען, וואָס באַדעקן אַ וועלט אַ גאַנצע, אָבער רירן זיי נישט אָן.

איך געפין זיך אויפן העכסטן שפּיצבאַרג אין די ירושלימער
בערג. אַרום מיר — ווייסע בערג און טאָלן. ירושלים שטייט אין

סימן פון ווייסקייט, ווי אַ כשרער ייד, אָנגעטאָן אין אַ קיטל בשעת כל-נדרי, און אין מערבדיקן האָריזאָנט הויערט די גאַנצע צייט אַ שווערער גרוי-טונקעלער וואָלקן, אַן אָנגעברויגזטער, אַן אָנגעכמורעטער, ווי ער וואָלט גרייט זיין צו דערטרונקען די גאַנצע פאַרדאָרבענע וועלט אין אַ מבול פון שניי, פראָסט און אייז. אַ שניידיק קאַלטער ווינט בלאָזט אויף דעם אָפענעם שפּיצבאַרג און דער שניי איז כמעט פאַרפרוירן. ס׳האָט אין מיר אויפגעוואַכט אַ ווי״ל פון די קינדער-יאָרן זיך אַ גליטש צו טאָן, אָבער די קעלט בריט און צוזאַמען מיטן ברי דערמאָנט מען זיך אָן די אַלע וואָס קעמפן איצט „דאָרט”, אין גרויסן פראָסט, אין אונדזער מלחמה, און אַט די דערמאָנונג פאַרגליווערט די מחשבה און נעמט אַוועק די ראיית. נייז, מען דאַרף נישט טראַכטן אין דעם... די ווייסע ירושלים ווינקט און רופט, בית הכרם צוויט; זי איז איצט איינגעשלאָסן אין זיך ווי איינגעקנוילט אין אַ ווינטער-שלאָף. און אַט דערשיינט מיטאַמאָל די זון צווישן די כמאַרעס, און ירושלים מיט די בערג צינדן זיך אָן מיטאַמאָל מיט טויזנטער פונקען און שיינען. אָבער — איין מינוט בלויז; ווידער רוקט זיך אונטער אַ שווערער וואָלקן פון ניזדעריקן האָריזאָנט, קריכט אַרויף אויף די בערג און פאַרמאַכט די ליכטיקע וועלט. דער ווינט רייסט זיך אַרויס פון צווישן די אָפענע בערג און מיט אים אַ מענגע ווייסער וואָל, וואָס פאַלט אויף אונדז מיט צעבושעוועטן ווינט. דער אָונט פאַלט-צו, אַ טונקל-ווייסלעכע און מיט טרויער-אָנגעפּיקטער אָוונט.

בעת כ׳בין צוריקגעקומען אין מיין גאָרטן, איז ער געווען איינגעזונקען אין אַ ווייסן שלאָף. דאָס לעבן האָט אויפגעהערט. זיין פולס איז אַנטשטומט געוואָרן, און עס שלאָגט פון אים אַ קאַלטער ווייסער שיין. איז אויפגעגאַנגען פון אַט דער שטילקייט און פון ווייסן שיין אַ זאָרג פאַרן מאָרגן, ווייל ווי ווער דען די וועלט קענען עקזיסטירן אָן אַ פונק וואַרעמען ליכט, וואָס באַלעבט און באַפרוכפערט? די יאוש-שלאַנגען הייבן אָן צו קריכן צווישן די איינגענייגטע און דערשלאָגענע געוויקסן און פון די שמאָלע און פינצטע-

רע האָריזאָנטן. אָבער אין דעם מאָמענט האָט אָפּגעהילכט אין די אויערן אַ וואָרט פון טרייסט, געקומען פון די געדיכטע בערג:

„וואָרום אַזוי ווי עס נידערט פון הימל דער רעגן און דער שניי און קערט זיך אַהינצו נישט אום, נייערט ער טרינקט אָן די ערד און באַפרוכפּערט זי און באַשפּריצט זי און גיט זריעה צו דעם זייער און ברויט צו דעם עסער.״

(ישעיה, נ״ה, י׳).

דעמאָלט האָב איך געוווּסט: אונטער דעם טויטן שניי, צאַפּלט דאָס וואַקסן. די ערד וועט מאַכן געבערן און מאַכן וואַקסן.

# דער טייטלבוים

צו די דריי דערפער אין עמק זבולון.

נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען איז סוף־סוף דאָס גרויסע פּלאַכ־לאַנד, וואָס איז היינט באַקאַנט מיטן נאָמען „עמק זבולון", געוואָרן דאָס אייגנטום פון קרן־קימת. דאָס דאָזיקע פלאַכלאַנד שפּרייט זיך אויס אויף צענדליק טויזנטער דונאַם, אַרומגענומען פון קישון־אָרעם אין דרום און נעמן־אָרעם אין צפון, אין דער ריכטונג פון עכו. די באַשטימונג פון דעם פלאַכלאַנד פאַר דער צוקונפטיקער קאָלאָניזאַציע איז גלייך קלאָר געוואָרן; אַ דריטל פאַר אינדוסטריעלן ישוב, אַ דריטל פאַר אַ שטאָטישן ישוב און אַ דריטל פאַר לאַנדווירטשאַפט. די ריכטונג איז פון דרום צו צפון, ד"ה דער טייל וואָס איז באַשטימט פאַר לאַנדווירטשאַפט געפינט זיך אין צפון־פלאַכלאַנד. בשכנות פון עכו, ווו די ערד ברייטערט זיך אויס צו מזרח, איבערן טייכל נעמן, קומט אויס, אַז דאָס טייכל טיילט זי איין אין צוויי בלאָקן: איינער אַ מזרח־בלאָק, מיט אַ שטח פון קרוב 4.000 דונאַם, מיט ליימיק שווערער און שוואַרצער ערד; און אַ מערב־בלאָק מיט אַ שטח פון קרוב 8.000 דונאַם, מיט אַ זאַמדיק לייכטער און בלאַסער ערד. מער איז נישט געווען באַוווּסט איבער די אייגנשאַפטן פון שטח און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז כדי צו פּלאַנירן דעם ישוב האָבן זיך געפאָדערט נאָך פּרטים און ידיעות, באַזירט אויף פאָרשונג און אונטערזוכונג. אָט די פּרילימינערע פאָרשונג איז געווען אונדזער צוועק, אַ גרופּע פון 3 מאַן, בעת מיר זענען אַרויס צו באַטראַכטן דעם שטח.

ס'איז געווען אַ שיינער פרימאָרגן אין אָנפאַנג שבט. מיט 2 טעג פריער האָט אַ שלאַקס־רעגן געשמיסן די ערד און איצט בלאָזט אַ ווינט פון חרמון, דער הימל איז הויך, לויטער־בלוי. מיר זענען

אַרויס פון עכו, רײַטנדיק אויף פערד אויף דער סטעזשקע וואָס פירט קיין מזרח, צו די בערג פון צפת. די פערד האָבן געשפּאַנט מיט זיכערע טריט, מיט אויפגעהויבענע קעפּ און געשמעקט מיט די נאָז־לעכער דאָס גראָז. אויך מיר, די רײַטער, זענען געווען באַהערשט פון אַ גוטער שטימונג. שטענדיק פילן מיר אָט די אויפגעלייגטקייט בעת מיר אונטערזוכן אַ נײַע ערד, ווען אין דער פאַנטאַזיע צע־שפּילט זיך דאָס בילד פון דער נאָענטער באַזעצונג. פאַר אונדז זע־נען געלעגן די גליל־בערג פאַרשלייערט אין אַ בלויען חלום און אַרום אונדז שפּרייט זיך אויס דאָס פלאַכלאַנד, וואָס לאָזט אַרויס אַ בלאַסע פאַרע, אַלס סימן פון וואַסער־זאַטקייט. דער שטח איז ליידיק, קיין סימן פון אַ געצעלט און אויף דער קאַנווע פון זײַן ווייסקייט שפּינען מיר די בילדער פון ישוב. אָבער גאָר שנעל פאַר־שווינדט די גוטע שטימונג. נאָך צוויי טויזנט פערד־טריט פון דער שטאָט זענען מיר דערגאַנגען צו דער גרענעץ פון דער געזוכטער ערד. און וואָס זעען אונדזערע אויגן? אַ שטח פון טויזנטער דונאַם אין מזרח און מערב פון נ ע מ ן פאַרפלייצט מיט וואַסער. זאָל דאָס וואַסער קומען פון נעמן, וואָס האָט איבערגעפלייצט זײַנע ברעגן, אָדער אפשר האָבן די בערג־רעגנס זיך אַרויסגעריסן פון זייער געלעגער און פאַרשווומען דעם טאָל?! ווי עס זאָל נישט זײַן האָט מען מער קיין שטיקל ערד נישט אָנגעזען אין גאַנצן שטח, נאָר אַן אָזיערע וווּ טויזנטער זונען שפּיגלען זיך אָפּ, און דאָס וואַסער רונצלט זיך מיט קליינע כוואַליעלעך. אַן איבערגעקערטער הילצער־נער באַראַק איז אַרומגעשווומען און אויך צעבראָכענע ברעטער. קיין קוסט, קיין בוים אין דער גאַנצער סביבה, פּונקט ווי אַלץ וואָלט אָפּגעווישט געוואָרן און ס'איז פאַרבליבן — ד ע ר  ט ײַ ט ל ־ ב ו י ם !

בעת מײַן בליק האָט געוואַנדערט איבער דער אײַבעררײַשנדי־קער לאַנדשאַפט, האָב איך אים דערזען. פון מיטן אָזיערע איז ער אַרויסגעוואַקסן, הויכוווקסיק און שלאַנק, מיט אַן אויפגעהויבענער גרינער קרוין, מיט די ברייטע פאַלמע־צווייגן — ציענדיק צום הימל

קופּאָל, האַרכנדיק דעם זשום פון די ווייטע ים-כוואַליעס און סור-
דענדיק זיך מיט די פּאַרטוּרימטע שטאַרקע בערג.

האָבן די אויגן געזען די ווײַטע סביבה פּאַרפּלייצט מיט וואַ-
סער, אויף וועלכן עס וויגט זיך אַ צעבראָכענער באַראַק, ווי אַ סימ-
באָל פון אַ צעשטערטער נעסט, און זיי הייבן זיך אויף און קוקן ווי-
דער אָן דעם שטאָלצן טייטלבוים אויף וועמענס צווייגן עס כאַפּן
זיך אָן האָפענונג, בטחון און לעבן, און דאָס האַרץ ווערט צוגעצויגן
צו אים.

ס'איז נישט געווען וואָס צו אונטערזוכן. אַלץ איז קלאָר. די
ערד טויג נישט פאַר קאָלאָניזאַציע, סיידן זי זאָל פריער אויסגע-
טריקנט ווערן. די גרופּע איז צוריק געגאַנגען מיט דעם וואָס זי איז
געקומען.

דאָס איז געשען אין יאָר תרפ"ו (1926), און הגם דער אויס-
טריקענונג-פּלאַן איז נישט תיכף אויסגעאַרבעט געוואָרן, האָב איך
אָבער באַדאַרפט זיך אומקערן שנעל און אָפט באַזוכן די ערד. פרי-
לינג-צייט פליסט אָפּ דאָס וואַסער און עס זעט זיך אַרויס די ערד
און דעמאָלט גלוסטן זי די אַראַבישע שכנים. מען מוז האַלטן וואַך
און ווי ווייט מעגלעך — אויך באַאַרבעטן. און ווען איך קום אַהין,
ווענדעט זיך מיין בליק צום טייטלבוים. אויך איצט, ווי צום ערשטן
מאָל, שטייט ער שטאָלץ און שלאַנק און ער האָט גאַרנישט צו טאָן
מיט די זומפּ-פלאַנצן און מיט דער בלאָטע וואָס ווימלט אין זיין
אַרום. דוכט זיך ווי ער וואָלט אין זיינע צווייגן געטראָגן דעם חלום
פון דער צוקונפט, ווען די וויסטעניש וועט באַזיגט ווערן און לעבן
וועט זיך אַהער ארייַנקלייבן. מען האָט חשק צוצוגיין נאָענט און
זיך צוהערן צו זיינע מחשבות און חלומות, אָבער דער זומפּ שטערט.

אויך סוף זומער, ווען אַ טריקעניש הערשט אַרום, געוועלטיקט
נאָך דער זומפּ פון ביידע זייטן נ ע מ ן, און מען קען אים נישט
קרייצן נישט אויף אַ פערד, נישט צופוס און נישט מיט אַ שיפל.
נישט מעגלעך צוצוקומען צום טייטלבוים, נאָר זיך באַגנוגענען בלויז
מיטן אָנקוקן אים.

אַ יאָר גייט אַוועק און אַ יאָר קומט. דער גרויסער איסטריי-
קענונג-פּלאַן, וואָס רינגלט אַרום די גאַנצע נעמן-געגנט, פון זיינע
קוואַלן אין ק ו ר ד נ י, ביז זיין אויסגוס אין ים פאַר ע כ ו,
איז נאָך אַלץ נישט אויסגעאַרבעט געוואָרן. פאַרשיידענע סיבות
שטערן. אָבער אין דעם טייל קומען פאָר ענדערונגען. אין צפונדיקן
עק איז אויסגעגראָבן געוואָרן אַ קאַנאַל, וואָס פאַרבינדט אין אַ
גלייכער ליניע דעם נ ע מ ן מיט זיין לעצטן אָרעם פאַרן ים. כדי
אַריבערצופירן דאָס וואַסער אָן איבעריקע איבערגאַנגען, וועלכע
האַמעווען דעם פלוס און שאַפן זומפּן אין דער סביבה. דער צייל
ווערט דערגרייכט און איין „דרייעק" ווערט אויסגעטריקנט. אַ
צווייטער קאַנאַל ווערט אויסגעגראָבן אין מערב-זייט פון נעמן, און
ער לאָזט ווידער אַראָפּ דעם ניוואָ פון וואַסער. אַזוי ווערן אויסגע-
טריקנט שטחים באָדן ביי די ראַנדן פון זומפּ. איצט קומט דאָס מע-
סער פון אַקעראייזן און שפּאַלט די ערד, עפנט תלמים, רייסט אַרוים
דעם ווילדן געוויקס און די קוסטן; עקאַליפּטוס-ביימער ווערן גע-
פלאַנצט וועלדערווייז, און זיי נאָגן אויס דאָס וואַסער און דעמפּן
אים אויס. און אַזוי רייסן מיר אַרוים ביי דעם זומפּ, פון יאָר צו יאָר,
איין שטיק ערד נאָך דער צווייטער און פאַרוואַנדלען זי אין אַקער-
לאַנד. שוין פאַרפּלייצט נישט דאָס וואַסער דעם טאָל, ווייל ער איז
צעאַקערט אויך אין רעגן-צייט און באַדעקט זיך ערטערווייז מיט
אַ גרינעם טעפּיך פון גערשטן און פון האָבער. און אַזוי דערנענ-
טערן מיר זיך אַלץ מער און מער צום טייטלבוים, אָבער דערגרייכן
קענען מיר אים נאָך נישט, ווייל אַ גרויסער זומפּ צעשיידט אונדז.
אַ יאָר גייט, אַ יאָר קומט. די יאָרן פון תרצ"ז-תרצ"ח (1938-1937).
דער שטייגער פון די „עליות" און „באַזעצונגען" איז אויך אַהער
דערגאַנגען. אַ גרויסע גרופּע וואָס האָט אונטערזוכט דעם לאַנד-
ווירטשאַפטלעכן ראַיאָן אין עמק זבולון האָט דאָ געפונען ערד און
אויסזיכטן פאַר קאָלאָניזאַציע, אַפילו אויב נישט אַלע פּגימות זענען
שוין פאַרריכט. די נאָענטע פאַסן ערד האַרט ביי די ברעגן פון נעמן
זענען נאָך זומפּיק, דאָ און דאָרט פאַרמאָגט די ערד אַ צו גרויסן

פּראַצענטזאַץ פון געזאַלצנקייט. אָבער אין ליכט פון די ביז איצט דערגרייכטע רעזולטאַטן, קען מען פעסטשטעלן, אַז די ערד וועט פּאַסיק זיין פאַר אַ לאַנדווירטשאַפטלעכן ישוב, און נישט פאַר איי־נעם נאָר פאַר גאַנצע דריי. איצט אָבער וועט זיך באַזעצן איין ישוב און ער וועט פאָרזעצן דעם קאַמף פון דער ציוויליזאַציע קעגן דער וויסטעניש. אַזוי איז אַנטשטאַנען „עין המפרץ״ אין ווינקל צווישן נעמן און דעם אויסגעגראָבענעם קאַנאַל. דער קיבוץ האָט פאַרגע־זעצט די אַרבעט. קאַנאַלן ווערן געגראָבן, ביימער ווערן געפלאַנצט, די הויכע וואַסער־געוויקסן ווערן אויסגעשניטן און די ערד ווערט טיף צעאַקערט, אַ תלם צו אַ תלם, אַלץ נעענטער און נעענטער צו די נעמן־ברעגן. איצט הערשט שוין דאָס טייכל נאָר צווישן זיינע נאַטירלעכע ברעגן. די הויכע גראָזן וואָס האָבן אים פאַרשטעלט, זענען פאַרשוואונדן און ער ווערט אַלץ מער אַנטפּלעקט און צוזאַמען מיט אים אויך דער טייטלבוים אין זיין גאַנצער שלאַנקייט און גע־שטאַלט. אָבער אָנרירן אים קען מען נאָך נישט, ווייל אַ פּאַס זומפּ ליגט צווישן אים און דער יבשה. אויך דער פּאַס ווערט דעראָבערט, אַ תלם נאָך אַ תלם, מיט עקשנות און מיט אויסדויער און מיט אַ כסדרדיק שטרעבן צו אים, צום טייטלבוים.

יאָר תרצ״ט (1939). 3 יאָר בלוטיקע אומרוען האָבן דעם ישוב נישט אונטערטעניק געמאַכט. אָבער אַ שווערן קלאַפּ האָט ער באַ־קומען, דעם 18טן מאַי פון יענעם יאָר, אין פאָרם פון אַ ווייסבוך. ער האָט באַשרענקט, פאַרשפאַרט און אַנטהאַלטן געפאַרן פאַר דער צוקונפט. און ס׳איז אָנגעקומען דאָס יאָר ת״ש (1940). סוף פעב־רואַר. דאָס באָדן־„געזעץ״ איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן און דאָס האַרץ איז פאַרציטערט געוואָרן, דערשיטערט פון אַנטוישונג, בושה, צאָרן, אָבער אַ פונק פון האָפענונג איז נאָך געווען פון דאָרט, פון גרויסן „הויז״ אין דער הויפּטשטאָט*, דער וווינאָרט פון גערעכ־טיקייט און אמת. יענעם טאָג, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די דעבאַטע וועגן געזעץ אין „הויז״, האָט דאָס האַרץ געצאַפּלט צווישן האָפע־

* דער פּאַרלאַמענט אין לאָנדאָן.

נונג און אַנטוישונג. צוליב מיין אַרבעט בין איך דעמאָלט געווען אין חיפה, און מיטן גאַנצן ישוב געוואַרט אויף אַ ידיעה וואָס זאָל קומען פון דאָרט. צומאָרגנס אינדערפרי איז זי אָנגעקומען, אָבער אַזאַ דערדריקנדיקע! דאָס געזעץ איז באַשטעטיקט געוואָרן מיט אַ מערהייט שטימען. דאָס האַרץ האָט זיך צונויפגעפרעסט און גע־האַלטן ביים פּלאַצן פון יאוש. מען קען נישט פאַרבלייבן אין דער שטאָט. פון די טיפענישן רופט אַ שטים צום פעלד, צו דער ערד און אָט פאַר איך קיין „עין המפרץ", אַ שווערע דערשלאָגנקייט באַ־גלייט מיך אויפן וועג און אַפילו באַטרעטנדיק דעם באָדן לאָזט זי מיך נישט אָפּ. איך גיי אויף דער סטעזשקע פון פעלד, אין די שפּורן פון אַנדערע חברים. זיי ריידן צו מיר און איך הער נישט. דאָס האַרץ קלאַפּט ווי אַ האַמער, קלעפּ פון ווייטיק און שאַנד. און די סטעזשקע אין פעלד איז לאַנג. אַ נייע נישט אויסגעטראָטענע סטעזשקע וואָס פירט קיין מזרח. מיטאַמאָל בלייב איך שטיין: — ד ע ר ט י י ט ל ב ו י ם !

ער, ער דער שטאָלצער און שלאַנקער און איך שטיי נעבן אים. ממש. מיינע הענט באַרירן זיין אַלט־אַלטן שטאַם, מיין פּלייצע איז אָנגעלענט אויף אים, זענען דאָך פּופצן יאָר אַריבער זינט כ'האָב אים צום ערשטן מאָל געזען אויפגיין פון זומפּ; פופצן יאָר זענען מיר צו אים געגאַנגען און סוף־סוף האָט די אַרבעט באַזיגט די וויס־טעניש, דער זומפּ האָט זיך אונטערגעגעבן דער פּראַצע, און דווקא היינט, אין דעם ביטערן טאָג, בין איך צו אים צוגעקומען צופוס און אָן שוועריקייטן.

איז עס אַ צופאַל, אָדער גאָטס האַנט האָט מיך געפירט אַהער איך זאָל זען אין דעם טייטלבוים דעם סימבאָל פון אונדזער אַרבעט?

דעמאָלט הייב איך אויף די אויגן און כ'זע: בטחון און לעבן קוקן אַרויס פון די פאַלמע־צווייגן און זיינע אויפגעהויבענע בלעט־טער. כהרף עין — איז דער יאוש זיך צערונען. ווידער וואַכן אויף כוחות און אַ רצון פאַרזעצן די אַרבעט, ד י ד אָ ז י ק ע אַר־בעט, און דער ציל וועט שוין קומען, ער וועט קומען.

# אַ דענקמאָל

ס'איז געווען אַ לויטערער פרימאָרגן, אָנגעזאַפּט מיט צאַרטן שיין פון דער חרמון־קעלט, איינער פון די טעג פאַר ט"ו בשבט פון יאָר תש"א (1941). אין אַ קליינער גרופּע, צוזאַמענגעשטעלט פון 5 דגניה א' מענטשן — פון זיי דריי וועטעראַנען פון די גרינדער, — און דריי געסט — איינער פון טבריה און צוויי פון ירושלים, זענען מיר אַרויס פון הויף פון ישוב, כדי צו גיין צום דענקמאָל. אויף פעלד־סטעזשקעס זענען מיר געגאַנגען, די באַבוימטע פעלדער פון דגניה: גרייפּפרוכט־פּרדסים און היי, באַנאַנע־סעדער און ווייץ; וויינגערטנער און גרינס; אַן עפּל־סאָד און ציפּרעסן־אַליי. (ווי פון זיך אַליין דערמאָנען זיך די ווערטער פון יוסף דעם זון פון מתתיהו הכהן, וועלכע שילדערן די נאַטור פון גנוסר־שפלה, וווּ צפון־געוויקסן און מזרח־פלאַנצן וואַקסן אינאיינעם).

אַלץ גרינט מיט ווייכן, פעטן גרינס, טראָצדעם וואָס רעגנס האָבן אויפגעהערט. ווייל די דאָזיקע קולטורן ווערן נישט באַגאָסן דורך רעגן, נאָר דורך דעם ירדן־וואַסער וואָס ווערט אַרויפגעבראַכט פון טיפן בעקן צום פליין, און אין אַ ברייטן צעמענט־אַקוועדוקט פליסט עס לאַנגזאַם צו באַגיסן די ברייטע בוים־פעלדער און אַט זעען מיר אויך דעם ירדן, צערונצלט פון שיין־פלעמעלעך, וועלכע שפּילן זיך אין באַהעלטעניש מיט די לייכטע כוואַליעס. אומזעבאַרע פעדים ציען זיך פון ירדן צו די גרינע פעלדער און פון זיי צום ירדן, ווערן איינגעוועבט אין אַ לעבנס־לייוונט דורך אַ שעפער, וועלכער לייגט אַריין זיין נשמה און גוף אין דעם געוועב. מיט טרייהייט, דבקות און ליבע. אַט שפּאַנט ער אין דער גרופּע, דער מאַן, וועלכער סימבאָליזירט די מענטשן פון פלאַץ אין דער גאַנצער תקופה פון 30 יאָר, דער מאַן פון פעלד, וועמענס שטים איז ענלעך צו דער שטים פון דער ערד; ווייל נאָר זי מאַכט אים ריידן, רואיק, טיף און

שטאַרק, און זיין פּנים איז צעאַקערט מיט געבעגטשטע בייטן. ווי די בייטן אין באַוואַסערטן גאָרטן, זיין קאָפּ גרייז-גרוי, טראָגט אַ מעכטיקן געדאַנק; ווי דער קאָפּ פון חרמון וואָס קוקט אויף אונדז פון צפון.

דער דענקמאָל. אויף אַן אַרויסגעשטרעקטן אָרעם פון בערגל וואָס שניידט זיך אַריין אין איינעם פון די ירדן-סערפּענטינעס דאָרט ווו עס זענען געשטאַנען די אַלטע „חושות" פון אום ג'וני, הייבט ער זיך אַרויף. די דגניה-תושבים האָבן צונויפגעקליבן שוואַרצע שטיינער און געמאַכט אַ קיילעכיקע מצבה, ביי 4 איילן אין דיאַמעטער און אַנדערהאַלבן אייל אין הויך און איין גרויסן שטיין — הויך אַ אייל און ברייט דרייפערטל אייל — האָבן זיי אַרויפגעקייקלט פון דער ערד ביזן צענטער פון דענקמאָל. אויף אָט דעם גרויסן שטן, וואָס קוקט צום חרמון, איז פאַראַן אַ טאַפעל אַלס עדות און אָנדענק.

אַ פּרימיטיווע פּשטות ווייעט פון דענקמאָל. אַ מין גייסט פון פּאַרצייטנס פילט זיך אין זיין פאָרם. זעט אויס, אַז אַזוי האָבן אויסגעזען די מצבות, וואָס אונדזערע אורעלטערן האָבן געבויט אין צייכן פון ברידערלעכקייט און שלום. דער גייסט פון דער נייער געזעלשאַפט וועלכע האָט אים געבויט, איז פאַרקערפּערט אין דער קופּע שטיינער וואָס האַלטן זיך דאָ צוזאַמען נישט מיט ליים אָדער צעמענט, נאָר מיטן כוח פון האַרמאָניע און אחדות. מיר רינגלען אַרום דעם דענקמאָל, קוקן זיך איין אויף אים און אין טאָוול, וועלכער דערציילט באַשיידן אָבער גרינטלעך:

אום ג'וני

(כפר גון, כפר אגין)

במקום זה עמד בית חומר בו גרו בשנת תרע"א ראשוני קבוצת דגניה.

(אויף דעם אָרט איז געשטאַנען אַ ליימענע הייזקע, ווו עס האָבן געוווינט אין יאָר תרע"א (1911) די ערשטע פון קבוצת-דגניה).

... בין איך געשטאַנען פאַרן טאָוול און געלייענט די אויסגעקריצטע אותיות: „געשטאַנען אַליימענע הייזקע... אין יאָר תרע״א... די ערשטע פון דער קבוצה...״ אַ ציטער גייט אונדז דורך. ת׳ר׳ע׳א, ת׳ר׳ע׳א! איז עפּעס פריער געווען, פאַר דער דאַטע? וועלכע בילדער שוועבן דאָ אַרום, אויף דעם אָרט, וואָס זענען מיר אַזוי נאָענט? מיטאַמאָל האָב איך דערפילט ווי אַ כוואַליע פון זכרונות איז אַרויסגעשפּרונגען פון דעם הויפן שטיינער און האָט מיך אַרומגענומען, מיט געריסן און זיך אויסגעגאָסן איבער מיין קאָפּ, וואָס בייגט זיך לאַנגזאַם אַרונטער פאַרן דענקמאָל און צו דער ערד אונטער די שטיינער קוקט מיין צוגעמאַכט אויג, און די בילדער פון דעמאָלט, פון יאָר תר״ע (1910), טויכן אויף פאַר מיר קלאָרע, לעבעדיקע און ממשותדיקע.

אין איינע פון מיינע וואַנדערונגען צווישן די מושבות פון גליל התחתון, כדי צו זוכן אַרבעט, האָב איך מיך באַגעגנט מיט חיים צימרמן אין אַריינגאַנג-טויער פון דער פערמע כנרת. דאָרט האָב איך זיך דערוווסט וועגן דער קבוצה וועלכע האָט אַרענדירט ביים ארץ-ישראל-אַמט דעם באָדן פון אום-ג׳וני, כדי אים צו באַאַרבעטן אין משך פון אַ יאָר. אָבער ביז די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך געענדיקט, איז געקומען די תקופה פון פאַרזייען און די קבוצה הייבט איצט אָן צום ערשטן מאָל די מלאכה פון אַקערן און זייען. נייטיקט זי זיך אין הילפס-אַרבעטער, און אויב איך וויל קען איך צושטיין צו דער גרופּע, וועלכע פאָרט היינט אַהין אַרויס און כ׳וועל מיט זיי מיטאַרבעטן אין דער גאַנצער תקופה פון פאַרזיי. פאַרשטייט זיך, אַז כ׳האָב תיכף מסכים געווען. יענעם טאָג, אַ כמורנער כסלו־טאָג, נאָכמיטאָג, האָבן צוויי וועגענער איינגעשפּאַנט אין צוויי פּאָר מויל-אייזלען, געקרייצט דעם ירדן פון מערב צו מזרח. די וועגענער זענען געווען אָנגעלאָדן מיט שווערער משא: זעק פון ווייץ און גערשטן, אַקערס, אַנדערע אַרבעט-געצייג און שטוב-כלים. צוויי בחורים האָבן געטריבן די מויל-אייזלען און דריי אַנדערע זענען געזעסן נעבן זיי. הינטער די וועגענער האָט געריטן אַ זעקסטער בהור־

אויף אַ מויל־אייזל, און געהאַלטן ביים צוים נאָך איינעם. אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען צו אַ ישוב אין מזרח־זייט פון ירדן, עטלעכע „חושות״* פון ליימענע ציגל, מיט אַן אויסבליק פון אַלטקייט אויף די ווענט און אַ ריח פון צעפוילטקייט פון אינעווייניק — שטייען זיך געדיכט, מיט ערד־גרויער הכנעהדיקייט און מיט אַ געפיל פון התבטלות. צווישן זיי איז בולט דער נייער הילצערנער באַראַק, מיט זיינע העלע ווענט און גלאַנציקן דאַך; דאָס איז אום ג׳וני. די נייע יידישע „אַרענדאַטאָרן״ גייען אַהער אַריין צום ערשטן מאָל. גאָר שנעל האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט; די בהמות אין דער גרויסער חושה און דאָרט, אין ראָג, אויך די שפייז־קאַסטנס. אין אַ קלענערער חושה — שטרוי און סעטשקע, און אַרבעט־געצייג, און נאָך אַ קליינע חושה פאַר די מענטשן, אָבער ס׳איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַלעמען, איז איינער אַוועק אין שטאַל, כדי זיך צו לייגן אויפן לאַנגן שפייז־קאַסטן. דער באַראַק איז געוואָרן אַ קיך און עסצימער.

דער ווינקל מיטן שפייז־קאַסטן איז געוואָרן מיין ווינקל. אפשר ווייל איך בין געווען דער אָרדנער אין שטאַל. ס׳איז דאָרט גוט געווען. איבערהויפּט איז געווען וואַרעם פון דעם אָטעם פון די מויל־אייזלען און פון מיסט־פאַרע, מיט אירע שאַרפע געווירצן. נאָך האַלבע נאַכט פלעג איך מיך אויפכאַפּן ביים קלאַנג פון די קייטן, בעת די מויל־אייזלען זענען אויפגעשטאַנען פון זייער געלעגער אויסציענדיק דערביי זייערע קערפּער־גלידער, פּונקט ווי זיי וואָלטן געהאַט בדעה מיך אויפצוּוועקן. איך פלעג זיי דערלאַנגען די גערשטן־פּאָרציע, דאָס עסן פון אינדערפרי.

בעת דאָס ברייטע פלאַכלאַנד איז נאָך פאַרשלייערט אין אַ טונקעלן נאַכט־קלייד, באַצירט מיט שימערירנדיקע ליכט־פּינטעלעך אין דער הויך, און בעת די שטילקייט ווימלט אין די מרחקים און פאַרטוישט דעם נאָענטן פליסטער פון ירדן, זענען שוין די מויל־אייזלען איינגעשפּאַנט אין די וועגענער און אויף זיי די אייראָפּעיִשע אַקערס, דאָס פעסל וואַסער און שפייז־זעקלעך, אַ געמיש פון

* חושה — אַן אַראַביש וואָרט פאַר אַ באַראַק געבויט פון ליים.

געשטן מיט שטרוי פאַר די בהמות און דער קויש מיט ברויט, טאָמאַטן, איילבירטן און אַ פּושקע סאַרדינען — פאַר די מענטשן. די מענטשן גייען שוין אַרויס צו דער אַרבעט, צו אַקערן די נייע ערד און בעת דער מאָרגנשטערן גייט אויף איבער די גולן בערג, שטעקט זיך אַריין דאָס מעסער אין דער ווייכער ערד, און די בהמות ריר׳ן אויף אונדזער געשריי. עטלעכע לאַנגע תלמים ווערן געעפנט, די זון דערשיינט און מיטאַמאָל דערוואַכט דאָס פלאַכלאַנד, באַגאָסן מיט שיין ביז די ווייטע האָריזאָנטן; שיין און איינזאַמקייט, ווייל וויפל דאָס אויג פאַרכאַפּט — איז נישט צו זען קיין ישוב, קיין מענטש און קיין בוים. נאָר דער צעצויגענער תלם צייגט אָן יאָ אויף לעבן.

ווען יענע ערשטע טעג האָב איך, יאָרן שפּעטער, אין איינע פון מיינע פאַרצייכנונגען, פאָלגנדע שורות:

„אַ טונקל-אומעטיקן איינדרוק מאַכן אויף מיר די ליימענע הייזקעס, אַז איך גיי אַריין אינעווייניק גיט אַ שלאָג אַ ריח פון ווילגאַטש, ווי אַ ריח פון צעפוילעכץ אין אַ חורבה. שוין עטלעכע יאָר אין דעם ווי די הייזער זענען פאַרלאָזן געוואָרן און איך מיט מיינע חברים און 3 פאַרלעך מויל-אייזלען, זענען די ערשטע באַשעפענישן וועלכע האָבן געבראַכט אַ לעבעדיקן וואַרעמען אָטעם אין די פינצטערע חורבות. דוכט מיר, אַז זייערע קלינגענדיקע קולות ווערן דאָ דערשטיקט, אין דער חורבה, און פאַרשווינדן אין דער איינזאַמקייט פון דער גרויסער ברייטקייט, וואָס שפּרייט זיך אויס פאַר אונדזערע אויגן ביז צו דער אומענדלעכקייט, פּוסט און וויסט פון מענטשן. אָבער צוזאַמען מיט דעם דרינגט אין מיר אַריין אַ געפיל פון זעלבסטווירדע, וואָס אָט בין איך פון די ערשטע וועלכע באַטרעטן די וויסטעניש, כדי זי צו באַלעבן, באַפרוכפּערן אָט דאָס ווילד-באַוואַקסענע פלאַכלאַנד.״

ווילדע גראָזן! דאָס זענען קוסטן וואָס הייסן „מאַלוואַ״ און זיי באַדעקן ווי אַ פאַרפלאָנטערטער טעפּיך די ערד אַרום די חושות; ווי נאָר דו קערסט און ווענדסט זיך — מאַלוואַ און מאַלוואַ. די פאַרזונקטע קיילעכיקע בלעטער שטאַרצן אַרויס אויף לאַנגע און דינע

שטאַמען, און בעת מען טרעט צווישן זיי, פּלאָנטערן זיי זיך צווישן די פיס. אַזוי האָט אויסגעזען דער שטח אין דעם בלי־פּעריאָד פון טבת־שבט. אין די העלע שבת־פרימאָרגנס איז די מאַלווא אונדז געווען ליב. מיר פלעגן זיך טוליען צו זיי ווי אויף אַ ווייכן גרינעם טעפּיך, אויסציען די ביינער אַנטקעגן די צערטלדיקע זונשטראַלן, פונאַנדערשפּרייטן די ראָגאָזשעס, און דער אָרדנער פלעגט צוגרייטן דאָס עסן (ער האָט זיך נישט געניייטיקט אין אַ סך הכנות, ווייל די פּאָרציע איז געווען גרייט: ברויט, טאָמאַטן, איילבירטן און לינדזן־זופּ)‏; אָפטמאָל פלעג איך מיך צוריקציען ביז אַ בערגל נעבן די חור־שות, איינגעוויקלט אין געדיכטע מאַלווע־קוסטן, איינזינקען צווישן זיי און זיך באַשעפטיקן מיטן פאַריכטן די בגדים פון די חברים (דעם רוב בגדים האָט מען געמוזט פאַרלאַטען). אָבער אינדערוואָכן האָבן מיר זיך געראַנגלט מיט די מאַלווע־קוסטן מיטן אַקער וואָס רייסט זייערע וואָרצלען און דעקט זיי צו אין די טיפענישן פון די בייטן.

אַזוי האָבן מיר געזען דעם ככר הירדן אין מזרח: וויסטע פאַר־וואָרלאָזטע פעלדער, אַן אַלטע עלנטע חורבה, און אין דער ווייט — הויכע בערג וואָס הייבן זיך אַרויף און ווו עס לויערן שונאים.

ס׳איז אויך געווען מאַלאַריע. אַ קורצע צייט שפּעטער האָט זי מיך אָנגעכאַפּט און נישט אָפּגעלאָזן, בעת כ׳בין געלעגן אויפן שפּייז־קאַסטן אין שטאַל־ווינקל, ביז כ׳בין באַזיגט געוואָרן און גע־מוזט פאַרלאָזן אום ג׳ונע נאָך איידער עס האָט זיך פאַרענדיקט דער פאַרזיי־פּעריאָד. אָבער די חברים האָבן פאָרגעזעצט. די פעלדער זענען פאַרזייט געוואָרן און געגעבן גערעטעניש, זיי זענען צעאַ־קערט און צוגעגרייט געוואָרן פאַר תרע״א, ווען ס׳איז אָנגעקומען די סטאַבילע קבוצה, פון וועלכער מען הייבט אָן ציילן די תקופה פון אויפריכטן דעם ככר הירדן.

דער ככר, קוק! אַ שטים רופט מיך, און איך טרייסל פון מיר אָפּ די כוואַליע פון די זכרונות, הייב אויף מיין קאָפּ און ווידער־שטייען מיינע פיס אויף אַ מיט מאַלוועס באַוואָקסענעם בערגל און

כ׳קוק אויפן פלאַכלאַנד פון ככר. איינאונדרייסיק יאָר — און וויפל ענדערונגען! די ברייטקייטן זענען פאַרשמעלערט געוואָרן, ווייל שפּיצן ביימער, וועלכע שטייען געדיכט אין גרופּן אָדער לויפן לענג־אויס אַלייען, הייבן זיך צום הימל און רייסן איבער דעם בליק. אָבער ווי פאַרביק עס איז די לאַנדשאַפט, מיט אירע בונטע לעבנס־קאָלירן, אין פאַרגלייך מיט דער גרויער לאַנגווייליקער און וויסטער פּאַנאָראַמע פון יענע צייטן! 2-3 חושות געבויט פון ליים־ציגל און איין הילצערנער באַראַק דעמאָלט, און היינט — 8 דערפער (צוויי דגניות, כפר גון, אפיקים, אשדות יעקב, מסדה, שער הגולן און עין גב) געבויט מיט זייערע צוויי דריישטאָקיקע הייזער, זייערע פערד און קי־שטאַלן, הינערשטייגן און נעצן! דעמאָלט — אַ האַלבע טוץ עלנטע, און איינזאַמע בחורים אין אַ פרעמדער סביבה און היינט — צוויי טויזנט זיבן הונדערט פופציק נפשות, אין משפחות און גרופּן, געאייניקט און געשלאָסן מיט אַ פריילעכן און זיסן געפּילדער פון הונדערטער קינדערלעך וועלכער קלינגט ווי אַ ווונדערלעך געזאַנג פון לעבן. דעמאָלט — 2.800 דונאַם ערד, אַ צו קליינער שטח אויפצו־האַלטן דעם בליק, און ווו מען גיט זיך אַ קער שטויסט מען זיך אָן אויף פרעמדע גרענעצן און היינט — 28.000 דונאַם, פון וועלכע 20 טויזנט געפינען זיך אין איין בלאָק וועלכער גליטשט זיך אַרויס פון ראייה־תחום. דעמאָלט — אַן אָרעם פעלד, באַוואָקסן מיט ווייץ און גערשטן ווינטער, און דערנער זומער, און היינט — פעלדער מיט אַלערליי קולטיוון: ווייץ, גערשטן, היי, קוקורוזע, בוראַקעס און אַלערליי גרינסן, ציטרוסן, וויינשטאָקן, באַנאַנעס און נאָך פאַרשיי־דענע מינים פרוכטן. גרינען פעלדער ווינטער און זומער! דעמאָלט — קיין קו, קיין הון, קיין בין, און היינט — הונדערטער קי מיט אַ שפע מילך, טויזנטער עופות, איבער הונדערט בינשטאָקן און הונ־דערטער קעפּ שאָף. דעמאָלט — איז אַפילו דאָס נעבעכדיקע עסן געבראַכט געוואָרן פון דרויסן און היינט — האַלטן אוים די ישו־בים נישט נאָר זיך אַליין נאָר אויך די תושבים פון דער שטאָט מיט גרינס, פּירות און מילך — איבער אַנדערהאַלבן מיליאָן ליטער מילך

וערן געשיקט אין דער שטאָט; און וואָס שייך אייער — אַ מיליאָן מיט דרייפערטל שטעלן צו דער שטאָט די 8 דערפער פון ככר.

און די מעגלעכקייטן זענען כלל נישט אויסגעשעפט — זאָגט איינער פון די אַלט־איינגעזעסענע תושבים — ווען מען זאָל געווען אונדז זאָגן מיט 30 יאָר צוריק, אַז אַזוי וועט אויסזען אונדזער ווירט־שאַפט — וואָלטן מיר נישט געגלייבט. אָבער איצט האָבן מיר זיך איבערצייגט אין איר אומבאַגרענעצטער פּאָטענציאַל. מיר זענען דערגאַנגען דערצו, אַז מיר נעמען אַראָפּ פון געוויסע פעלדער צוויי אַ האַלב גערעטענישן אַ יאָר, און אַזוי קענען זיין אַלע אונדזערע פעלדער אין דעם פלאַכלאַנד און דאָן — וויפל פלאַץ איז דאָ פאַראַן פאַר נאָך אַרבעטער און נאָך ישובים!

יאָ — ענטפער איך אים במחשבה — פונדאַנען, פון אָט דעם דענקמאָל זעט מען באַשיינפערלעך די גרויסע מעשים וואָס איר האָט אויפגעטאָן פון תרע״א ביז תש״א, און דורכדעם שטאַרקט זיך דער גלויבן אין דער צוקונפט. די ליימענע הייזקע אין וועלכער איר האָט געוווינט מיט 30 יאָר צוריק, האָט איר פאַרוואַנדלט אין אַ דענקמאָל, צו ווייזן אייך דעם לעבנסוועג, אייך און אייערע חברים, פאַר די וואָס וועלן אייך נאָכפאָלגן און פאַר גאַנץ ישראל, אַ גע־דענק־מאָנומענט. גלעד!

# טבריה אין אַ שבת־טאָג

צו ישראל טייבער.

די ותיקין פון דער שטאָט, וועלכע פלעגן זיך פעדערן צו זאָגן „קריאת שמע״ של שחרית און אַרויסקוקן דורכן לופטשיק אין גאָטס וועלטל אַריין, כדי צו וויסן אויב מען קען שוין אונטערשיידן בין תכלת לכרתי, האָבן עפּעס געזען מיט פאַרווּנדערונג: די שוואַר־צע, מיט וואַסער אָנגעלאָדענע וואָלקנס, וועלכע זענען געהאַנגען איבער דער שטאָט שוין אַ פּאָר טעג, איינשלייסלעך נעכטן ביינאַכט בעתן לייגן זיך שלאָפן, און האָבן אויף איר אויסגעגאָסן קאַלטע און רוישיקע שטראָמען און זי אַרומגעוויקלט מיט גרויע, נידעריקע און טריבע נעפּלען — זענען שוין פאַרשוווּנדן, ממש געוואָרן אויס, און אַ גאַר הויכער הימל האָט זיך אויסגעבויגן אין פולער לויטערקייט איבער די קעפּ. דורכן נאַכט איז געשען דער ווונדער. אָבער אויב איר ווילט זיך ווונדערן, טאָ ווייסט־זשע אַז „אדון עולם אשר מלך בטרם כל יציר נברא לעת נעשה בחפצו כל״ — אַזוי מורמלען די ליפּן. אַלץ ווערט געמאַכט לויטן ווילן פון דעם, וועלכער איז „אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סוף״, אַזוי טראַכט דאָס האַרץ, בעת די אויגן קוקן אַרויף צום הויכן הימל־קופּאָל, ווו עס פינקלען שטערן איידער זיי לעשן זיך אויס, און קיין מזרח ווענדט זיך דער בליק, צו די האָ־ריזאָנטן פון די גולן־בערג הינטער וועלכע עס געשעט אַ גוואַלדיקע זאַך: דער מאָרגנשטערן גייט אויף!

צו אָט דעם מאָרגנשטערן, באַקרוינט מיט אַ פּורפּור־בלויער קלייד, וואָס זיינע אָנגעצונדענע זוימען שניידן זיך אויס אַלץ קלאָ־רער אין האָריזאָנט צווישן הימל און באַרג, זענען אויך געווענדעט די אויגן פון דאַטשניק, אַ יונגער וויינגערטנער פון יהודה־באַרג. אַ וואָך צוריק איז ער געקומען צו די טבריה־בעדער כדי אויסצוגלייכן

זיינע צעווייטיקטע ביינער און דערוואַרעמען זיין פאַרפרוירן לייב פון די קעלטן וואָס הערשן צווישן די ווענט פון זיין באַראַק און דעם שפּיץ פון זיין באַרג.

און אָט געפינט ער דאָ אויך רעגנס און ווינטן און קעלט. די זעלביקע קעלט, וואָס דרינגט אַריין אין זיין קערפּער און מאַכט אים ציטערן. אַלע טעג גייט ער אַרום און פרעגט: דאָס איז די וואַרעמע צערטלעכע טבריה? ער פרעגט און באַקומט נישט קיין תשובה, קאָרטשעט זיך ווייטער אין זיין פענסיאָן-צימער און ציטערט, נישט וויסנדיק צי פון דער פייכטער לופט אָדער פון די ענגע תחומים, וואָס פאַרשפּאַרן אים פון אַלע זייטן, איבערפולטע מיט עצבות און דערשלאָגנקייט. טוט זיין נשמה תפילה אַז די זון זאָל דערשיינען אין אָט איצט פּראָקלאַמירט די גאַנצע וועלט, פון איין האָריזאָנט ביזן צווייטן, אַז זיין תפילה איז אָנגענומען געוואָרן און ער איז געשפּאַנט מקבל פּנים צו זיין די טאָג-קעניגין אין איר פולער פּראַכט. די זון האָט אַ בלאַנק געטאָן. אַ גלאַנץ, ווי אַ מלאך מבשר, כהרף עין, און נאָכדעם איז זי אויפגעגאַנגען מיטאַמאָל און זיך איינגעשטעלט אין הימל, שמייכלענדיק און צעשיטנדיק סנאָפּעס שטראַלן. תיכף האָט דער הויכער הימל זיך איינגעטונקען אין אַ טיפן בלוי, וואָס ווייעט מיט רו און נחת, און צווישן אים און דער ערד האָבן אַרומגעטאַנצט שטראַלן און איינגעלאַדן מיט שטיפערישע ווונקען די שטוב-זיצער אַז זיי זאָלן אַרויסגיין און הנאה האָבן פון זיי. די טאָליקע טבריה באָדט זיך אין שיין. קרוינען באַצירן די ברייט-צווייגיקע ביימער אין גאָרטן, באַשיינען דעם איינציקן טייטלבוים וואָס הייבט זיך אַרויס פון צווישן די אַלטע מויערן און אויך די שוואַרצע ווענט האָבן געבלאַנקט, פּונקט ווי די באַזאַלט-שווערקייט איז פון זיי אָפּגעטאָן געוואָרן. די ליכטיקע פעדים זענען אָנגעצויגן פון אויבן און שפּינען אוים אַרום איר אַ טיפע שלווה, ווי די וואָס קומט בעת דאָס גוטס און שיינקייט ווערן אונדז געשאָנקען מיט פולע הויפנס. און אין דער אמתן איז זי באַהאָנגען מיט צירונג. די בערג אין מערב, וואָס האָבן דורשטיק געטרונקען דעם רעגן, האָבן אויך איינגע-

זאַפט מיט אַפּעטיט די נעפּלען, און האָבן באַצויגן זייער נאַקעט־בײנערדיקן גוף זומער־צייט, מיט אַ חנוודיקן גרינעם קלייד, וואָס שימערירט פון די זון־שטראַלן. זעט אויס, ווי זיי וואָלטן נאָר־וואָס באַשאַפן געוואָרן און אַ תמימותדיקער שמייכל פון אַן אָקאָרשט־געבוירענעם קינד שפּילט אין זייערע פאַלדן. בעת דיין בליק ווערט צוגעשמידט צו זיי ווערסטו אויך מיטגעריסן פון קינדהייט־שטימונג און בילדער פון אַמאָל דערוועקן זיך אין דיין זכרון. די אורשפּרינג־לעכע וועלט זעט אייך אויס אין אַזאַ געשטאַלט: גרין, מילד, פול מיט ליבע און שיין, אַזוי האָט דער באַשאַף אויסגעזען איידער רשעים האָבן אים פאַרדאַרבן; און דער באַגין פון פאָלק שפּיגלט זיך אָפּ אין דער געשטאַלט פון אומשולד און צאַרטקייט מיט וועל־כע די גרינע בערג אָטעמען. אויף דער קאַנווע מאָלן זיך אויס אמונה און תמר מיט זייער תמימותדיקער ליבע און טרייהייט; און אויך אייער יוגנט טויכט אויף און איר דערשפּירט אין איר דעם טעם און בנעימותדיקייט פון דעם גרינעם באַרג.

און פּונקט ווי די גליל־בערג אין מערב, אַזוי אויך די גולן־בערג אין מזרח. אויך אויף זיי גיסט זיך אַ שפע זון און זייער באַגילדע־טער גרינס שפּיגלט זיך אין כנרת וואָס ליגט אין איר וויג רואיק און פאַרדרימלט. טראָגן איר דרימל ווייסט זי נאָך צו שטיפן און כישוף־מאַכן מיט די מעכטיקע בערג, און זי קערט זיי איבער מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, אַנטפּלעקנדיק זייער נאַקעטקייט וואָס באַהאַלט זיך אויס צווישן קנייטשן און שפּאַלטן.

גייט אויף די זון אַלץ העכער און די שפע וואַרעמקייט פילט אָן די וועלט, אָן קיין שום פלעק אין הימל און אָן אַ שאָטן אויף דער ערד. נאָר ליכט־פלעמעלעך באַגלייטן דיין בליק, בעת דו שטייסט אויף דער העכסטער שטוב פון דער שטאָט. אָט לויפן זיי און שלינ־גען מרחקים, ווייל אַלץ איז אַזוי קלאָר, אַזוי דורכזיכטיק, אַזוי נאָ־ענט. צוגעשמידט און באַצויבערט קוקסטו אויף דער זאַנפטער און רואיקער כנרת, פאַרשלייערט מיט אַ גרין־בלוילעכן טיכל מיט לייכ־טע פאַלדן, פון ברעג צו ברעג. קענסט נישט באַפרייען דעם בליק

פון איר און גייסט אַרויס שפּאַצירן אויפן אָפענעם ברעג, פון דער שטאָט טבריה אין דער ריכטונג פון מ ג ד ל און שטויסט זיך אָן אויף דעם „פעלדז פון די מוראַשקעס" וועלכער שטאַרצט אַרויס פון וואַסער נישט ווייט פון ברעג און קוקט אויפן שפּיצבאַרג פון וועלכן ער איז, משמעות, אַראָפּגעשליידערט געוואָרן דורך אַ בראַ־שית־שטורעם און זיך פאַרוואַלגערט אַהער. און פאַרוואָס הייסט ער „פעלדז פון מוראַשקעס"? צוליב אַ מעשה שהיה מיט אַ געווינסן הייליקן שייך, וועלכער איז צוריקגעקומען פון מעקאַ און געזען ווי מוראַשקעס ווימלען מיט בהלה אויפן פעלדז און קענען נישט צו־קומען צו דער יבשה. האָט ער אויף זיי רחמנות געהאַט, געבראַכט אַ שטריק און אים אָנגעצויגן פון ברעג ביזן פעלדז, כדי די מוראַש־קעס זאָלן האָבן אַ בריק. דער הייליקער האָט זיך נאָך נישט דער־ווייטערט פון פלאַץ און זיין האַנט איז געליימט געוואָרן. האָט זיך דער שייך שטאַרק מצער געווען און האָט נישט פאַרשטאַנען פאַר־וואָס זאָל מען אים אָפּצאָלן שלעכטס פאַר דער גוטער טאַט, האָט ער זיך אומגעקערט קיין מעקאַ און געפרעגט אין אורים־ותומים פון די הייליקע וועלכע זיצן ביים געצעלט פון נביא. דאָרט האָט מען אים מגלה געווען, אַז גאָט האָט אים באַשטראָפט פאַרן אַריינמישן זיך אין זיינע מעשים. דער רבונו של עולם באַשפּייזט אַלע ברואים און ער וועט שוין זאָרגן פאַר די מוראַשקעס אויפן פעלדז אויך און ער, דער בשר ודם, הגם ער איז אַ הייליקער, האָט אים נישט באַ־דאַרפט העלפן. דעמאָלט איז דער שייך צוריקגעגאַנגען און אַראָפּ־גענומען די שטריק־בריק און ביזן היינטיקן טאָג ווימלען מוראַש־קעס אויפן פעלדז און דאַרף לעבן זיי און עקזיסטירן.

און פון „מוראַשקעס־פעלדז" צו דער ייִדישער מ ג ד ל. די ביימער און די וועלדלעך הייבן זייערע קרוינען און באַשיצן די גרינס און תבואה־פעלדער צווישן זיי. דאָרט אויפן ברעג ווייסלט זיך אַ קליינע ווילע צווישן ביימער. אַ שיין בילד, אָבער דו ווייסט אַז עס איז אָפּנאַרעריש. דער ישוב איז נישט פעסט; די גנוסר־ערד, וואָס איז אַזוי באַרימט געווען אין די צייטן פון ביתשני, ווערט

דורך די זין נישט אויפגעריכט. מגדל האָט אַנטוישט, אָבער דאַקעגן בויט זיך אַ נייער יידישער ישוב וועלכער טראָגט דעם נאָמען „גי־נוסר” און ער זאָל אומקערן די קרוין אויף איר פּלאַץ. די מענטשן באַשעפטיקן זיך סיי מיט פישפאַנג און סיי מיט ערדאַרבעט. זע! איבער די מגדל־וועלדלעך זעען זיך קליינע הייזער ווו עס וווינט דער טרייער ערדאַרבעטער, און פון דאָרט ווינקט צו דיר די וויזיע פון צוקונפט.

וויי־טער פיר איבער דיין בליק און זאָל ער איבערהיפּן דעם פלוס־געלעגער פון ו א ד י ־ ע מ ו ר. פון דאַנען אָן איז שוין דער ברעג נישט אונדזערער. די דייטשישע און איטאַליענישע טבריה — אַזעלכע זענען אויך פאַראַן ביי אונדז — זיצן ביים ברעג ווי עס האָט מאָל עקזיסטירט אונדזער „כפר נחום”*. נאָך זיי — ע ר ב ־ ס מ כ י ה (איז דאָרט נישט פאַרבליבן אַ שריד פון אונ־דזערע פילע פישער־דערפער וועלכע האָבן באַוווינט דעם ברעג?) און נאָך זיי ע ר ב ־ ש מ ו ל נ ה. דאָ דערגרייכן מיר צום ירדן־בעקן, וואָס קומט פון צפון און פאַלט אַריין אין כנרת. פון דער אַנ־דער זייט איז דער ברעג אונדז פולשטענדיק פרעמד. ער געהערט צו אַן אַנדער לאַנד, צו סיריע, און ער ציט זיך דרומדיק לענגאויס עלף מיט אַ האַלבן קילאָמעטער. ווידער גייסטו אַריין אין תחום פון ארץ־ישראל, קרייצסט דורך 3 קילאָמעטער פון כפר נחום און קומסט אָן אין יידישן דאָרף ע י ן ־ ג ב. אַ מרחק פון 9 ק”מ טיילט דיך אָפּ פון דעם ישוב, אָבער ער איז אַזוי קלאָר, אַז עס דוכט זיך דיר, אַז דו זעסט נישט בלויז די ווייסע הייזער וועלכע שווימען אַרויס פו־נעם שטילן וואַסער, נאָר אויך די מענטשן וועלכע גייען אין פעלד הינטערן אַקעראייזן, קלעטערן אויף בערג און יעטן אויס דעם ווילדן גראָז אַרום די ביימער וועלכע זיי האָבן פאַרפלאַנצט און גייען אַריין אין דעם שיפל וואָס איז פאַראַנקערט ביים פישער־פאָרט. דאָרט איז דערשינען דער נייער יידישער פישער, דער פישער פון ...

* דאָס איז לכתחילה געשריבן געוואָרן פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה. היינט זענען אַלע דערמאָנטע פלעצער אין יידישן באַזיץ.

כנרת, אַן אוראייניקל פון יענע פישערס וועלכע האָבן דעם ים אָנ־געפילט מאַסנווייז און איצט איז ער אויך אַ חבר פון ערדאַרבע־טער, און ס'איז געשלאָסן געוואָרן אַ בונד צווישן וואַסער און יבשה. זיי פאַרמאָגן אַ ברעג פון 7 ק"מ; פון זיי ביז דער שטאָט צמח איז פאַראַן אַ מרחק פון 8 ק"מ וואָס געהערן נישט צו אונדז און עס הייבט אַן דער ברעג פון דגניה און כנרת. דו זעסט זיי נישט, אָבער פילסט זייער אָנוועזנהייט, ווייל זיי זענען די ערשטע צו באַנייען אונדזער בונד מיטן כנרת. ביים פאַרלאָזן די קאָלאָניע כנרת זעסטו פאַר דיין גאַנג לענגאויס אַ יידישן ברעג ביז די טערמאַלע בעדער פון טבריה. איין קילאָמעטער צום צווייטן און חשבונסט אויס אַז נאָר 20 ק"מ פון 55,5 פון כנרת־ברעג געפינען זיך אין אונדזער־באַזיץ *.

און ווידער רוט דיין בליק אויפן כנרת און איר שלווה פאַנגט דאָס האַרץ. ס'איז אין איר קיין ענדערונג נישט פאָרגעקומען זינט אינדערפרי. איצט שלאָפט זי און טוליעט זיך אין שלאָף צו דער זון, בעת צווישן די פאַלדן פון בלויען שלייער, צינדן זיך אָן ליכט־פלעמעלעך. אויך איז באַשיינט דער ווייסער זעגל פון דעם איינעם שיפל וואָס געפינט זיך אין ים. דוכט זיך, אַז אויך דאָס שיפל שלאָפט און חלומט אין רו און פרידן. אויף דיר נידערט אַראָפּ די שלווה, און דוכט זיך ווי דו וואָלסט זיך אויסגעלאָדן פון אַלע יסורים און ספקות וועלכע צעגריזשען דיין האַרץ אַרומגייענדיק צווישן די מענטשן־קינדער און דו ווערסט פאַרוואַנדלט אין איינעם פון גאָטס ברואים! אַ קליינע, אייליקע כוואַליע אין כנרת, אַ פלעק פון גרינעם און באַגילדעטן גראָז אין אַ פעלדז־באַהעלטעניש, אַן אָפּגלאַנץ אין דעם פענצטער פון אַ הויז אין טבריה אָדער איינער פון די טויזנטער שטראַלן וועלכע באַגיסן די שטאָט, די בערג, דאָס וואַסער און אַלע בעלי־חיים און געוויקסן. די אַלגעמיינע רו נעמט דיך אַרום. זי שטעקט אין דיר, אָבער דאָס איז נישט קיין פאַרגליווערטע רו. נאָר אַ מין רו פון יצירה, פון צונויפגוס מיטן באַשאַף, אַ רו אין וועלכער

* זע די פריערדיקע באַמערקונג.

דו פילסט דעם לעבנס-פולס אינעם גרינעם גראָז פון די בערג, אין ווייטן און הויכן הימל, און אין שפּעדיקן זונענשיין, וואָס איז פאַר־שפּרייט איבער אַלץ מיט אַזויפיל ברייטהאַרציקייט און צערטלדי־קער וואַרעמקייט.

דער ווייגגערטנער פון יהודה-בערג שפּרייזט אויף די שטעגן פון די בערג און אָטעמט איין אין זיך די זון און אירע שטראַלן; דער שטאָט-תושב האָט פאַרגעסן איר היציקן ברען פון זומער און איז זיך מיט איר איצט מחייה אין די גאַסן פון דער שטאָט און אין די הויפן פון הייזער. שול-קינדער שמייכלען איר אַנטקעגן און זאַמ־לען צונויף אירע שטראַלן אין די האָר-לאָקן, אין די אויפגעריסענע אייגעלעך און אויף די לאַכנדיקע ליפּעלעך.

דערווייל האָט די זון געענדערט איר פּלאַץ. זי איז אַרויס פון מזרח און איז אַריבער אין מערב. איצט שיקט זי אירע שטראַלן העט ווייט צום גרייז-גרויען קאָפּ פון חרמון. זיי קעסטלען זיך אַריין אין אים ווי רויטע איידלשטיינער, גאָלד אין אַ ווייס-צאַרטער קרוין; די דאַטשניקעס און די וואָס דערהאַלטן זיך אין די טערמאַלע בעדער פון טבריה, וועלכע האָבן זיך אַ גאַנצן טאָג געטוליעט צו דער זון, איינגעאָטעמט איר היץ, איינגעזאַפּט איר ליכטיקייט און זיך גע־שפּילט מיט אירע שטראַלן, ווענדן איצט זייער בליק צום גלאַנציקן שניי און טראַכטן וועגן די צוויי קאָנטראַסטן, וואָס פאַרבינדן זיך אין זייער געפיל: דער ווינטער-שניי אין בילד און די פרילינג-זון אין דערווירקלעכקייט. זיי זענען זיכער, אַז אויך די צירונג, דער חרמון און זיין שניי, איז באַשאַפן געוואָרן, כדי צו באַשיינען טבריה און בולט מאַכן איר בלענדנדיקע ליכטיקייט אין חודש שבט.

# אַפּקלאַנגען אין די בערג

עס זענען נאָך פֿאַראַן דערפֿער אין די בערג פֿון יהודה און גליל, וווּ די ציוויליזאַציע פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט נאָך נישט געשאַלט אין זייער אַרום; די טייוולאָנישע מאַשין, וואָס באַוועגט זיך אָן אַ סימן פֿון לעבן און שלינגט איין מרחקים כהרף עין — איז נאָך צו זיי נישט דערגאַנגען; ווייל דער וועג וואָס פֿירט צו זייערע ווינונגען איז די סטעזשקע, וואָס מענטשלעכע פֿיס האָבן באַטראָטן נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק, און די קאָפּיטע פֿון דער בהמה האָט אים אויסגעטראָטן; אַ שמאָלער וועג וואָס שלענגלט זיך צווישן אימהדיקע פֿעלדזן, קלעטערט אויף שפּיצן און גליטשט זיך אַראָפּ אין תהומות, קרייצט טייכלעך און באַהאַלט זיך צווישן בערג-שיפּועים. ווילט איר דערגיין צו יענע דערפֿער — טאָ לאָזט איבער דעם אויטאָ, וואָס איז בכוח צו פֿאָרן בלויז אויף אַן אויסגעפּלאַטטערטן שאָסיי, הייבט אויף אייערע פֿיס און שפּאַנט אויף דער סטעזשקע; איר קענט אויך רייטן אויף אַ בהמה, אויב איר האָט אַזאַ.

איינער פֿון אַזעלכע דערפֿער איז פּ א ס ו ט א אין די בערג פֿון גליל-העליון, וווהין מיר האָבן זיך דערנענטערט. קינדער שפּילן זיך אין די גאַסן אָן שום מורא פֿאַר דער טייוולאָנישער מאַשין, טאָמער שפּרינגט זי אַרויס פֿון ערגעצוווּ און טרעפֿט זיי. די סטעזשקע באַשיצט זיי. דאָס איז דער שוץ וואָס ציט זיך לענג-אויס צענדליקער קילאָמעטער, ווו עס ענדיקט זיך דער שאָסיי. דער דאָזיקער פּלאַץ איז דאָס דאָרף תארשיחא.

אַ געוויסן פֿרימאָרגן, אין דער צייט פֿון ערשטן שניט, איז אונדזער אויטאָ אָנגעקומען צום עק וועג און זיך אָפּגעשטעלט אין אַן עפֿנטלעכן אָרט — אויפֿן פּלאַץ אין דאָרף-צענטער, וואָס קוקט אויף אַ סך טאָלן, און ווו עס זאַמלען זיך צונויף זקנים און ליידיקגייער, אַלע חשובֿע לייט און אדלמענער, די וואָס קומען פֿון דער

שטאָט, אָדער קערן זיך צוריק. זיצט אויפן פּלאַץ פאַרן מוכתרס * הויז אַ גרופּע זקנים מיט פאַרקאַשערטע אַבאַיעס ** אויף די אַקס־לען און זופן קאַווע מיט אַ הויכן סמאַקטשען. צו דער גרופּע איז צו־געגאַנגען אונדזער באַגלייטער, אַן עלטערער דרוז מיט אַ ווייסער באָרד, און מיר, די צוויי יידן, נאָך אים.

ווען דער דרוז איז צוגעקומען צום פּלאַץ איז די גאַנצע געזעל־שאַפט אויפגעשטאַנען און אים באַגריסט, ווי מען איז זיך נוהג מיט אַ באַקאַנטן בכבודיקן מענטש. און ווירקלעך איז ער געווען אַלע־מען באַקאַנט און אויך זיינע געשעפטן זענען געווען באַרימט, ווייל ער איז אַ פרמיטלער פון באַדן־פאַרקויף צו יידן. האָבן זיי זיך אַלע געשטעלט אויף די פיס, ביז מ'האָט געענדיקט באַגריסן אויך אונדז, די געסט, און ווען מיר האָבן זיך צוגעזעצט אויף די נידעריקע בענק־לעך, וואָס מען האָט לכבוד אונדז געבראַכט — האָבן זיי זיך אויך געזעצט. תיכף האָט מען אונדז צוגעטראָגן אַ טעפּעלע קאַווע.

איז דער שמועס געגאַנגען, ווי געוויינלעך, וועגן וועטער, וועגן חמסין וואָס איז געווען אין לאַנד יענעם פרילינג און אָנגעהאַלטן גאַנצע זיבן טעג; דער גערשטן איז טאַקע נישט באַשעדיקט גע־וואָרן, ווייל ער איז שוין געווען צייטיק, אָבער דער ווייץ וואָס איז נאָך רוי — איז יאָ פאַרטריקנט געוואָרן; אויך די איילבירט־בליעכץ איז געטראָפן געוואָרן און האָט קיין פרוכט נישט אַרויסגעגעבן; אָבער, ברוך־השם, דער חמסין איז שוין פאַרביי, און ווידער קומען מערב־ווינטלעך, וואָס ברענגען קילקייט אין די טעג און טוי אין די נעכט. דרייט זיך דער שמועס וועגן די שטייערן און אַלע צעשמייכ־לען זיך מיט אַ געפּיל פון דערלייכטערונג. אוים „עושר" און ווער־קא! איין איינהייטלעכן שטייער וועט דער לאַנדווירט באַצאָלן און נישט לויט דער פאַקטישער גערעטעניש, נאָר לויט דעם פרוכטי־באַרקייט־כוח פון דער ערד, און אָט דער כוח ווערט געשאַצט כמעט

---

* מוכתר אין אַראַביש מיינט — דער פאָרשטייער פון דאָרף לגבי דער רעגירונג.

** אַבייעס אין אַראַביש — אַ מין ברייטער כאַלאַט אָן אַרבל, וואָס מען טראָגט אויף די אַקסלען.

אין גאַרנישט. איצט וועט מען שוין נישט קומען מעסטן די פּרוכט אין מעסטלעך, כדי אַראָפּצונעמען דעם מעשר־שטייער צוויי מאָל און מער פון וויפל ס׳קומט, און ביזן אויסטיילן דעם שטייער טאָר מען דערוויילע נישט גענים פון פּרוכט; איצט איז מען פריי צו טאָן וואָס מען וויל, און דעם שטייער צאָלט מען ווען עמיצער געפינט פּאַר באַקוועם. אויב מען איז פלייסיק, טאָ גייט און אַנטוויקלט ערד וואָס איז היינט פריי פון יעטוועדן אָפּצאָל. פּלאַנצט און זייט וויפל אייער האַרץ גלוסט, ווייל די גאַנצע פּרוכט איז אייערע!

האָבן די אַלטע דערציילט געשיכטעס וועגן די רויבערישע מעשים פון די טערקישע רעגירונגס־באַאַמטע, די ממונים איבערן איינמאָנען דעם מעשר און ווערקאַ־שטייער, ווי זיי פלעגן באַראַבעווען דעם אָרעמאַן, אַוועקנעמען ביי אים די גוטע תבואה און איבערלאָזן שטרוי. איצט, אָבער, הערשט אַ קלוגע און גוטע רעגירונג — זאָל איר גאָט נאָר אויפהיטן פון אַלדאָס בייז.

און אַזוי פליסט אַ לייכטער געמיטלעכער שמועס, באַגלייט מיטן קלאַנג פון קאַפע־זופן און מיטן רויכערן פּאַפּיראָסן אָדער נאַרגילעס, פּונקט ווי אונדזער קומען אַהער וואָלט גאָר קיין אַנדער צוועק נישט געהאַט ווי זיצן דאָ אויף די נידעריקע בענקלעך, טרינקען קאַפע און הערן די לייכטע שמועסן בעת ווינטעלעך גלעטן דאָס פּנים און אַ טיף־בלויער הימל קוקט פון אויבן, פון די בוים־צווייגן. און וואָס וועט זיין מיט פּאַסוטאַ?

לאָז איך אַרום אַ פּילדייטיקן הוסט — און דער דרוז וואַרפט מיר צו אַ שמייכלדיקן כיטרען בליק, ווי איינער זאָגט: כ׳פאַרשטיי דעם ענין. און ער ווענדט זיך תיכף צום אַלטן מיט אַ פראַגע, צי קען מען קריגן אין דאָרף פערד צו רייטן, פון די בעסטע פערד. גיט דער זקן אַ קוק אין אַלע זייטן און ענטפערט מיט אַ פראַגע:

— איז ווייט דער וועג אויף וועלכן איר ווילט גיין?

— ניין, גאַרנישט ווייט, דאָ ביז פּאַסוטאַ און צוריק, אַ שעה־צוויי.

— טאַקע בלויז ביז פּאַסוטאַ, אָדער ווייטער?

— אפשר יאָ און אפשר נישט, דאָס איז אָפּהענגיק פון מוכתר פון פאסוטא: צי וועלן מיר אים געפונען אין שטוב אָדער נישט.

— ער איז אין דער היים — ענטפערט אַ יוגנטלעכער, וועל־כער איז נאָרוואָס צוגעשטאַנען צום עולם, זוכנדיק אַ פרייע שטול.

— ווער פאַרט? — פרעגט איצט דער ערשטער זקן.

— איך און די הערן — ענטפערט דער דרוז און זעצט פאַר — שיקט עמיצן צו ברענגען די פערד.

דעמאָלט האָט דער אַלטער באַפוילן דעם יונגן, איידער ער זעצט זיך אויף דער שטול, וואָס ער האָט אַרויסגעטראָגן, אַז ער זאָל גיין אין דאָרף און ברענגען די פערד.

— מיט פראַנצויזישע זאָטלען — גיט צו דער דרוז — לכל הפחות צוויי.

ווען דער יונגער איז אַוועק, פליסט ווייטער דער שמועס און דאָסמאָל וועגן אונדז. ווו מיר וווינען און וואָס מיר טוען. הייבט אויף דער דרוז זיין שטים און דערציילט אַז מיר זענען פון ירושלים, איינער אַ לאַנדווירטשאַפט־אינזשעניער און דער צווייטער אַ טאַ־באַק־הענדלער. מען האָט זיי געזאָגט, אַז אין דאָרף פאסוטא וואַקסט דער בעסטער טאַבאַק, ווילן זיי אים זען.

ווערט שטיל אַ ווײַלע. צווישן די צווייגן פון בוים שאָרכן פרי־מאָרגן־ווינטלעך. דערנאָך זאָגט דער אַלטער:

— טאַבאַק זוכט איר גאָר? מיר קוליטווירן דאָך אויך טאַבאַק און טומבאַק! אפשר באַקוקט איר אונדזער טאַבאַק אויך?

האָט דער סוחר — מיין מיטפאָרער — זיך צערעדט וועגן טאַ־באַק, און נישט אויפגעהערט ביז דער שליח איז צוריקגעקומען אין הינטער אים — דריי רייטער אויף דריי פערד. האָבן מיר זיך דער־פרייט — סוף־סוף וועלן מיר זיך אָפּטראָגן פון דאַנען און פאַרזעצן אונדזער וועג, אָבער דאָ האָט אָנגעהויבן דער משא־ומתן מיט די פערד־אייגנטימער וועגן פרייז. מיר האָבן זיי געבעטן צו באַשטי־מען אַ פרייז, און זיי, ווי די בני־חת אין זייער שמועס מיט אברהם אבינו, האָבן אונדז געענטפערט:

הערט אונדז אויס, הערן, איר זענט געסט. נעמט אייך די בעס־טע פערד און גייט וווהין איר דאַרפט און קומט צוריק ווען איר ווילט און פאַרמיידט פון אונדז נישט דעם כבוד פון באַנוצן אונדזע־רע פערד. דאָס איז שוין אונדזער באַלוינונג.

האָבן מיר זיך געבוקט פאַרן פאָלק פון תארשיחא און אַזוי צו זיי געזאָגט:

— אויב איר ווילט אונדז פאַרדינגען פערד, דאַרפט איר באַ־שטימען דעם פּרייז, ווייל מיר וועלן זיי נישט נעמען אָן געלט און עס וועט פאַר אונדז זיין אַ גרויסער כבוד, ווייל איר האָט שוין זייער פיל געטאָן מיטן ברענגען אונדז פערד צום רייטן.

אָבער ווען מיר האָבן איבערגעחזרט עטלעכע מאָל די בקשה און זיי ווילן אַלץ נישט הערן, האָבן מיר זיי געזאָגט: דער מוכתר פון דאָרף וועט באַשטימען דעם פּרייז. דעמאָלט האָט דער מוכתר גערעדט אין די אויערן פון זיין געמיינדע, אַלט און יונג, אַזוי צו זאָגן: 10 שילינג געלט פאַר יעדן פערד ביז פאַסוטא, וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס צווישן אונדז און אייך? און די פערד נעמט אין רייטן!

האָבן מיר אָפּגעענטפערט מיט אַ טיפן פאַרנייגן זיך פאַרן עולם זקנים און אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען מיר שוין געווען הינטערן דאָרף. דער דרוז האָט געריטן פאָרויס און הינטער אים איך מיט מיין מיטבאַגלייטער אַ ייד פון אַ יאָר 60, מיט ווייסע האָר אויפן קאָפּ און דעם אַרומגעשאָרן בערדל. ער איז פון די ערשטע עולים נאָך די בילו״יים, געווען אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער און דערנאָך אַ לאַנדווירט אין די מושבות פון יהודה און גליל. שפּעטער האָט ער איבערגעלאָזן דעם אַקער אין דאָרף און ווידער געוואָרן אַ סוחר אין שטאָט, און אַז ס'איז אים נישט געגאַנגען, האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו באַדן־געשעפטן. ער איז נישט קיין געוויינלעכער פאַרמיטלער, וואָס זוכט בלויז געלט. ניין! די עלייה אין דער בי־ל״ויים־תקופה און די ערדאַרבעט אין משך פון ערשטע יאָרן האָבן

געווירקט, ער זאָל נישט פאַרגעסן דעם עיקר, דעם יסוד, דעם באָדן, אָן וועלכן מיר וועלן קיין תקומה נישט האָבן. נאָר דעם ציל זעט ער פאַר זיינע אויגן בעת ער גייט זוכן באָדן צום פאַרקויף און בעת ער קומט אים אָנבאָטן די יידישע קליענטן. קודם־כל איז נייטיק אַז דער באָדן זאָל זיין אַ דבר של ממש, אַ זאַך אַ זיכערע; פאַרהאַנד־לונגען אַליין, אָן אַן אויגנשיינלעכן קאָנטראַקט איז נישט גענוג. ער איז נישט אַזאַ מעקלער און ער איז אין כעס אויף די אַנדערע, ווייל צוליב זיי פאַרלירן מיר באָדן, און זיי זענען נאָר גורם, אַז יידיש געלט זאָל צעטרענצלט ווערן.

די שטילקייט נעמט אַרום די בערג און זי ליגט אויסגעצויגן אין די טאָלן, דאָך הער איך אָפּקלאַנגען, פּליסטערס, גערוישן; זאָל זיין אַז די קאָפּיטעס פון מיין פערד ביים אָנקלאַפּן זיך אין די וועג־שטיינער ברענגען אַרויס די אָפּקלאַנגען? אָדער איז דאָס דער שטיין, וועלכער איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון אָרט, און ער שפּרינגט איצט פון פעלדז צו פעלדז, קייקלט זיך אַראָפּ אונטן אין טאָל — ער זאָל שאַפן די כוואַליעדיקע קלאַנגען וועלכע דערמאָנען אַ בראַ־שית־פּליסטער? אָדער אפשר דער קופּערנער גלאָק אויפן האַלדז פון באָק, וואָס שפּאַנט אין שפּיץ פון זיין טשערעדע, דאָרט, העט־ווייט פון דאַנען, צווישן די בערג־אָפּהאַנגען, און געפינענדיק אַביסל גראָז באַהאַלטן אונטער אַ פעלדז, דרייט ער אויס דעם קאָפּ און מעקעט צו זיין סטאַדע? אָדער זענען עס גאָר יענע גרויע, פלינקע און גראַציעזע הינדינס, וואָס באַוועגן זייערע גרויסע שטעכיקע הערנער בעת די בולטע אויגן זענען ברייט אויפגעריסן און קוקן אויף די בערג און זייערע נאָזלעכער אָטעמען לופט און מיטאַמאָל — גיבן זיי זיך אַ ריס פון אָרט אוועק, ווי געפלויגן, שפּרינגען זיי פון שטיין צו שטיין און דאָס הילכן אָפּ זייערע טריט אין דער שטיל־קייט?...

שטיל הייבן זיך די בערג צו דער זון. זיי ציען זיך צו איר און זי באַגיסט זיי מיט אירע שטראַלן כדי זיי צו באַצווינגען, אָבער זיי בלייבן אומבאַזיגלעך, איך שטיי שוין אויפן שפּיץ באַרג, די האַרי־

זאַנגען האָבן זיך דערוויטערט און דער הימל — הויך, בלוי און לויטער.

די זון איז שוין געשטאַנען אינמיטן הימל ווען מיר זענען אָנ־געקומען אין דאָרף פאַסוטא. דאָס דאָרף איז צוגעשמידט צום שפּיץ־באַרג ווי אַן אָדלער־נעסט, און די סטעזשקע שלענגלט זיך צו אים צווישן אַרומגעצאַמטע גערטנער. צעשפּרייט שטייען די צווייגן פון פייגנבוים און דער ווייַנשטאָק פאַרצווייגט זיך ברייט און לאַנג; דער איילבירט זילבערט. דאָ הערט אויף די הערשאַפט פון דער שטילקייט. מעקען פון שאָף און האָוקען פון הינט, געשרייען פון פרויען און קוויטשערייען פון קינדער קומען אונדז אַנטקעגן ביים מיסט־פּלאַץ. אָבער מיר גאַלאָפּירן ווייטער ביז צום הויז פון מוכתר, וואָס איז העכער פון אַלע הייזער אין דאָרף. די שטוב האָט אַ גאַנעק, אָפן אין אַלע זייטן. אין עק מערב — אַ שפּיגל קעגן דער זון; אין צפון — קוקט אַרוים דער גרייז־גרויער קאָפּ פון חרמון; און אַרום — בערג און בערג, גרינע און געלע תבואה־פעלדער, וועלד־לעך פון שוואַרצע און שאָטנרייכע ביימער. דער מוכתר בעט ביי אונדז אַנטשולדיקונג וואָס ער האָט נישט באַוויזן צוצוגרייטן פאַר אונדז אַ סעודה, ווי עס פּאַסט פאַר אַזעלכע חשובע געסט ווי מיר, און ער לאַדט אונדז איין צו נעכטיקן. מיר דריקן אים אויס אונדזער דאַנקבאַרקייט, אָבער מיר איילן זיך צוריק קיין ירושלים, דעריבער בעטן מיר אים ער זאָל אונדז שנעל באַפרייען און אונדז צופירן צום פּלאַץ, כדי אָנצוקוקן די ערד וואָס ווערט אונדז אָנגעבאָטן צום פאַרקויף. אויף גיך זענען מיר טועם אַ שטיקל ברויט געטונקט אין זויערמילך און מיר גייען ווידער אַריין אין דער וועלט פון די בערג. דאָסמאָל באַגלייט פון מוכתר, וועלכער רייט אויף זיין איידעלער קליאַטשע.

דער מוכתר איז אַ מאַן פון אַ יאָר 40, הויכוווקסיק און פעסט געבויט, ווי די מערהייט דאָרפסלייט אין די גליל־בערג. אַ שיין צו־געפוצט בערדל באַקרוינט זיין געזיכט, און זיינע שוואַרצע אויגן קוקן מיט שטאָלץ. דאָס דאָרף איז גרויס און באַזיצט אַ סך ערד.

דאָס לעבן איז באַקוועם און די מענטשן זענען געזונט — עס לעבט אין זיי דער גייסט פון די בערג, גיט צו דער מוכתר מיט אַ מליצה. די באַרג־מענטשן זענען הויכע און זיי לאָכן זיך אויס פון אַלץ: קראַנקייטן און רויבער. ווער עס קען באַצווינגען דעם פעלדז־באָדן, דער קען אויך באַצווינגען די וועלט — באַרימט זיך דער מוכתר

קורץ נאָך דעם זענען מיר אָנגעקומען צום באָדן וואָס האַלט ביים פאַרקויפט ווערן, אַ שטח פון עטלעכע טויזנט דונאַם, בערג און טאָלן, אַקערלאַנד און אויך שטייניק־פעלדזיקער באָדן, וואָס מען וועט קענען באַאַרבעטן נאָכן צוגרייטן אים — אויסשטיינער־רונג און טעראַסן־בוי. איצט איז עס נאָך ווילד־שעניש און חוץ דעם אַ פאַרוואָרפן ווינקל, ווייט פון יידישע ישובים, אָן אַן אויסגעפלאַכ־טערטן וועג נאָר מיט אַ באַרג־סטעזשקע. מיר האָבן דאָך שוין פאַר־געסן ווי מען גייט אויף סטעזשקעס מחמת אַן אויטאָ שטייט צו אונדזער פאַרפיגונג.

דער מוכתר האָט ווי פאַרשטאַנען מיינע געדאַנקען און געזאָגט:

— קוק נישט אויף די שטיינער. מענטשן האָבן זיי דאָ צעוואָרפן זינט די רוימער האָבן אָנגעהויבן מלחמה צו האַלטן מיט די יידן, אָבער אַ מענטשלעכע האַנט וועט זיי ווידער באַזייטיקן און דאָס באַאַרבעטע פעלד וועט זיך אַנטפּלעקן מיט זיין טיפער און פעטער ערד. זעט די דערנער און די הויכע קוסטן, אונטער וועלכע עס וואַקסט דער פייגנבוים און עס בליט דער איילבירט. אויך אַ וועג וועט איר פלאַסטערן ביז אַהער און דעמאָלט וועט די ערד פאַרבונדן ווערן מיט דער נאָענטער שטאָט. דאָך זענען מיינע ספקות נישט אַוועק. און אויך ווען דער ייד, מיין באַגלייטער, און דער דרוז — דער וועגווייזער — האָבן געווענדט צו מיר זייערע בליקן ווי זיי וואָלטן געוואַרט אויף אַ תשובה, האָב איך קיין קלאָרע זאַך נישט געענטפערט, נאָר געשמאַכלט: מען דאַרף זיך גוט מיישב זיין.

אויף אַ שיידוועג פון די סטעזשקעס האָט זיך פון אונדז גע־זעגנט דער מוכתר און זאַלבעדריט האָבן מיר זיך אומגעקערט קיין ת ר ש י ח ה, אָבער אויף אַן אַנדער סטעזשקע, ברייט ווי אַן

אויסגעטראָטענער וועג. דער מעקלער און דער דרוז האָבן די גאַנ־צע צייט געלויבט די ערד וואָס מיר האָבן געזען און איר ביליקן פרייז. מיינע אויגן האָבן שפּאַצירט איבער די בערג און מיין אויער איז געווען אָנגעצויגן צו הערן די אָפּקלאַנגען.

— כאַ — כאַוואַדזשאַ — הער איך די שטים פונעם דרוז וועל־כער גיט מיר אַ צייכן שטיין צו בלייבן — מיר זענען צוגעקומען צו אַ שיידוועג: אַ לאַנגער וועג אַרום דעם טאָל און אַ קורצער וועג וואָס קרייצט דעם טאָל; דער צווייטער וועג איז אַ שווערער, ווייל אַראָפּגיין אין טאָל איז אַ סכנה צוליב דעם האַסטיקן שיפּוע. שטייען מיר אויפן שפּיצבאַרג און צופוסנס ציט זיך וואַדי־קרן — ער איז בולט מיט זיינע סערפּענטינעס צווישן די בערג, מיט דעם ווייסן אויסבעט אויפן דנאָ — קליינע שטיינדלעך וואָס דאָס וואַסער שלעפּט מיט פון אַלע שפּאַלטן און קריצער. זייער שמאָל איז דער וואַדי און ער פאַרהוילט זיך אין געפּלאָנטער פון קוסטן, וועלכע וואַקסן פון אים אַרויס און קלעטערן אויף די גלייכע אָפּהענג פון ביידע זייטן. מיר קוקן אויף אים און ער ווינקט צו אונדז מיט זיי־נע אָפּגרונטן און סערפּענטינעס.

כ׳האָב אויסגעוויילט דעם צווייטן וועג. מיר זענען אַראָפּ פון די פערד און אָנגעהויבן זיך אַראָפּגליטשן אונטן. מיט איין האַנט זיך אָנגעהאַלטן אָן די קוסטן און מיט דער צווייטער — דעם צוים פון פערד. פון צייט צו צייט שטעלט זיך דאָס פערד אָפּ, אַריינ־שטעקנדיק זיינע פיס אין צעריבענער ערד און וויל ווייטער נישט גיין.

מיר זענען אַראָפּ בשלום צום וואַדי — צווייי הויכע ווענט באַ־דעקט מיט ביימער און קוסטן, שליסן זיך אַרום אונדז.

קלעטערן מיר ווייטער אויף דער צווייטער זייט. דאָ און דאָרט מוז מען קריכן אויף אַלע פיר און די פערד נאָך אונדז. דאָס אַרויפ־גיין מאַכט מיד און מיר שטעלן זיך אָפּ עטלעכע מאָל אָפּצורוען.

סוף־סוף זענען מיר אַרויס. מיר איילן אונטער אונדזערע פערד אָנצוקומען וואָס פריער קיין תרשיחה,

## פרילינג אין מיין גאָרטן

אינדערפרי האָבן אָנגעקלאַפּט אין מיין פענצטער קלאַנג און ריח. בין איך אויפגעשטאַנען און אַרויס אין גאָרטן. האָט מיך אויפגענומען דאָס שוואַרץ־קעפּיקע פייגעלע מיט פרייד־שאַלונגען. האָט דער בעז אַ ווײ געטאָן אויף מיר מיט זיין איידעלן אַראָמאַט און כ׳האָב געוווּסט — דער פרילינג איז געקומען אין מיין גאָרטן. האָב איך אַריינגעאָטעמט דעם קילן ריח פון בעז און איינגעזאַפּט די צאַרטע טרעלן פון דעם שוואַרץ־קעפּיקן פייגעלע און מיינע ליפּן האָבן געשעפּטשעט אַ ברכה און אַ תפילה, ווי מיין שטייגער איז, איטלעכם יאָר:

געבענטשט זאָל זיין דיין קומען, יונגט־פרילינג, אין מיין גאָרטן, און זאָלסט בלייבן דאָ אַ לאַנגע צייט.

מיין תפילה איז אָפּנים אָנגענומען געוואָרן און דער פרילינג האָט באַוויליקט צו רוען אין מיין גאָרטן אַ לאַנגע צייט און ער באַרווישט מיך מיט זיין שיין און ריח אין דער פרי און אין אָוונט, טאָג ווי נאַכט, דורך זיינע גוטע מלאכים: באַגינען־ווינטעלעך און פריי־מאָרגן־שיין, טוי און וואָלקנס, פייגל־קלאַנג און בינען־זשום, בלומען־פּערפום און בליעכץ־ריח.

דער ליליע־קאָלירטער בעז וואַקסט אַרויס אין פולע הענגלעך אויף יעדן צווייגל, בעת די גרינע בלעטלעך זענען נאָך איינגעקנוילט אין די קנאָספּן און דרימלען. דער קוסט זעט אויס ווי אַ בינטל בלומען וואָס שטייט אין אַ ריזיקער וואַזע. ער אָטעמט מיט הימל־בלוי און צאַפּלט מיט אַ צערטלדיקן ליליע־קאָליר און אַראָמאַט. זיינע בלומען־בעכערס זענען קליין און איידל, און בעת זיי פילן זיך אָן מיט טוי אָדער שטראַלן פון זונאונטערגאַנג טריפן זיי מיט מירטן־ריח און לידער־קלאַנג. בעת דער פרילינג שפּילט זיך צווישן זיינע געבויגענע הענגלעך, וואַכט אויף זיין פריינט, דער ווייסער בעז,

זײַנע שטײַענדיקע הענגלעך באַקרוינען מיט זײער צאַרטער ווײַטקײט די גרינע בלעטלעך און פערפומירן די לופט.

ווײַזט אויס, אַז דער פרילינג איז אויך דערגאַנגען צום יאַפּאַנישן פלוימענבוים, בעת ער איז נאָך געווען פאַרזונקען אין שלאָף. ער האָט זיך אויפגעמונטערט אין דער פרי און ווען די זונשטראַלן זענען אויף אים געפאַלן, האָט ער זיך באַדעקט מיט טויזנטער ראָזעווע קנאָספּן און פאַרנאַכט האָבן אויך זײ צעעפנט זײערע בעכערס און פאַרשפרייט דעם זיסן ריח. די צווייגן רירן אָן אַ לאָדן פון דער הילצערנער שטוב און, צומאַרגנס אינדערפרי, בעת די יונגע פרוי האָט געעפנט דעם לאָדן — אַזוי האָט די רויטע קרוין זיך אַרײַנגעריסן אין שטוב און אויך זי איז פול געוואָרן מיט פרילינג. און אויף דער נידעריקער טעראַסע ברייטערט אויס דער מישמיש־בוים זײַן קרוין וואָס רירט אָן דעם פלוימענבוים. האָבן בײדע ביימער זיך געשושקעט און געשמועסט ביז דער סוד איז אַנטדעקט געוואָרן: זײ ווילן זיך אויספּוצן לכבוד דעם פרילינג און זײ האָבן זיך באַצויגן מיט קרוינען. דער מישמיש — אַ רויטע קרוין מיט ווײַסע זוימען און דער פלויבענבוים — אַ שניי־ווײַסע קרוין. און כאָטש בײדע זענען גאָרנישט קײן יונגיטשקע, זענען זײ געוואָרן האָפערדיק־שטיפעריש ווי קלײנע קינדער און די בלעטלעך זענען געוואָרן לוסטיק, פול מיט ריחות און געלעכטער.

אין דעם מאָמענט קומען אַרויס פון דער ערד די בונטע בלומען, מיט די לאַנגע רויט־באַבלעטערטע בעכערס, און שוואַרצע פלעקן אויפן גרונט. שטייען זיך אַזוי די בעכערס ברייט צעעפנט ווי זײ וואָלטן געוואַרט אויפן גוטן שענקער, וועלכער זאָל זײ אָנגיסן מיט קילן דערקוויקענדיקן געטראַנק. קומט די נאַכט און טריפט אַרײַן טוי־טראָפּנס, און שוין אינדערפרי קוועלט אַרויס קלאָר וואַסער, אַ אָנגעגרייטער געטראַנק פאַר פליענדיקע געסט.

פון בוים צו בוים און פון קוסט צו קוסט שפרינגט יעדן פרימאָרגן די שוואַרצקעפּיקע כדי אַרויסצולאָזן אירע פריידיקע טרעלן לכבוד דעם פרילינג. אויך דער פרילינג טאַנצט פון בוים צו בוים

און פון קוסט צו קוסט כדי זיי צו בענטשן און באַבליען. אין אַ שיי־נעם פרימאָרגן האָט די אַקאַציע זיך אַרומגעזוימט מיט ווייסע הענג־לעך. די בלומען שטעקן נאָך אין די קנאָספּן און זי ציטערט שוין טאָמער קומט אַ מזרח־ווינט און פאַרשרפעט זיי ווען זיי זענען נאָך קליין. דאָס איז שוין איר מזל. ווי נאָר זי צעעפנט זיך אַזוי, קומט דער מזרח־ווינט און פאַרטריקנט זי און דעמאָלט האָבן זיי דעם גורל פון יונה הנביאס קקיון — פאַרוויאַנעט צו ווערן מיטאָג־צייט. אָבער דער היי־יאָריקער פרילינג האָט איר דעם ווינט נישט גע־בראַכט, איר ווייסע קרוין האָט לאַנג געלעבט. די בלומען האָבן זיך צעעפנט און ווייס געוואָרן, די בעכערס האָבן זיך צעפּראַלט און אָנ־געפילט מיט זיסן און דופטיקן זאַפט. ביינאַכט פילט זיך אָן דער גאָרטן מיט סובטעלן אַראָמאַט און ער צערטלט מיך אײַנדערפרי. מורמלען מיינע ליפּן „גוט מאָרגן”, אַ „ליכטיקער מאָרגן” צום שוואַרצקעפּיקן, צום בוים און קוסט, צו דער בלום און גרינס, וואָס וואַכן אויף צום לעבן, בעת די זון טיקט אירע ערשטע שטראַלן פון הינטער די בערג פון מ ו א ב און ג ל ע ד. דעמאָלט קומט די רויז און גיט צו אַ באַזונדער טאָן צום גאָרטן. אָט די רויטע מלכה — ווי זי האָט עס אויסגעגליכן איר לאַנגן שטאַם! אויפן קאָפּ עפנט זיך דער רויטער בעכער, קעניג פון די בלעטער, ווייך ווי סאַמעט און איינגעוויקלט איין בלעטל אין צווייטן ווי קינדערלעך וואָס נע־מען זיך אַרום און לאַכן. ווען זי איז נישט קיין נידעריקע, וואָלט איר אַראָגאַנץ זי אויסגעהויבן איבער אַלע ביימער, אָנזאָגנדיק: איך בין די קעניגין! אָבער זי איז קליין, קני איך אַנידער און בייג זיך אַריבער און דערלאַנג מיין מויל צו איר בלום כדי איינצוזאַפּן איר ריח, פילן די צאַרטקייט פון אירע בלעטער און זעטיקן מיין אויג אין איר פאַרביקער שיינקייט.

אַ געוויסן פרימאָרגן איז צו מיר אַריין דער פרילינג דורך די לאָדן־שפּאַלטן און מיר געבראַכט אַ ריח פון האָניק. בין איך אים נאָכגעגאַנגען אין גאָרטן, געזוכט און געפונען: דער קאַססיה־קוסט איז באַדעקט מיט די געלע בלומען און אין די בעכערס — זיסע

טראָפּנס ווי האָניק און אויך דער ריח איז ווי פון האָניק. האָב איך אויסגעזויגן די טראָפּנס און געבענטשט דעם גוטן פרילינג פאַר זיינע שיינע מתנות.

אַ געוויסע נאַכט האָט געבלאָזן אַ צפון־ווינט און געבראַכט שוואַרצע וואָלקנס ווי אין ווינטער. באַגינען האָבן געקלאַפּט אויף מיין פענצטער רעגן־טראָפּנס. בין איך אויפגעשטאַנען און געזען — דער גאָרטן איז איינגעהילט אין אַ ווייסן נעפּל און פון אַלע ביימער טריפט און פון אַלע קוסטן פאַלן טראָפּנס, און דאָס שוואַרצקעפּיקע פייגעלע איז אַנטשוויגן געוואָרן און די ריחות זענען אויסגערונען. אָבער דער פרילינג האָט שפּאַצירט אין גאָרטן און האָט אויסגעזען ווי אַ קינד וואָס וויינט מיט שמחה־טרערעלעך, וואָס פאַר איין צוגענומענעם שפּילעכל זענען אים צוגעקומען פיל אַנדערע. דעמאָלט האָב איך זיך דערמאָנט אין קינדהייט־פרילינגען פון אַ ווייט לאַנד, וווּ בליאונג און רעגנס זענען געווען געמישט. האָבן זיך יענע פרילינגס איצט צוזאַמענגעגאָסן מיטן פרילינג פון מיין גאָרטן. צומאָרגנס איז די זון אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און האָט געשאָטן מיט פרייליכע שטראַלן פון בלויען הימל. דער גאָרטן איז פול געוואָרן מיט גלאַנציקע טראָפּנס און די רויטע ערד האָט טיף אָפּגעאָטעמט און האָט פייכט געמאַכט מיט איר זאַפט און פרוכטבאַרקייט דעם בוים און קוסט, די בלום און גרינס און ס'איז אויפגעגאַנגען אַ פרייד פון פרישן און דופטיקן וואַקסן. דער פרילינג האָט פולסירט צווישן זיי יענעם טאָג און במשך לאַנגע טעג און איך גיי אַרום און האָרך דעם פולס פון פרילינג, זאַפּ איין זיינע בונטע פאַרבן און אָטעם איין זיינע ריחות; פון דער לימענע און קלעטער־געוויקס וועלכע קריכט אויף די הויכע ציפּרעסן, פון „לייב־מויל" וואָס צווייגט זיך צווישן די פּלויט־שטיינער און מיין האַרץ פּליסטערט אַ דאַנק, וואָס איך האָב אין מיין לעבן באַזייטיקט שטיינער, געריסן פעלדזן, געגראָבן גריבער און געפּלאַנצט נטיעות, און מיינע הענט האָבן געאַקערט און געזייט, געגאָסן וואַסער און צעוואָרפן מיסט און וואָס פון מיין פּראַצע איז געוואָרן אָט דער גאָרטן,

אַ רו־אָרט פאַרן פרילינג, וועלכער קומט אים באַזוכן יאָר־איין יאָר־אויס, און ברענגט מיט זיך בליאונג פאַרן בוים און קוסט, פאַר דער בלום און גרינס; און פייגעלעך ווימלען צווישן די צווייגן און דאָס שוואַרצקעפּיקע פייגעלע צעגיסט זיך אין טרעלן און מיין האַרץ באַהעפט זיך מיט דעם אַלעם און דער יוגנט צער אַנטלויפט פון אים און אויך דער זקנים־אומעט פאַרשווינדט.

אינדערפרי קלאַפּן אָן אויף מיין פענצטער ק ל אַ נ ג און ר י ח. שטיי איך אויף און גיי אַרויס אין גאָרטן און דאָס שוואַרצקעפּיקע פייגעלע נעמט מיך אויף מיט פריידיקע טרעלן, שפּרינגענדיק פון צווייג צו צווייג, פון איין שפּיץ בוים צום צווייטן; די בייער מיט קוסטן טריפן אויף מיר פון זייער סובטעלן אַראָמאַט און כ׳וויים: דער פרילינג שפּאַצירט אַרום אין מיין גאָרטן, וואָס איך האָב געפלאַנצט.

# מ. מ. אוסישקין

## א.

## אַנגעגליטער אייזן

אויף אים, אויף מנחם אוסישקינען, האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט אַ סאָלידן כאַראַקטער, אַנטשלאָסנקייט, אויטאָריטעט, בקיצור — דער אייזערנער מאַן. און טאַקע איז אוסישקין געווען אייזן, אָבער נישט קאַלטער, האַרטער אייזן, מיט וועלכן איר קענט נישט קומען אין נאָענטן באַריר. כ'וואָלט געזאָגט — אָנגעגליטער אייזן, פון וועלכן עס שפריצט מיט היץ און ליכט, און ער לאָזט זיך באַהעפטן, צונויפשמידן, און דאָך פאַרלירט ער נישט דורך דעם דעם יסוד פון אייזערנער פאַרהאַרטעוועטקייט. אין משך פון די 14 יאָר וואָס כ'האָב פאַרבראַכט אין זיין מחיצה, זינט תרפ"ט (1929) ביז זיין פטירה, אָנהייב תשי"ג (1943), האָב איך געהאַט פאַרשיידענע געלעגנהייטן צו דערקענען און דערשפירן אין אוסישקינען דעם עלעמענט פון האַרציקער וואַרעמקייט געמישט מיטן יסוד פון האַרטקייט און שטלדיקייט און אָפטמאָל מיט אַ בולטער נייגונג צום ערשטן. אינגאַנצן אַנדערש ווי ביי מענטשן איז געווען אָנגענומען צו טראַכטן, און דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער באַציִיכענונג פון „אייזערנעם מאַן". אַן איבערפּלעכטעכע און איינזייטיקע באַציִיכענונג, ווי עולם איז געוווינט צו האַנדלען לגבי זיינע מנהיגים, וועלכע ער קאָן נישט פון דער נאָענט.

כ'האָב קיין סך מענטשן נישט געקאָנט צווישן אונדזערע מנהיגים און גרויסע, וואָס זאָלן אַזוי שעצן אונדזערע ימים־טובים ווי אוסישקין. די דאָזיקע באַציִאונג איז נישט געקומען בלויז צוליב דעם נאַציאָנאַל־רעליגיעזן אינהאַלט פונעם יום־טוב, נאָר צוליב אַר־

פּישקינס טיף־אינערלעכן געפיל, ווייל ער האָט זיי באַנומען ווי ווי־טאַלע גורמים אין לעבן פון מענטש, וועלכע דערהייבן אים איבער דעם אינדערוואָכן און וואָכעדיקייט און באַשטראַלן זיין נשמה מיט פּראַכט און מאַיעסטעטישקייט. דער יידישער מענטש — פלעגט אוסישקין זאָגן — וועלכער איז איינגעטונקען אין דאגות־פּרנסה, באַזאָרגט וועגן ציבור און פאָלק, וועלכער פלאָטערט צווישן משיח־האָפענונגען און גאולת־הארץ, דאַרף זיך פון דעם אַלץ גאַנץ אָפּט אָפּטרייסלען, זיך אָנטאָן מיט יום־טובדיקייט, מיט פּראַכט און שמחה און לאָזן אַריינטריפן אין זיך טראָפּנס פון שלווה געמישט מיט קאָלעקטיווער לעבנס־פרייד. דער יום־טוב און די פייערלעכקייט דערוואַרעמען דעם מענטש, צעבלאָזן אין אים דעם פונק פון מענטשלעכער עמפינדונג, פון וואַנען עס פלאַמט אַרויס אַ ליכט, וואָס וועט אים באַשיינען דעם וועג אין לעבנס־קאַמף.

---

אוסישקין האָט זיך נישט באַנוגנט מיט די טראַדיציאָנעלע ימים־טובים, האָט ער זיך געשאַפן נייע פייערטעג, גענומען פון געזעלשאַפטלעכע און משפחה־מקורות. מען קען זאָגן, אַז זינט ער איז געוואָרן אַ בר־דעת איז נישט געווען קיין יאָר אין אוסישקינס לעבן, ער זאָל נישט פייערן איינעם אָדער עטלעכע ימים־טובים אין אָנ־דענק פון אַ געשעעניש מיט וועלכער ער איז געווען פאַרבונדן אין געזעלשאַפטלעכן אָדער פאַמיליע־לעבן. ס'איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די ליצני־הדור און אַפילו די חכמי־הדור פלעגן שוין חוזק מאַכן, אַז אוסישקין „מאַכט זיך ימים־טובים", כדי צו פאַרגרעסערן זיין כבוד; אָבער אין דער אמתן איז עס געווען הייך־מאַטעריאַל אָנ־צוגליען זיין אייזן עס זאָלן שפּריצן פונקען, פאַר אים און פאַר די נאָענטע. אוסישקין האָט געדענקט די דאַטעס פון קאַטאָוויצער קאָנ־פערענץ און פון דער העלסינגפאָרסער אסיפה; פון צוזאַמענפאָר אין זכרון־יעקב און פון די ערשטע קאָנגרעסן; פון דער ערשטער רייזע קיין ארץ־ישראל און פון דער צווייטער נסיעה; פון זיין ערשטן

אויפטריט אויף דער טריבונע אין יעקאַטערינאָסלאַוו און אין מאָסקווע און פון וויכטיקע זיצונגען אין ועד פון די חובבי־ציון אין אָדעס; פון זיין חתונה און געבורטס־טעג פון זון און טאָכטער און פון זיין עליה קיין ארץ־ישראל און נאָך פאַרשיידענע דאַטעס, יובילייען פון 10, פון 20, פון 25 יאָר; און שוין אָפּגערעדט דאַטעס פון אַ פולן יובל, וועלכע זענען געווען דורכגעדרונגען מיט גרויסער אימפּאָזאַנטקייט, מיט אַ גרויסן עולם אָנוועזנדיקע, בעת ער פלעגט העפלעך מקבל פּנים זיין די געסט, געווילט נעבן זיי און זיך באַמיט זיי זאָלן זיך פילן גוט, ריידן, דערציילן האַרציקע זכרונות און אנגענעמע איבערלעבונגען און שאַפן אַן אַטמאָספער פון געמיטלעכקייט און היימישקייט. אַ רואיקע, פריילעכע געזעלשאַפט אין אויבערשטן שטאָק פון זיין הויז אין רחביה.

אויף דעם יסוד פון וואַרעמער פייערלעכקייט אין אוסישקינס נשמה, איז אַוועקגעלייגט געוואָרן איינער פון די שענסטע סטרוקטורן אין זיין כאַראַקטער: די נאָענטקייט צו די מענטשן וועלכע האָבן זיך געפונען אין תחום פון זיין ראיה. איך באַטאָן דווקא דעם תחום פון זיין ראיה, ד״ה אַז אָט די נאָענטקייט איז נישט ענלעך צו דער, וועלכע מען פילט צו פריינט און קרובים, נאָר ביי אים פלעגט זי זיך אויסברייטערן אויך אויף מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין זיין תחום, מעגן זיי נישט זיין קיין פריינט, קרובים און אויך נישט חברים. יעדער וועמען ער האָט געזען, איז אויטאָמאַטיש אים געוואָרן באַקאַנט. ווייל עס זענען נישט פאַרביי קיין פאָר מינוטן נאָך דער באַקאַנטשאַפט און אוסישקין האָט שוין געוווסט פון וואַנען דער נייער מענטש שטאַמט, זיין משפחה און זיין באַשעפטיקונג, מיט אַ געהיימער כוונה צו ציען פעדים אויך אין די ווייטענישן, טאָמער ערגעצוו, אָדער אַמאָל, באַגעגענען זיך די פעדים און ס׳איז פאַראַן אַ קאָנטאַקט צווישן די דורותדיקע פאַרבינדונגען. און וויבאַלד ער האָט זיך באַקענט מיטן מענטש, האָט ער אים שוין נישט פאַרגעסן. דערפאַר פלעגט תמיד פון אים ווייען מיט פריינטלעכקייט; אין זיין אָנוועזנהייט האָט מען זיך נישט געקענט

פילן איינזאַם אָדער פרעמד. אַזוי מיט אַ ווייטן און מיט אַ נאָענטן, אַוודאי און אַוודאי.

ער האָט ליב געהאַט, אַז אויך פריינט און באַקאַנטע זאָלן געניסן פון אַ וואַרעמער מסיבה ביי געלעגנהייטן פון פערזענלעכע אָדער פאַמיליע־שמחות. איך געדענק אַז אַ געוויסן אינדערפרי בין איך אַריין צו אים שמועסן וועגן קרן־קימת. האָב איך אָנגעטראָפן אַן ערנסטן פנים און זיין בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף מיר מיט אַ פראַגע: — „צי ווייסטו, ווייק, אַז דעם און דעם טאָג ווערסטו 50 יאָר אַלט?״ ס׳איז געווען אָנהייב חשון פון ת״ש און ביזן געבוירנטאָג האָבן נאָך געפעלט עטלעכע חדשים. דער טאָג איז מיר בכלל אַרויס פון זין, אָבער אוסישקין האָט אים געדענקט און ווען ס׳איז געקומען דער טאָג האָט ער אויף מיר אַרויפגעצוווּנגען אַ פייערלעכע מסיבה, מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט. אַזוי האָט ער אויך געטאָן מיט אַנדערע חברים אין דער אַרבעט; ער האָט, אגב, אַלע געקענט און געוווּסט זייער לעבנס־געשיכטע, זייערע זיטן און נייגונגען, אויך פון די מיט וועלכע ער איז נישט געקומען אין קאָנטאַקט.

די תמימות פון זיין „אייזן״ האָט אים אויך פאַרוואַנדלט אין אַ האַרציקן מיטשמועסער וואָס זיינע רייד פלעגן פליסן כמעין המתגבר און דער צוהערער פלעגט זיי שלינגען ווי אַ דערקוויקונג. איך פלעג אויך טרינקען פון אָט דעם אומאויסשעפּלעכן קוואַל, בעת מיר זענען ביידע געווען אונטערוועגנס צו באַזוכן ישובים אָדער באַטראַכטן שטחים, וואָס זענען אונדז פאַרגעלייגט געוואָרן צום קויף. ס׳רוב פלעגט דער שמועס זיך אָנהייבן וועגן אַקטועל־ציוניסטישע פראַגן, אָבער מען איז תיכּף אַריבער צו נאָענטע און ווייטע ענינים, און אַלץ אויף דער קאַנווע פון דער חיבת־ציון־באַוועגונג און בראשית־יאָרן פון ציוניזם. דער לייוונט ווערט פונאַנדערגעשפּרייט און ווייקלט אַרום פּערזאָנען, טרעפלעך כאַראַקטעריזירט, דערציילט וועגן באַגעגענישן און געשפּרעכן מיט זיי, וועגן באַקאַנטשאַפטן און דיסקוסיעס, וועגן אויספטריטן און פאַרשיידענע לענדער; פראָפּאַגאַנדע־

שיטות; אונטערהאַנדלונגען און באַנקעטן; מתנות וואָס ער האָט געקראָגן; רעדעס וואָס מ׳האָט געהאַלטן פאַר זיין כבוד־וועגן, אָבער די אַקס פון אַלע שמועסן זענען געווען די פערזענלעכקייטן פון זיין דור: ליליענבלום, באַרענהיימער און אַנדערע ווי זיי. בעת ער פלעג אַרויסברענגען זכרונות וועגן זיי, זענען זיינע ווערטער געפלאָסן בנעימותדיק און לאַנגזאַם, און אַ שלייער פון עצבות פלעגט אַרומ־הילן זיי און אויך זיינע אויגן. עס האָט זיך געדאַכט, ווי אין שיין פון דער אויפגייענדיקער זון זענען געווען פאַרמישט אויך שקיעה־געפלען, פונקט ווי זיין אָנקומענדיקער אָוונט וואָלט געיאָמערט און ער האָט עס געוואָלט פאַרטרייבן. ער האָט ליב געהאַט דאָס לעבן און געוואָלט לעבן אַ סך, אַ סך. ער איז זיכער געווען, אַז ער וועט דערלעבן משיחס צייטן, ווען מלכות־ישראל וועט צוריקקומען.

טרויעריקע שמועסן פלעגן מיר אָפּהאַלטן גאַנץ אָפט בעת דער פערטער צענדליק פון 20סטן יאָרהונדערט האָט זיך דערנענטערט צום סוף, און אין די ערשטע צוויי יאָר פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און פון קאַטאַקליזם וואָס האָט געטראָפן דעם מערבֿ־ און מזרח־אייראָפּעישן יידנטום. ווען אוסישקין פלעגט אָנהייבן איני־דערפרי ריידן וועגן דעם — און מיר ביידע האָבן זיך געפונען אין זיין ביוראָ־צימער — פלעגט ער זיך אויפשטעלן, שפּאַנען איבערן צימער אין דער לענג און אין דער ברייט. בעת איך האָב אים נאָכ־געפאָלגט מיט מיין בליק, האָב איך זיך צוגעהערט צו זיין טיף־וואַרעמען ריידן, און געפילט, אַז אַ וועלט־טרויער, אַ דורותדיקער צער ראַיעט אין האַרצן. ער פלעגט צוקומען צום פענצטער וואָס קוקט אויף דער הויפּטגאַס, זיך אָנשפּאַרן און ממשיך זיין מיטן ריידן און מיטן קוקן. דעמאָלט פלעג איך מיך אויך אויפהייבן פון אָרט, צוגיין צום פענצטער, זיך שטעלן קעגנאיבער און נאָכקוקן דאָרט ווו ער קוקט. פון מאָל צו מאָל פלעג איך אַריינוואַרפן שטיקלעך זאַצן אין זיינע רייד, ווי כ׳וואָלט וועלן אים איבערצייגן אַז כ׳בין דאָ און אַז איך גיי נאָך דעם שמועס און אויך כדי צו באַטאָנען ווי טיף איך שאַץ אָפּ די מינוט, אָט די אינספּירירטע שעה, וואָס כ׳וואָלט וועלן

זי זאָל זיך ציען און ציען און גאָרנישט אויפהערן. אָבער אָט אַ קלאַפּ אין טיר. אוסישקין ווערט אַנטשוויגן, זיין פאַרנעפּלטער בליק ציט זיך נאָך צו די ירושלימער האָריזאָנטן און צו די טורעמס וואָס שניידן זיך אַרויס פון דער אַלטשטאָט; ער זיפצט טיף אָפּ, ווענדט זיך צו דער טיר, רופט אויס „אַריין" און זעצט זיך. ווער עס זאָל נישט אַריינגיין, פלעגט זיין פנים אין דער מינוט ווערן אָנגעצויגן, ערנסט, אייזנפעסט, און פון זיין בליק האָט אַרויסגעקוקט עפּעס פאַרהאַרטעוודיקייט.

און אינטערעסאַנט: דער עפּיטעט „אייזערנער מאַן" האָט אים געלאָקט, ער האָט אין אים געזען אַן אָנשפּאַר פאַר זיינע אָנשוויאונגען, ווי ער וואָלט אים באַשיצט פאַר די ריוואַלן און דערוועקט כבוד ביי זיינע אָנהענגער. נישט איין מאָל פלעגט ער אַליין צוגעבן שטריכן, כדי צו באַפעסטיקן דעם איינדרוק פון זיין אייזערנעם כאַראַקטער. בעת כ'האָב אים באַגלייט ביי זיין ערשטן באַזוך אין בית הכרם־קוואַרטאַל און אים באַוויזן די טעראַסן אין מיין גאָרטן, אויף וועלכע כ'בין געווען שטאָלץ, האָט ער געזאָגט: „ווייסט, ווייץ, כ'האָב נישט ליב דעם באַרג. עס ציט מיך צום פלאַכלאַנד. צו מיין האַרץ רעדט די אָנגעצויגענע גראַדע ליניע, וואָס ווייסט נישט פון קיין דריידלעך. ס'איז ביי מיר אַ גייסטיקע איינגשאַפט אַזאַ און אויך אַ פיזישע. בעת איך שלאָף, בין איך אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, ווי אַן אייזערנער דראָנג, קיינמאָל בייג איך נישט איין מיינע פיס. און דער באַרג, שלענגלט זיך, אַרויף, אַראָפּ. כ'האָב אים נישט ליב". דאָך האָט ער ליב געהאַט ירושלים מיט אירע בערג. און ער איז געווען איינער פון די מנהיגים אין יענער תקופה, וועלכע האָבן געהאָלפן מיטן גאַנצן האַרצן צו קאָלאָניזירן דעם באַרג אין יהודה און גליל. אַז כ'האָב אים אַ פרעג געטאָן: וואָס פאַר אַ שייכות האָט ער מיטן באַרג? — האָט ער געענטפערט מיט זיין קינדישן שמייכל אין די בלויע אויגן: אונדזער געשיכטע איז מחייב.

און פאַר דער געשיכטע האָט אוסישקין געהאַט אַ סך דרך־ארץ, אַ ציטער פון קדושה, נישט ווי ביים אייזערנעם מאַן נאָר ווי

בײַ אַ טיף־פֿילנדיקן מענטש, וואָס בײַ אים קוועלן אַרויס עמאָציעס פֿון טיפֿע אָפּגרונטן און פֿון שפּיצבערג, און נישט פֿון פּלאַכלאַנד.
אוסישקינס „אײַזן־כאַראַקטער" איז געקומ'ען צום אויסדרוק אין דער אײַנגעגליווטקייט פֿון זײַנע קאָנצעפּציעס און אין דער עקשנותדיקן רודערן צום ציל. אָבער אָט דער אײַזן איז נישט געווען קיין קאַלטער, נאָר אַ הייס־גליענדיקער.

ב.

## דער טרעגער פֿון אַ שליחות

אַ גלויבן, אַז אַלע געטלעכע באַשטימונגען און הבטחות צום יידישן פֿאָלק וועלן מקוים ווערן — דאָס איז געווען דער א' און ת' אין אוסישקינס ציוניזם. אַ טיף־וואָרצלדיקער, ברייטצווײַגיקער און הויכקרוינדיקער גלויבן. דער דאָזיקער גלויבן האָט אים גערופֿן אין די ערשטע תקופֿות פֿון זײַן לעבן; דאָס און נישט די מלאכים פֿון העם און אחד־העם און נישט די שרפֿים פֿון פּינסקער און הערצל. דער גלויבן האָט אים גערופֿן און ער האָט תיכּף אָפּגעענטפֿערט: „כ'בין דאָ!" נאָך זײַענדיק יונג און זוכנדיק וועגן אין לעבן, האָט ער שוין דערקענט, אַז אָט דער גלויבן איז אויך זײַן לעבנס־מיטיע און ער האָט מיט אים געשלאָסן אַ בונד אויפֿן גאַנצן לעבן. ער איז געווען דער אורשפּרונג פֿאַר זײַן שטרעבן און פֿאַר זײַן נאַציאָנאַלער וויטאַליטעט; ער האָט באַלויכטן אים דעם וועג צו ציון און אין ציון, און ער איז פֿאַר אים געוואָרן די ריינע תורה בײַ וועלכער ער האָט געלערנט וואָס צו טאָן. מיט דער אינטואיציע פֿון דער אמונה איז ער אַרויס צום פֿאָלק, אין איר גײַסט האָט ער געפֿורעמט דעם ציל און מיט איר כּוח האָט ער געווירקט פֿאַר זײַן דערגרייכונג.
ווער איז אַ מאמין? דער, וואָס זײַן וועג איז שלמותדיק און ער גייט אויף אים מיט זיכערע טריט. אַזאַ מין מאמין איז געווען אוסישקין, ווײַל ער איז געווען שלמותדיק און זיכער, אָן קווענקלע־

גישן פֿאַר אים און אָן וואַקלעניש הינטער אים. זײַן וועג איז געווען גלײַך ווי אַ פּלאַכלאַנד און אַלץ איז דאָרט פֿאָרויסגעזען פֿון אָנהייב ביזן סוף. דער אָנהייב איז ווײַט — גאָר ווײַט, און שטעקט ערגעץ אין דער וויזיע פֿון אברהם אבינו, דערנאָך ציט זיך דער וועג דורך משה רבנו, דוד המלך און די נביאים מיט זייער גרויסן חלום פֿון נאַציאָנאַלן אחרית הימים; און דער סוף איז די פֿולע פֿאַרווירקלעכונג פֿון דער וויזיע, מיט אַלע ערדישע פּיטשעווקעס און מיט אַלע הימלישע שטריכן. און אויב דו פֿרעגסט: ווער וועט זוכה זײַן דערצו? דאַן ענטפֿערט דער מאמין, דער מיסיע־טרעגער: גאָר אײַנגיכן — אויב דאָס פֿאָלק וועט אין דעם גלויבן און אויב דאָס פֿאָלק וועט מקבל זײַן דעם יאָך פֿון זײַנע באַשטימזנגען מיט גלויבן.

ער האָט יאָ אָנגענומען באהבה דעם יאָך און דערפֿאַר איז ער אים נישט געווען שווער. די באַשטימונגען האָבן אים פֿאַרלײַכטערט די משא. זיי האָבן אַרײַנגעפּאַסן אין זײַן נשמה דאָס זיכערע, דאָס ווירקלעכע און באַזײַטיקט דעם קאָנפֿליקט, די אינערלעכע ראַנגלעניש און וואַקלעניש. דאָס אַלץ האָט ער נישט געקענט, נישט דעם פּײַן און צער פֿון דעם אַנטשטיין און נישט דעם חסד און פּיעטעט פֿון דעם פֿאַרגײַן. די באַשטימונגען זענען אים געגאַנגען פֿאָרויס ווי אַן עמוד־האש צו ווײַזן דעם אָנגעצייכנטן וועג און ער האָט פֿון אים נישט געקענט אָפּווײַכן און האָט נישט דערלאָזט, אַז די וועלכע זענען מיט אים מיטגעגאַנגען, פֿאָרויס אָדער הינטער אים — זאָלן אָפּווײַכן.

ער איז געוואָרן דער אורים ותומים פֿון די באַשטימונגען; מיט זײַן עצה האָט ער אָריענטירט די מחנה און לויט דעם האָט מען זיך געפֿירט. ער האָט זיי אויפֿגעהיטן מיט טרײַשאַפֿט און עקשנות. בעת די מחנה האָט געהאַלטן בײַם פֿאַרשווערכן זייער קדושה — אַזוי פֿלעגט ער זיך אָנפֿילן מיט כוח צו באַשטראָפֿן און צוריקברענגען די בלאָנדזשענדיקע צום גלײַכן וועג. אַזוי איז געווען בעתן „אוגאַנדאַ״־ענין און אַזוי בעתן „חלוקה־פּלאַן". ער האָט געערדט מיט פֿלאַטערדיקן געפֿיל, האָט געשטראָפֿט מיט כוח. דאָס איז גע־

ווען די מאַכט פֿון די באַשטימונגען וואָס האָט פֿולסירט אין אים, אים געשאָנקען די קראַפֿט אין פֿעסטקייט פֿון דער אידייע; זיי פֿלעגן אים אַרויפֿציען פֿון טאָל פֿון דער ווילדע און קליינלעכקייט צו די שפּיצבערג פֿון הויכקייט און פּערספּעקטיוו, כּדי ער זאָל פֿון דאָרט ווייזן דעם אמתן וועג צום אויסדערוויילטן לאַנד.

אין שפּיגל פֿון די באַשטימונגען האָט ער נישט בלויז געזען די באַוועגונג נאָר אויך דאָס לאַנד. ער האָט דאָס לאַנד נישט אויס־געוויילט ווייל ער האָט עס געפֿונען ווויל און פֿיין. נײן, אויב מיר זאָלן אורטיילן לויט די אייגנשאַפֿטן, איז מעגלעך מיר זאָלן געפֿי־נען, אַז אַ וועזנטלעכער ווידערשפּרוך האָט צווישן ביידע עקזיס־טירט. ער — מיט גראַדליניקע, אָפֿענע און אָנגעצויגענע כאַראַק־טער־שטריכן; זיין אייגנשאַפֿט איז געווען דער ברייטער און אָפֿע־נער פּליין. ער האָט ליב געהאַט דאָס פֿלאַכלאַנד און ס'האָט אים גאָרנישט געצויגן צום באַרג און בערגל, בעקן און טאָל, וועלכע זענען די יסודותדיקע כאַראַקטער־שטריכן פֿון לאַנד. דאָך האָט ער בלויז אין דעם לאַנד געזען די הײם פֿון ייִדישן פֿאָלק און איר גאולה איז אויך געווען זיין גאולה. ווייל דאָס לאַנד און נישט קיין אַנדערס איז באַשטימט געוואָרן פֿאַר אונדזער פֿאָלק זינט עס איז געוואָרן אַ פֿאָלק. נישט געקוקט אויף דעם, האָט ער ליב געהאַט ירושלים, כאָטש זי איז די שטאָט פֿון די בערג, ווייל זי איז און נישט די שטאָט אין די פּליינען — איז די עיר הקודש, וועלכע איז פֿאַרהייליקט געוואָרן דורך אבות אבותינו ווי די הויפּטשטאָט פֿון יהודה און ווי דאָס האַרץ פֿון ארץ־ישראל. דאָס לאַנד, ווי די נחלה פֿון די אבות איז אומפֿאַרבייטלעך און אומדערזיצלעך, פּונקט ווי אומפֿאַרבייטלעך עס זענען די אבות. און ווי די נחלה פֿון אונדזערע אבות נייטיקט זיך עס נישט אין רעקאָמענדאַציעס פֿון פֿאָרשער און אין דאָקומענטאַציעס פֿון מומחים, כּדי פֿעסטצושטעלן איר טויג־לעכקייט פֿאַר באַזעצונג. דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט אַ טייער לאַנד, פֿאַרהייליקט פֿון קדמונים אָן אויף אייביק, און ביידע דאַרפֿן נאָר

האָבן גאולה — דערלייזן דאָס פאָלק פאַרן לאַנד און דערלייזן דאָס לאַנד פאַרן פאָלק. צוויי זאַכן וואָס זענען איינס.

און ער האָט אַוועקגעגעבן זיין כוח און גלויבןביידן. האָט געפּריידיקט פאַר ביידע און זיך פאַרנומען מיט ביידע, ווייל נישט בלויז זיי ווירקן־מיט מקיים צו זיין די באַשטימונגען, נאָר זיי זענען טאַקע דאָס מקוים־ווערן, זיי זענען די פאַרווירקלעכונג. אַלץ דער־נענטערט אונדז צום ציל: אַ ייד וואָס ווערט אויסגעלייזט פון גלות און איז עולה קיין ישראל, כדי אין איר צו לעבן און אַ שטיק ערד, וואָס ווערט אויסגעלייזט פון פרעמדשאַפט כדי מען זאָל זיך אויף איר באַזעצן. און פּונקט ווי ער פלעגט נישט בודק זיין ביים לעצטן, צי איז זי אַ גוטע ערד, אָדער אַ שלעכטע — דער עיקר זי זאָל זיין ברייט און גרויס (דערפאַר געבן פריווילעגיע לאַנדווירטשאַפט, דער־פער, לגבי דער שטאָט; די עקסטענסיווע לאַנדווירטשאַפט מיט גוואַלדיק גרויסע שטחים לגבי אינטענסיווער קליין־שטחימדיקער לאַנדווירטשאַפט), אויף דעם זעלבן אויפן פלעגט ער נישט בודק זיין די ציצית פון ערשטן, דער עיקר זיי זאָלן זיין אַ סך (און דער־פאַר ליב האָבן יעדן ייד, וועלכער וווינט אין ישראל און לאָיאַל זיין כלפּי דעם ציוניזם, אָפּגעזען פון די שאַטירונגען). אַ סך יידן און אַ סך ערד — זיי וועלן אונדז דערברענגען צו דער באַגערטער באַ־שטימונג, וואָס שפּאַרט זיך אָן אויפן גרויסן, ווייטן עבר. אויך בנוגע דער טאַטזאַכלעכקייט, אָדער דער אויסגעשפּראָכענער „פּראַקטיש־קייט" פון זיין ציוניסטישן לעבן און אַרבעט, האָט דער עבר פאַר אים געדינט ווי אַ לייכטורעם און וועגווייזער. אויבנאויפיק איז ער געווען אַ מענטש מיט אַ קעגנוואַרט־באַוווסטזיין, וואָס שפּרודלט מיט צייט־אינטערעס ביז סאַמע צאַפּל פון דעם מאָמענט, פּונקט ווי די קאָנקרעטע טאַטן וואָלטן געווען דער עיקר־העיקרים אין זיין טואונג און אין זיין געדאַנק; אָבער באמת איז עס נישט געווען אַזוי. ווער עס האָט זיך צוגעקוקט צום גלאַנץ פון זיינע אויגן און זיך צוגעהערט צום טיפן קלאַנג פון זיין שטים, בעת ער האָט באַ־האַנדלט אַ פּראַקטישן פּראָבלעם פון באָדן־אויסלייז אָדער פאָלקס־

אויסלייז, פלעגט באַמערקן, אַז אין דעם מאָמענט טויכט ער אין דעם ווייטן אַמאָל און שעפּט פון דאָרטן דעם כוח וואָס דערנערט זיינע רייד און באַלעבט זיינע זאַצן מיט יענער אַנטשיידנדיקער און שלאָגעוודיקער וויטאַליטעט. ער איז ענלעך צו אַ בוים וואָס זיינע צווייגן, בלעטער און בלומען לעבן אין דער לופט, געניסן פון דער זון, וויגן זיך אין ווינט, אָבער זיינע וואָרצלען — דער יסוד פון זיין לעבן, שטעקט אין די טיפענישן און פון דאָרטן שראָמט דער כוח וואָס באַוועגט זיין גאַנצע טעטיקייט. זיין ציוניזם איז געווען היסטאָריש און דער היסטאָרישער חוש איז ביי אים געווען פאַרשאַרפט און באַוויזן זיינע מעשים. נאָר אַזוי קען מען אויפקלערן זיין פייערלעכע און פיעטעטפולע באַציאונג צו די עבר־זכרונות, וועלכע ער האָט אַזוי ליב געהאַט צו דערמאָנען. און נישט נאָר פון ווייטן עבר, נאָר אויך פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט. דער אָנדענק פון יעדער טאַט און יעדן אויפטו אין ציוניזם איז אים געווען טייער, ווייל ער קייטלט זיך אַריין אין די היסטאָרישע זכרונות פון יענע טעג, ווען די נאַציאָנאַלע באַשטימונג האָט עקזיסטירט, און זיי בינדן זיך מיט דער קייט פון האָפענונג און טרוים וועגן דער פאַרווירקלעכונג פון דער נאַציאָנאַלער באַשטימונג אין דער צוקונפט.

60 יאָר האָט אוסישקין געטראָגן די פאָן פון די יידישע באַשטימונגען. אין דער גאַנצער לאַנגער תקופה האָט ער נישט אויפגעהערט פון האַלטן הויך און מיט קראַפט די פאָן און רופן דאָס פאָלק צו איר. און אויב נישט קיין סך האָבן זיך אָפּגערופן, איז ער נישט אַנטמוטיקט געוואָרן, זיין נשמה איז נישט פאַרטרויערט געוואָרן, זיינע הענט זענען אים נישט שווער געוואָרן, און זיין שטאַרקער רצון ווייטער צו גיין פאָרויס מיט דער פאָן, מיט אַן אויסגעגליכטן רוקן און מיט ליבשאַפט — האָט אים נישט אָפּגעלאָזן. און אַט איז מיטאַמאָל געקומען דער טויט און אים אַרויסגעריסן פון אונדזער מיט. אַוועק צו די ערשטע אבות איז דער מאַן, וועלכער האָט געטראָגן די שליחות, אָבער זיין רוף צו אונדז אין משך פון

6 צענדליק יאָרן, אַז מיר זאָלן מכוון זיין אונדזערע הערצער צו דער שליחות פון פאָלק — הילכט נאָך און וועט הילכן אין אונדזער וועלט. זיין גרויסער גלויבן אין זייער רעאַליזאַציע וועט זיך נישט אָפּטאָן פון אונדז, ביז אַלע נאַציאָנאַלע הבטחות וועלן מקויים ווערן בשלמות.

# עקיבא עטינגער

(נאָך זיין אָרון)

### א.

אַ לאַנגע רייִ אויטאָמאָבילן באַוועגט זיך לאַנגזאַם אויפן שמאָלן וועג, וואָס קירעוועט זיך אָפּ פון הויפּט־שאָסיי אין דער ריכטונג פון קרית־ענבים. עס איז אַ לוויה, די לוויה פון עקיבא עטינגער, וועלכער איז ווידער עולה צום דאָזיקן פּלאַץ, אָבער דאָס מאָל טוט ער עס נישט ביחידות נאָר מיט אַ גרויסן עולם, וואָס באַגלייט אים צו זיין אייביקער רו אויפן בית־עולם צופוסנס דעם באַרג. צו די באַגלייטער שטייען אויך צו נאַטור־שליחים, אַ בייסיקער ים־ווינט, פון שבט, וואָס בושעוועט אויף די ירושלימער בערג, רייסט זיך דורך מיט אַ געיאָמער דורך די איינגעבויגענע און דערשלאָגענע ציפּרעסן ווי פאַרלאָזענע יתומים, און שמעטערט די סאָסנע־צווייגן, וואָס צעהוידען זיך מיט אַ וויטיקלעכן קרעכץ; און פינצטערע שוואַרצע וואָלקנס גיסן אויס צאָרנדיק שטראָמען קאַלטע און שניידיקע רעגנס. טיילמאָל מישן זיך אויס אויך ווייסע שנייעלעך, וועלכע דערמאָנען דיר אַ בילד פון דער פאַרגאַנגענהייט...

### ב.

ווינטער תרפ״א (1921). ביינאַכט איז געפאַלן אַ שניי און באַדעקט ירושלים און די אַרומיקע בערג. כמעט אוממעגלעך צו שטעלן אַ טראָט, ווייל די אויטאָמאָבילן זענען נישט געווינט צו פאָרן אויף באַשנייטע שאָסייען, אָבער עטינגער לייגט מיר פאָר מיר זאָלן דינגען אַ פור און אַראָפּפאָרן קיין קרית־ענבים כדי צו באַזוכן די יונגע פלאַנצן פון די פרוכטביימער וואָס זענען מיט עטלעכע טעג צוריק

דערהאַלטן געוואָרן פון אויסלאַנד און ער האָט שטאַרק מורא, זיי זאָלן נישט האָבן גוט „איינגעאָרדנט" געוואָרן אין די קאַנאַלן, און דעמאָלט דראָעט זיי אַ געפאַר פון די שנייען און רעגנס. מיט צוויי ברוינע פערד איינגעשפאַנט אין אַ קאַרעטע פאָרן מיר און גליטשן זיך ביז קרית־ענבים. דער רעגן האָט נישט אויפגעהערט, אַ רעגן געמישט מיט שניי, וואָס באַדעקט די ערד אויף אַ הויך פון 30־40 צ"מ און אין דעם טעפיך טאָפּטשען מיר פון קאַנאַל צו קאַנאַל, כדי איינצואָרדענען די פלאַנצן, באַגלייט פון אַ פּאָר קבוצה־חברים מיט רידל'ען און לאָפּעטעס. עטינגער איז אָנגעטאָן אין זיין „בורקע", ס'קומט אים אָן שווער צו גיין, אָבער דער ציטער איבער די נייע פלאַנצן, וואָס אַנטהאַלטן צענדליקער נייע מינים און קולטיוון אין לאַנד, איז נאָך גרעסער, און ער איילט אונדז כסדר אונטער, מיט־באַטייליקנדיק זיך אויך פעריזענלעך אין דער אַרבעט, מיר זאָלן זיך פאַרנעמען מיטן וואָרצל און אַכטונג געבן אויף די צווייגעלעך, כדי יעדער פלאַנץ זאָל בשלמות אָפּגעהיט ווערן און זאָלן אָנגענומען ווערן נאָכן פאַרפלאַנצן. בעת ער באַרירט די פלאַנצן און לייענט איבער דאָס אויפגעשריבענע אויפן שילדל, דעם נאָמען פון דעם סאָרט, האַלט ער אַ גאַנצע לעקציע איבער יעדן מין באַזונדער, פון וואַנען ער שטאַמט, ווי ער הייסט אין פאַרשיידענע לענדער, וואָס פאַר אַן אויסזיכטן ער האָט ביי אונדז. דער וועטער בעסערט זיך נישט, דער ווינט וואָיעט, די שנייעלעך טאַנצן אַרום, דער שטאַר־קער רעגן פּאַטשט אויפן פּנים, די פיס טאָפּטשען אין בלאָטע און שניי, אָבער די אַרבעט ווערט נישט איבערגעריסן. ער, עטינגער, פּירט נאָך אַ קאַמף מיט זיינע ברילן, וועלכע לאָזן זיך, פון צייט צו צייט, אַראָפּ פון זייער פּלאַץ; טוט ער זיי אָן פונסניי מיט דער רעכ־טער האַנט בעת די לינקע האַלט אַ בינטל פלאַנצן, ביז די אַרבעט ווערט פאַרענדיקט. ערשט פאַרנאַכט־צו, ווען ס'איז שוין גוט פינצ־טער — גייען מיר אַרויף אויף דער קאַרעטע און פאָרן צוריק קיין ירושלים.

### ג.

ווייל עטינגער האָט נישט בלויז געקענט דעם פּלאַנץ, נאָר אים אויך ליב געהאַט. י ד י ע ה אַליין איז ביי אונדז נישט גענוג. דאָס איז אונדז שוין קלאָר געוואָרן פון דער געשיכטע פון אונדזער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע אין לאַנד און פון די אַגראָנאָמען וועלכע האָבן זי געפירט. און אויב עטינגער האָט טאַקע געקענט די לאַנדווירטשאַפט, דעם פּלאַנץ, און איבער אַלץ — דעם בוים און קוסט, מער פון אַלע אַנדערע יידישע אַגראָנאָמען, וועלכע זענען טעטיק געווען אין אונדזערע פעלדער זינט די ערשטע טעג פון שיבת־ציון ביזן היינטיקן טאָג — וואָלט אָבער די ידיעה אַליין נישט געקלעקט פאַר אים כדי אויפצוטאָן דאָס וואָס ער האָט אויפגעטאָן — ווען נישט זיין ליבע צום פּלאַנץ וואָס ער האָט געפלעגט מיט די הענט און מיט זיין גאַנצער נשמה.

אייגנטלעך איז ער געווען אַ וויסנשאַפטסמאַן. ווי אַזעלכער האָט ער געווירקט אין רוסלאַנד און אין אַנדערע לענדער, ווי אַזעלכער איז ער אַריין אין זיין אַמט ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און ער האָט פאַרמאָגט עטלעכע סימנים פון אַן אויסגעשפּראָכענעם פאַכמאַן און וויסנשאַפטלער. קודם־כל דער טרוקענער און עקזאַקטער סטיל; דאָס שטרענגע אָפּהיטן דעם וויסנשאַפטלעכן נאָמען וואָס זאָל ריכטיק אויסגעדריקט און אויסגעשריבן ווערן. אָבער אין זיין באַציאונג צום פּלאַנץ איז געקומען צום אויסדרוק זיין ליבע צו אים. פון וויסנשאַפטלעך־עקאָנאָמישע פאָרמולן איז ער געקומען צו דער מסקנה, אַז אונדזער אַגראַר־ווירטשאַפט נייטיקט זיך אין אַ סך קולטור־פּלאַנצן וועלכע געפינען זיך אין פאַרשיידענע לענדער און דעריבער מוזן מיר זיי ברענגען אין אונדזער לאַנד, איינזאַמלען, שטודירן זייער אַקלימאַטיזאַציע און זיי ברייט פאַרשפּרייטן אין ארץ־ישראל, אָבער אונטער די אַלע פאָרמולירונגען איז באַפרידיקט געוואָרן די ליבע וואָס ער האָט געפילט צו די דאָזיקע פּלאַנצן.

ער האָט זיי פּשוט געוואָלט זען דאָ, אין אונדזער לאַנד און אונ־דזערע ווירטשאַפטן, ווייל ער האָט זיי ליב געהאַט, געוואָלט זיין נאָענט צו זיי און אַוועקגעבן זיי זיין זאָרג און זיין ליבשאַפט. ווי אַ טרייער ליבהאָבער איז ער נישט געווען גרייט מוותר צו זיין אויף קיין שום פּרט פון זייער לעבן, נאָר ער האָט איינציקווייז אויסגע־רעכנט זייערע מעלות און אייגנשאַפטן, אין פאָרם פון וווקס, אין דער קרוין, אין דער בלום, קאָליר, פרוכט און טעם. דוכט זיך ווי ער וואָלט נאָר געזען די מעלות און דערפאַר האָט ער געקענט צו־נויפזאַמלען צענדליקער מיניםביימער און קוסטן, פון ווײַנשטאָקן און רויזן, פון ציבל, גרינס און תבואות, ווייל אַלע זענען אים געווען ליב, אַלע נאָענט צום האַרץ און ממילא זענען זיי אים געווען קלאָר. ער האָט אַלע באַהאַנדלט ווי אַ טרייע גוטע מאַמע.

ד.

און נישט בלויז די דאָזיקע ליבע האָט אָנגעפילט זיין נשמה, ווי אַן אַגראָנאָם וועלכער איז געקומען אויפצוריכטן די וויסטענישן פון דעם לאַנד, נאָר אויך אַ ליבע צום דאָזיקן לאַנד. קודם האָט אויס־געשפּראָצט די ליבע צום פעלד און געוויקס און נאָך דעם — נאָכן עולה זיין און באַטרעטן דעם באָדן ווען זיינע בליקן האָבן דורכגע־נישטערט אַלץ וואָס עס געפינט זיך אויף דעם באָדן און אין אים — איז פאַרזייט געוואָרן אין זיין האַרץ אַ ליבע צו דער ערד און גאָר שנעל געשלאָגן וואָרצלען, זיך צעוואַקסן און געגעבן פּירות. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט זיין בילדונג דערוואָרבן אין גוישע הויכשולן, און טראָץ דעם וואָס ער איז געווען פאַרקאָכט מיט פּראַקטישער לאַנדווירטשאַפט אין פרעמדע לענדער במשך צענדליקער יאָרן — האָט ער אָבער נישט געוואָלט אַריינפירן פרעמ־דע עלעמענטן אין דעם לאַנד ווי אַנדערע האָבן עס געוואָלט טאָן פאַר אים און נאָך אים, נאָר האָט, אַזוי צו זאָגן, פאַרלאָזן די פרעמ־דע תורהס און זיך אָפּגעזאָגט פון פרעמדער לאַנדווירטשאַפט, און

האָט זיינע ידיעות און דערפאַרונגען איבערגעשמאָלצן אין „שמעלצ־אַיוון” פון דער ארץ־ישראלדיקער לאַנדווירטשאַפט. ער איז געקו־מען באַדינען דאָס לאַנד, דערפאַר האָט ער געפילט אַ נויטווענדי־קייט עס צו דערקענען, צו דערוויסן זיך און דורך דעם עס ליב צו באַקומען. מעגלעך, אַז די ליבע איז קודם געקומען און ווייל ער האָט געשלאָסן מיטן לאַנד אַ ליבע־בונד — האָט ער אַדאַנק דעם געקענט זיך דערוויסן און פאַרשטיין דעם סוד פון זיין אינערלעכן וועזן.

כ׳געדענק דעם ערשטן שפּאַציר אין די עטרות־פעלדער פרי־לינג־צייט, זיין לאַנגזאַמען גאַנג אויף די זיך־שלענגלדיקע סטעזש־קעס, זיינע אַראָפּגעלאָזטע אויגן צו דער ערד, זיין זוכן די געוויקסן. ווי גרויס איז געווען זיין שמחה בעת ער האָט אַנטדעקט דעם ווילדן קליי. „אויב דער געוויקס — האָט ער געזאָגט באַטראַכטנדיק דעם פלאַץ — וואָס געהערט צו דער אַרבעס־פאַמיליע, וואַקסט דאָ, איז עס דאָך אַ פרוכטבאַרע ערד און מען קען אויף איר קולטיווירן פאַר־שיידענע קולטור־פלאַנצן וואָס זאָלן ווערן דער יסוד פון דער ווירט־שאַפט נעבן די פרוכטביימער.” זיין שמחה איז געשטיגן אין דער מאָס וואָס ער האָט אַנגעטראָפן נאָך צמחים פון דער אַרבעס־פאַ־מיליע. זיין ליבע צום לאַנד אין אַלע זיינע געגנטן, האָט אים גע־פירט צום באַרג און ער האָט געפּריידיקט צווישן די קאָלאָניזיר־קרייזן, אַז זיי זאָלן ריכטן די קאָלאָניזאַציע אויך צום באַרג, און בעיקר אין ירושלימער ראַיאָן. ער, וועלכער האָט אין זיין ווייזיע גע־זען די וויכטיקייט פון באַרג פאַר אונדז, האָט אויסגעטראָטן אַ וועג פאַר אונדזער גאַנג צו אים, דורכן גרינדן קרית־ענבים און עטרות און פלאַנצנדיק, אַלס פרווו, אַ ריי פרוכטביימער, ווייַנשטאָקן און אַנדערע פרוכט־קוסטן. אָבער זיין מיינונג איז נישט אָנגענומען גע־וואָרן ביי די מומחים די טעאָרעטיקער, וועלכע ווייסן „וואָס איז פריער און וואָס איז שפּעטער” אין אונדזער אַגראַר־קאָלאָניזאַטאָ־רישער טעטיקייט, און דעריבער האָבן זיי גורם געווען, דורכן אָפּ־שטופן דאָס „שפּעטערדיקע”, אַז וויכטיקע פּאָזיציעס זאָלן פאַר אונדז

גיין לאַיבוד. זיין ליבע צום לאַנד האָט אים אויך געפירט צום נגב, און ער האָט עס איינגעאָרדנט אין תרפ״א די בוימשולן אין באר־שבע, אַלס ערשטע סטאַדיע פאַר דער נגב־לאַנדווירטשאַפט.

ה.

און נאָך אַ ליבע האָט זיך אַריינגעקליבן אין זיין האַרץ, דאָס איז די ליבע צו אונדזער לאַנדווירט. ער האָט אין אים געזען איינעם פון די דריי יסודות — נישט דעם לעצטן — אויף וועלכע עס וועט געבויט ווערן די יידישע לאַנדווירטשאַפט אין לאַנד. און פונקט ווי די צוויי יסודות, די ערד און דער געוויקס, קענען נישט דינען זייערע צוועקן, סיידן זיי זאָלן פריער אַנטפּלעקן זייער נאַטירלעכע אייגנשאַפט, בעת עס ווערן פאַר זיי באַשאַפן אַלע נייטיקע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון זייער אויטענטישן און פרייען אייגנאַרט, און נישט לויט דער שטה פון צוואַנג — אַזוי געשעט אויך מיטן מענטש. דער יידישער לאַנדווירט וועט נאָר דעמאָלט קענען דערשיינען ווי אַ שעפערישער כוח, אויב ער וועט נישט באַרויבט ווערן פון זיין גייסטיקער פרייהייט, נאָר פאַרקערט, אויב מ'וועט אים העלפן דורך פאַסיקע באַדינגונגען, צו אַנטפּלעקן זיינע אייגנשאַפטן, געדאַנקלעכע און עמאָציאָנעלע, ביים קומען אין באַריר מיט די צוויי דערמאָנטע יסודות. ווייל ערדאַרבעט איז, לויט עטינגערן, נישט קיין מלאכה און נישט קיין מיטל פאַר אַן אַנדער צוועק, נאָר אַ שאַפונג און אַ ציל פאַר זיך, און כדי דער לאַנדווירט זאָל דעם ציל דערגרייכן, קען ער נישט זיין באַצוווּנגען דורך אַנדערע און קען נישט זיין געפּענטעט אין אַ נישט אַדעקוואַטער לעבנס־ראַם, נאָר ער מוז לעבן לויט ווי ער האָט ליב, אין דער פאָרם וואָס ער אַליין האָט פאַר זיך אויסגעוויילט. אויס ליבע און אָפּשאַצונג צום ערדאַרבעטער, האָט עטינגער נעגירט די אַפּוטרופּסות איבער אים אין וועלכער פאָרם זי זאָל נישט זיין, און ער האָט זיך נישט אַריינגעמישט נישט נאָר אין זיינע גייסטיק־סאָציאַלע ד׳ אמות, נאָר

אַפילו אין ווירטשאַפטלעך־פּראָפעסיאָנעלן תחום — האָט ער אויך איבערגעלאָזט דעם אויסוואַל דעם לאַנדווירט. יעדער לאַנדווירט איז אים געווען באמת טייער און ליב, מעג ער לעבן אין אַן אַלטער מושבה אָדער אין אַ נייעם מושב, אין אַ קליינער אָדער גרויסער קבוצה, אַ „פּויער" אָדער אַ „פּועל־צעיר", אַן „אחדות־העבודהניק" אָדער אַ „פּועל־מזרחי", אַן אשכנזי אָדער אַ תימני אאַז"וו. אין די פּימנים וואָס זענען באַקאַנט ווי פּאַרטייאישקייט און שטרעמונגען, האָט ער נאָר געזען אַ לעבנספאָרם, וואָס דער לאַנדווירט האָט זיך אויסגעוויילט, און וואָס זעט אים אויס צו זיין די פּאַסיקסטע כדי צו דערגיין אויף זיין אייגענעם וועג צו איינאיינציקן בשותּפותדיקן ציל: באַאַרבעטן די ערד און זיך איינוואָרצלען אין איר.

ז.

מיט אָט דער דרייפאַכיקער צונויפגעשמאָלצענער ליבע, צו דער ערד, צום געוויקס און צום לאַנדווירט, איז עטינגער צוגעטראָטן, בעת דער באַנייאונג פון דער ציוניסטישער טעטיקייט נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, אויסצואַרבעטן די פּלענער פון אונדזער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע. עס איז געווען אַ פּאַרנעמפולער פּלאַן אין כמות, איכות און מהות, אָנגעווענדט צו דער „גרויסער שעה", ווי ער און פיל פון אונדז האָבן זי געזען. אויסברייטערן תחומים, דעראָבערן נייע געביטן, פאַרמערן די צאָל ישובים; אַנטוויקלען די געמישטע ווירטשאַפט און זעלבסטאַרבעט; אַקלימאַטיזירן נייע קולטורן, איינזאַמלען די לאַנד־צמחים, גרינדן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע עקספּערימענטאַל־סטאַנציע און פּראַקטישע אינסטרוקציעס; אויסבעסערן ערד־שטחים און באַוואַלדן; צוגרייטן דעם אַרבעטער צו זיין אויפגאַבע און שאַפן אַרבעטאָרינס־ווירטשאַפטן. אַ פּלאַן פול מיט וויזיע און געבויט אויף ווירקלעכקייט, ווי עס באַדאַרף צו זיין. און אויב דער פּלאַן איז טאַקע אַרומגעשניטן געוואָרן פון אַלע זייטן, נאָכדעם ווי ער איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון

די בודזשעט־מאַכטהאָבער, איז ער דאָך רעאַליזירט געוואָרן אין זײַנע הויפּט־פּרינציפּן אַדאַנק זײַן שטאַרקן ווילן און זײַן עקשנות, אומדערשראָקן פֿאַר מכשולים פֿון נאַטור און פֿון מענטש. און אַזוי הייבט אָן עטינגער אַ נײַע תּקופֿה אין דער געשיכטע פֿון אונדזער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער קאָלאָניזאַציע, זײַענדיק דורך אַלעמען באַליבט ווי אַ פּלאַנירער, אַ רעאַליזירער, אַ וועגווײַזער און לערער אין הלכות באָדן און קאָלאָניזאַציע. ער איז אַ סאָלידער אָנשפּאַר פֿאַר אוסישקינען און רופּינען בעת זיי שטרעבן אויסלייזן נורים און נהלל־געביט, ער האָט אַ חלק אין דערגאַנצן די קניה פֿון מערבֿדיקן עמק. ער מאַכט די עליה אויפֿן באָדן פֿון עין־חרוד, תּל־יוסף, גבֿע, כּפֿר יחזקאל און נהלל און גרייט צו די באַדינגונגען פֿאַר דער באַזעצונג פֿון בית־אלפֿא, חפֿצי־בה, בית יהושע און נאָך און נאָך. ער אַנטוויקלט בוים־שולן צו קולטיווירן וואַלדביימער און ער באַגלייט די ערשטע נטיעות אין די פֿעלדזן פֿון קרית־ענבֿים און אויף די שיפּועים פֿון כּרמל־באַרג. זײַן טעטיקייט האַלט זיך אין איין צעוואַקסן, אָבער אַנטקעגן אים הייבט מען אָן, אין לאַגער פֿון אָפּיציעלן ציוניזם, צו פּאַכן מיט דער פֿאָן פֿון דער באַשרענקנדיקער און אײַנשרומפּנדיקער „פּראַקטישקייט"; עטינגערס גייסט איז צו ברייט פֿאַר דער ראַם און ער ווערט אָפּגעשטויסן אָן אַ זײַט. דעמאָלט ווידמעט ער זיך דעם באָדן אַליין און מאַכט אָנשטרענגונגען אויסצולייזן עמק חפֿר און עמק זבֿולון. אָבער די „פּראַקטישקייט" דרינגט אַרײַן אויך אין דעם ווינקל און דער מענטש פֿון שווונג און פּאַרנעם קען מיט איר נישט הויזן צוזאַמען, און ער רוקט זיך אײַנגאַנצן אָפּ. פֿון זײַן אייגענעם רצון? — לאו דווקא, נאָר די ווירקלעכקייט האָט געעפֿנט זײַנע אויגן און ער האָט געזען אַז די פֿרײַנד, אַפֿילו פֿון צווישן די נײַע מתיישבֿים, שטייען פֿונדערווײַטנס און העלפֿן אים בכלל נישט. דעמאָלט פֿאַלן אַראָפּ זײַנע פֿליגל. אַ קריגער פֿאַר זיך גופֿא, איז ער קיינמאָל נישט געווען.

ז.

קרוב 13 יאָר איז ער געווען פאַרוקט אין אַ ווינקל, שטיל און באַשיידן אין דער רוישיקער יידישער שטאָט און געמאַכט דעם חשבון פון דער יידישער לאַנדווירטשאַפט אין גלות און אין ארץ־ישראל און האָט זיך פאַרטיפט אין די קאָלאָניזאַטאָרישע פּאַטענציאַלן פון לאַנד און איר אַבסאָרציע־פעאיקייט אין דער צוקונפט. זיינע געדאַנקען און די מסקנות פון זיינע פאָרשונגען ברענגט ער צום אויסדרוק אין אַ ריי אַרטיקלען אין פאַרשיידענע צייטשריפטן; צווישן זיי זיין וויכטיקער אַרטיקל „באַפעלקערונג־אויסטויש" אין זאַמלבוך „בכור" פון יאָר ת"ש, און אין זיינע ביכער „מיט יידישע פויערים אין די גלות־לענדער", אַרויסגעגעבן פון „ספרית הפועלים" און „די געשיכטע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל" וואָס האַלט ביים דערשיינען פון „עם עובד". פון זיין ווינקל שיקט ער אַרויס אויספיר־שטראַלן צו זיינע אויסגעבענקטע „וועלטן", אָבער די שטראַלן קומען צוריק און שפּינען אויס אַרום אים אַ טרויער־שלייער וואָס הילט אים איין זינט דעמאָלט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

און אָט באַגלייט אים איצט אַ גרויסער עולם, אויף וועלכן ער האָט אומזיסט געוואַרט די אַלע יאָרן. זיי זענען געקומען אים אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד. איצט קערט ער זיך אום צום ישוב וואָס ער האָט געשאַפן, אויפן וועג וואָס ער האָט געפלאַסטערט און אין שאָטן פון די ביימער וואָס ער האָט געפלאַנצט. די ביימער זענען נישט אומדאַנקבאַר. זיי זענען אויסגעוואַקסן, הויך געוואָרן און פאַרשפרייט זייערע קרוינען כדי צו באַשיצן זייער פריינד, וועלכער איז צו זיי געקומען צו געפינען צווישן זיי זיין אייביקע רו.

# י. ווילקאַנסקי

## (דער פּלאַנירער)

### א.

די פֿערמע אין בן־שמן, אָנגעפֿירט פֿון יצחק ווילקאָנסקי אָנהייב תר״ע (1910), פֿאַרנעמט אַ פּלאַץ אין דער געשיכטע פֿון אונדזער קאָלאָניזאַציע, סיי אין איר צייט און סיי אויף דורות, ווי אַ ווענד־פּונקט אויף אַ שיידוועג. פֿאַר איר איז, כּלומרשט, אַלץ געווען אין דער לאַנדווירטשאַפֿט קלאָר און זיכער; די פֿריערים האָבן געוווסט זייער וועג. די פֿון יהודה — זענען געצילט צום דריי־מינימדיקן ווייַנגאָרטן און די אין גליל' — צום תּבֿואה־פֿעלד, אַ ירושה פֿון די אַראַבער; און די אַרבעטער, פֿון דער צווייטער עליה, זענען טריי געבליבן דער פּאַרהייליקטער „טוריה״, ווי אַן אויסגעפּרווט גע־ווער פֿאַר כּיבוש־עבֿודה, אָט דער עמוד־האש אין וועמ׳ענס ליכט זיי האָבן זיך געוואַרעמט זיצנדיק אויף אסיפֿות, און אין זיין צייכן איז מען געגאַנגען צו דער אַרבעט, נישט אָפּווייכנדיק אַ טראָט פֿון דעם שמאָלן תּחום. אויך דער גאַנג קיין כּנרת, אָט די בראשית־פֿער־מע, אין וועלכער ס׳האָט געשטעקט אַ טענדענץ פֿון אַן אַדאָפּטירט קינד ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און די נייגונגען צו דער קליינער נאַכט־אכסניה אין דער שפֿלה פֿון לוד, זענען אויך געווען אין זעלביקן תּחום: כּיבוש־עבֿודה פֿון איר אָנהייב און אויף אַ פֿול־שטענדיקן אופֿן. און טאַקע האָבן די איניציאַטאָרן פֿון די פֿערמעס און זייערע גרונטשטיין־לייגער קיינמאָל נישט געזען פֿאַר זיך קיין אַנדער טענדענץ ווי נאָר בלויז די דאָזיקע, און ווען דאָס לעבן וואָלט ווייטער געפֿלאָסן אין די כּלומרשטע „נאַטירלעכע״ קאַנאַלן, וואָלט אפֿשר זייער סוף גאָר שנעל געקומ׳ען, און זיי וואָלטן הינטער זיך איבערגעלאָזן בלויז אַנטוישונג, ווי, למשל, די פֿערמע ביים כּנרת

אין אירע ערשטע יאָרן. אָבער אין דער פערמע פון בן־שמן איז געשען אַ נס (נישט אומזיסט איז זי נאָענט צו מ ו ד י ע י ן, דעם מקור פון נאַציאָנאַלן חנוכה־נס): — דער מאַן וואָס איז נאָמינירט געוואָרן פאַר איר דירעקטאָר איז געווען באַשאָנקען מיט אַ שאַרפן קוק, מיט אַ חוש און מיט פאַרנונפט, און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דעם קאַנאַל און זיך באַמיט אים אָפּליינקען אין אַנדערע ריכטונגען צו אַ נייער טענדענץ, געבויט אויף אַ פעסטן פונדאַמענט מיט אַ פאַרנעמ׳פול׳ער קאָנסטרוקציע פון אויבן.

ווילקאָנסקי — וולקני האָט זיך פאַרטיפט אין לעבן פון דער מושבה און האָט געזען, אַז די אָנשפאַר־זיילן זענען שוואַך און דער בנין שאָקלט זיך. האָט ער זיי אָנגעכאַפּט, נישט כדי צו שטיצן זיי, נאָר כדי צו בויען אָנשטאָט זיי פעסטע פונדאַמענטן. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אַנטדעקט דעם שוואַכן פונקט אין די אויסגעטראָטענע וועגן און איז געווען דער ערשטער אָנצווייזן און אויפצוקלערן, ווו איז דער ריכטיקער וועג אויף וועלכן מען דאַרף גיין. נישט קייןווירטשאַפט פון באַלעבאַטים און לויך־אַרבעטער, נאָר אַ ווירטשאַפט פון אַ מענטש וואָס באַאַרבעט נאַציאָנאַלן באָדן. דאָס איז זיין גאַנצע תורה, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט נאָך אַ טיפער באַאָבאַכטונג, אַ ווייטן קוק און אַ ניכטערן אַנאַליז. אַ רעוואָלוציאָנערע תורה סיי פאַרן מענטש און סיי פאַר דער ערד, אָבער אַן אמתע תורה, ווייל זי איז אַ לעבנס־תורה — אָפּגעמ׳אָסטענע דימענסיעס, ווערטיקע מטבעות און פעסטגעזעצטע גרונט־עלעמענטן.

איינגנטל׳עך איז די פערמע אין ב ן ־ ש מ ן געווען באַשטימט צו קולטיווירן אַן איילבירט־וואַלד אויף הערצלס נאָמען, אָבער איר דירעקטאָר האָט זיך נישט באַגנוגנט דערמ׳יט. נאָך מער, עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער פאַרנאַכלעסיקט די דאָזיקע אויפגאַבע און לייגט אַכט אויף מעשים, וואָס האָבן קיין שום שייכות נישט מיט ביימער בכלל און מיט איילבירטן בפרט. מ׳האָט אים טאַקע קריטיקירט דערפאַר. אָבער ער האָט נישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט דער הויכרעדעריי און די קורצזיכטיקע. אַן אי־

אידײע האָט צו אים געװונקען, און בן־שמן איז פאַר אים געװען אַ שמעלצאויװן איבערצוגיסן װערטן און אַ בית־האוצר פאַר פּלאַני־רונגס־אַנשטאַלטן. צונױפגיסן, צוזאַמענפלעכטן און קאָאָרדינירן די עלעמענטן פון יעדער פּלאַנירונג — זענען געװען טײלן פון װולקנים נאַטור. קורצע יאָרן נאָכדעם און דאָס בן־שמן פון װולקני דעם פּלאַ־נירער איז זיך צעװאָקסן. אַנשטאָט אײלבירטן איז געקומען די גע־מישטע װירטשאַפט, װוּ עס הערשט דער אַרבעטנדיקער מענטש און מיט זײַן אַרבעטסגעצײַג דעראָבערט ער זיך אַלײן, דעראָבערט די אַרבעט און דאָס לאַנד מיט די ערשטע יסודות פון איר עקאָ־נאָמיק.

ב.

אָבער, דער כוח פון יעדן פּלאַנירער איז גרויס אויב ער גלײ־װערט נישט אײן, אויב ער פאַרבינדט זיך נישט אויף לעבן און טויט מיט דאָקטרינען און בלײַבט נישט טרײַ זײַנע אַקסיאָמעס, בעת די באַזעס צעטרײסלען זיך. דער פּלאַנירער האָט שטענדיק אָפענע אויגן און אויערן און זײַן מוח איז װאַכזאַם, װי כביכול, דער שע־פער בעת ער אַרבעט אויף זײַן װערק און יעדע גײַסטיקע ענדע־רונג, יעדעס בילד פון פאַרבן־טויש שפּיגלען זיך אין אים אָפּ. דע־ריבער צעװאָרפט ער אַקסיאָמעס און פאַרבײַט מסקנות, הגם זײ זענען זײַנע — אויב דער גײַסט פון דער צײַט און די סיטואַציעס האָבן זיך געענדערט. װולקני, װי אַ פּלאַנירער װאָס אָבסערװירט די צײַט און דעם פּלאַץ װי אַ סײסמאָגראַף, האָט נישט געקאָנט אײַנ־זיצן רואיק און טרײַ־בלײַבן דאָקטרינעס, נאָכן איבערצײַגן זיך אַז זײער יסוד איז צעשטערט. די זעלבע „געמישטע װירטשאַפט", װאָס ער האָט געשאַפן מיט זײַנע אײגענע הענט אין יענע צײַטן, איז דורך אים אַלײן דערקלערט געװאָרן, נישט פיל יאָרן שפּעטער, װי אַ פּסולע שיטה נאָכדעם װי מ'האָט מיט איר מיסגעברויכט און זיך נאַריש געמאַכט.

אין אָנהײב יאָרצענדליק פון תר"ץ (1930) האָט די געמישטע

ווירטשאַפֿט פֿאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין אונדזער דאָרף און זיך איינגעוואָרצלט אין פֿיל געגנטן. זי איז דער פֿונדאַמענט און זי איז די רושטאָוואַניע, זי איז די רעטערין און די אויסדרייטערין. אָבער ביים סוף העלפֿט פֿון דעם יאָרצענדליק איז די לאַגע געוואָרן קאַטאַסטראָפֿאַל אין יידישן דאָרף און עס האָט זיך געלאָזט הערן אַ דראָענדיקע וואָרענונג: די דריי עיקרדיקע יסודות, אויף וועלכע עס שטיצט זיך די געמישטע ווירטשאַפֿט, מילך, אייער און ירקות, זענען אויפֿגעטרייסלט און האָבן פֿאַרלוירן זייער דינסט־פֿעאיקייט. די רעדוצירטע נאָכפֿראַגע און דער פֿאַרגרעסערטער אָנבאָט פֿון אויסלענדישע פּראָדוקטן האָבן מיטגעבראַכט אַ פּרייז־פֿאַרביליקערונג, אָבער אין דער זעלבער צייט זענען די פּרייזן פֿון די נייטיקע שטאָפֿן פֿאַר דער אויסאַרבעטונג פֿון דער פּראָדוקציע, נישט קלענער געוואָרן נאָר אַפֿילו געשטיגן. איז אַרויסגעקומען, אַז די הוצאות פֿון דער פּראָדוקציע זענען געוואָרן גרעסער פֿון דער הכנסה, און דערפֿאַר איז דער פּראָדוצענט געבליבן נקי און נאָך באַלאָדן מיט אַ שווערן פּעקל פֿון חובות. אָט דער שפּאַלט וואָס האָט אָנגעהויבן אָנפֿאַנג תרצ"ז (1937) און האָט זיך פֿריער באַוויזן נאָר אויף ירקות־געביט און זיך שפּעטער אויסגעברייטערט אויך אין דער מילך־פּראָדוקציע, איז נישט געווען פֿאַרהוילן פֿון די אויגן פֿון די, וועלכע זענען נאָענט צו דער ווירטשאַפֿט, שעפֿער און טרעגער, עסקנים און פֿאַרמיטלער, און זיי האָבן זיך נישט איינמאָל פֿאַרזאַמלט צו באַטראַכטן די לאַגע, כּדי צו פֿאַרשטאָפּן די שפּאַלטן. ס'זענען געגעבן געוואָרן אַ סך עצות. אַ טייל האָט געזאָגט: דער פֿאַרבאַנד פֿאַר תּוצרת־הארץ וועט לייזן די סיטואַציע; און אַ טייל האָט געזאָגט, נאָר „צאָלאַמט־שטייער" וועט באַשיצן אונדזער פּראָדוקציע. מען דאַרף אַרויפֿלייגן אַ הויכן שטייער אויף אויסלענדישער סחורה און ממילא וועט וואַקסן דער אינטערעס אין אונדזער פּראָדוקציע, און אַזוי וועלן די באַקומענע פּרייזן באַלאַנסירן אירע הוצאות. אָבער די אַלע עצות האָבן קיין ישועה נישט געבראַכט. די „חדשים" פֿון יידישער מילך און די „וואָכן" פֿון פּוטער, די „טעג" פֿון די אייער און

די „שעהן" פֿון גרינצייג האָבן נישט געהאַלפֿן אַפֿילו טיילווייז צו פֿאַרשטאָפּן די לעכער און די שוץ־שטייערן זענען נישט אַרויפֿגע־לייגט געוואָרן, ווייל פֿיל זענען אין זיי אַ גוואַלדיקן פֿאַרלוסט פֿאַר דער מערדזייט פֿון דער באַפֿעלקערונג צוליב אַ צווייפֿלהאַפֿטיקן פֿאַרדינסט פֿון געציילטע לאַנדווירטן. אינצווישן זענען די ווירט־שאַפֿט־זיילן נאָך מער אָפּגעשוואַכט געוואָרן. די דיסטאַנץ צווישן „המשביר", וואָס שטעלט צו צום לאַנדווירט די שפּייז פֿאַר זיינע בעלי־חיים און צווישן „תנובה" וואָס פֿאַרקויפֿט דעם פֿויערס פּראָ־דוקציע האָט זיך פֿאַרגרעסערט. דער ערשטער גייט אַרויף און די צווייטע גייט אַראָפּ. די מענטשן פֿון דער געמישטער ווירטשאַפֿט זענען צעטומלט און פֿרעגן זיך טאָג ווי נאַכט: ווו איז דער אויסוועג?

אין אָט דעם מאָמענט פֿון פֿאַרווירונג פֿאַר דער געמישטער ווירטשאַפֿט איז דערשינען י. וולקני מיט זיין „לאַנדווירטשאַפֿט־לעכער פּלאַנירונג". ס'איז קלאָר געווען פֿון פֿאָרויס, אַז דאָס פּראָ־בלעם פֿון דער געמישטער ווירטשאַפֿט, וואָס שטייט אויפֿן סדר־היום מיט אַזאַ האַרבקייט וועט אויפֿגעקלערט ווערן אין דעם בוך, אָבער דאָס אומדערוואַרטעטע איז געווען, וואָס דאָרט איז אויך אָנ־געוויזן געוואָרן די לייזונג, דער אויסוועג און איינציק וויכטיקע עצה צו ראַטעווען דעם בנין.

דאָס בוך איז געבויט רינג נאָך רינג. יעדער רינג פֿאַר זיך איז אַ פֿולקאָמער חפֿץ, וואָס גלאַנצט מיט קלאָרער עקספּאָזע אין גע־דאַנק און דאָך איז ער איינגעקייטלט אין דעם צווייטן, און אַזוי שאַפֿט זיך אַ קייט, ווו די עקן באַגעגענען זיך; פּראָבלעמען און ליי־זונג טרעפֿן זיך צונויף, ווייל אויב אַזאַ איז די פּראָבלעם, איז נאָר דאָס די לייזונג און קיין אַנדערע איז נישטאָ. אַ וווּנדערלעכער פֿאַקט: שוין אין ערשטן קאַפּיטל „קעגנאיבער דער קעגנוואַרט" דער רעפֿעראַט וואָס וולקני האָט געהאַלטן אויפֿן אַכצנטן קאָנגרעס אין פּראָג אין תרצ"ג (1933), בעת די געמישטע ווירטשאַפֿט האָט באַזונגען אירע דערגרייכונגען, זעט שוין דער מחבר איר שוואַכ־קייט, ווייל ער איז תופֿס דעם אינערלעך־פֿאַרבאָרגענעם חילוק פֿון

דעם מילך־צווייג, אַ פעלער אין זיין אָרגאַנישן צוזאַמענשטעל. אין יענער צייט, ווען די ווירטשאַפטסלייט האָבן זיך איינגעשאַפן פיל מאַשינען האָט שוין וולקני געזען, אַז זיי וועלן נישט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ, ווייל זיי האָבן אַ סך הוצאות. די פּראָדוקטן קאָסטן טייער און דער אינערלעכער מאַרק איז אַזוי צעבראָכן, אַז מען קען זיך אויף אים נישט שטיצן. וולקני, וועלכער האָט זיך דער ערשטער גענומען צו דער אַרבעט, ווי צו פּלאַנירן די געמישטע ווירטשאַפט, איז אויך געווען דער ערשטער צו זען אירע חסרונות. ער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיטן זען, נאָר האָט געזוכט וועגן צו פאַריכטן די פעלערן, און בעת ער שטעלט זיך „קעגנאיבער דער קעגנוואַרט", וואָס איז די „צוקונפט" פון פיל מענטשן, ווייזט ער אָן אויף די עיקרים פון אויסבעסערונגען און פּלאַנירונגען אין דער „אָרגאַנישער ווירטשאַפט".

„די מעלות פון דער געמישטער אָרגאַנישער ווירטשאַפט — זאָגט וולקני אין זייט 25 — זענען: א) זיי פאַרקלענערן די אינוועס־טיציע־סכומים; ב) זיי רעדוצירן די שטח־איינהייט; ג) זיי באַשרענ־קען די אומבאַדינגט נייטיקע געלט־צירקולאַציע, כדי זיך נישט זען אין דער לאַגע פון פאַרפלייצן דעם ישוב מיט אַ סך תבואות און אויך כדי צו דעקן די לויפנדע הוצאות וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער מעכאַניזאַציע, ווייל די געמישטע אָרגאַנישע ווירטשאַפט האָט גאָר מינימאַלע הוצאות און די הכנסות גייען בעיקר פאַרן אויס־האַלט פון דער אַרבעטנדיקער משפחה; און ד) וואָס זי איז אומ־אָפּהענגיק פון די וועלט־מערק און איז קאָנקורענץ־פעאיק". אויב מיר הערן דאָ דעם „ניין", ד"ה וואָס די ווירטשאַפט דאַרף נישט זיין, דאַן קומט דאָס דריטע קאַפּיטל „די קאָלאָניזאַציע אין פאַר־שיידענע פערספּעקטיוון" און זעצט־אויס גענוי אַלע פאַרוואָסן פון דעם אויסדריקלעכן „ניין". דאָרט ווערט געשילדערט די עקזיסטירנ־דע געמישטע ווירטשאַפט אין אַ געזונטער פערספּעקטיוו, טיף אַריינגעבליקט און אַנאַליזירט, און אַלע פאַרבאָרגענע אינערלעכע פעלערן ווערן תיכף אַנטפּלעקט.

„די מעכאַנישעווירטשאַפט" — אַזוי וועט איצט וולקני באַצייכענען אונדזער געמישטע ווירטשאַפט, צוליב דער מאַשין וואָס געוועלטיקט אין איר — „פאַרשווענדט אַלע אירע כוחות אויסצוהאַלטן די מאַשין און לאָזט איבער גאַנץ ווייניק פאַר דער חיונה פון מאַשין־טרייבער. ער קויפט איין פיל מער פון דרויסן פאַרן געברויך פון דער זעלבסט־באַזאָרגונג, ווי וואָס ער פּראָדוצירט" (זייט 36). דאָס איז איין פעלער און דער צווייטער איז, וואָס די קאָלאָניע קויפט אויך איין שפּייז פאַר דער דערנערונג פון קי און הינער, אַלץ פון אויסלאַנד, און היות די אַרטיקלען וואָס ווערן פּראָדוצירט אין דאָרף זענען אָפּהענגיק פון אינערלעכן מאַרק וועלכער ווערט פאַרפלייצט פון אויסלענדיש קאָנקורענץ־פעאיקע אַרטיקלען, ממילא געפינט זיך דער דאָרפסמאַן אין אַ קלעם — ער קויפט טייער און מוז פאַרקויפן ביליק. די לאַגע איז נישט קיין צייטווייליקע, זי איז עלול צו פאַרבלייבן שטאַנדהאַפטיק, אַפילו ווען די אַפּראָוויזאַציע פאַר בהמות און עופות וואָס ווערט געבראַכט פון אויסלאַנד זאָל ביליקער ווערן, ווייל די פון דאָרט אימפּאָרטירטע סחורות וועלן תמיד זיין ביליקער, מחמת זיי קומען פון עודפים פון געמישטע ווירטשאַפטן און זיי וועלן דעריבער שטענדיק קענען קאָנקורירן מיט די היגע געברויך־אַרטיקלען וועלכע ווערן אַרויסגעלאָזט מיט אַ כוונה פאַרן מאַרק און נישט ווי עודפים פון זעלבסט־באַזאָרגונג.

דער מחבר גלייבט נישט אין ביידע פּאַליאַטיוון וואָס פאַלשע עצה־געבער פּריידיקן: אין דער פּראָפּאַגאַנדע פאַר תוצרת־הארץ און אין דער פאָדערונג פון שוץ־שטייערן. דאָס פּריידיקן תוצרת־הארץ, חוץ דעם וואָס עס האָט נישט קיין כוח אויפצוהאַלטן אַ לאַנגע צייט אַן אינדוסטריעלע אָדער אַן אַגראַר־ווירטשאַפט בעת איר קיום איז טאָגטעגלעך פאַרבונדן מיט איבעריקע הוצאות, אַ זאַך וואָס דער ציבור קען נישט פאַרליידן — איז עס בכלל אָפּגעפרעגט פון סאַמע גרונט און אין אַ געוויסער מאָס אַפילו פאַלש. אויב די שפּייז־אַרטיקלען וואָס דער אייגנטימער פון הינערשטייג אין אונדזער דאָרף גיט צו עסן זיינע הינער און וואָס מאַכן אויס

בערך אַ העלפט פרייז פון דער איי, וואָס ווערט געפאָדערט ביים ייִדישן קונה — אָט די שפּייז שטאַמט פון אויסלאַנד, טאָר וואָס פאַר אַ באַרעכטיקונג איז פאַראַן צו פאָדערן פון קאָנסומענט ער זאָל באַ־צאָלן דעם אונטערשייד צוליב די אויסלענדישע שפּייזן, און ער, דער אייגנטימער פון הינערשטייג, זאָל פון דעם געניסן? אָדער לויטן סטיל פון מחבר: „וואָס איז דער אונטערשייד פון דעם — אויב מען ברענגט פון אויסלאַנד גרייטע פּ ו ט ע ר, צי מען ברענגט שפּייז־אַרטיקלען, וועלכע ווערן מגולגל אין היגער פּוטער?" דאָ דאַרף מען נישט ברענגען קיין ראיות און קעגן־אַרגומענטן פון דער אינדוסטריע, וועלכע אימפּאָרטירט אירע רוישטאָפן, און ווע־מענס פּראָדוקציע דאַרף דערקלערט ווערן ווי תוצרת־הארץ וואָס יעדער איינער פון אונדז איז פאַרפליכטעט זי צו געברויכן, ווייל דאָרט האַנדלט זיך וועגן רוישטאָפן וואָס זענען נישט בנמצא אין לאַנד און מען קען זיי דאָ נישט שאַפן. אַנדערש איז אָבער די לאַגע מיט שפּייז פאַר הינער. דאָס איז שוין נישט קיין רוישטאָף וועלכער געפינט זיך נישט אין לאַנד, ווי למשל, אייזן, האָלץ אדג"ל, נאָר דאָס זענען פּראָדוקטן וועלכע וואַקסן אויך אויף אונדזערע היגע פעלדער; מען קען זיך באַגיין אויך אָן זיי אויב די ווירטשאַפט וועט זיין אָרגאַניש און ביאָלאָגיש. צוליב אָט די צוויי טעמים, האָט דער געמישטער ווירטשאַפט נישט געהאָלפן די פּראָפּאַגאַנדע פאַר תוצרת־הארץ. עס איז געווען אַ גאָר קנאַפּע הילף און אויך דאָס אויף אַ קורצער צייט.

און אַזוי איז אויך נישטאָ קיין זיכערקייט אין שוק־שטייער, ווייל דער רוב עולם וועט נישט אויסהאַלטן זיין שטרענגקייט. אמת, מען דאַרף זיך אַרויסהעלפן מיט אים אין אַ איבערגאַנגס־פּעריאָד, אָבער מען קען אים נישט איינפירן ווי אַ שטענדיקן סיסטעם, ווייל ער וועט מוזן גורם זיין צו אַ פאַרקלענערונג פון דער נאָכפראַגע אויף אַ טייערער פּראָדוקציע, און דעמאָלט וועט נישט כדאי זיין דער גאַנצער ריווח אויב סחורה וועט זיך וואַלגערן און קיינער וועט זיך אין איר נישט אינטערעסירן. „די שטאָטישע באַפעלקערונג" —

קלערט אויף דער מחבר — „פאַרגרעסערט זיך נישט אין אַזאַ מאָס און איז נישט אַזוי פעסט אין איר איינשטעלונג, אַז זי זאָל אויפהייבן שווערע משאות. ווען אונדז געלינגט צו פאַרבאָטן דעם אימפאָרט פון אויסלענדישע פוטער און אייער, וואָלטן מיר באַלאַסטעט אונדזער באַפעלקערונג מיט אַ פערטל מיליאָן ישראל־פונט אַ יאָר; די רעגירונג וועט קומען שנעל און פשוט; די קאָנסומאַציע וועט זיך פאַרקלענערן ביז מער ווי צוויי דריטל. די לאַנדווירטשאַפט וועט זאַט נישט ווערן און די באַפעלקערונג וועט הונגערן. קלענערע שטייערן, ווידער, וועלן אויף קיין סך די לאַגע נישט ענדערן לויט די עקזיסטירנדיקע באַדינגונגען. שוץ־שטייערן אַלס שטענדיקע גזרה וועלן קיין נוצן נישט ברענגען; ס'איז גוט אונטערשטעלן אָנשפאַר־סלופעס אַ בוים בעת ער איז נאָך יונג, אָבער אַ שוואַכער בוים וואָס נייטיקט זיך אַ גאַנץ לעבן אין סלופעס, אָן אַ מעגלעכקייט זיך אַליין אויסצוהאַלטן, וועט זיין קיום־קאַמף נישט ביישטיין. די לאַנדווירטשאַפט מוז געפינען וועגן ווי זיך אַליין צו דערהאַלטן און אויסהאַלטן די קאָנקורענץ". אַט אַזאַ מין לאַנדווירטשאַפט זעט דער מחבר אין דער געמישטער אָרגאַניש־ביאָלאָגישער ווירטשאַפט, וואָס שטייט אין קעגנזאַץ צו דער איצטיקער מעכאַניזירטער ווירטשאַפט. כדי פעסטצושטעלן די יסודות פון דער אַרגאַנישער ווירטשאַפט ווידמעט וולקני דער פלאַנירער אַ ריי אויפקלערונגען אין אַ פאַרשיידנאַרטיקן סטיל און אין פאַרבנרייכע פאָרמולירונגען ביזן באַטאָנען אַלע ניואַנסן פון דער פלאַנירטער פראָדוקציע און אַלץ מיט קלאָרקייט און פשטות. „די מעלות פון דער געמישטער אָרגאַנישער ווירטשאַפט זענען: א) אין דער פאַרפעסטיקונג פון דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישער זעלבסטשטענדיקייט, ביים צושטעלן איר די עלעמענטאַרע געברויך־אַרטיקלען פון שפייז; ב) אין איר ווידערשטאַנד־כוח פאַר דער קאָנקורענץ ביז אַ געוויסן גראַד; ג) אין דער אויסנוצונג פון אַט די הכנסה־צווייגן, פון וועלכע קיין איינער קען ביחידות נישט זיין קאָנקורענץ־פעאיק, אָבער ער ווערט פאַרשטאַרקט בעת ער פלעכט זיך אַריין אין די אַנדערע

צווייגן: איינער דערגענצט דעם צווייטן און באַפעסטיקט דעם צווייטן... אַ ווירטשאַפט וואָס באַזירט זיך אויף האָדעווען קעלבער, האָט נישט קיין עקאָנאָמישן יסוד, אָבער איין קעלבל, איינגעפלאָכטן אין אַ מילך־ווירטשאַפט, וואָס דערנערט זיך פון שטובאַרטיקלען און פון אַ פאַרנאַכטיקער באַהאַנדלונג — גיט צו כוח דער ווירטשאַפט. הינער וואָס נישטערן אין מיסט־קופּעס אין אַ מילך־ווירטשאַפט זענען מסוגל אויפצוהאַלטן קאָנקורענץ קעגנאַיבער די איידעלע, מיוחסדיקע הינער וועלכע באַוווינען פּרעכטיקע שטייגן. די ליפעראַנטן פון אייער און הינער אין די פּאַראייניקטע שטאַטן זענען געווען און זענען נאָך היינט די אַלגעמיינע פערמעס וועלכע האָדעווען 50 הינער וואָס גייען נאָך דעם אַקער און לעבן פון שיריים, און נישט די ספּעציעלע הינער־צוכט־פערמעס" (זייט 89).

די אָרגאַנישע ווירטשאַפט שאַפט אַליין אַליץ, אָדער דעם גרעסטן טייל וואָס איז נייטיק פאַר אייגענעם געברויך און פאַרן געברויך פון איר לעבעדיקן אינווענטאַר. „די אַפּראָוויזאַציע פאַרן אויסהאַלט פון רינדער און עופות מוז פּראָדוצירט ווערן אין איר איבערוויגנדיקן טייל, אין דער אייגענער ווירטשאַפט. ס'האָט קיין זין נישט צו ציכטן מילך־קי אין אַ דאָרף, ווייט פון דער שטאָט, אויב דער רוב שפּייז פאַר זיי ווערט געקויפט; ס'איז אַ סך איינפאַכער האַלטן זיי נאָענט פון דער שטאָט און פאַרקירצן דעם וועג צווישן פּראָדוצענט און געברויכער; די מילכערייען זענען נישט ווייניקער שטאָטיש, אַפילו ווען זיי געפינען זיך אין דאָרף, אויב מ'ען באַקומט נישט אַרויס זייער עיקר־שפּייז פון אייגענעם פעלד אין עקאָנאָמישע באַדינגונגען". וועגן דער צרה, דאָס איינקויפן שפּייז פאַר רינדער און עופות, שרייט דער מחבר אָן אויפהער ווי איינע פון די גרעסטע פעלערן, וועלכע האָבן געבראַכט דעם קריזיס פאַרן שטאַל און הינערשטייג אין דער געמישטער ווירטשאַפט. ער זעט אין דעם אַן אַנטשיידנדיקן באַשרענקנדיקן גורם: „דער באַשרענקנדיקער, אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר באַשטייט אין די אָנגעשוואָלענע

הוצאות פֿון דער געקויפֿטער אַפּראָוויזאַציע" (זייט 85). און דערפֿאַר „דאַרף מען זען די היילונג פֿון דער ווירטשאַפֿט אין דער רעדוצירונג פֿון געקויפֿטן קאָנצענטרירטן שפּייז און אין דער צושטעלונג פֿון דעם עלעמענטאַר־עיקרדיקן שפּייז פֿאַר רינדער און עופֿות פֿון די אייגענע פֿעלדער. דאָס אָפּשטויסן דעם איינקויף פֿון קאָנצענטרירטן שפּייז וועט פֿירן צו דער פֿאַרבילי׳קונג פֿון דער פּראָדוקציע און ממילא צו דער אָפּשטויסונג פֿון אויסלענדישע אַרטיקלען" (דאָרט). און דאָס איז נישט נאָר אַ ווונטש, נאָר אַ פֿאַקט אין דער ווירקלעכקייט: די פֿאַרבעסערטע פּלאַנירטע ווירטשאַפֿט אין רחובות, וואָס די עקספּערימענטאַל־סטאַנציע האָט זיך מיט איר באַשעפֿטיקט עטלעכע יאָר, האָט באַוויזן אַז ס׳איז מעגלעך דעם סיסטעם איינצופֿירן. דאָס איז אַ קינסטלעך־באַוואַסערטע ווירטשאַפֿט „וואָס איז דווקא פּשוט, דווקא אַן אָנשפּאַרונג, אָבער געבויט אָרגאַניש לויט די דערגרייכונגען פֿון דער ביאָלאָגיע, און מען קען דורך איר דערגרייכן צו אַ כמעט פֿולער שפּייז־באַזאָרגונג פֿאַר די בהמות און עופֿות" (דאָרט).

דער עיקר העיקרים איז, אַז די געמישטע ווירטשאַפֿט זאָל שאַפֿן די זעלבסט־באַזאָרגונג פֿאַר די אייגנטימער און זאָל אַרויספֿירן אין מאַרק נאָר די עודפֿים. אָט די עודפֿים וועלן זיין קאָנקורענץ־פֿעאיק, ווייל מילך און אייער וועלן פֿאַרקויפֿט ווערן אין פֿיל ביליקערע פּרייזן ווי די אָנגענומענע, און דער פּראָדוצענט וועט האָבן אַ פֿיינע הכנסה פֿון ריווח; אַדאַנק די ביליקע פּרייזן וועט די פּראָדוקציע אַריינדרינגען אין יעדער שטוב און אַרויסשטויסן די אויסלענדישע סחורה. און דאָ איז די גרויסע תשובה אויף אונדזער גרונט־פּראָבלעם אין לאַנד — אַ מעגלעכקייט פֿון אַ ברייט־פֿאַרמאָסטענער קאָלאָניזאַציע אויפֿן יסוד פֿון אַ געמישטער אָרגאַנישער ווירטשאַפֿט. יעדער קאָלאָניסט וועט אַביסל פּראָדוצירן דאָס נייטיקע פֿאַר זיך מיט אַ קליינעם עודף, וועלן מיר זיך נייטיקן אין אַ סך קאָלאָניסטן כדי צו באַפֿרידיקן די נאָכפֿראַגע אין פּראָדוקטן מצד דער שטאָט; אַנשטאָט ווי היינט, איין דאָרף, וואָס האַלט אויס פֿיל קי און דער־

נערט זיי מיט אויסלענדיש־געקויפטן שפּייז, זאָל צושטעלן מילך פאַר 50 מענטשן אין דער שטאָט, וועלן נייטיק זיין דריי און מער דערפער, וואָס זאָלן אויסהאַלטן די זעלבע צאָל בהמות און פּראָדוצירן זייער שפּייז אין זייערע אייגענע פעלדער. די מעכאַניזירטע ווירטשאַפט שטעלט אין געפאַר נישט נאָר זיך אַליין, נאָר באַגרענעצט און פאַרשמעלערט די מעגלעכקייט פון אויסברייטערונג און פון אַבסאָרבירונג און פון אַ היקפּדיקער קאָלאָניזאַציע. דאָס פאַרקערטע געשעט מיט דער געוווּנטשענער אָרגאַנישער ווירטשאַפט. דאָס איז שוין אויפגעוויזן געוואָרן ווי אַ פּשוטער פאַרשטענדלעכער פאַקט אין 4טן און 5טן קאַפּיטל: „דער אינערלעכער מאַרק מיט זיין אויפנעם־פעאיקייט" און „אויספאָרשונג פון פאַרשיידענע טיפּן ווירטשאַפטן און פון זייער קאָנקורענץ־פעאיקייט".

ג.

„די פּלאַנירונג פון דער לאַנדווירטשאַפט" אויף דער באַזע פון אַן אָרגאַנישער ווירטשאַפט נעמט נישט בלויז אַרום די איינצלנע „ווירטשאַפט" נאָר אויך די גאַנצע לאַנד־ווירטשאַפט. ווייל פאַר די אויגן פון גאָט־געבענטשטן פּלאַנירער אַנטפּלעקן זיך אַלע יסודות און פאַקטאָרן, קליין ווי גרויס, און ס'איז נישט פאַראַן אין „כלל" זאַכן וואָס זאָל אויך נישט זיין אין „פּרט" און פאַרקערט. דעם אָרגאַנישן יסוד זעט וולקני אויך אין דער „לאַנדווירטשאַפט" וועלכע פאַרמאָגט פאַרשיידענע ניואַנסן לויט דער צאָל פון די פילע ראַיאָנען אין אונדזער לאַנד. דער טיפּ פון דער אָרגאַנישער ווירטשאַפט, הגם זיין גרונט־יסוד איז איינער, איז אָבער זיין צוזאַמענשטעל פאַרשיידנאַרטיק לויט דעם ראַיאָן און אין איינקלאַנג מיט די נאַטירלעכע גורמים אין יעדן ראַיאָן באַזונדער, און אַלע צוזאַמען דערגענצן זיך קעגנזייטיק. שוין אין זיין בוך „בדרך" לערנט אונדז וולקני וועגן די „לאַנד־געגנטן", רעכנט אויס פּרטימדיק די ווערטן און יסודות פון יעדער איינער פון זיי וואָס מיט זיי און נאָר מיט זיי

דאַרף זיך דער פּלאַנירער רעכענען און אויף זיי און נאָר אויף זיי, דאַרף ער בויען זיינע פּלענער. און היות אויף די אור־יסודות האָט די צייט קיין שליטה נישט, הייסט עס אַז אויך די מסקנות פאַרבלייבן אומבאַרירט היינט ווי פריער. אין דער פּלאַנירונג פון די „ראַיאָנען" ביי ווּלקני געפינט מען די נויטווענדיקע איבערגאַנגס־פּעריאָדן לשם דער לאַנדווירטשאַפטלעכער דעראָבערונג. און ס'איז זיך צום ווּנדערן וואָס פאַר אַ שאַרפן בליק ער האָט געהאַט, און וועלכע ווייטע האָריזאָנטן אין דעם אַזוי גערופענעם רוים פון „צייט" ער האָט געזען! עס זענען דאָך שוין אַריבער כמעט דרייסיק יאָר זינט די עיקר־זאַכן פון „בדרך" זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן, און דאָך פאַרמאָגן זיי אַקטועלע לעבעדיקייט אויך היינט פּונקט ווי ווען זיי זענען אויסגעדריקט געוואָרן. נאָך מער, זיי ווערן נאָך קלאָרער. אויב איר ווילט היינט וויסן ווי אַזוי זאָלן מיר באַזעצן די בערג, לייענט אין „בדרך" וועט איר דערגיין צו „חבל־הרים" (באַרג־ראַיאָן) און דאָרט איז כתוב וחתום: „אין דער ערשטער תקופה וואָס וועט זיך ציען 4 יאָר, וועט דער זידלער (פאַרשטייט גוט: זידלער און נישט קאָלאָניסט!) לעבן פון זיין טאָגלוין. די אַרבעט וועט ער באַקומען ביים קרן־קימת ביי באָדן־מעליאָראַציע. אויך דאָ וועט די אַרבעט איבערגעגעבן ווערן לויט אַ אונטערנעמונגס־סיסטעם, לויטן הסכם צווישן פאָרשטייער פון קרן־קימת און דער פאָרשטייער פון דער אונטערנעמער־גרופּע; אין דער קאָלעקטיווער שפּאָר־קאַסע וועלן אַריינפליסן אַלע אָפּשפּאָרונגען וואָס יעדער אַרבעטער מאַכט פון זיין לוין און די סומע זאַמלט זיך פאַר זיין קאָלאָניזאַציע־פאָנד... דער עיקרדיקער יסוד פאַר דעם טיפּ ווירטשאַפט אין דער געגנט וועלן זיין די פלאַנצן, רינדער־צוכט אד"ג". אויב אַנשטאָט די ווערטער „אונטערנעמער־גרופּע" וועט איר אָנשרייבן „אַרבעטס־דאָרף", מעגט איר דאַן אונטערצייכענען פאַר די רייד די דאַטע „שבט תש"י".

די פּלאַנירונג פון דער לאַנד־ווירטשאַפט האָט ווּלקנין געפירט צו נישט קאָנווענציאָנעלע מסקנות, אויך בנוגע אונדזער הויפּט־

פּראָבלעם — דער באָדן. דעם יסוד האָט ער גוט געקעט נישט נאָר ווי דער מוטערלעכער עלעמענט פאַרן געוויקס און פאַרן מענטש, נאָר אויך ווי אַ סאָציאַל אייגנטום. אַז מיר האָבן צוריקגעקערט אין אונדזער לאַנד, זענען מיר געצוווּנגען געווען אויסצולייזן דאָפּלט די ערד: פון אירע ק יי ט ן און פון אירע א יי ג נ ט י מ ע ר. די אייגן פון פּלאַנירער זעען נישט קיין „מוקדם ומאוחר". בעת וולקני איז געשטאַנען אין דער אָנהייב פרשה פון גאולת־הארץ, האָט ער געפּריידיקט אַן עקסטענסיוועווירטשאַפט וואָס זאָל זיך אויסשפּרייטן אויף הונדערטער דונאַם. דער זין פון דעם געדאַנק איז דעמאָלט געווען אויסצוברייטערן די לאַנדווירטשאַפט כדי צו פאַרקלענערן די באַשרענקונגען ביים אויסלייזן דעם באָדן פון זיינע באַזיצער, אָט די באַשרענקונגען וואָס האָבן תמיד עקזיסטירט און וואָס, לויט וולקנים פאָרויסזען, וועלן זיי זיך פאַרמערן. צווישן ביידע זאַכן איז געווען אַן אָרגאַנישער צוזאַמענבונד, און טאַקע צוליב דעם קשר קומט ער מיט צוויי צענדליק יאָרן שפּעטער צו פאָדערן דאָס פאַרקערטע: פאַרשמעלערן די אַגראַר־ווירטשאַפט כדי צו פאַרגרעסערן די צאָל ערדאַרבעטער אויף דעם פאַראַנענעם שטח. פונדאַנען שטאַמט זיין אומקאָמפּראָמיסלעכע פאָדערונג און זעלבסטאַרבעט אין דער אָרגאַנישער ווירטשאַפט. אָט די ווירטשאַפט וואָס איז פּלאַנירט לויט די נאַטור־יסודות פון דער ערד און מענטש, איז דער רעטונגס־אַנקער פאַרן לאַנד, פאַר דער מדינה און אירע איינוווינער.

## ד.

אינטערעסאַנט און וווּנדערלעך: די אַלע „מאַסנאַמען" און „וועגן", די „יסודות" און „מסקנות" וועלכע וולקני האָט באַנוצט בשעת מיר זענען נאָך געווען אַ „מדינה אונטערוועגנס", זענען גילטיק אויך היינט בעת מ'ר זענען אַ מדינה מ מ ש — און מיט נאָך מער האַפט. אויב צוליבן פעלן פון אָרגאַנישקייט אין אונדזער

דעמאָלטיקער ווירטשאַפט האָט בלויז אונדזער פּויערים־קלאַס פאַר־לוירן, קען מען זאָגן אַז הייַנט קען די גאַנצע מדינה פאַרלירן. די סכּנה פון די „דעוויזן" וואָס מיר האָבן נישט, דראָט מיט באַגרענע־צונגען און פאַרשמעלערונגען און מיטן אייַנציִען דעם גאַרטל ביז הונגער, אויב די אַגראַר־ווירטשאַפט וועט ביי אונדז נישט ווערן אָרגאַניש אויף אַ שלמותדיקן אופן, ד"ה, אויב זי וועט נישט קענען שאַפן איר געברויך פאַר זיך, כדי אַרויסצובאַקומען פון דער ערד דעם געברויך פאַרן ישוב; די באַזעצונג פון צענדליק טויזנטער עו־לים אויף דער ערד וועט נישט קענען אַדורכגעפירט ווערן, אויב אַט דאָס ווערק וועט נישט געמאַכט ווערן אין אַ פאָרם פון אַ פולער לאַנד־פלאַנירונג. כדי צו דערגרייכן די טענדענצן איז מעגלעך און מען דאַרף זיך אַרויסהעלפן מיט וולקנים „מאָסן" און „וועגן", און פון דעם שטאַנדפונקט איז ער דער עלטסטער פלאַנירער און אויך דער גרעסטער ביזן הייַנטיקן טאָג.

.1952

# אַרטור רופּין
## (דער גראַדליניקער)

אַ „תּמים דרך" און „ישר הולך" זענען געווען די גייסטיקע אייגנשאַפטן פון רופּינס כאַראַקטער: רופּין דער מענטש וועלכער גייט אום טאָגטעגלעך מיט מענטשן, גלייכווערטיקע און מינדערווערטיקע לגבי אים, און רופּין דער קאָלאָניזאַטאָר, וועלכער פאַרטראַכט פּלענער צו קאָלאָניזירן אַ פאָלק און אַ לאַנד; וועלכער צייכנט אָן ליניעס די פּלענער צו פאַרווירקלעכן און גרינדעט שטעט מיט דערפער. אָט די אייגנשאַפטן זענען אים בייגעשטאַנען, בעת ער האָט באַרייזט דאָס לאַנד צום ערשטן מאָל אין אַ קורצער צייט, ער זאָל קענען אַנטדעקן דעם לעבנסשטייגער פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל מיט זיין ליכט און שאָטן, פאַרשטיין זיינע יסודות און דערקענען די שטרעמונגען; זיי זענען אים בייגעשטאַנען, נאָך דעם ווי ער האָט זיך פאַרטיפט אין דער ווירקלעכקייט, ער זאָל קענען איינפלעכטן זיין אייגנאַרט אין דעם נייעם לעבן. פאַר אַ מאַן וועלכער איז באַשאָנקען מיט תּמימות און גראַדליניקייט — אַזאַ מאַן העלפט נישט בלויז גאָט, נאָר אויך מענטשן, אַפילו שלעכטע — ווערן מאַכטלאָז קעגנאיבער דעם אָפענעם און אויפריכטיקן רצון און כּוח, וואָס שטראַלן אַרויס פון זיין וועזן, פון זיינע מחשבות און מעשים איינצייטיק. און אויב אַזאַ מענטש עפנט זיך אייגענע וועגן — וועלן פיל אים נאָכגיין, אים און דעם אמתן ליכט וואָס גלאַנצט אַרויס פון אים.

אַזאַ איז געווען ד"ר רופּין.

עטלעכע חדשים, אין יאָר 1907, האָט ער פאַרבראַכט ווי אַ טוריסט אין ארץ־ישראל און זיין פאָרטראָג וואָס ער האָט אַ יאָר שפּעטער געהאַלטן אין „פאַרבאַנד פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע"

אין ווין, איבערראַשט אונדז מיט דער טיפער און ברייטער פאַרשטענדעניש פון דעם אמת אין ארץ־ישראל, אַ פאַרשטענדעניש הינטער וועלכער עס שטעקט נישט קיין כעס און קיין שפּאַס, נאָר אַ מענטשלעך־וואַרעמע באַציאונג; עס איז אַ מין פאַרשטענדעניש וואָס ברענגט צו תיקון המדות, צו פאַרגרעסערן דאָס ליכט אײַבערן שאָטן, צו באַטאָנען די מעלות איבער די חסרונות. דריי שיכטן געפינט ער אין יידישן ישוב פון ארץ־ישראל, און דער דריטער, דער וואָס נעמט אַרום „די יידן וועלכע זענען עולה געווען אין משך פון די לעצטע 20־30 יאָר אונטער דער השפּעה פון חיבת־ציון און ציוניזם כדי עוסק צו זיין מיט לאַנדווירטשאַפט" — זי אינטערעסירט אים, ווייל זי איז אים נאָענט, כאָטש ער גופא איז ווייט פון לאַנדווירטשאַפט און פעלד־אַרבעט. בעת ער איז געקומען אין קאָנטאַקט, מיט אָפענער און אוממיטלבאַרער באַציאונג, מיט אָט דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן שיכט — איז ער תיכף תופס זיין מהות און רעכנט אויס ביי אים פיר יסודותדיקע פעלערן. ער געפינט אָבער תיכף אויך אַ לייזונג דורך 4 תקנות: געמישטע ווירטשאַפט, אַגריקולטורעלע דערציאונג און אויסבילדונג; ביליקער לאַנדווירטשאַפטלעכער קרעדיט, אָבער קיין שום בודזשעט פאַר אַ פולער אויסשטאַטונג, און אַ גוטע קאָמוניקאַציע צווישן די ישובים און דער שטאָט, וועלכע קאָנסומירט זייער פּראָדוקציע.

די פיר תקנות זענען ביי ד"ר רופּין פאַרוואַנדלט געוואָרן, נאָכן ווערן באַשטימט ווי דער לייטער פון ארץ־ישראל־אַמט, אין 4 יסודות, אויף וועלכע עס דאַרף זיך שטיצן די יידיש־לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיי אין אָנהייב פון זיין טעטיקייט, ער האָט זיי פעסטגעזעצט אין אַלע קאָלאָניזיר־פּלענער וואָס ער האָט פאַרטראַכט, און אויף דעם יסוד האָט ער אויפגעבויט די נאַציאָנאַלע קאָלאָניזאַציע וואָס איז אים אָנפאַרטרויט געוואָרן. ער איז דאָך אָבער אַן ערלעך־דענקנדיקער מענטש! איז אויב מען דאַרף יידן דערציען צו לאַנדווירטשאַפט — גייט ער און שאַפט די כנרת־פערמע און אָריענטירט זי צום געווונ־

טשעפּעם ציל. אויך דאָ דערשרעקט ער זיך נישט פאַר דער שאַרפער קריטיק וואָס ער האָט אויסצושטיין מצד פאַרשיידענע קרייזן, אז באשר בכן די דאָזיקע פערמע איז גורם צו פאַרלוסטן אַנשטאָט צו ברענגען רווחים. אין זיין רעפעראַט אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ווין, אין יאָר 1913, דערקלערט ער עפנטלעך: כ׳האָב אַ טעות געהאַט ווען כ׳האָב געמיינט, אויפן יסוד פון דעם רווחים־חשבון וואָס מומחים האָבן פאַרפאַסט, אַז נאָך אין ערשטן יאָר פון איר עקזיסטענץ וועט שוין די פערמע אַריינברענגען פאַרדינסטן, אָבער כ׳האָב נישט היינט קיין חרטה אויף דעם טעות. ווען כ׳וואָלט נישט גענומען אין באַטראַכט, על פי טעות, די רענטאַבּיליטעט וואָס דאָס געשעפט האָט כלומרשט באַדאַרפט תיכף אַריינברענגען, וואָלט איך אפשר נישט געהאַט קיין מוט צו גרינדן די פערמע. אין אַזאַ פאַל וואָלט דער כנרת־ברעג געשטאַנען וויסט ביזן היינטיקן טאָג, ייק״א וואָלט דאָרט נישט געקענט קאָלאָניזירן אירע ווייניקע לאַנדווירטן, מגדל וואָלט נישט אַנשטאַנען אַאַז״ו אאַז״וו. (פון זיין בוך „30 יאָר אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל״). אַזוי רעדט אַן ערלעך־דענקנדיקער מענטש, וועלכער שעמט זיך נישט צו אנערקענען זיין טעות און דער אויפריכטיקער און פאַסיקער אמת וואָס גייט פון זיין מזיל אַרויס — איז אויך מנצח, ווייל אַלע טענות פון די קעגנער ווערן אַנטשוויגן.

איינער פון די יסודות פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע און יסודות פאַרן יידישן ישוב בכלל, איז: אַ געזונטע עקאָנאָמישע סטרוקטור, און דער ישוב קען געזונט נישט זיין, אויב דער ערדאַרבעטער וועט ביי אים נישט פאַרנעמען אַ דריטחלק פון זיין צאָל. בעת רופּין דערקענט דאָס, כאַפּט ער זיך אָן אין דעם אמת און שטרעבט מיט אַלע זיינע מעשים צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל: פאַרשטאַרקן דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן יסוד אין דער סטרוקטור פון אונדזער היימלאַנד. אונדזער אויפבוי־ווערק — זאָגט רופּין אין זיין רעפעראַט אויפן 15טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, אין יאָר 1927 — איז ענלעך צו אַ פּראָויסמאַרש פון אַן אַרמיי. קיין

שום טיפֿ אַרמײ טאָר נישט גײן פֿאָרױס אַלײן. איר פֿאָרױסמאַרשירט נאָר דאַן מעגלעך, װען זי גײט מיט די איבעריקע טײלן פֿאַר מאַציעס. אָן דער שוץ פֿון דער שװערער אַרטילעריע, קענען די אינפֿאַנטעריע און די קאַװאַלעריע קײן אײן טראָט נישט מאַכן. אונדזער אַרטילעריע איז די לאַנדװירטשאַפֿט. דער טעמפּאָ פֿון איר פֿאָרשריט באַשטימט אױך דעם פֿאָרשריט פֿון די איבעריקע צװײגן פֿון אונדזער טעטיקײט. מיט אַ געזונטער לאַנדװירטשאַפֿטלעכער באַזע װעלן זיך אױך קענען אַנטװיקלען די אינדוסטריע, דער האַנדל און דאָס בױ־װעזן אין די שטעט". (פֿון זײן אױבנדערמאָנטן בוך).

און ער האָט געגלײבט, אַז אַזאַ געזונטע באַזע פֿאַר אונדזער עקאָנאָמישער פּיראַמידע" איז מעגלעך אין דעם לאַנד, װאָס איז קודם־כּל אַ לאַנדװירטשאַפֿטלעך לאַנד. זײן גלײבער גאַנג האָט אים דערבראַכט צו דער „לאַנד־קענטעניש", צו אַלע זײנע געגנטן, זײנע קאַפּריזן און פֿאַרענדערלעכקײטן, זײנע סודות און אוצרות. אַדאַנק זײן ערלעכקײט האָט ער משיג געװען „אהבת־הארץ" — איר נאַטור און געװיקסן. די בײדע אײגנשאַפֿטן האָבן געבױרן אין אים דעם גלױבן אין כּוח פֿון אונדזער ערד, אַפֿילו װען זי רופֿט זיך תּיכּף נישט אָפּ אױפֿן פֿאַרלאַנג, און אַפֿילו װען זי פֿאַראורזאַכט אַנטױשונג און דורכפֿאַל דעם ערדאַרבעטער אין זײנע נײע ערשטע שריט. ער האָט געגלײבט אַז מעכטיקע אוצרות ליגן באַהאַלטן אין דער ערד, און אַז די װיסטעניש פֿון הײנט קען מאָרגן װערן אַ גן־עדן. דער עיקר איז אױסדױער און דער גלײבער גאַנג.

לאַנד־אַנטװיקלונג איז אָפּהענגיק פֿון דער ערד־אַנטװיקלונג און אין דער לעצטער פֿאַזע קומט אין באַטראַכט דער אױפֿנעם־כּוח. כּדי קלאָר צו מאַכן דאָס פּראָבלעם פֿון דער אױפֿנעם־פֿעאיקײט פֿון ארץ־ישׂראל, האָט רופּין געװידמעט פֿיל צײט און געדאַנק פֿאַר די לעצטע יאָרן, װײל אין איר װיטאַלער לײזונג האָט ער געזען דעם שליסל פֿאַר די טױערן פֿון אונדזער נאַציאָנאַלער הײם. דאָס דאָזיקע פּראָבלעם איז נאָך האַרבער געװאָרן איצט אין די מלחמה־יאָרן,

און וועט זיך פֿאַרשאַרפֿן אין דער צוקונפֿט. מען דאַרף, בכן, זיך שוין אָנהייבן גרייטן צו אַנטפּלעקן די פּאָטענציאַלן פֿון דער ערד און איר אויפֿנעם־קאַפּאַציטעט. ער האָט גענומען אויף זיך און אויף אַ גרופּע מיטאַרבעטער, די דאָזיקע אַרבעט און אין איר אַריינגעלייגט זיינע בעסטע ידיעות און באַגאַבונג. כ'האָב געהאַט אַ געלעגנהייט אָפּצושאַצן אָט די אַרבעט אַדאַנק אַן אויפֿגאַבע, וואָס ער האָט אויף מיר אָרויפֿגעלייגט, צו רעזומירן די קאָלאָניזאַטאָרישע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע מעגלעכקייטן אין באַרג־ראַיאָן, און איך האָב זיך איבערצייגט, ווי די צוויי גוטע מלאכים — זיינע גייסטיקע איינגעשאַפֿטן — באַגלייטן אים ביי דער דאָזיקער אונטערנעמונג אויך איצט, ווען דער אמת איז פּאַראַליזירט און דער יושר ליגט געבונדן צו די פֿיס פֿון מולך, און די רשעות און ווילקיר, שקר און פֿאַלשקייט געוועלטיקן אומגעשטערט פֿון איין עק וועלט ביז דעם צווייטן. ער האָט געגלייבט אין דעם אויפֿריכטיקן באַוויז, אין דעם שלאָגעוודיקן פֿאַקט און אין דער ערלעכקייט פֿון אונדזער טעטיקייט, אַז זיי וועלן מנצח זיין און זיי האָט ער געוואָלט פֿאַראייביקן אין בוך. דאָס האָט באַדאַרפֿט זיין אַ בוך וואָס זאָל פֿונאַנדערעפֿענען דאָס לאַנד, אַנטפּלעקן זיינע זעעוודיקע און פֿאַרבאָרגענע סגולות, זיין ווירקלעכקייט און חלום; דאָס האָט געזאָלט זיין דער ספֿר־הברית, דאָס בוך פֿון בונד צווישן פֿאָלק ישראל און זיין לאַנד, וואָס אויך אַלע פֿעלקער זאָלן דערזען און אים אָנערקענען.

דעם מאָנטיק פֿון דער וואָך, אין וועלכער ער איז געשטאָרבן, איז רופּין פֿאַרבייגעגאַנגען דעם קאָרידאָר פֿון קק"ל, אויפֿן וועג צו זיין ביוראָ, געעפֿנט די טיר פֿון מיין צימער און מיר דערלאַנגט אַ בויגן פּאַפּיר, געדרוקט מיט אַ שרייבמאַשינקע. „לייען" — האָט ער מיר געזאָגט — „און זאָג אַרויס דיין מיינונג, אָבער זאָלסט זיך נישט באַציִען צו דעם מיט דיין אייגנטימלעכן אָפּטימיזם, ווייל אָט די מידה קען אונדז גורם זיין אַ דורכפֿאַל. מיר דאַרפֿן זיין פּראַקטיש". אין דעם מאָמענט איז ביי מיר געזעסן ה' קראַוזע און בעת ער האָט אים דערזען, האָט ער פֿאַרדרייט דעם שמועס מיט אַ

לייכטן הומאָר וואָס איז ביי אים געווען כאַראַקטעריסטיש. כ׳האָב דערוויל אַריינגעקוקט אין בויגן פּאַפּיר און געזען, אַז ער באַהאַנדלט דאָרט די בערג־טעראַסירונג אַלס מיטל זיי לאַנדווירטשאַפטלעך אינטענסיוו צו אַנטוויקלען, דורך באַוואַסערונג פון דער שפלה. כ׳האָב פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געמיינט מיט די רייד וועגן אָפּטימיזם. ביז כ׳האָב זיך דערקלײַבן אים צו ענטפערן, האָט ער זיך שוין געגרייט אַרויסצוגיין פון צימער, און אגב אורחא, מיר געבעטן אַריינצוקומען צו אים אין אַ פּאָר טעג אַרום כדי אויספירלעך אַרומצורעדן דעם ענין. כ׳האָב אים צוגעזאָגט אַריינגיין דעם קומענדיקן פרייטיק.

און פרייטיק איז געשען דאָס אומגליק... ער איז אפּשר נישט אַוועקגענומען געוואָרן פון אונדז אינמיטן זיין אַרבעט. אָבער דעם סך־הכל האָט ער נישט געענדיקט. אַזוי צי אַזוי, טרויערט דאָס האַרץ נאָך דעם טייערן מענטשן, אָט דעם תמים־דרך און גראַדליניקן, אַ יחיד אין אונדזער דור, וועלכער איז שוין מער נישטאָ צווישן אונדז.

יאַנואַר 1943.

## דעם זיידנס־זיידע האָט ליב אַ ספר

אַז דעם זיידנס־זיידע האָט זיך צוריקגעצויגן פון די וועלט־זאַכן און זיך איינגעשלאָסן אינגאַנצן אין דער מחיצה פון דער תורה, איז שוין די מחיצה געווען פול מיט ספרים, און מעגלעך אַז דאָס איז געווען די סיבה פאַר זיין צוריקציען זיך. אין האַרצן פון דעם זיידנס־זיידע האָט געגעסטיקט אַ גרויסע ליבע צום לימוד פון דער תורה און צו די ספרים פון דער תורה צו דער זעלבער צייט. און אויב ער האָט געקאָנט דערגרייכן זיין גלוסטונג צו לערנען תורה יום ולילה, ווי אַ סך אַנדערע אין זיין דור, דורך אַרויפלייגן דעם יאָך פון פרנסה אויף זיין ווייב, זי זאָל זאָרגן פאַר אים און פאַר די קינ־דער, — האָט ער אָבער פאַרשטאַנען, אַז אויף דעם אופן וועט ער נישט קענען באַפרידיקן זיין צווייטע לײדנשאַפט: ער זאָל האָבן אייגענע ספרים. די פרנסה פון דער אשה וועט נישט קלעקן, און אויב יאָ, וועט דער גראָשן ליגן אין איר קעשענע און נישט אין זיינער, און נאָך איר שכל נאָך, קען מען מקיים זיין די מצוה פון לערנען תורה אין בית־המדרש אָדער אין קלויז און זיך באַנוצן מיט די הייליקע ספרים וואָס געפינען זיך דאָרט בשפע. און ס'איז בכלל נישט אויסגעהאַלטן צו פטרן אויף איינקויפן ספרים די לעצטע פרוטה וואָס פעלט שטענדיק אויס. אָבער דעם זיידנס־זיידע איז נישט געווען מיט דער מיינונג פון דער באַבען. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט אַז די הנאה פון לערנען ווערט קאַליע דורכן אַריינ־קוקן אין אַ געליענעם ספר, ובפרט ווען אַזאַ מין ספר איז פאַר־פלעקט און צעקנייטשט און צווישן זיינע בלעטלעך שטעקן באָרד־הערעלעך פון פאַרשיידענע קאָלירן, וואָס די לומדים פלעגן אויס־רייסן פון זייערע בערד און פּאות בשעתן לערנען. נישט ווי פיל לערנער, פלעגט דעם זיידנס־זיידע שטאַרק אָפּהיטן די ספרים. קיינ־מאָל פלעגט ער נישט איינבייגן דעם שפּיץ בלעטל ווו ער האָט אי־

בערגעריסן דאָס לערנען, נאָר ער פלעגט דאָרט אַריינלייגן אַ שטיקל פּאַפּיר צונויפגעלייגט אין פירן; קיינמאָל פלעגט ער נישט איבער־מישן אַ זייטל צעקנייטשנדיק דעם אונטערשטן שפּיץ צווישן די פינגער, נאָר ער פלעגט אָוועקלייגן דעם צייג־פינגער אויפן אויבערשטן שפּיץ פון בלאַט און אים אויפהייבן, לאַנגזאַם, און אים אונטערשפּאַרן מיט דער לינקער האַנט ביז ער מישט זיך איבער. ער פלעגט נוהג זיין לערנען אין שטוב און נישט אין בית־המדרש, ביחידות און נישט בציבור. די התרוממות־הנפש האָט ער געפילט ביים לערנען תורה, בעת ער איז געווען אַליין מיטן ספר. דערפאַר איז ער קיינמאָל נישט געווען פון די זריזים, וואָס איילן זיך פרי צו גיין דאַוונען אָדער וואָס פאַרבלייבן שפּעט אין שול, נאָר ער פלעגט זיך דאָרט פאַרזאַמען די נייטיקע צייט פאַר תפילה, און שנעל זיך אומקערן אַהיים, כדי ער זאָל האָבן צייט פאַר לערנען.

ביז דער עלטער האָט דעם זיידנס־זיידע עוסק געווען מיט וועלט־זאַכן. ער איז געווען אַן „עקאָנאָם" אין גוט פון אַ פּוילישן פּריץ, אין שכנישן דאָרף און צוליב דער פּרנסה פלעגט ער אָפט פאָרן אין די גרויסע פּאָוויאַט־שטעט און אַפילו די גובערניע־שטאָט זשיטאָמיר פלעגט ער באַזוכן צוויי־דריי מאָל אין יאָר. די גאַנצע וואָך האָט ער געפּעלט פון שטוב, אַרויסגעפאָרן זונטיק און צוריק־געקומען פרייטיק. עס איז נאָך נישט געשען דער מאָל ער זאָל צו־ריקקומען אָן אַ נייעם ספרל אָדער עטלעכע ספרים. גאָר גרויס פלעגט ווערן דער פּאַק, בעת ער איז געווען אויף באַזוך אין זשי־טאָמיר. דאָרט האָט ער געהאַט אַ גרויסן אויסוואַל פון ספרים. און אויב ס'איז אים נישט אויסגעקומען צו געפינען ספרים וואָס זענען נאָך נישטאָ אין זיינע שראַנקן, אָדער אויף די לאַנגע פּאָליצעס אי־בער די פענצטער — פלעגט ער איינהאַנדלען אַ צווייטן אָדער דריטן „סדר־ספרים" פון אַן אַנדער דרוקעריי אָדער אין אַן אַנדער איינ־באַנד. דער ש"ס, די משניות און דער תנ"ך זענען תמיד ביי אים געווען אין פאַרשיידענע סדרים: ש"ס־רוים און ש"ס־זשיטאָמיר; תנ"ך מיט ל"ב פירושים און מיט מ"ב פירושים און מיט בלויז

רש"י, מצודת דוד און מצודת ציון. דער „טורים" געבונדן אין לע־דער און געבונדן אין לייוונט אדג"ל. איבער דעם מינהג צו פאַר־טאָפּלען אָדער פאַרדרייפאַכן די סדרים פון זיינע ספרים, פלעגט דעם זיידנס־באָבע פאַראיבל האָבן און אונטערבורטשען אין דער שטיל און אַמאָל אויך אויפן קול:

— בנוהג שבעולם — פלעגט זי טענהן — אַז אַ מאַן קערט זיך אום פון אַ גובערניע־שטאָט ברענגט ער אַ מתנה פאַר זיין ווייב: אַ פאַטשיילע אָדער אַ שאַל אָדער שטוב־כלים; אַ טישטוך, אַ ציכל, זילבערנע לייכטער, אָבער „ער" ווייסט עפּעס וואָס אַ שטוב באַ־דאַרף? ספרים און נאָכאַמאָל ספרים! לאָז אים נאָר געמאַך וועט ער שלינגען ספרים!

אין דער צייט פלעגט דעם זיידנס־זיידע איבערוויישן מיט אַ שטיקל לייוונט דעם אין לעדער־איינגעבונדענעם „טורים", כדי אים ריין צו מאַכן פאַר די אַריינגעקומענע געסט, קוקן אויפן רוקן באַ־צירט מיט שטרייפן און גאָלדענע קייטעלעך מיט גאָלדענע אותיות איינגעקעסטלט צווישן זיי אין דער הויך, בעת דריי גאָלדענע זאַנגען באַצירן זיי פון אונטן; דערנאָך עפנט ער אויף דעם דיקן און שווערן קאַרטאָן־טאָוול און קוקט אָן מיט הנאה דעם שער־בלאַט מיט גרוי־סע אותיות וואָס לייכטן אַרויס אין רויט און שוואַרץ. זיין פּנים שיינט אַרויס פון דער צעוואַקסענער שווערצער באָרד און מיט אַ מייכל גיט ער אַ זאָג צו זיין ווייב:

— באַרואיק זיך, אַן אַנדערש מאָל וועל איך דערפילן דיין רצון!

און אַזוי טאַקע, קומענדיק פון אַן אַנדער נסיעה האָט ער גע־ברענגט אַ מתנה דער באָבען — דעם „מנורת המאור" אין אַ לייוונ־טענעם איינבאַנד, אַריינגעלייגט אין אַ פּאַפּירן טעשעלע אָדער אַ „צאינה וראינה" אין אַ נייער אויפלאַגע, אָדער אַ ספר תהלים מיט עברי־טייטש. אַזוי אַרום האָט ער פאַרמערט „אירע" ביכער וואָס ליגן אין ווינקל פון דער פּאָליצע, נעבן די „ספרים קטנים": קו

הישר, ראשית חכמה, מאור עינים, פרקי אבות, מדרשים און נאָך. אין קעגנזאַץ צו די „ספרים גדולים" — דער ש"ס, די משניות, דער טורים, יורה דעה און שולחן ערוך, וואָס הויזן בכבודיק אין בליש־טשענדיקע גלעזערנע שראַנקן, פאַרמאַכט מיט אַ שלאָס.

אַז דעם זיידנס־זיידע האָט זיך צוריקגעצויגן פון די וועלט־זאַכן, האָט דעם זיידנס־באָבע געעפנט אַ שפּייז־קראָם, און די צוויי טעכטער, וועלכע זענען נאָך געווען אין שטוב, האָבן איר אַרויסגע־האָלפן. ביים זיידנס־זיידע איז די באָרד ווייס געוואָרן, אויפן גרייזן קאָפּ איז געזעסן אַ יאַרמולקע פון שוואַרצן סאַמעט און אויף די לענדן אַ שוואַרצער גאַרטל, ווו ער פלעגט אַריינשטעקן זיינע צוויי גראָבע פינגער, און שטיל אַרומשפּרייזן אין צימער צווישן זיינע ספרים, אָדער אַריינבליקן אין איינעם פון זיי שטייענדיק ביים פענצ־טער דורך וועלכן עס האָבן זיך אַריינגעזיפּט מנחה־דעמערונגען. אין די זומערדיקע קאַיאָרס פלעגן באַגלייטן זיין זינגענדיקע שטי־מע די נאַכטיגאַל־טרעלן צווישן דער ווייסער בליעכץ פון אַקאַציען־בוים, וואָס האָט אַריינגעקוקט אין פענצטער, און ווינטער נאָך האַלבע נאַכט פלעגט די באַגלייטונג זיין דאָס טרעשטשען פון פייער־צונגען אין הויזן, וואָס ער האָט אַליין אָנגעצונדן, אָדער דאָס רוישן פון סאַמאָוואַר. דעם רוב צייט פלעגט ער זיצן איבערן לער־נען, צייטנווייז ווערט שטילער זיין שטימע און עס סקריפּעט די פּען; דאָס פאַרצייכנט ער באַמערקונגען אויף די ראַנדן פון ספר מיט אַ פּערלדיקער, קליינער און קיילעכדיקער שריפט אָדער אויף אַ שטיקל פּאַפּיר וואָס ווערט דערנאָך פאַרוואַלגערט צווישן די זייטלעך. אין אָוונט קומען אַריין באַלעבאַטים צו פאַרברענגען אין אַ שמועס וועגן קהלשע ענינים אָדער דברי־תורה. יעדן אינדערפרי שטייט ער אויף צו דאַווענען מיט אַ מנין, און נאָכן אָפּדאַווענען קערט ער זיך צוריק אַהיים, גייט פאַרביי דעם מאַרק, וואַרפט אַריין אַ בליק אין קראָם פון זיין ווייב און גיט אַ זאָג, ווי זיין שטייגער איז: „אַלץ אין אָרדענונג בעזרת השם". ער פלעגט נישט וואַרטן אויף קיין תשובה, נאָר גיין גלייך אַהיים, שלאַנק און גלייך שפּאַנען מיטן

טלית־ און תפילין־זעקל אונטערן אָרעם און מיט דער רעכטער האַנט אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן.

אָבער עס פּלעגט אויך טרעפן, אַז דעם זיידנס־זיידע פּלעגט ענ־דערן זיין געוווינהייט, זיך פּאַרזאַמען אַ לענגערע ווײַלע אין בית־מדרש און דערנאָך קומען גלייך אַהיים, אָפּעסן, אויסטאָן די גוטע קאַפּאָטע און זיך אָנטאָן אַ פּשוטע, אַרײַנקומען דעמאָלט אין קראָם און זיך שטעלן ביי דער וואָג. אַז דעם זיידנס־באָבע דערזעט אים אין אַזאַ מצב, גיט זי אים אַ וואָרף צו אַ בייזן בליק, און ברומט אַרויס אַ פאַרביטערטע:

— ווידער דער מוכר ספרים...

דערנאָך שטעלט זי זיך אין אַ ווינקל און מורמלט צו זיך אַליין. עס זעט אויס ווי זי וואָלט וועלן אָפּשפּרעכן אַ מכה, וואָס איז, כידוע, אומהיילבאַר, אַ גזרה פון הימל.

און טאַקע, משה לייבס פור האָט בייגאַכט געבראַכט דעם מוכר ספרים אין שטעטל; נעבן בית־מדרש ווערן אַראָפּגענומען די פּיל פּעק, פּירקאַנטיקע אָנגעפּיקעוועטע זעק, און ווערן אַרײַנגעטראָגן אין שול אַרײַן, נעבן דעם לאַנגן טיש, נישט ווייט פון אויוון. נאָכ־דעם ווי די לעצטע מתפּללים און לומדים גייען אַרויס, האָט דער מוכר ספרים אָנגעצונדן אַ ליכט, זי אַרײַנגעשטעקט ביים עק טיש, און אָנגעהויבן צעעפענען די פּעק און אַרויסנעמען די ספרים, איינ־געבונדן און נישט געבונדן, גרויסע, מיטעלע און קליינע, דיקע און דינע. ער לייגט זיי אויס איינס לעבן צווייטן, אין פיר לאַנגע שורות לענגאויס דעם טיש מיט די רוקנס אין דער הייך. יענער מוכר ספרים איז אַ געלבלעכער ייד, אַ נידעריקער, אַ שיקלדיקער און אַז ער קוקט אַרײַן אין אַ ספר, וואָס האַלט ביים פאַרקויפט ווערן, זעט ער דעם ספר און דעם קונד מיטן לינקן אויג, בעת דאָס רעכטע איז צוגע־מאַכט און זיין קאָפּ אָפּגעבויגן אָן אַ זייט. און אַז ער ענדיקט אויס־שטעלן זיין „קראָם", ציט ער אַרויס פון טיף פון אַ קעסטל אַ בלויען טינטער, אַ פעדער־פען און אַ זייטל פּאַפּיר, זעצט זיך אַנידער און שרייבט אָן אַ מודעה בזה הלשון:

„בעזה״ש

וויכטיקע מודעה פאַר עמא קדישא:

זאָל באַוווּסט זיין, אַז דער מוכר ספרים איז אַהער געקו־מען און געפינט זיך אין גרויסן בית המדרש. ספרי חז״ל און יראים, קדושים וצדיקים, דברי חכמים אויך אין עברי־טייטש און רומ״ל; טליתים און ציציות, הבדלות און בשמים־ביקס־לעך, אַלץ למהדרין און שפּאָט־ביליק.״

האַלבע נאַכט קלעפּט ער אויף די מודעה אין די צוויי שולן פון דער שטאָט און צומאָרגנס פרי ווייסט שוין דאָס גאַנצע שטעטל אַז דער מוכר ספרים איז דאָ.

דעם זיידנס־זיידע לייגט צונויף דעם טלית, דערנענטערט זיך און שפּרינגט אַרום דעם טיש פון ביכער־קראָם און שפּאַצירט דורך מיטן בליק איבער אַלע. אויב ער געפינט אַ נייעם ספר וואָס ער האָט נאָך נישט, גיט ער אים אַ בלעטער און הייבט זיך אָן דינ־גען מיטן מוכר ספרים. אַז דער פּרייז איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, לייגט ער אים אָפּ אָן אַ זייט און זאָגט: דאָס איז פאַר מיר, כ׳וועל צוריקקומען פאַרנאַכט און אים נעמען. און זיין פּנים שיינט. אויב קיין נייער ספר איז נישטאָ, זוכט ער און נישטערט טאָמער געפינט ער אַ „מחזור״ פון אַ נייער דרוקעריי, ווייל פּטור בלא כלום איז דאָך נישט מעגלעך. דעמאָלט גייט ער אַוועק אין קראָם, ווערט אַ קרעמער, ער רעדט מיט די קונדן, וועגט און שמאַיעט און רירט זיך נישט ביז דער טאָג־פּדיון טראָגט אים אויס צו באַצאָלן פאַרן איינ־געקויפטן ספר.

יענעם טאָג זיצט דעם זיידנס־באָבע אויפן בענקעלע אין ווינקל פון דער קראָם, ברוגזט זיך און שעפּטשעט צו זיך אַליין: נישטאָ קיין עצה, ס׳איז אַ גזרה, און מען קען זי נישט מבטל מאַכן אינ־גאַנצן, אָבער זי וואָלט געוואָלט אַ בעלן צו וויסן, ווי גרויס איז די גזרה היינט, צי האָט „ער״ געפונען אַ סך אָדער ווייניק ספרים ביים מוכר ספרים? אָבער דעם זיידנס־זיידע באַרואיקט זי: מעגסט זיין זיכער אַז אין זכות פון די הייליקע ספרים וועסטו האָבן אַ סך פּדיון,

און נאָך איידער דער טאָג וועט פאַרגיין, וועט דער השם־יתברך אונדז אומקערן דעם פאַרלוסט.

פאַרנאַכט הויפט־אָן דעם זייד׳נס־זיידע די פרוטות אין דער רויטער פאַטשיילע, מאַכט אַ קניפּל אין אַן עק און שפּאַנט צום בית־מדרש, אויסצולייזן זיינע ספרים פונעם מוכר ספרים. איצט וועלן אים שוין די קונים נישט זען אין קראָם ביז אַ מוכר ספרים וועט זיך נישט ווידער יאַווען אין שטעטל.

# די פסחדיקע ליולקע

צווישן די „פסחדיקע כלים" וואָס ליגן אין יעדער יידישער שטוב, איז ביים זיידנס-זיידע געווען אויך אַ מערקווירדיקע זאַך: אַ ליולקע. אַלע פסחדיקע כלים ליגן אויפן בוידעם, און אָפּצוהיטן זיי איז איינע פון דעם זיידנס און דער באָבעס געבאָט, אָבער די ליול-קע היט שוין אָפּ דער זיידנס-זיידע אַליין און איר פּלאַץ איז אין איינעם פון די אָפּטיילן פון זיין טיש-שופלאַד.

דער דאָזיקער הילצערנער טיש וואָס האָט אויסערלעך זיך נישט אויסגעטיילט פון אַנדערע טישן, האָט אָבער פאַרמאָגט אַ באַזונ-דערן אוצר אויף דער דעק פון שופלאַד. ער האָט זיך געצויגן כמעט די לענג פון טיש און האָט אַנטהאַלטן אַ סך קעמערלעך: גרויסע און קליינע, לאַנגע און פּירקאַנטיקע, אָפענע און פאַרמאַכטע. צוויי גרעסערע קעמערלעך האָבן פאַרנומען כמעט צוויי דריטל פון שופ-לאַד און אַרום זיי שמאָלע, לאַנגע און קליינע אָפּטיילן, נאָר אין אי-נעווייניקסטן ווינקל האָבן זיי אויסגעזען ווי אַ קוואַדראַט, דעקלעך ליגן אין זיי פון אונטן ביזן אַרויף און אַ ווייסער פּערלמוטערנער קנעפּל שטאַרצט אַרויס אינמיטן דעקל און דינט פאַר אַן אָנהאַלט. די צוויי קעמערלעך אין די הינטערשטע ווינקלען זענען געווען לענג-לעך, צוויי מאָל אַזוי לאַנג ווי ברייט, נאָר זייער צודעק איז נישט געקומען פון אויבן אַראָפּ, נאָר פון דער זייט. אַ שמאָלער שפּאַלט איז געווען אויסגעקריצט אויפן אויבערשטן טייל פון די ווענטעלעך און דאָס דעקל פלעגט זיך אַריינשנורעווען אין שפּאַלט און פאַרמאַכן דאָס קעמערל. אין עק פון דעקל האָט געשטעקט אַ קופּערנער האַטשיק קעגנאיבער אַ צווייטן האַטשיק אין ווענטעלע פון קעמערל און אַ קופּערנער קליינער שלעסל פלעגט אַריינקריכן אין ביידע האַטשיקעס און פאַרשליסן דאָס קעמערל אויף אַ געהיי-מען אופן, וואָס נאָר דעם זיידנס-זיידע איז ער געווען באַקאַנט.

— דער זיידנס־זיידע האָט שטאַרק ליב געהאַט דעם טיש צוליב דעם שופלאָד, וואָס איז געווען בבחינת „כל־בו", סיי פאַר תשמי־שי־קדושה און סיי וואָכעדיקע חפצים. אין איינעם פון די צענטראַ־לע קעמערלעך זענען געלעגן צונויפגעלייגטע די לאַנגע פּאַפּיר־בויגנס, אָנגעשריבן שורותווייז אין האַלב־קרייזעלעך מיט אַ גע־ציקלטן האַנטשריפט, אָבער ריין און קלאָר און האָבן אַנטהאַלטן באורים און פּרושים וואָס דעם זיידנס־זיידע האָט פאַרצייכנט בעתן לערנען זיינע גרויסע ספרים. לעבן דעם — פּסקי־דין, וואָס ער האָט געפּסקנט דיני־ממונות פון געשעפטן וואָס זענען אים פאַרגעבראַכט געוואָרן אַלס אַ ייד, אַ בר־אורין און אַ בקי אין וועלט־זאַכן. קעגנ־איבער, אין צווייטן קעמערל, ליגן בויגנס, וואָס זענען געצייכנט אין דער ברייט מיט ליניעס פון בלויען קאָליר און אין דער לענג מיט ליניעס פון רויטן קאָליר, און דאָרט זענען פאַרשריבן אין העב־רעיש־יידיש אַלע ענינים פון פּריצס גוט, וואָס ביי אים איז דער זיי־דע געווען אַ „נאמן". אַלע איבעריקע קעמערלעך זענען געווען באַ־שטימט פאַר מער וואָכעדיקע זאַכן, ווי למשל: פאַרשיידענע מינים ברילן, פּאַפּיראָסן־שפּיצלעך און כדומה זאַכן, מחוץ איינעם, דאָרט אין הינטערשטן ווינקל רעכטס, ווו עס איז געלעגן מיט גרויס כבוד די ליולקע אַליין, די פּסחדיקע ליולקע, וואָס איז געווען באַרימט אין אונדזער שטעטל און אין די דערבייאיקע שטעטלעך, און איז געווען שטאַרק טייער דעם זיידנס־זיי־ע, מער פון אַלע פּסח־כלים, וועלכע זענען אים געווען זייער ליב.

פאַרוואָס אַזוי? ווייל די ליולקע איז נישט ענלעך צו קיין שום אַנדערע ליולקע אויף דער וועלט. זי האָט פאַרמאָגט אַ שיינעם אויס־זען און איז געווען גאָר קונציק צוזאַמענגעשטעלט: לאַנג איז זי און פון מויל־שפּיצל ביזן טאַבאַק־שיידל איז אַ מרחק פון איבער אַן איל. דער רער, ווידער, איז נישט געווען געמאַכט פון איין שטיק, נאָר פון קליינע טיילעכלעך, וועלכע צענעמען זיך און שרויפן זיך צוזאַמען. איינער איז גרויס ווי אַ שפּאַן; און דער צווייטער ווי אַ פינגער. טיילן געווען פון העלפאַנט־ביין, און טיילן פון אַ מין טייערן

האַלץ, אַ יקר־המציאות, שוואַרץ און טייער ווי דער העלפאַנט־ביין וואָס מען ברענגט פון ווייטע לענדער. יעדער טייל באַזונדער איז געווען אויסגעצירט מיט שיינע אויסשניצונגען און אויסאַרבעטונגען, אַזעלכע רעליעוון וואָס זענען בולט צום דרויסן און זענקונגען וואָס ליגן איינגעקריצט אין זיינע אברים. און וועלכע פאָרמען האָט אַלץ די אָרנאַמענטיק נישט געהאַט? ביימער און קוסטעס און פּירות; וואַלד־חיות, שטוב־עופות, פייגעלעך פון גערטנער און איבער אַלעמען שוועבט אַרום אַ מין גייסט פון איידלקייט און ליבשאַפט, אַ מין ווידערקול פון „וגר זאב עם כבש", ביז עס האָט זיך אייך אויסגעדוכט ווי צווישן די ביימער גייט אויף אַ מין צאַרטער גלעטנדיקער געמורמל, און פון די בלומען שלאָגט מיט אַ מחיהדיקן בשמים־ריח, און דיינע אויערן הערן אַ זיס געזאַנג, וואָס פייגעלעך זינגען בעתן אויפגיין פון מאָרגנשטערן אין פרילינג... און אפשר איז עס נישט מער ווי אַן אויסדרוק פאַר דער וועלט־געזאַנג:

**„...אָט איז דער האַרבסט אַוועק,**
**דער רעגן — שוין אַוועק, פאַרביי**
**די קנאָספּן זעען זיך אין לאַנד**
**צייט פון נאַכטיגאַל איז געקומען**
**און עס הערט זיך די שטים פון טאָרטלטויב —**
**דער פייגנבוים האָט שוין די ערשטע פרוכטן צעעפנט**
**און די ווייַנגערטנער גיבן זייער דופט..."**

און אַ זילבערן קייטל איז געהאָנגען אויפן רער און פאַרבונדן דעם מויל־שפּיצל מיט טאַבאַק־שיידל, און דאָס קייטל וויגט זיך צוזאַמען מיטן רייכערער. אויך דאָס שיידל איז הויך און ברייט און באַצירט מיט באַפּוצונגען פון ברוין־בורשטין קאָליר. אויף דער עפענונג אַ קרוין געמאַכט פון זילבער אין אַ פאָרם פון אַ באַבאַנאַסבלום; זיין קנעפּל איז געווענדט אין דער הויך, און זיינע בלעטער איבערגעקערט אויף אונטן, און זיי דינען אים ווי לעכלעך איינצואָטעמען די לופט און אויסצואָטעמען דעם רויך. אין עק קנעפּל איז געווען אַ קיילעכיקער רינג וווּ עס האָט זיך געהאַלטן אַ דין, ווייס

קייטעלע, צוגעבונדן צום דנאָ פון טאַבאַק-האַלטער און דאָס דאָזיקע קייטעלע האָט אויפגעהאַלטן די קרוין, זי זאָל נישט אַראָפּפאַלן, בעת דער ליולקע-רויכערער נעמט זי אַראָפּ כדי אָנצושטאָפּן מיט שמעקעדיקן טאַבאַק דאָס שיידל.

פון וואַנען קומט אָט די ליולקע צום זיידנס-זיידע? דער זיידע איז זיך משער, אַז דער אַלטער „פריץ", וואָס האָט געהאַט אַ סך צו טאָן מיטן זיידנס-זיידע און פלעגט אים מקרב זיין, האָט אים זיכער געבראַכט די ליולקע אַ מתנה, בעת ער איז געקומען אויף אַ באַזוך אין זיין גוט פון וואַרשע אָדער פון פּאַריז, און דער זיידנס-זיידע האָט זי באַשטימט פאַר פּסח, דער חשובסטער יום-טוב, און אַזוי וועלן זיי זיך פּאַסן איינער פאַרן צווייטן.

דעם זיידנס-זיידע פלעגט נוהג זיין גרויס כבוד און זאָרגפעלטיקייט מיט דער ליולקע. ערב פּסח, בעת דער טיש איז גרייט געווען צום „סדר" און אין די כוסות און פאַרביקע בעכערס האָבן אַרומגעשפּרונגען רויטע, ראָזעווע און גרינע שטראַלן; אַ קורצע צייט, איידער ער איז געגאַנגען אין שול אַריין, פלעגט דעם זיידנס-זיידע אַרויסציען דעם שופלאַד, עפענען דעם געהיימען שלאָס, אַראָפּנעמען דאָס דעקל און אַרויסנעמען די גלידער פון דער ליולקע נאָך זייער סדר אין רער; אָנגעהויבן מיטן שיידל און געענדיקט מיטן מויל-שפּיץ; פלעגט דעם זיידנס-זיידע אָפּווישן דעם שטויב מיט אַ ווייסע שמאַטקע וואָס איז לשם דעם צוגעגרייט געוואָרן, דורכפּירן אין לעכל פון יעדן גליד אַ דינעם שטרויעלע, וואָס איז אויך אָנגעגרייט געוואָרן פון שטרוי פון „חטה השמורה", נאָכדעם אַריינבלאָזן מיטן מויל און צונויפשטעלן אַ גליד נאָך אַ גליד, פאַרבינדן די גרויסע קייט, אָנשטאָפּן דאָס שיידל מיט רויטן טאַבאַק, וואָס איז געווען אָנגעשניטן ווי לאַנגע און דינע לאָקשן. נאָכדעם פלעגט ער זיך אויפשטעלן אין דער גאַנצער הויך, אַריינשטעקן דעם מונדשטיק אין מויל, אונטערהאַלטן דעם טאַבאַק-שיידל מיט דער אין דער גאַנצער לענג אויסגעשטרעקטער לינקער האַנט, אַרויסגיין פון זיין צימערל, צוגיין צום פריפעטשאָק און אַרויסנעמען מיט אַן

אייזערנער קאַטשערע אַ ברענענדיקע קויל און אַנידערלייגן אויפֿן טאַבאַק, וואָס טוט אַ ציטער ביים באַריר מיט דער היץ און לאָזט הערן אַ דין גערוישל באַגלייט מיט דופטיקן ריח. טוט אַרויף דע־מאָלט דעם זיידנס־זיידע די קרוין אויפֿן שיידל און גיט אַ לאַנגן צי אַרום דעם מונדשטיק צווישן די ציין, און נאָך אַ צי, ביז דאָס מויל צעעפֿנט זיך און קנוילן רויך שלאָגן אַרויס אין קרייזן און קייקלעך ביז צום סאַמע סופיט. דעמאָלט שפּאַנט צו דעם זיידנס־זיידע מיט געלאַסענע טריט צום פֿענצטער וואָס קוקט צו מערב־זייט, אויף וועלכן עס שטייט די לאַנגע פּאָליצע אָנגעלאָדן מיט די קליינע ספרים, און נעמט אים אַ שטול. דעם זיידנס־זיידע זעצט זיך אַוועק און די ליולקע שפּאַרט ער אָן אויפֿן פֿענצטער־שוועל בעת די האַנט עפֿנט דעם שיר השירים מיט אַלע פּרושים. אַזוי זיצט אָפּ דעם זיידנס־זיידע אַ לענגערע צייט קעגנאיבער דער זון וואָס פֿאַרגייט אין מערבדיקן האָריזאָנט און שיקט זאַנפֿטע שיינען אויף זיין הויכן, צאַרטן און צעקנייטשטן שטערן, אויף זיין לאַנגער ווייסער באָרד, מיטן מויל ברומט ער אונטער דעם שיר השירים און ער פּיפּקעט פֿון דער ליולקע, מיט ציטער און פּלאַטער. אַזוי פֿלעגט ער מקבל־פּנים זיין דעם יום־טוב פּסח.

אין משך פֿון גאַנצן יום־טוב ווען מען מעג רויכערן, האָט די ליולקע זיך ניט אַוועקגערירט פֿון זיין מויל, סיידן אין דער צייט ווען ער איז געווען אין שול. זי איז געווען אַ טייל פֿון זיין וועזן, פֿון זיין גייסטיקער און פֿיזישער פֿיזיאָנאָמיע. זיצנדיק אין אויבנאָן פֿון טיש, אַריינקוקנדיק אין איינעם פֿון די גרויסע ספרים, פֿלעגט די ליולקע ליגן ביי דער זייט פֿון בוך, מיט עטוואָס אויסגעבויגענעם רער, דער מונדשטיק אין מויל און פֿון דער עפֿענונג שפּאַרט אַ דין וויים רויכעלע, צעשווימט זיך אין חלל פֿון שטוב, וואָס איז געשטאַ־נען איינגעהילט אין טיפֿער רו. טיילמאָל פֿלעגט דער רויך אַראָפּ־נידערן אויף די זייטן פֿון ספר, קריכן און נישטערן צווישן די שו־רות ווי ער וואָלט געזוכט דעם ענין, וואָס דעם זיידנס־זיידע קומט אוים שווער צו געפֿינען און זיין שפּינוועבס ציט זיך צווישן די

קליינע געדיכטע שורהלעך און דאָרט ווערט ער פאַרשלונגען צווישן די אותיות ווי ער וואָלט וועלן דאָרט פרבלייבן אויף דער וואַך.

און אַז אורחים קומען צו „כיבוד" — שיינט ער אַרויס אין אויבנאָן פון טיש, אָנגעשטעלט מיט כל־טוב, און לאָזט אַרויס אַ געדיכטן ווײַרויך בעת דער אייגנטימער שמועסט וועגן דעם און יענץ, דברי־תורה און וועלט־זאַכן, מיט האָפּערדיקייט און אַ שמייכל. די ליולקע שאָקלט זיך, בייגט זיך אַרונטער און הייבט זיך אויך און די קייט וויגט זיך ווי אַ לולב. יעדער איינער פון די אור־חים האַלט עס פאַר אַ כבוד פאַר זיך און פאַרן באַלעבאָס, אַ טאַפּ צו טאָן די ליולקע, דורכפירן דעם פינגער לענגאויס דעם רער און אַריינשטעקן די אויגן אין די אויסקריצונגען און אויסאַרבעטונגען, כדי תופס צו זיין וואָס פאַראַ מין בוים דאָס איז, אָדער אַ מין פויגל, כאָטש ער האָט שוין פאַראַיאָרן געפּרווּוט דאָס זעלביקע צו טאָן אָן דערפאָלג. די קינדער וואָס קומען צוזאַמען מיט די גרויסע, עפּענען די מיילער אין אָנבליק פון דער לאַנגער ליולקע, וואָס איז גרעסער פון זיי און אין האַרצן ברענט ביי זיי איין באַגער: הלוואי זאָלן זיי שוין אויסוואַקסן און אויך קענען אַ ציִ טאָן פון דער ליולקע!

אָבער צו דער סאַמע גדולה קומט די ליולקע אין דער „סדר"־נאַכט, נאָכן ענדיקן די סעודה און פאַר דער צווייטער העלפט פון דער הגדה. דעמאָלט שפּאַרט זיך אָן דעם זיידנס־זיידע, אָנגעטאָן אין אַ ווייס קיטל מיט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ, אויף דעם היסב־בעט, ביים ווייסן קישן און פאַררויכערט די ליולקע, וואָס ליגט ביי זיין זייט אונטערשפּאַרנדיק זי מיט דער האַנט. די שטוב טונקט זיך אין שימערירנדיקן ליכט און די אויגן פון רויכערער זענען באַצויגן מיט אַ פאַרחלומטקייט. דאָס סמאָטשקען הערט זיך ריטמיש און דער שמעקנדיקער רויך גייט אַרויף אין אַ גלייכער און שלאַנקער ליניע און נאָר דערגרייכנדיק הויך צעקנוילט ער זיך און קרייזלט זיך אין רינגען און צירקלען און צעגייט זיך אין אין־סוף. דעמאָלט איז זיך דעם זיידנס־זיידע מתיחד מיט זיינע רעיונות, וואָס שוועבן אין אַמאָליקן פאַרצייטנס און מוליען זיך צו די אבות אבותינו, די

העלדן פון דער הגדה, און בליקן אריין אין די וועלטן וואס דער־וואַרטן דעם יידישן פאָלק לעתיד לבוא, בעת די פינצטערניש וועט העלן ווי דער טאָג. אַזוי זינקט איין דעם זיידנס־זיידע אין זיינע מחשבות, ביז ער וואַכט אויף, גיט אַ טיפן ציּ, ווי ער וואָלט אויפ־געוועקט זיין ליולקע, לייגט זי אַוועק אַן אַ זייט, זעצט זיך און גיט אַ זאָג: — ברך!

מוצאי יום־טוב רייכערט דער זיידע גאָר לאַנג. דוכט זיך ווי ס׳וואָלט אים שווער אָנגעקומען דאָס שיידן זיך. די לעצטע אורחים זענען שוין אַוועק, אויך די זין זענען אַוועק אַהיים, דעם זיידנס־באָבע גרייט זיך איינצופּאַקן די „פּסחדיקע געפעס” אין קוישן און קעסטלעך און זיי צוריק אַוועקשטעלן אויפן בוידעם, ערשט דעמאָלט הייבט זיך דעם זיידנס־זיידע אויף, צענעמט די ליולקע גלידערווייז; רייניקט אוים דאָס שיידל און די טיילן פון רער, לייגט זיי אַריין אין לעצטן קעמערל פון שופלאַד און פאַרשליסט עס מיט זיין גע־היימען שלאָס, שעפּטשענדיק אין דער שטיל: לשנה הבאה!

בעת דער זיידע האָט זיך געזעגנט מיט זיין זיידן מיט 41 יאָר צוריק, פאַרן עולה־זיין קיין ארץ־ישראל, האָט אים דער אַלטער געבעטן צוויי זאַכן: ערד פון הר הזיתים און טאַבאַק פון יידישע פעלדער, פאַר זיין פּסחדיקער ליולקע. האָט דער זיידע אים צוגע־זאָגט צו דערפילן זיין פאַרלאַנג. ערד פון הר־הזיתים האָט ער אים געשיקט אין אַ יאָר אַרום, אָבער טאַבאַק איז נישט געוואַקסן אין די קאָלאָניעס פון יהודה און ביז דער זיידע האָט זיך דערשלאָגן קיין גליל — איז דעם זיידנס־זיידע נפטר געוואָרן. האָט דער זיידע געהאַט געוויסנביסן פאַרוואָס אים איז נישט געלונגען מזכה זיין די ליולקע מיט ארץ־ישראלדיקן טאַבאַק. האָט ער זיך געטראַכט: לאָ־מיר מקיים זיין מיין הבטחה דורכן לאָזן איר — דער ליולקע — אַן אייביקן אָנדענק.

און אָט האָט דער זיידע מקיים געווען זיין הבטחה...

# אַ רויזן־גערטנדל האָט דער זיידע געהאַט

## א.

אַ שיינעם טאָג איז דער זיידע — נאָך דעמאָלט אַ יונגער טאַטע — צוריקגעקומען פון זיין אַרבעט אַהיים, און נאָך שטייענדיק אויפן שוועל פון קאָרידאָר, האָט ער אויסגערופן מיט פרייד: — מאַמע! (אַזוי פלעגט ער זיך ווענדן צו דער באָבען, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ יונגע סימפּאַטישע מאַמע) מעגסט מיך באַגריסן, ווייל כ'האָב היינט געקויפט אַ פּלאַץ אין אַ נייער שכונה הינטער דער שטאָט. דאָרט וועלן מיר מאַכן אַ קליין גערטנדל און אויסבויען אַ הויז. מעגסט עס אָנקוקן, אַ גרויסער מגרש.

— און וווּ איז ער, וועלן מיר אים זען? — פרעגט די באָבע.

— ווילסט, קען מען צושפּאַצירן אַהינצו דעם נאָענטסטן שבת.

ס'איז געווען אַ שיינער האַרבסט־פרימאָרגן. אַ וואַרעמלעך ליכט האָט געבלאַנקט אין גאַס און פאַרפלייצט די פיל שפּאַצירער, וועלכע האָבן הנאה געהאַט פון זייער גיין. זיידע און באָבע האָבן אויך שפּאַצירט. נאָך אַביסעלע און זיי וועלן אָנקומען צום פּלאַץ. דער זיידע האָט געוווּסט ווו דער מגרש געפינט זיך, ווייל ער האָט אים שוין אַמאָל געזען, און ער האָט געפירט דער באָבען גלייך אַהין. זיי האָבן זיך געשלייכט אַן אַ וועג, פון מאָל צו מאָל אומגעגאַנגען גרויסע פעלדזן, טייל לאַנגע און פלאַכע און אַנדערע הויכע און שפּיציקע, און סוף־סוף אָנגעקומען ביז אַן אייזערנעם סלופּ און זיך אָפּגעשטעלט.

— דאָ איז עס! — רופט אויס דער זיידע — פונדאַנען איינאונפופציק מעטער אין דער לענג און אַכטאונצוואַנציק מעטער אין דער ברייט.

שטעלט אויס די באָבע אירע אויגן און זעט: צופוסנס אַ באַרג־

אַראָפּ, רייזיקע פעלדזן זענען אויף אים אָנגעלייגט פון עק ביז עק. אירע בליקן לויפן דורך די לענג און ברייט פונעם פּלאַץ און שפּרינגען פון פעלדז צו פעלדז; כּיוואָליעסווייז שפּרייטן זיי זיך אויס, און צווישן זיי — קופּעס שטיינער, הורבעס ווי נאָך אַ חורבן, אָדער ווי די ערד וואָלט געעפנט איר מויל און אויסגעשפּיגן דאָ שטיינער אָן אַ סוף. זוכט די באָבע אַ שטיקל ערד און געפינט נישט. נאָר אין אַ ווינקל האָט זי אַנטדעקט אַ טיפע גרוב, ווי אַן איבערבלייב פון אַ שטיינהאַקעריי. קוקט זי מיט רוגזה און בעת דער זיידע מעסט מיט די פוסטריט טיילן פון מגרש ווי ער וואָלט פאַרטראַכט דעם פּלאַן פון הויז און גאָרטן, לאָזט זיך די באָבע אַראָפּ אויף אַ פעלדז, פאַרשטעלט דעם פּנים מיט די הענט און ברעכט אויס אין אַ ביטער געוויין.

שטיל איז געווען אַרום, אַ שטילקייט פון אַ האַרבסטיקן פרימאָרגן אין די ירושלימער בערג און אין דער שטילקייט הילכט דער באָבעס געוויין. לויפט צו איר דער זיידע צו און פרעגט זי וואָס איז דאָ געשען.

— צווישן די פעלדזן וועלן מיר בויען אַ שטוב? אויף די טרוקענע פעלדזן וועלן מיר פלאַנצן אַ גאָרטן? ניין, איך וויל נישט דעם מגרש. כ׳וויל נישט!

דעמאָלט האָט זיך דער זיידע אַנידערגעזעצט לעבן דער באָבען, אַריינגענומען איר קליין הענטל אין זיין האַנט און געזאָגט, בעת זיין פרייליכער געלעכטער קייקלט זיך איבער דער פעלדזיקער וויסטעניש:

— צוליב דעם וויינסטו? אדרבא. אונטער די פעלדזן, אויף וועלכע דו זיצסט, וועלן וואַקסן רויזן־קוסטן. דאָ, ממש דאָ, וועלן בליען קאַלירפולע און שמעקעדיקע רויזן. יעדן פרימאָרגן וועל איך דיר ברענגען אַ רויז און זי וועט דיר זאָגן מיט חן: גוט מאָרגן!

בעת דער זיידע האָט גערעדט און געגלעט דער באָבעס האַנט, האָט זי אויפגעהויבן אירע אויגן צום זיידן און אַ שמייכל האָט

אַרויסגעלויכטן פון אירע ליפּן. זענען די טרערן אויסגעטריקנט געוואָרן אין אירע אויגן און זיי האָבן זיך צעשמייכלט.

— זאָגסט מיר צו באמת? — האָט די באָבע געפרעגט און זעט אויס ווי אַ קליין קינד.

— באמת, באמת! — ענטפערט דער זיידע, פריילעך ווי אַ שטיפעריש קינד.

ב.

אַ יאָר איז פאַרביי און דאָס הויז איז אויפגעבויט געוואָרן. אַ טייל פון די פעלדזן איז אַריין אין פונדאַמענט און אַ טייל פון די שטיינער — אין די ווענט. אָבער עס זענען נאָך פאַרבליבן פיל אַריינגעשטעקט אין דער ערד און צעוואָרפן פון אויבן. מער פון אַלע האָבן אַרויסגעשטאַרצט די פעלדזן פאַרן פראָנט פון שטוב, וווּ עס האָט געזאָלט זיין דאָס רויזן־גערטנדל. דאָ זענען זיי געלעגן איינער איבערן אַנדערן ווי אַ פּלויט אָדער ווי אַ מויער, און דעם זיידן, וואָס האָט זיי גוט באַטראַכט און געזוכט וועגן ווי זיי צו באַזייטיקן, איז איינגעפאַלן, אַז אפשר איז עס טאַקע אַ גאָרטן־פּלויט פון אַמאָליקע צייטן, געבויט דורך איינעם פון זיינע אבות־אבותיו, איידער זיי זענען אַרויס אין גלות פון ירושלים און פון לאַנד. אויב אַזוי — טראַכט דער זיידע — איז דאָך ממש אַ פליכט אַז אויך איך זאָל בויען אַ פּלויט פאַר מיין גאָרטן. און ער האָט תיכף געבראַכט די אַרבעטס־געצייג.

דער זיידע האָט געהאַט פאַרשיידענע אַרבעטס־כלים פאַר אַ גאָרטן: אַ פרענט אונטערצוהייבן פעלדזן און אַ האַמער זיי צו צע־שמעטערן; אַ מכוש אָפּצוראַמען שטיינער און אַ צוויי־צאָן צו גראָבן ערד; אַ רידל און אַ גראַבליע אַראָפּצוקראַצן די שטיינדלעך פון דער ערד. אמת, דער זיידע האָט נישט געהאַט קיין סך פרייע צייט פאַר גערטנערייַ, ווייל ער איז אַ גאַנצן טאָג אין ביורא און טיילמאָל אַרויסגעפאָרן אויף לאַנגע רייזעס הינטער ירושלים, אָבער די פרייע צייט האָט ער געווידמעט דעם גערטנדל. בדרך־כלל איז עס געווען

אין די פּאַרנאַכטן פון אינדערוואָכן און פרייטיק נאָכמיטאָג. אין די שעהן פלעגט דער זיידע זיין אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט מיט זיין גאַנצן לייב־און־לעבן. מען דאַרף זאָגן דעם אמת: ס׳איז נישט לייכט געווען אַרויסצורייסן פעלדזן פון די לאַפּעס פון ערד און שטיינער, וואָס האָבן געשטעקט שוין הונדערטער יאָרן איז גאָרנישט לייכט געווען זיי אַרויסצושלעפּן הינטער דעם תחום פון גאָרטן. אָבער אַז עס האָט זיך אַנטפּלעקט דער פייכט־רויטלעכער באָדן אונטערן פעלדז, פלעגט דער זיידע אָפּאָטעמען לייכטער און שמייכלען פון הנאה. עס האָט אים אויסגעזען ווי ער וואָלט מקבל־פּנים געווען אַ גוטן פריינד פון זיינע קינדהייט־יאָרן. די פרישע ערד און איר דער־קוויקנדיקער ריח האָבן געפּאַנגען זיין האַרץ און געשטאַרקט זיינע הענט. ער האָט געוווסט אַז דאָס איז ערד, גוטע חנוועדיקע ערד און אויף איר וועט וואַקסן יעדער בוים און יעדער קוסט, אויך רויזן.

און אַזוי האָט דער זיידע ווייטער צוגעגרייט דעם פּלאַץ וואָס פאַר דעם הויז פאַר אַ גאָרטן. דערווייל איז אָנגעקומען דער האַרבסט, די טעג זענען קירצער געוואָרן און דער זיידע פלעגט זיך אומקערן אַהיים ביינאַכט. ווען די לבנה איז געווען פול און באַלויכטן דעם שטח — פלעגט דער זיידע אַרבעטן אין איר ליכט. אויב די וועלט איז אָבער געווען איינגעהילט אין אַ פינצטערן בגד, פלעגט דער זיידע אַוועקשטעלן דעם גרויסן לאָמפּ אויפן שוועל פון פענצטער וואָס קוקט צום גאָרטן, און מאַכן זיין אַרבעט מיט דעם ליכט.

שטיל איז געווען אַרום און אַרום. דאָס קלאַפּן פון האַמער אין פעלדז פלעגט אָפּהילכן מיט פיל אָפּקלאַנגען אין נאָענטע בערג. די זין, דעמאָלט נאָך קליינע קינדער, פלעגן שטיין הינטערן ליכט און זייערע שטימעלעך, פול געלעכטער און שטיפעריי, פלעגן ענטפערן דעם ווידערקול. דער זיידע האָט געלאַכט אינאיינעם מיט זיי. ס׳איז אים גוט געווען צו באַאַרבעטן די ערד מיט זיינע דריי זין לעבן אים. אָפטמאָל איז אויך די באָבע צוגעקומען און זיך איינגעקוקט אין דער נאַכט־אַרבעט, און לסוף מיטגעריסן געוואָרן און אָנטיילגענו־מען. ווי אַזוי? די קליינע שטיינדעלעך האָט זי צונויפגענומען אין

אַ בלעך און אַרויסגעטראָגן פון פלאַץ. אין דעם מאָמענט פלעגט זי אָנקנופן אַ שמועס מיטן זיידן וועגן פלאַן פון גערטנדל און די מינים פלאַנצן, אָבער דער זיידע פלעגט פאַרפירן דעם שמועס אויף אַנדערע ענינים, ווייל ער וויל איר נישט אויסזאָגן דעם סוד.

און דער זיידע האָט טאַקע געהאַט אַ סוד. שוין אַ פּאָר וואָכן אין דעם ווי ער האָט אַוועקגעשיקט אַ בריוו קיין פראַנקרייך, צו איינער פון די באַרימטע בוימשולן פאַר הערלעך שיינע, בונטפאַר־ביקע און דופטיקע רויזן־קוסטן און געבעטן שיקן אים אַ פעקל פון עטלעכע צענדליק פלאַנצן פון די בעסטע מינים. און פאַרוואָס האָט עפעס דער זיידע באַדאַרפט זיך ווענדן אַזש אין ווייטן פראַנקרייך? ווייל אין יענע צייטן איז געווען אַ דוחק אין רויזן־בוימשולן אין ארץ־ישראל. דער זיידע האָט דאָך צוגעזאָגט דער באָבען צו קול־טיווירן רויזן אונטער די פעלדזן. דעריבער האָט ער זיי באַשטעלט אין פראַנקרייך און דער באָבען נישט דערציילט. געוואָלט איר מאַכן אַ סורפריז. פון דעמאָלט אָן האָט ער יעדן טאָג געוואַרט אויף אַ תשובה פון פראַנקרייך, אויב זיין באַשטעלונג איז דערהאַלטן גע־וואָרן. און אַז די תשובה איז דערהאַלטן געוואָרן, איז דער זיידע געווען זייער צופרידן, אָבער נאָך אַלץ דער באָבען קיין וואָרט נישט געזאָגט.

אַ וואָך איז געקומען, אַ וואָך איז אַוועק, חדשים זענען פאַר־גאַנגען. אין חודש כסלו איז פאַרענדיקט געוואָרן די הכשרה־אַר־בעט. דאָס שטיק ערד פאַר דעם הויז איז ריין געוואָרן פון פעלדזן און שטיינער, אויסגעגליכן די קרומקייטן און פאַרשטאָפּט די גרי־בער. שמאָלע סטעזשקעלעך, אויסגעבעטט מיט שטיין־זאַמד, האָבן ליבלעך אַרויסגעלאַכט צווישן די רויטלעכע בייטן, וואָס זענען איצט געווען אָנגעשוואָלן פון רעגן און אָנגעזאַפּט מיט פרישקייט. בעת די פלאַנצן זענען אָנגעקומען פון פראַנקרייך, האָט דער זיידע זיי מיט די אייגענע הענט פאַרפלאַנצט אין די בייטן, ווי קראַנצן אַרום די סטעזשקעס. נעבן יעדן פלאַנץ, אָן בלעטער און אָן אַ צורה, האָט

ער אַריינגעשטעקט אַ שטעקעלע מיט אַ שילדל, אויף וועלכן ס'איז געווען אָנגעשריבן דער נאָמען פון קוסט.

צומאָרגנס ווען די קינדער זענען אַרויס אָנקוקן דאָס גערטנדל, האָבן זיי גאָרנישט געזען, נאָר די שטעקעלעך מיט די שילדעלעך. קוקן זיך איין די קינדער אויף די שילדלעך און ווייסן נישט וואָס דאָרט שטייט געשריבן, ווייל זיי זענען געשריבן אין אַ פרעמדער שפּראַך. קלערט זיי אויף דער זיידע אין העברעיש און זאָגט:

— אָט דאָס איז דער „מענטש־געבענטשטער" און דאָס איז „שולמיתעס־חן"; דאָ איז „שרון־גוטסמוטיקייט" און דער צווייטער — „רויזן־פּראַכט"; די צוויי, ווידער, זענען „פּאָלקס־פּרעזידענט" און דערנעבן „די הויכגעשעצטע פּרינצעסין", דער אין ווינקל...

— אַך, וואָס פאַרא מאָדנע קאָמישע נעמען! — ברעכן אויס די קינדער און לאַכן אויפן קול. זיי ווילן מער נישט הערן.

— אָבער זיי פאַרמאָגן גאָר שיינע בלומען! — איז דער זיידע מלמד־זכות אויף זיך און אויף זיינע רויזן.

— און אָט די „גאָרנישטן" וועלן געבן בלומען? — קליגט זיך דער קליינער.

— לאָמיר וואַרטן אויפן פרילינג וועט איר זען — וואַרפט זיי צו דער זיידע זיין ענטפער און גייט אַריין אין שטוב.

ג.

גאָר שנעל האָבן די קינדער פאַרגעסן די בלעטערלאָזע און פאַרמלאָזע רויזן־קוסטן, ווי דער שטייגער איז ביי קינדער וועלכע געפינען יעדן טאָג אַנדערע ענינים זיך צו פאַרנעמען מיט זיי. אָבער דער זיידע — ער נישט. ער האָט נישט פאַרגעסן זיינע רויזן און מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן פרילינג, אַז ער זאָל קומען און אויפרירן די רויזן, וואָס ער האָט פאַרפלאַנצט פאַר וואַקסנדיק לעבן. דערוויל האָט ער זיי געפלעגט ווי וויט ער האָט געקענט: נאָך יעדן רעגן פלעגט ער צעקרישלען די אויבערשטע שיכט ערד; אויס־יעטן

די ווילדע גראָזן וואָס זענען געוואַקסן אַרום און זיך איינקוקן אין די קנאָספּן פון שטאָם, אפשר באַציען זיי זיך שוין מיט שפּראָצן.

חודש אדר האָבן די רעגנס אויפגעהערט און די זון איז אַרומגעגאַנגען פון אינדערפרי ביז פאַרנאַכט און געגלעט די ערד און אירע געוויקסן מיט צערטלדיקער וואַרעמקייט. אַ שיינעם פרימאָרגן, בעת די זון־שטראַלן האָבן באַהאַנגען מיט פינקלדיקע בליצן די טוי־טראָפּנס וואָס ציטערן אויף יעדן געוויקס, האָט דער זיידע געזען ווי אויך זיינע רויזן־קוסטן האָבן אַרויסגעשטעלט צוויטן פון זייערע קנאָספּן און זיין האַרץ האָט געקלאַפּט.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן זיך צעבליט אַלע קוסטן. מיטאַמאָל האָט אויסגעבראָכן זייער לעבנס־כוח און פון יעדן קנאָספּ איז אַרויסגעקראָכן אַ רויט צווייגעלע, אַזוי מילד און חנעוודיק, ווי אַ בעקעלע פון אַ לאַכעדיקער מיידעלע. פון איצט אָן און ווייטער איז ווי עס וואָלט געשלאָסן געוואָרן אַ בונד צווישן די גאָרטן־קוסטן און דער זון אין הימל. זי האָט יעדן טאָג זיך העכער געהויבן און פאַרשטאַרקט איר היץ און אויך זיי האָבן זיך געהויבן יעדן טאָג און געהעכערט זייערע צווייגעלעך. בעת דער פרילינג יום־טוב איז געקומען, האָט מען שוין געזען די קנאָספּן אויף די קעפּלעך, אָט די קנאָספּן־קנעפּלעך וואָס באַהאַלטן אוים אין זיך דעם סוד פון זייער בלום. אויך דער זיידע האָט אויסבאַהאַלטן אַ סוד — דאָס דערלאַנגען די ערשטע בלום דער באָבען, ווי ער האָט צוגעזאָגט. יעדן אינדערפרי פלעגט ער פאַרבייגיין די רויזן צו וויסן וועלכע וועט עפענען איר בלום. זעענדיק אַ געוויסן פרימאָרגן, אַז איינער הייבט אָן צו עפענען די בעכער־בלומען, האָט ער זיך דערפרייט און קיינעם נישט דערציילט וועגן דעם ביז צומאָרגנס פרי.

אָבער צומאָרגנס פרי איז שוין דער זיידע נישט געקומען באַזוכן זיין גערטנדל. ביינאַכט האָט ער זיך פאַרקילט, באַקומען היץ און נישט געקאָנט פאַרלאָזן זיין געלעגער. האָט דער זיידע געהאַט שטאַרקן צער און פאַרדרוס. צער — ווייל ער איז קראַנק און פאַרדרוס — טאָמער פאַרשפּעטיקט ער און באַווייזט נישט מקיים צו

זיין די הבטחה און דערלאַנגען דער באָבען די ערשטע בלום פון רויזן־גאָרטן. וואָס־זשע האָט ער געטאָן? ער האָט געשיקט זיינע קינדער זען, צי האָט זיך שוין צעבליט אַ רויז אין גאָרטן, און אַז מען האָט אים געענטפערט אַז ניין, האָט ער זיך באַרואיקט. איין מאָל האָט ער זיך נישט געקענט איינהאַלטן און ווען קיינער האָט נישט געזען, איז ער אויפגעשטאַנען פון בעט און צוגעגאַנגען צום פענצטער, כדי צו זען זיינע רויזן. און טאַקע האָט יענער בעבער זיך אויפגעהויבן אין שפּיץ פון צווייג און דער צוויי'ג גופא האָט זיך אויסגעגליכן, ווי איינער זאָגט: זאָרג נישט, זיידע, איך היט דיין סוד און מעגסט זיין זיכער, אַז כ׳וועל זיך נישט עפענען ביז דו וועסט געזונט ווערן! אַ גוטער שמייכל האָט זיך אויסגעגאָסן אויפן זיידנס פּנים און ער האָט זיך צוריקגעקערט אין זיין בעט.

יענע נאַכט זענען געשען צוויי גוטע זאַכן. די פאַרקילונג איז אַוועק און ער איז געזונט געוואָרן און אין רויזן־גערטנדל האָבן זעקס בעבער צעעפנט זייערע בלומען. בעת דער זיידע איז אַרויס אינדער־פרי צום גערטנדל וואָס האָט זיך געבאָדן אין זונענשיין, און באַ־צירט מיט טויזנטער שיינען, האָט ער געזען ווי זעקס רויזן־בלומען לייכטן אים אַנטקעגן אין זייער גאַנצער פראַכט און פילפאַרביקייט. איז ער שטאַרק פריילעך געוואָרן, אַריינגעקומען אויף שנעל אין שטוב און אויסגערופן:

— מאַמע, זיי זאָגן דיר גוט־מאָרגן! קום אַרויס צו זיי!

— ווער? ווער? — וווּנדערט זיך די מאַמע — די קינדער שלאָפן דאָך נאָך!

— נישט די קינדער — לאַכט דער זיידע — זיי, דאָרט אין גאָרטן. — און ער נעמט זי אָן ביים אָרעם און פירט זי אַרויס אין גאָרטן.

— „גוט מאָרגן, גוט מאָרגן"! — הערסט זייער פליסטער און זייער תפילה? אָט זענען די רויזן אַרויס־געוואַקסן פון די פעלדזן. זיי זענען דיינע!

דעמאָלט איז די באָבע צוגעגאַנגען צו די רויזן־בלומען, זיך

איבערגעבויגן איבער יעדער איינער פון זיי און באַרירט זיי בלויז מיט די אויגן.

אַ לויטערער פרימאָרגן־טוי האָט געטריפט ווי פּערפום פון דער באָבעס אויגן און אַ בלומען־ריח האָט געשמעקט פון איר שמייכל.

ד.

דאָס רויזן־גערטנדל האָט געבליט מיט זיינע צענדליקער מינים רויזן. יעדער מין מיט זיין באַזונדערן קאָליר, זיין ריח און זיין געשטאַלט. טרייע הענט האָבן זיי באַדינט, די הענט פון זיידן מיט זיינע זין. פון יאָר צו יאָר האָבן די קוסטן זיך געמערט און געקלעטערט אויף די ווענט פון שטוב און איבער די פענצטער. בעת די זיסע פרילינג־טעג האָבן אַרומגענומען די ירושלימער בערג, זענען פון זיי אַרויסגעקראָכן יונגע רויט־באַבלעטערטע צווייגן און אַריינגעבלאָזט דורך די לאָדנס אין שטוב. פלעגן דער זיידע און די באָבע שמייכלען צו זיי. און אַז איינער פון זיי האָט אַרויסגעלאָזט אַ בעכער און פון בעכער איז אַרויס אַ בלום און ער ציט זיך אַריין אין פענצטער פון קינדער־צימער, פלעגן די קינדער לאַכן צו איר און פלוידערן מיט איר ווי מיט אַ שטיפערישער חברטע.

צעוואַקסן און צעבליט האָט זיך דאָס רויזן־גערטנדל. די באָבע איז שטאָלץ געווען. ס'איז אירס. אין איר זכות איז עס געבוירן געוואָרן, פאַר איר איז עס באַשאַפן געוואָרן. פלעגט דער זיידע זיך גרויסן מיטן גערטנדל, ווייל עס איז דער באָבעס און ווייל עס איז אויסגעוואַקסן אונטער פעלדזן. האָבן די זין זיך אויך מיטגעפרייט, און געבראַכט זייערע חברטעס פון קלאַס, אַז זיי זאָלן אַריינזעצן בלומען פון זייער גערטנדל אין די האָר.

געוואַקסן און געבליט האָט דאָס רויזן־גערטנדל. אַלע משפּחה־מיטגלידער זענען געווען צופרידן, אַלע שטאַרק צוגעבונדן צו אים. און אַז די זין זענען אונטערגעוואַקסן און אָנגעהויבן אַרויסגיין פון שטוב, ווער נאָענט און ווער ווייט, ווער אויף קורץ און ווער אויף לאַנג, פלעגן זיי זיך אומקערן און פאַרזעצן זייער זאָרגפעלטיקע

אויפזיכט איבערן רויזן־גערטנדל, כדי עס זאָל זײַן גאַנץ, בליִענדיק און שײַנענדיק.

אָבער אײנמאָל איז דער ייִנגסטער זון אַרויס און מער נישט צוריקגעקומען. איז געגאַנגען אין קאַמף פאַר דער פרײַהייט פון פאָלק און דאָרט געפאַלן. האָבן אַלע אין שטוב געוואָרט ער זאָל צוריקקומען, אָבער ער איז נישט געקומען. און צוליב זייער לאַנגן צער־פולן וואַרטן, האָבן זיי זיך נישט אומגעקוקט אויפן גאָרטן. איז דאָס גערטנדל פאַרגעסן און פאַרלאָזן געוואָרן אַ טאָג, צוויי, אַ וואָך־צוויי, אַ חודש־צוויי, ביז עס האָט פאַרלוירן זײַן פּראַכט. ער טרויערט אויך אויפן ייִנגסטן זון וועלכער איז אַרויס און מער נישט צוריקגעקומען, ווײַל ער איז פאַרלוירן געגאַנגען און איז מער נישטאָ.

***

אַ רויזן־גערטנדל האָבן ווידע־באָבע געהאַט, און עס איז מער נישטאָ.

# דעם זיידנס נוסבוים

**א.**

אין ווינקל פון גאָרטן אין ירושלים איז געשטאַנען אַ נוסבוים. דער זיידע האָט אים פאַרפלאַנצט מיט אַ סך יאָרן צוריק. דעמאָלט איז ער נאָך געווען אַ יונגער טאַטע מיט דריי קליינע זין. אין איי־נעם פון די טעג אין שבט האָט דער טאַטע געבראַכט אַהיים אַ לאַנגן שטעקן מיט איין עק איינגעוויקלט אין אַ זאַק. פרעגן אים די זין: וואָס איז דאָס, טאַטע? — דאָס איז אַ נוסבוים — ענטפערט ער. ווונדערן זיך די זין און צעלאַכן זיך: — אָט דער שטעקן איז אַ נוסבוים? — זאָגט דער זיידע: קומט אין גאָרטן וועל איך אייך ווייזן.

זענען אַלע אַרוים אין גאָרטן און דער זיידע האָט זיי צוגע־פירט צו דער אונטערשטער טעראַסע; צום ווייטן ווינקל. האָט דער זיידע גענומען אַ רידל און לאָפּעטע און געזאָגט:

— קינדער; קודם ווילן מיר מאַכן אַ גרוב. איך וועל גראָבן און איר וועט מיר העלפן, נאָכדעם ווילן מיר צוזאַמען פאַרפלאַנצן דעם בוים.

האָט דער זיידע אַריינגעשטעקט דעם רידל אין דער רויטער און ווייכער ערד און אָנגעהויבן גראָבן. אין דער ערד זענען געווען צעמישט קליינע און גרויסע שטיינער, מיט וועלכע ירושלים איז אַזוי געבענטשט. פלעגט דער זיידע גראָבן און אָפּרוימען די שטיי־נער און די זין פלעגן זיי אַרויסטראָגן אין בלעכן הינטערן גאָרטן. סוף־סוף איז די גרוב געשטאַנען אָפן און אַ קופּע ערד אַרום איר. זאָגט דער זיידע צו זיינע זין:

— איצט גייט אַרויף אויף דער אויבערשטער טעראַסע, צו

דער קופּע מיסט און ברענגט אַהער יעדער איינער אַ האַלבע בלעך מיסט.

זענען געגאַנגען די זין און געבראַכט דאָס מיסט. האָט דער ויידע דאָס גענומען, אַריינגעלייגט אין גרוב, צעמישט מיט ערד, ביז העלפּט פון דער גרוב. נאָכדעם האָט ער גענומען דעם שטעקן, אַראָפּגעריסן דעם זאַק פון אונטערשטן עק און געזאָגט צו זיינע זין:

— די דאָזיקע פלאַנץ איז געוואַקסן אין דער ביימער־שול און האָט פאַרמאָגט גרויסע און ברייטע בלעטער. אין די רעגן־טעג זענען ביי איר די בלעטער אַראָפּגעפאַלן; איצט, אָבער, וועלן נייע זי ווידער פאַרפלאַנצן אין דער ערד, באַדעקן די וואָרצלען מיט צעריבענער ערד און פרילינג־צייט, וועט דער שטעקן זיך צעבליִען און אַרויסגעבן צווייגן מיט בלעטער. דעם נאָענטסטן האַרבסט וועט ער ווידער אַראָפּוואַרפן זיינע בלעטער. און אַזוי פון יאָר צו יאָר, אַ סך יאָרן, אפשר 10 יאָר. דעמאָלט וועט ער ווערן אַ הויכער בוים מיט גרויסע צווייגן און אויף זיי וועלן וואַקסן פרוכטן: גרויסע ניס. גאָר הויך וועלן וואַקסן די פּירות, און כדי זיי אָפּצורייסן וועט מען דאַרפן קלעטערן אויפן בוים. דערווייל וועט איר אויך אונטערוואַקסן און קענען אַרויפקלעטערן אויף אים, כדי אָפּצורייסן די ניסלעך.

האָבן די זין געלאַכט און אויסגערופן:

— ווונדערלעך! מיר וועלן אַהער ברענגען חברים. מיר וועלן אַרויפקלעטערן גאָר הויך, אָפּרייסן די פרוכטן, אַרונטערוואַרפן און די חברים וועלן צונויפקלייבן די ניס פון דער ערד!

האָט דער זיידע גענומען די פלאַנץ אין האַנט אַריין, פונאַנדערגענומען די וואָרצלען אויף דער באַמיסטיקטער ערד אין גרוב, האָט זיי צוגעדעקט מיט צעריבענער ערד און איינגעפּרעסט מיט די הענט. האָבן די זין אויך אַזוי געטאָן, און ביסלעכווייז איז די גרוב פול געוואָרן מיט דער אויסגעגראָבענער ערד און זיך אויסגעגלייכט מיטן באָדן. פון דער ערד האָט אַרויסגעשטאַרצט אַ דאַר ברוינער הויכער שטעקן די הויך פון אַ מענטשן. יעדער איינער פון

די זין האָט דעם שטעקן געגלעט מיט צערטלעכקייט און מיט אַ פרומען ווונטש: ער זאָל זיך צונעמען! ער זאָל וואַקסן!

און דער נוסבוים האָט זיך אָנגענומען און איז געוואַקסן. פרי־לינג האָט ער זיך צעבליט און אַרויסגעגעבן דין־רויטלעכע בלעט־לעך. און זומער זענען זיך די דאָזיקע בלעטער גרויס און ברייט געוואָרן, גרין און דופטיק. פלעגט דער זיידע זיך פאַרנעמען מיטן בוים, אַרומגראָבן די ערד אַרום אים און באַגיסן מיט וואַסער, וואָס ער פלעגט אַרויסטראָגן מיט אַן עמער פון שטוב, ווייל אין ירושלים איז נישט געווען קיין סך וואַסער צו באַגיסן מיט שפע די ביימער, ווי מען איז זיך נוהג אין תל־אביב, אין רחובות, אין נהלל און משמר־העמק. אויך די זין האָבן אַרויסגעהאָלפן, און דער נוסבוים איז געוואַקסן און געוואַקסן.

דער נוסבוים איז געוואַקסן און אויך די קינדער זענען גע־וואַקסן. אין צען יאָר אַרום בעת דער נוסבוים איז הויך געוואָרן און זיין קרוין איז געווען שטאַרק ברייט און פאַרצווייגט, האָבן זיך האַרבסט־צייט שוין באַוויזן אויף זיין שפיץ די ערשטע ניסלעך. חול־המועד סוכות איז געקומען זייער צייט אָפּגעריסן צו ווערן — זענען די קינדער נישט געווען אין שטוב. זיי זענען גרויס געוואָרן און אַוועק, דער קיין ע י ן ־ ח ר ו ד, דער אין ג נ י ג ר און דער אין מ ש מ ר ־ ה ע מ ק. געבליבן איז דער טאַטע אַליין מיט זיין נוסבוים.

זאָגט דער זיידע דער באָבען:

— מאַמע, ס׳איז געקומען די צייט צו רייסן די ניסלעך. זייער גרינע שאָלעכץ הייבט שוין אָן שוואַרץ צו ווערן. די קינדער זענען אַוועק און ס׳איז נישטאָ ווער עס זאָל רייסן די נים. אפשר פּרווון מיר ביידע דאָס צו טאָן?

הייבט אויף די מאַמע אירע גוטע אויגן צום טאַטן און מיט אַ פרעג:

— און ווער וועט אַרויפקלעטערן אויפן בוים?

— איך! — האָט אויסגערופן דער זיידע.

האָט די באָבע אַ לאַך געטאָן און געזאָגט:

— גוט.

איז דער ויידע אַרוים אין גאָרטן און געפונען אַ לאַנגן און דינעם שטעקן ווי אַ דרענגל וואָס מען נוצט פאַר בהמות און די באָבע האָט גענומען אַ קויש פון קיך און זיי זענען ביידע אַראָפּגעגאַנגען צום נוסבוים, וואָס וואַרפט אַ שווערן גרינעם שאָטן און וואָס צווישן זיינע בלעטער קוקן אַרויס קיילעכיקע גרין-ברוינע פּילקעלעך. דער זיידע איז אַרויפגעקראָכן אויפן שטאָם און איז דערגאַנגען ביז צו זיין קרוין. דאָרט האָט ער זיך געשטעלט, מיט איין האַנט זיך אָנגעהאַלטן אָן אַ צווייג און מיט דער צווייטער אויפגעהויבן דעם שטעקן און געקלאַפּט. האָבן די נים אָנגעהויבן אַראָפּצופאַלן אויף דער ערד. די באָבע האָט זיי צונויפגעקליבן אין קויש אַריין

אַז מען האָט איבערגעציילט די ברוין-גלאַנציקע נים זענען זיי געווען קרוב 800. זיי האָבן אָפּגעציילט אַ טייל פאַר יעדן איינעם פון די זין און זיי צוגעשיקט אַלס מתנה פון אייגענעם גאָרטן.

ב.

אַ יאָר גייט און אַ יאָר קומט און דער נוסבוים איז גאָר שיין צעוואַקסן אין דער הויך און אין דער ברייט און זיינע צווייגן זענען אַריבער דעם פּלויט פון גאָרטן. אלול-צייט האָבן גרינע ניסלעך אַרויסגעקוקט פון די גרויסע בלעטער, און ווען עס איז געקומען תשרי און זייערע שפּיצן זענען פאַרברוינט געוואָרן, פלעגן דער זיידע און די באָבע האָבן גרויסע צרות פון די ירושלימער יינגלעך, וועלכע פלעגן זיך אונטערגנבענען שבת אין די פרייע שעהן און וואַרפן שטעקנס מיט שטיינער אויפן בוים, כדי אַראָפּצוּוואַרפן די נים. איז דער זיידע שטאַרק אין כעס געוואָרן אויף די שטיפערס. ס'איז אים נישט געגאַנגען וועגן די צוגעגנבעטע ניסלעך ווי וועגן בוים, מחמת יעדער קלאַפּ פון אַ שטעקן אָדער אַ שטיין פלעגט אַראָפּרייסן נישט בלויז די פרוכט נאָר אויך די צווייג. און דער אויסזען פון בוים איז דורך דעם קאַליע געוואָרן.

איינמאל איז געשען אז דער גרעסטער פון דער חברה איז ארויפגעקראכן אויפן פלויט, זיך אנגעכאפט אן א שפיץ צווייג און אים א צי געטאן צו זיך, און אזוי איז דער גאנצער צווייג אפגעבראכן געווארן פון בוים. האט דער זיידע געהאט גרויס עגמת־נפש זעענדיק די גרויסע ווונד פון דעם בוים. ווייל דער זיידע האט ליב געהאט ביימער און זיך געפרייט מיט זייער פרייד בעת זיי וואקסן און גיבן פרוכט און געליטן מיט זייער צער בעת זיי ווערן צעשעדיקט און פארוואונדעט. וואס האט ער געטאן? ער פלעגט אויפשטיין יעדן שבת באגינען, ארויסגיין אין ווינקל פון גארטן און לאקערן פון זיין באהעלטעניש אויף די שטיפער, זאלן זיי נאר קומען פארדארבן זיין נוסבוים, אזוי וועט ער זיך אויפשטעלן און זיי פארטרייבן. זינט דעמאלט האבן זיי טאקע אויפגעהערט צו שעדיקן דעם בוים.

אבער איינמאל האט א שטיפער איבערגעקליגט דעם זיידן און געקומען נאך פריער, אזוי אז ווען דער זיידע איז ארייגעקומען אין גארטן, האט ער שוין דעם ייִנגל געטראפן ווי ער הענגט מיט די הענט אויף א צווייג און שאקלט אים, עס זאלן אראפפאלן די נימלעך. דער זיידע האט אים א כאפ געטאן ביים אקסל, אבער דער שטיפער איז געווען פלינק און זיך ארויסגעדרייט פון זיידן און געמאכט א ויברח און נאר זיין היטל איז אראפגעפאלן און איז געבליבן אין גארטן. גלייך האט ער אנגעהויבן וויינען און זיך בעטן ביים זיידן, ער זאל אים צוריקגעבן זיין היטל. ווי וועט ער קומען אהיים אן א היטל? מען וועט זיך דאך דערוויסן וואס ער האט געטאן און ער וועט ווערן באשטראפט. דאס ייִנגל האט ביטער געכליפעט און זיין געוויין האט גערירט דעם זיידן און דערוועקט זיין רחמנות. ער האט אים צוריקגעגעבן זיין היטל, אבער דאס ייִנגל האט זיך קודם מתחייב געווען מיט א תקיעת־כף, אז ער וועט שוין מער אזוי נישט טאן און אז ער וועט נאך ווירקן אויף זיינע חברים זיי זאלן אויך נישט מער שעדיקן דעם בוים.

עס זענען אריבער עטלעכע יאר. די גערעטעניש פון בוים איז

געשטיגן פון יאָר צו יאָר און די צאָל ניסלעך איז שוין דערגאַנגען צו טויזנטער. זיידע־באָבע פלעגן זיי אָפּרייסן און שטאַרק הנאה האָבן. אין יענער צייט איז געבוירן געוואָרן אַ קינד ביי איינעם פון די זין, און בעת עס איז געקומען די צייט פון רייסן די ניסלעך, האָט די באָבע געזאָגט דעם זיידן:

— און ווער וועט אונדז איצט רייסן די נים?

— צוואָס זאָלסטו פרעגן? — וווּנ׳ערט זיך דער זיידע — איך און דו, ווי אַלע יאָרן.

— ס׳איז נישט אַזוי — ענטפערט די באָבע. — פון איצט־אָן ביסטו דאָך אַ זיידע און ס׳איז נישט שיין אַ זיידע זאָל קלעטערן אויף ביימער. וואָס וועלן זאָגן די שכנים? קוקט נאָר אָן דעם אַלטן, וואָס קריכט אויף ביימער!

האָט דער טאַטע־זיידע זיך אַריינגעטראַכט אין אירע רייד און געזאָגט:

— אפשר ביסטו גערעכט, באָבע, אַז עס פּאַסט נישט פאַר אַן אַלטן צו קריכן אויף ביימער. טאָר ווער־זשע וועט פאַרט קלעטערן אויפן בוים און אָפּרייסן די ניסלעך?

— איך האָב אַן עצה — האָט געזאָגט די באָבע נאָכן שווייגן אַ פּאָר מינוט. — אפשר לאָמיר בעטן דעם קליינעם יאָסיע, דיין חבר, און ער וועט אַרויפקלעטערן אויפן בוים, אַראָפּוואַרפן די נים און מיר וועלן זיי צונויפקלייבן פון דער ערד?

יאָסיע, דעם זיידנס חבר, איז אַן אַכט־יעריק יינגעלע, וואָס איז געקומען קיין ארץ־ישראל מיט אַ קורצער צייט צוריק. ער איז געבוירן געוואָרן אין רומעניע, אָבער זיינע עלטערן זענען געווען ציוניסטן. זיי זענען געזעסן אין גלות, אָבער זייער הארץ איז געווען אין ארץ־ישראל. זיין פאָטער האָט געטאָן אַן היילינקע אַרבעט — ער פלעגט זאַמלען תרומות פאַר גאולת־הארץ און זאָגן, אַז דער קליינער יוסף — אַזוי איז געווען זיין ריכטיקער נאָמען — וועט ווערן בר־מצוה וועלן זיי אַלע עולה־זיין קיין ארץ־ישראל. אָבער זיין פאַרלאַנג איז קיינמאָל נישט מקוים געוואָרן, ווייל ער איז

פּלוצים קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. יאָסיע איז דעמאָלט אַלט געווען זיבן יאָר. זיין מאַמע האָט באַשלאָסן מקיים צו זיין זיין נדר און זי מיט איר זון זענען עולה־געווען קיין ארץ־ישראל.

יאָסיעס מאַמע האָט געהאַט אַ באַקאַנטן אין ירושלים, דער לערער יצחק, דעם זיידנס אַ פריינד, וואָס פלעגט אים קומען באַזוכן אין דער ווייטער פאַרשטאָט און פאַרברענגען אַ שטיקל צייט אין אַ רואיקן שמועס צווישן די ביימער און קוסטן פון גאָרטן. אין איינעם פון די באַזוכן האָט דער לערער מיטגעבראַכט זיין באַקאַנטע, יאָסיעס מאַמע און איר זון. יאָסיע איז אַ שיין און פעסט יינגעלע, אָבער אַ שעמעוודיקער, גייט נאָך דער מאַמען אָדער שטעלט זיך אָן אַ זייט אין אַ ווינקל און מישט זיך נישט צווישן די גרויסע. פרעגט מען אים עפּעס, לאָזט ער אַראָפּ די אויגן צו דער ערד און דרייט זיך אויס פון אַ תשובה. אַז דער זיידע האָט געזען, אַז דאָס יינגעלע איז עלנט, האָט ער באַשלאָסן אים מקרב זיין און איינגעלאַדן צו קומען אין גאָרטן און זען ווי ער באַגיסט די בלומען. יאָסיע האָט געפאָלגט און זייענדיק אין גאָרטן האָט ער אָנגעפילט אַן עמער וואַסער פון קראַן און צוגעטראָגן צו די אָפענע גריבלעך אַרום די קוסטן. פון דעמאָלט אָן פלעגט ער העלפן דעם זיידן גאַנץ אָפט, און ביידע זענען געוואָרן חברים. כדי אונטערצושיידן צווישן יוסף דעם זיידן און יוסף דעם קינד, פלעגט מען דעם לעצטן אָנרופן „דער קליינער יאָסיע".

— יאָסיע, ווייסטו וואָס פאַר אַן אַרבעט וואַרט אויף דיר אין גיכן? — האָט געפרעגט דער זיידע יאָסיען, וועלכער איז צו אים געקומען צווישן יום־כיפור און סוכות. — אַ נייער וויכטיקע אַרבעט, אויב דו וועסט זי קענען מאַכן.

— וואָס? — פרעגט יאָסיע קורץ, ווי זיין שטייגער איז.

— רייסן ניסלעך. אָבער צוליב דעם וועסטו דאַרפן אַרויפקלעטערן אויפן בוים, זיך שטעלן אויף די צווייגן און אַראָפּרייסן די פּירות מיט אַ שטעקן. קענסטו דען קלעטערן?

— קען! — ענטפערט יאָסיע קורץ.

— אָבער די אַרבעט — באַטאָנט דער זיידע — איז שוין טאַקע פון אַן אמתן אַרבעטער וואָס באַקומט אַ לוין, און איך וויל דו זאָלסט זאָגן דיין פּרייז.

שמייכלט יאָסיע זיין שעמעוודיקן שמייכל און שווייגט.

— אויב אַזוי — זאָגט דער זיידע — וועל איך דיר זאָגן דיין פּרייז: צען פּראָצענט פון דער פּרוכט.

— וויפל וועט דאָס זיין? — דערוועקט זיך די נייגעריקייט ביים קינד.

— דאָס וועסטו וויסן נאָכן אָפּרייסן די ניסלעך — האָט גע־לאַכט דער זיידע.

דעם ערשטן טאָג חול־המועד סוכות גאַנץ פרי איז יאָסיע געקו־מען און ביידע, דער זיידע און יאָסיע, זענען אַרויס צום נוסבוים. יאָסיע איז געווען צופרידן און איז אַרומגעשפּרונגען אויף די טרעפּ פון גאָרטן מיט שטיפערישקייט. קלעטערן אויפן בוים איז נישט געווען לייכט. האָט דער זיידע אים געהאָלפן, ביז ער האָט אָנ־געכאַפּט מיט די הענט דעם ערשטן צווייג. אַז ער איז שוין אַרויף, האָט ער שוין געקלעטערט אָן מורא און אָנגעהויבן קלאַפּן צווישן די צווייגן אויפן שפּיץ פון בוים, און די ניסלעך האָבן אָנגעהויבן פאַלן.

עס איז קיין סך צייט נישט אַריבער און דער נוסבוים איז ליי־דיק געוואָרן פון זיינע פּרוכט און אויך אַ סך בלעטער זענען אַראָפּ־געפאַלן פון די שפּיץ־צווייגן. די גערעטעניש וואָס איז איינגעזאַמלט געוואָרן אין קוישן און שיסלען איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אַהיים. עס איז געקומען די צייט צו ציילן די נים. האָט דער זיידע געזאָגט צו יאָסיען:

— אפשר ווילסטו זיי אויך אָפּציילן? איך וועל דיר דערלייגן נאָך פינף פּראָצענט.

— יאָ! — האָט געענטפערט יאָסיע — אָבער ווי מאַכט מען דאָס?

האָט דער זיידע גענומען אַ ברעט און אוועקגעלייגט אויפן פאַל

פון דער וועראַנדע, האָט אויסגעקליבן אַ גלאַטן, לאַנגן און נישט איבעריק שווערן שטיין און געזאָגט:

— קלאַפּ מיט דעם שטיין אויפן נוס וואָס ליגט אויף דעם ברעט און די גרינגע שאָלעכץ וועט זיך צעשפּאַלטן און אָפּשיילן פון זיך אַליין. די אָפּגעשיילטע ניסלעך לייג אַריין אין אַ באַזונדער שיסל.

האָט יאָסיע אַזוי געטאָן און אין עטלעכע שעה פאַרענדיקט זיין אַרבעט. אין דער שיסל האָט זיך אויפגעהויבן אַ הורבע ברוין־גלאַנציקע ניסלעך און אויפן פּאָל — אַ קופּע צעקלאַפּטע שאָלעכץ. יאָסיע גופא איז געזעסן צווישן ביידע בערגלעך, די פיס אונטער זיך, קוקט זיך איין אויף די צענומענע פינגער און וווּנדערט זיך: פון וואַנען קומט צו אים אָט די געל־ברוינע פאַרב?

— האַ, בחור — האָט אויסגערופן דער זיידע וועלכער איז נאָר וואָס צוגעקומען — האָסט זיך איינגעשמוצט ווי עס באַדאַרף צו זיין! דיינע הענט, דיין פּנים און דיין בלוזקע זענען פול מיט פלעקן. איך האָב פאַרגעסן דיך וואָרענען קעגן דעם זאַפט וואָס שפּריצט אַרויס פון דער שאָלעכץ בעת מען קלאַפּט אויף איר און פאַרפלעקט אַלץ און אַלעמען. מילא, דיינע הענט און פּנים וועט מען נאָך ווי ס'איז אָפּוואַשן, אָבער די בלוזקע, וואָס וועט זיין מיט דער בלוז־קע? מען וועט זי שוין נישט קענען אויסרייניקן און דיין מאַמע וועט זיין אין כעס אויף דיר.

— ס'מאַכט נישט אויס — שמייכלט יאָסיע זיך אויפשטעלנ־דיק פון זיין אָרט, און פירט איבער זיינע צוויי געל־ברוינע הענט איבער דער לענג פון דער בלוזקע.

— אויב אַזוי, צייל אָפּ די ניסלעך און נעם דיין טייל.

אין יאָסיעס טייל זענען אַריינגעפאַלן עטלעכע הונדערט ניס־לעך. פון דעמאָלט אָן איז עס געווען זיין חזקה, אַראָפּצוואַרפן די ניסלעך פון בוים. איינמאָל בעת דער זיידע איז נישט געווען גע־זונט, האָט ער מיטגעבראַכט זיין חבר שמואל און ביידע האָבן זיך שטיפעריש מתעסק געווען מיטן אַראָפּוואַרפן די ניסלעך און מיטן צונויפזאַמלען זיי. דערפאַר האָבן זיי באַקומען אַלס לוין אַ פינפטל

פון גערעטעניש. די פרייד איז געווען גרויס און אויך דער זיידע האָט זיך מיטגעפרייט.

ג.

אָבער דער זיידע איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי צופרידן מיטן ניסלעך־שניט ווי יענעם מאָל, בעת נ י ר, זיין עלטערער איינקל, האָט זיך אין אים באַטייליקט.

נ י ר איז דעמאָלט אַלט געוואָרן 8 יאָר און ער איז געווען הויך און שטאַרק, און האָט גוט געקענט דעם זיידנס גאָרטן מיט אַלע זיינע געוויקסן. פון תמיד־אָן, אַז ער פלעגט קומען פון חיפה צו־גאַסט צו דעם זיידן און באָבען אין ירושלים, פלעגט ער געפינען פיל באַשעפטיקונגען: האַלטן דעם גומי־רער און שפריצן וואַסער צווישן די בלומען; צונויפקלייבן אַרומגעשניטענע קוסטן הינטער דעם זיידן און זיי שפּעטער פאַרפלאַנצן אין בייטן; גראָבן אַרום איילבירט און ענלעכע גאָרטן־מלאכות. אַז ער איז אונטערגעוואַקסן האָט אים דער זיידע אויסגעלערנט צו קלעטערן אויף די סאָסנעס, וועלכע זענען געשטאַנען אין וועלדל הינטער דער שטוב, און אים האָט שטענדיק געצויגן דערצו. איבערהויפּט האָט ער געפונען אינ־טערעס אין קלעטערן אויפן פייגנבוים, מיטן נידעריקן שטאַם, און זיך באַזעצן צווישן די צווייגן פון דער קרוין, וואָס זיינע גרויסע און דיקע בלעטער האָבן אים פאַרשטעלט פון אַלעמען. און אַזוי איז ער דערגאַנגען צו קלעטערן אויפן נוסבוים און העלפן אַראָפּצו־וואַרפן די פרוכט. מען דאַרף זאָגן דעם אמת: די באָבע האָט שטאַרק מורא געהאַט, טאָמער וועט חס־וחלילה עפּעס געשען דעם קינד און ער וועט אַראָפּפאַלן פון בוים. זי האָט געפאָדערט, אַז ער זאָל אַראָפּ־גיין און נישט קלעטערן הויך, אָבער דער זיידע האָט אים אונטער־געגעבן מוט זיך אויפצוהייבן אַביסל אויף די צווייגן און שטייענ־דיק אויף דער ערד האָט ער אים אָריענטירט ער זאָל דעם קלאַפּער צופירן ביזן עק פון די צווייגן. אָבער דעם סאַמע שפּיץ בוים האָט דאָס איינקל נישט געקענט דערגרייכן, זאָל זיין צוליב פחד, אָדער

ווייל זיין כוח איז אַזוי ווייט נישט דערגאַנגען, און דעריבער איז קיין וואונדער נישט וואָס פיל ניסלעך זענען פאַרבליבן אויף די אויבערשטע צווייגן.

— עס מאַכט נישט אויס — האָט דער זיידע געזאָגט צום אייניקל, וועלכער איז אַראָפּ פון בוים און געזען יענע ניסלעך ווי זיי זיצן זיך דאָרט אויבן און קוקן מיט שפּאָט אויףביידן, אויף די קליינע מענטשן וועלכע קענען זיי נישט דערגרייכן — עס מאַכט נישט אויס. באַלד וועלן קומען די רעגנס און זיי וועלן שוין אַראָפּוואַרפן די ניסלעך. אמת, מיר וועלן שוין פון זיי נישט הנאה האָבן, ווייל זיי וועלן באַדעקט ווערן מיט ערד און מיר וועלן זיי אַלע נישט אָפּגעפינען, אָבער דאַקעגן קענען זיי שלאָגן וואָרצלען דעם נעקסטן פרילינג און עס וועלן אַרויסוואַקסן יונגע ביימעלעך, וועלכע וועלן אין אַ יאָר, צוויי אַרום טויגן צום פאַרפלאַנצן.

— אפשר וואַרפן מיר אויף זיי שטיינער און זיי וועלן תיכף אַראָפּפאַלן? — גיט דאָס אייניקל אַן עצה.

— ניטע, נישט! — פּראָטעסטירט דער זיידע — די שטיינער וועלן שעדיקן די צווייגן, און אַ שאָד. זאָלן זיי בעסער פאַרבלייבן אין דער הייך און לאָמיר האָפן אַז איבעראַיאָר וועסטו זיין שטאַרקער און דערגרייכן אַהינצו לייכט מיטן קלאַפּער.

— איבעראַיאָר — רופט אויס דאָס אייניקל — וועל איך שוין אויך זיין העכער און מיט די הענט דערגרייכן די העכסטע צווייגן. וועסט שוין זען, זיידע!

ד.

אָבער איבעראַיאָר איז געקומען אַ מלחמה אין אונדזער לאַנד. די אַראַבישע איינוווינער און די אַראַבער פון די שכנישע לענדער האָבן פאַרפירט אַ מלחמה קעגן די יידן, הלמאי זיי ברענגען זייערע ברידער־פּליטים פון די אייראָפּעישע לענדער און הלמאי זיי בויען נייע שטעט און ישובים און באַאַרבעטן פעלדער און שטעלן

אויף פֿאַבריקן, און הלמאי זיי ווילן אַז עס זאָל זיין אַ יידישע מדינה, פונקט ווי יעדער פֿאָלק האָט זיין מדינה.

זענען די אַראַבער אַרויס אויף צו באַפֿאַלן די יידן, וועלכע פֿאָרן אויף די וועגן און וועלכע וווינען אין די פֿאַרשטעט און ווייטערע ישובים. ביינאַכט פֿלעגן זיי אויפֿשטעלן באַריערן אויף די וועגן; איבער הויפּט האָבן זיי פֿיל פֿאַרצאַמט דעם וועג ירושלים-תל-אביב, ווייל זיי האָבן געוואָלט אָפּרייסן ירושלים פֿון די איבעריקע יידישע ישובים און באַלאַגערן די איינוווינער, אַז זיי זאָלן נישט האָבן קיין שפּייז און וואַסער און אַלע וועלן אויסגיין פֿון הונגער און דורשט. פֿיל ירושלימער מענטשן וועלכע זענען אַרויס צוליב אַרבעט, האָבן שוין נישט געקענט צוריקקומען, און פֿיל מענטשן פֿון אַנדערע שטעט, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין ירושלים, זענען געבליבן שטעקן דאָ און נישט געקענט אַרויספֿאָרן.

אויך מיטן זיידן איז געשען עפּעס ענלעכס: ער איז אַרויסגעפֿאָרן פֿון ירושלים צוליב זיין אַרבעט און האָט זיך נישט געקענט אומקערן אין משך פֿון וואָכן און חדשים. אין יענער צייט האָבן די אַראַבער, וועלכע האָבן באַלאַגערט ירושלים, באַשאָסן די שטאָט מיט באָמבעס און סנאַריאַדן און געוואָלט פֿאַרניכטן די יידן און דעראָבערן די שטאָט. און טאַקע זענען פֿיל יידן געטראָפֿן געוואָרן און פֿיל זענען דערהרגעט געוואָרן. אָבער די יידישע פּאַרטיידיקער האָבן זיך געשטאַרקט. זיי האָבן פֿאַרטריבן די אַראַבער פֿון דער שטאָט ירושלים, פֿאַרנומען זייערע קוואַרטאַלן; זיי האָבן אויך, אין אַ גרויסער קריגס-אָפּעראַציע, דעראָבערט די אַראַבישע דערפֿער פֿוןביידע זייטן שאָסיי, באַזייטיקט די פֿאַרצאַמונגען און פֿרי געעפֿנט דעם וועג קיין ירושלים. פֿיל פֿון די ירושלימער תושבים, וועלכע זענען געווען אָפּגעריסן פֿון דער שטאָט, זענען צוריקגעקומען און דער זיידע צווישן זיי.

לאַנג איז געווען די נסיעה פֿון תל-אביב קיין ירושלים, ווייל דער וועג איז טיילווייז געווען ניי, נישט געפּלאַסטערט און נישט אַספאַלטירט. דאָס איז דאָך דער וועג, וואָס די יידישע פּאַרטיידי-

קער האָבן פאַרלייגט, שטייענדיק אין פייער פון קאַמף, און געאַר־בעט האָבן זיי דורך די נעכט. סוף־סוף איז דער זיידע אָנגעקומען צום אַריינגאַנג פון ירושלים און געפאָרן אין דער פאָרשטאָט ווו עס שטייט זיין הויז און גאָרטן. ווען ער איז אַריין אין גאָרטן, האָט זיין האַרץ שטאַרק געקלאַפט פון בענקשאַפט און פון צער, אין אָנ־בליק פון דער גרויסער פאַרוואָרלאָזטקייט וואָס ער האָט אין אים געפונען. ווייל ווען ער און די באָבע זענען נישט געווען, האָט קיי־נער נישט אַכטונג געגעבן אויפן גאָרטן. די ערד איז נישט צעגראָבן געוואָרן, די ווילדע גראָזן זענען נישט אויסגעיעט געוואָרן און די קוסטן זענען נישט באַגאָסן געוואָרן, ווייל קיין וואַסער איז נישט געווען אַפילו צום טרינקען פאַר די מענטשן.

האָט דער זיידע אַרומגעשפּאַנט איבער די סטעזשקעס און גע־זען ווי די בלומען האָבן פאַרוועלקט, די קוסטן — פאַרוויאַנעט, און די ביימער פאַרדאַרט געוואָרן. ער האָט געשפּרייזט פון טראַסע צו טראַסע שטאַרק טרויעריק.

און אָט דערגייט ער צום ווינקל פון נוסבוים. און וואָס זעען זיינע אויגן? אַ סנאַריאַד פון שונא האָט געטראָפן אין סאַמע מיט פון בוים און זיין קרוין איז צעשמעטערט געוואָרן, די צווייגן זענען אַראָפּגעבויגן געוואָרן און זיי ליגן מיט די שפּיצן אויף דער ערד, בעת די פּירות און בלעטער זענען פאַרוויאַנעט און איינגעשרומפּן. דער נוסבוים עקזיסטירט נישט מער.

איז דער צער שטאַרק גרויס געוואָרן ביים זיידן און ער האָט זיך מער נישט געקענט באַהערשן. ער האָט אַרומגענומען דעם אָפּ־געהאַקטן שטאַם, וואָס האָט פאַרלוירן זיינע צווייגן, און אויסגע־בראָכן אין אַ ביטער געוויין.

דער זיידע האָט געוויינט, מיט צוגעמאַכטע אויגן, אַראָפּגע־בויגענעם קאָפּ און מיט האַרץ־קלאַפּעניש, ביז ער האָט דערהערט זיין נאָמען. די באָבע רופט אים אַריינגיין אין שטוב. האָט דער זיי־דע געעפנט זיינע אויגן און זיין בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויף דער ערד אַרום דעם בוים. פּלוצים האָט זיין בליק זיך צעשטראַלט:

צווישן די פאַרוועלקטע בלעטער פֿונעם נוסבוים האָט זיך אויפגע־הויבן אַ גרינער, פרישער פלאַנץ. איז דער זיידע צוגעגאַנגען אַהין, זיך איבערגעבויגן און דערזען אַ קליינעם נוסבוים, באַקרוינט מיט פרישע בלעטלעך, ווי ער וואַקסט זיך מיט קינדערשער לוסטיקייט.

האָט דער זיידע די בלעטער באַטאַפּט און געפילט אַז זיי זענען אַזוי ווייך און צאַרט: ווייזט אויס אַז איינע פון די פירות פון נוס־בוים, וואָס זענען אַראָפּגעפאַלן אין האַרבסט, האָט דאָ געשלאָגן וואָרצלען און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קליין ביימעלע. איצט איז עס אַ ביימעלע און שפּעטער וועט עס ווערן אַ בוים, אַ נייער נוסבוים.

האָט דער זיידע דערפילט אַ דערלייכטערונג אויפן געמיט, זיך איינגעבויגן איבערן ביימעלע און אים אַ קוש געטאָן אויף זיין קליין קעפּעלע.

— דעם אייניקלס נוסבוים! — האָבן זיינע ליפּן שטיל זיך באַ־וועגט.

# דאָס געזאַנג פון שוואַרץ־קעפּיקן פייגעלע

## א.

ווען דער זיידע האָט געענדיקט פלאַנצן פרוכט־ביימער אין זיין גאָרטן, האָט ער אַ זאָג געטאָן דער באָבען און זיינע זין:

— לאָמיר איצט פלאַנצן ברייט־צווייגיקע און הויך־שפּיציקע וואַלד־ביימער, וועלן זיי זיין פאַר אונדז אַ שאָטנדיק וועלדל און אַן אנגענעם וווינאָרט פאַר געזאַנג־פייגעלעך, וועלכע זאָלן קומען אַהער בויען זייערע נעסטן צווישן די צווייגן.

איז דער זיידע אַוועק צו דער בוימשול פון משק־הפּועלות, וואָס געפינט זיך אין מזרח־ירושלים, אויפן וועג קיין בית־לחם, און האָט איינגעקויפט דריי טוצן סאָסנע־ביימעלעך פון פאַרשיידענע מינים: די ברייט־צווייגיקע און לוסטיק־גרינע ירושלימער סאָסנע; די קערן־סאָסנע מיט דער גלייכער און קיילעכיקער קרוין ווי אַ זונשירעם, און די שלאַנקע קאַנאַרישע סאָסנע, וועלכע זעט אויס ווי אַ פינף־רעריקער הענגלאָמפּ מיט אירע צווייגן וואָס זיצן אויף איר שטאַם. אָבער די ביימעלעך וואָס דער זיידע האָט געבראַכט, זענען געווען קליין און צאַרט ווי איינינעריקע קינדער, און זיינע זין, וועלכע זענען נאָך דעמאָלט אויך געווען קליין, — זעענדיק די ביימעלעך איינגעוויקלט אין פּאַפּיר און איינגעפּאַקט אין אַ קליין קעסטעלע — האָבן אויסגערופן מיט פּיעטעט:

— אָרעמינקע, נעבעך!

און זיי האָבן זיך געוווּנדערט:

— פון די קליינינקע וועלן אויסוואַקסן גרויסע ביימער?

— יאָ! — האָט דער זיידע געענטפערט מיט אַ שמייכל און מיט זיכערקייט — פּונקט ווי איר, היינט קליינינקע און אין יאָרן אַרום גרויסינקע, וועלן אויך די ביימער וואַקסן און גרויס ווערן,

אויב איר וועט זיי נאָר פּלעגן, זיי באַוואַסערן, זיי דערנערן, פּונקט אַזוי ווי די מאַמע גיט אייך צו עסן און צוטרינקען.

— אמן ואמן! — האָבן די דריי שטיפער צוגעזאָגט. און בעת דער זיידע האָט פאַרפלאַנצט די ביימעלעך אין די גריבעלעך, וואָס ער האָט געמאַכט צווישן די פעלדזן, וואָס שטאַרצן אַרויס אויפן באָדן הינטערן הויז, זענען די זין געגאַנגען און געבראַכט עמערס וואַסער זיי צו באַגיסן.

עס איז געווען אַ העלער, לויטערער טאָג פון סוף שבט. די פרילינג־טריט האָבן זיך געלאָזט הערן פון די שפּיצן בערג און די בלימלעך האָבן געשמייכלט הינטער די פעלדזן. די יונגע ביימעלעך, וועלכע זענען פון נישט־לאַנג פאַרפלאַנצט געוואָרן, האָבן לוסטיק אַרויסגעקוקט צום בלויען אויסגעשפּרייטן הימל איבער זיי. אָבער אין יענעם יאָר האָבן די סדרי־בראשית זיך געענדערט. ווען דער פרילינג האָט שוין געאָטעמט מיט שמעקנדיקער וואַרעמקייט, האָט זיך מיטאַמאָל צעבלאָזן אַ קאַלטער צפון־ווינט, וואָס האָט אָנגעטראָגן שווערע קאַלטע כמאַרעס און עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד אַ שלאַקס־רעגן געמישט מיט האָגל און פאַרטריבן דעם פרילינג. דער ווינטער האָט זיך אומגעקערט מיט זיין גאַנצן כוח. ביינאַכט איז נאָך קעלטער געוואָרן און אין דער פרי איז ירושלים געווען איינגעוויקלט אין אַ ווייסן שניי־צודעק. דער שניי האָט פול־שטענדיק באַדעקט די סאָסנע־קינדער. זעענדיק דעם שניי האָבן די קינדער זיך דערפרייט און געאיילט אין שול־הויף זיך צו שפּילן מיט שניי־באַלן. פאַרבייגייענדיק די סטעזשקע אין וועלדל און נישט זעענדיק די ביימעלעך, האָבן זיי זיך אַ רגע אָפּגעשטעלט און אויסגערופן:

— אָרעמענקע! אוים מיט די קליינע ביימעלעך! — און זיי האָבן פאַרגעזעצט זייער לויפן מיט פרייד. נאָר דער יינגסטער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרהאַלטן, זיך איבערגעבויגן לעבן אַ ביימעלע און מיט די הענט אָפּגעטרייסלט דעם שניי און אים באַפרייט פון דעם ווייסן מלבוש, ריידנדיק מיט רחמים:

— אָרעמינקער, ס׳איז דיר אוודאי זייער קאַלט...

אין דער מינוט איז דער זיידע אַרויסגעגאַנגען אין הויף און זעענדיק וואָס דער זון טוט, האָט ער אַ שמייכל געטאָן און אויסגערופן:

— לאָז אָפּ, מיין קינד, אונטערן שניי איז דעם ביימעלע דווקא וואַרעם און מען דאַרף נישט מורא האָבן.

דאָס קינד האָט זיך אויפגעשטעלט און נישט אומקערנדיק זיין פּנים, איז ער אַוועקגעלאָפן אָנצויאָגן זיינע ברידער.

### ב.

די ביימעלעך האָבן זיך אַלע אָנגענומען און אין חודש ניסן, ווען די פּרוכטביימער זענען געשטאַנען אין בליאונג און די רויזן האָבן זיך צעלאָזט מיט זייער ריח, האָבן די סאָסנעס אַרויסגעגעבן לאַנגע ריטעלעך דרייפּאַכיקע נאָדעלעך, און אויף די פּיס ווייסע מלבושימלעך.

— די סאָסנעס וואַקסן! — האָט דער יינגסטער זון געבראַכט אַ בשורה דעם זיידן, בעת ער איז צוריקגעקומען פון אַ רייזע אין עמק־יזרעאל.

די סאָסנעס זענען געוואַקסן. ס׳איז קיין וואונדער נישט: זיי זענען אָפּגעהיט געוואָרן מיט ליבע. דער זיידע פלעגט צעגראָבן און צערייבן די ערד אַרום זיי; די דריי זין פלעגן זיי באַגיסן יעדן פרייטיק נאָכמיטאָג און אויך די באָבע פלעגט אַכטונג געבן און זיי באַגיסן מיט קיך־וואַסער וואָס זי האָט געזאַמלט. אין אַ יאָר אַרום האָבן די ביימעלעך זיך שוין געהויבן איבער די פעלדזן, די צופוסנסליגנדיקע פעלדזן.

אַ יאָר גייט און אַ יאָר קומט און די סאָסנעס האַלטן אין איין וואַקסן. אָט דערגרייכן זיי שוין די הייך פון עלטסטן זון, און בייגן צו זייער געבלעטער צו דער באָבעס קאָפּ, און אָט זענען זיי שוין גלייך מיטן זיידן. פון איצט אָן זענען זיי ענלעך מיט אַלץ צו יונגע ביימער: זייער קרוין הייבט זיך צום בלויען הימל און זייערע צווייגן

זענען געריכטעט צו אַלע זייטן ווי אָרעמס וואָס שפּרייטן זיך אויס צו אַ שלום עליכם. און בעת אַ ווינטעלע בלאָזט דורך, צעוויגן זיי זיך, ווי אין אַ שפּיל און לאָזן אַרויס אַ זינגעוודיקן גערויש. און זע דעם וווּנדער: דאָס געמורמל הערט גאָרנישט אויף צווישן זיי, סיי אין שטיל־שווייגנדיקן האַלבן טאָג און סיי אין אַ פאַרשלאָפענער האַלבער־נאַכט.

איינמאָל, אין אַ זאַנפטן זומער־פאַרנאַכט, איז דער זיידע שפּעט געזעסן צווישן זיי און אַ שלאָף איז אים באַפאַלן. ווייזט אויס, מיד געווען פון דער אַרבעט, אָדער אפשר האָט אים איינגעשלעפערט דער אַראָמאַט פון די ביימער און די צווייגן־שושקעריי. אָבער אַז ער האָט זיך איבערגעוועקט און אַ באַשטערנטער הימל האָט געטריפט מיט נאַכט־שטילקייט, האָט זיך אים געדוכט אַז מען סודעט זיך אַרום אים. צעעפנט דער זיידע ברייט זיינע אויגן און זעט קיינעם נישט. לייגט ער צו אַן אויער און האָרכט, און אָט גייט אויף אַ גע־פּליסטער פון די סאָסנעס. ווייסט דער זיידע, אַז די סאָסנעס שמועסן צווישן זיך און הערט זיך ווייטער צו. אָט הערט ער ווי די ירו־שלימער סאָסנע שושקעט זיך און זאָגט:

— יאָ, מיר איז דאָ גוט! אָט האָבן זיך פאַרשפּרייט מיינע צווייגן און מיין שאָטן איז גרויס. אָבער פאַרוואָס זאָל איך אַ ליגן זאָגן? ס'איז מיר אומעטיק אָן פייגעלעך וואָס בויען נישט קיין נעסטן צווישן מיינע צווייגן!

— מיט מיר איז דאָס זעלבע — ציטערט אויף די קאַנאַרישע סאָסנע מיט אַ קרעכץ — איך בין הויך־וווּקסיק, מיינע נאָדלען זע־נען לאַנג ווי סטרונעס, אָבער קיין פויגל שפּילט נישט אויף זיי.

— איך האָב דאָך אויך אַ זכות, כאָטש איך בין קליין — פּלים־טערט די קערן־סאָסנע — מיין שטאַם איז פעסט און מיינע צווייגן געדיכט און עס איז פאַראַן פיל פּלאַץ אויף זיי פאַר פייגל־נעסטן.

הייבט זיך אויף דער זיידע פון זיין אָרט און זיינע לעפצן באַ־וועגן זיך:

— כ'האָב אויף אייך שטאַרק רחמנות, מיינע טייערע ביימער,

אויך איך וואַרט אויף זינג-פייגעלעך, אָבער... זאָרגט נישט. איר וועט נאָך גרויס ווערן און אַ סך פייגעלעך וועלן נאָך בויען זייערע נעסטן אויף אייך!

אין דעם מאָמענט האָט די לבנה אַרויסגעשיינט פון האָריזאָנט און אירע שטראַלן האָבן זיך פאַרטשעפּעט אין די ביימער-שפּיצן. תיכף האָט דאָס שעפּטשען אויפגעהערט און זיי זענען פאַרבליבן שטיל ווי פאַרזונקען אין אַ תפילה.

האָט אויך דער זיידע תפילה געטאָן און געבעטן אַז פייגעלעך זאָלן קומען און זייער שטימע זאָל זיך הערן פון די וואַלד-ביימער. אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט האָט פאַרקלעמט זיין האַרץ.

ג.

איינמאָל, אַ פרילינג-פרימאָרגן, כאַפּט זיך אויף דער זיידע באַגינען, ווי ער איז פון תמיד געוווינט, און מיטאַמאָל דערגייט צו אים אַ ציקלדיק געזאַנג פון דער ריכטונג פון גאָרטן. ס'איז שטיל געווען אַרום און דער זיידע האָט זיך גוט צוגעהערט נאָכאַמאָל. זעט אויס ווי אַ צאַרט געזאַנג, אַ פריילעכס און אָפּגעהאַקטס וואָלט זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל און פאַרענדיקט מיט אַ פרייד-אויסגעשריי. עס מוז זיין אַ פייגעלע.

איז דער זיידע שנעל אַרויס אין גאָרטן. מען האָט קלאָר געהערט די טרעלן, אַז זיי קומען פון וועלדל. גייט דער זיידע אַהינצו, מיטן קאָפּ אַהינטער און מיט די אויגן צוגעקלאַמערט צו די שפּיצן ביימער, כדי צו זען דאָס פייגעלע. אָבער צוקומענדיק צום ערשטן בוים, האָט אַ פליגל-געפלאַטער דורכגעשניטן די שטילע לופט. דאָס פייגעלע איז אַוועקגעפלויגן אין הויכן הימל און איז נישטאָ.

האָט זיך דער זיידע אומגעקערט אַהיים און נאָך שטייענדיק אויף דער שוועל, אויסגערופן:

— מאַמע, עס איז געקומען. סוף-סוף געקומען!

— ווער איז געקומען? וווּנדערט זיך די באָבע, וועלכע האָט נאָך נישט אָפּגעטרייסלט דעם שלאָף פון אירע אויגן.

— אַ פייגעלע איז געקומען אין אונדזער גאָרטן! אַ זינג־פויגל. כ'האָב געהערט זיין זינגען — ענטפערט דער זיידע.

— און ווי זעט עס אויס? — פרעגט די באָבע.

— כ'ווייס נישט — ענטפערט דער זיידע מיט אומעט — ווייל דערנענטערנדיק זיך צום בוים, איז דאָס פייגעלע אַוועקגעפלויגן.

— עס וועט זיכער צוריקקומען און בויען אַ נעסט אין אונדזער גאָרטן — באַרואיקט די באָבע.

צומאָרגנס אין דער פרי האָט דער זיידע געעפנט די אויגן ווען אין דרויסן און אין שטוב איז נאָך געווען טונקל. ביים בלאַסן ליכט פון די פענצטער דערהערט ער אַ פויגל־געזאַנג, וואָס ציקלט זיך און צעגיסט זיך אין דער גאָרטן־שטילקייט; פריידיק מיט אויסגע־שרייען אין גלייכע צייט־אָפּשניטן, ווי עס וואָלט געוואַרט אויף אַ תשובה אָדער אָפּקלאַנג. אָט הערן זיך די טרעלן לאַנגזאַם און אָט ווערט שטיל און מיטאַמאָל פאַרענדיקט עס אייליק־שנעל מיט אַן אויסרוף. הערט זיך צו דער זיידע צום פייגל־געזאַנג און פילט ווי דער ניגון איז געמישט מיט טרויער און געבעט. קען ער זיך נישט באַהערשן און גייט אַרויס אין גאָרטן דאָס צו זען. דאַסמאָל שפּאַנט ער לאַנגזאַם גלייך צום בוים, פונוואַנען דאָס געזאַנג קומט. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך דערנענטערט און אויפגעהויבן זיין קאָפּ, האָט דאָס פייגעלע איבערגעריסן זיינע טרעלן, פאַרשפּרייט די פליגלען, אַוועקגעפלויגן אין בלויען רוים און פאַרשוווּנדן.

אַזוי איז געשען אויך צומאָרגנס, און איבערמאָרגן, פיל טעג נאָכאַנאַנד, ביז דער זיידע האָט באַשלאָסן: דאָס פייגעלע וויל זיך נישט לאָזן ווייזן פאַר מענטשן. גוט, זאָל זיין אַזוי, כ'וועל מער נישט זוכן, אַבי עס זאָל נאָר קומען באַזוכן דעם גאָרטן און לאָזן הערן זיינע לידער!

און אַזוי איז געווען דעם גאַנצן זומער. יעדן טאָג, ווען ס'איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן, פלעגט דאָס פויגל־געזאַנג צע־טרייסלען די שטילקייט און אָנפילן מיט טרעלן דעם גאָרטן און די

שטוב. דאָס געזאַנג האָט נישט אויפגעהערט אַפילו נאָך דעם ווי די וואָראָבייטשיקעס זענען געקומען און אויפגעבויט זייערע נעסטן צווישן די ביימער און זייער צוויטשעריי איז אַלין שטאַרקער געוואָרן. עס איז געווען דאָס ערשטע געזאַנג באַגינען וואָס איז נישט פאַרשלונגען געוואָרן אין דער צוויטשעריי פון די אַנדערע פייגעלעך ביזן סוף זומער. אָבער ווען דער ווינטער איז געקומען און דער יורה־רעגן איז אַראָפּ אויף דער ערד, איז אַנטשטומט געוואָרן דאָס פייגעלע. זעט אויס, אַז עס האָט פאַרלאָזן אונדזער גאָרטן און געגאַנגען זוכן אַנדערע פלעצער. אַלע אין דער פרי פלעגט דער זיידע זיך איינהערן צו די פייגל־שטימעלעך אין גאָרטן, אפשר הערט ער אויך דאָס געזאַנג פון דעם געהיימניספולן פייגעלע. אָבער ס׳איז נישט געווען צו הערן זיין קול. נישט אין רעגנדיקע טעג און נישט אין העל־קלאָרע טעג. ביז דער ווינטער איז פאַרביי און די ירושלימער בערג האָבן זיך אַרומגעהילט מיט גרינס און בלומען; איינעם אַ פרימאָרגן, בעת די רויזן האָבן פאַרשפּרייט זייער דופט, יועקט זיך אויף דער זיידע און זיין האַרץ קלאַפּט מיט פּלוצימדיקער פרייד — עס גיסט זיך ווידער אין גאָרטן דאָס פריידיקע און איידעלע פויגל־געזאַנג. דער פויגל האָט זיך אומגעקערט.

ד.

עטלעכע יאָר זענען אַריבער. זומער־צייט פלעגט דאָס פויגל־געזאַנג זיך לאָזן הערן פון די סאָסנעס. די שטים הערט מען, אָבער אים קען מען נישט זען. איז דער זיידע נייגעריק געווען צו וויסן: ווער איז דער דאָזיקער פויגל? ווי זעט ער אויס און ווי הייסט ער? ער האָט געפרעגט אַלע חכמים, פייגל־קענער און קיין תשובה נישט באַקומען. זייער בקיאות האָט נישט געקלעקט צו דעפינירן דאָס פייגעלע בלויז לויט דער שטים. איז די זאַך געווען אַ רעטעניש פאַרן זיידן און ווען דאָס אייניקל איז אונטערגעוואַקסן און געוואָרן 7 יאָר אַלט, האָט אים דער זיידע דערציילט וועגן פייגעלע וואָס זינגט אין גאָרטן.

— וועל איך אויך עס נישט קענען זען? — האָט געפרעגט דאָס אייניקל.

— כ׳ווייס נישט — האָט געענטפערט דער זיידע — וועסט פּרוּוון. אָבער וועסט דאָך נישט קענען אויפשטיין באַגינען, אין דאָס פייגעלע זינגט נאָר אין די שעהן.

— כ׳וועל יאָ קענען! — פּסקנט דאָס אייניקל מיט אַנט־שלאָסנקייט.

און צומאָרגנס, בעת עס האָט געדעמערט דאָס מאָרגנשטערן־ליכט, עפנט דער זיידע אויף זיינע אויגן און וואונדערט זיך צו זען זיין אייניקל, ווי ער זיצט וואָך אין זיין בעט, האָרכט מיט אַלע חו־שים. די אויגן געווענדט צום פענצטער, דורך וועלכער עס זייט זיך אַריין אַ טונקל ליכט. אַ שטילקייט האָט געהערשט אין צימער און מיטאַמאָל ברעכט אויס דאָס פויגל־געזאַנג; אָט ציקלט עס עטלעכע טרעלן, רייסט איבער און רופט, ווי איינער זאָגט „קומט אַרויס אין דרויסן! קומט לאָמיר זינגען אינאיינעם צו די ביימער און צום הימל!”

האָט דאָס אייניקל אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו די בגדים. דער זיידע האָט זיך געמאַכט שלאָפנדיק, און געטראַכט: לאָמיר זען, וואָס ער וועט טאָן. דאָס אייניקל האָט זיך לאַנגזאַם אָנגעטאָן. שטיל, אויף די שפּיץ־פינגער, איז ער אַרויס פון צימער אין קאָרי־דאָר און פון דאָרט אין גאָרטן. דאָס פייגעלע זעצט פאָר די פּריי־לעכע זינגענדיק־צאַרטע טרעלן און דוכט זיך — די שטים איז דאָס מאָל נאָענט. זיצט עס נישט אויפן שפּיץ בוים? דאָס קינד איז אַרויס פון שטוב. מן־הסתם שוין צוגעקומען צום בוים און דאָס פויגל־גע־זאַנג האָט נאָך נישט אויפגעהערט. האָט ער עס געזען?

פון קאָרידאָר הערן זיך שטילע טריט. דאָס קינד איז צוריקגע־קומען. אויף די שפּיץ־פינגער גייט ער אַריין אין צימער. אָט דער־נענטערט ער זיך צום זיידנס בעט, בייגט זיך אַריבער און רוימט אים אַריין אין אויער:

— זיידע, כ׳האָב עס געזען!

— ווו? וווּנדערט זיך דער זיידע.

— אויף איינעם פון די נידעריקע צווייגן פון דער ירושלימער סאָסנע. עס איז שיין. דאָס קעפּעלע איז שוואַרץ, זייער שוואַרץ. און עס זינגט. קום לאָמיר עס זען!

טוט זיך דער זיידע שנעל אָן און גייט אַרויס נאָכן אייניקל אין גאָרטן. דאָס פויגל־געזאַנג הערט זיך פון גאָר נאָענט. אמת, עס זיצט אויף אַ נידעריקן צווייג. דער זיידע און דאָס אייניקל שפּרייזן לאַנגזאַם און דאָס אייניקל האַלט אַ פינגער אויפן מויל, ווי ער וואָלט געוואָרנט אַז עס דאַרף זיין שטיל.

זיי דערנענטערן זיך צום בוים. דאָס פייגעלע זינגט ווייטער. מיטאַמאָל אַנטפּלעקט עס זיך: דאָס קעפּל שוואַרץ, דער האַלדז גאָלד־קאָליר און דער עק — גרוי. אויף אַ דין צווייגעלע באַוועגט עס זיין בייגעוודיק קערפּערל, אַרויף אַראָפּ, רעכטס לינקס, ווי די באַוועגונגען וואָלטן אַנטשפּראָכן זיין געזאַנג. דער זיידע מיטן איי־ניקל קוקן זיך צו און אָט פאַרלאָזט עס דאָס פּלאַץ. עס פליט צווישן די צווייגן און שפּרינגט אַרויף הויך, צום סאַמע שפּיץ. דעמאָלט גייט אַרויס די זון און וואַרפט אירע ערשטע גאָלדענע שטראַלן אויפן שפּיץ בוים, און דער בוים צעשיינט זיך ווי ער וואָלט גע־ברענט מיטן פויגל צוזאַמען, וועלכעס איז אויך העל באַלויכטן און זיין מיילעכל זינגט נאָך דאָס ציקלדיקע, פריידיק־צאַרטע געזאַנג. מיטאַמאָל צעשפּרייטן זיך זיינע פליגל און ער פליט אַוועק אין הויכן רום און ווערט נעלם.

— זעסט, זיידע — לאַכט דאָס אייניקל מיט גוטסקייט און שטאָלץ צוזאַמענגענומען — איך האָב עס געזען. דאָס איז דאָס שוואַרץ־קעפּיקע פייגעלע. איך בין אויפגעשטאַנען באַגינען און עס געזען. מאָרגן וועלן מיר אויך אַזוי טאָן.

אָבער צומאָרגנס איז שוין דאָס פייגעלע נישט געווען אין גאָרטן. נישט מאָרגן, נישט איבערמאָרגן, און נישט נאָך דעם. עס איז פאַרשוווּנדן און מער נישט צוריקגעקומען.

# די הינדין און דער קוואַל

און בעת די ערד האָט זיך אויסגעטריקנט נאָכן מבול און נח האָט אויפגעהויבן דעם צודעק פון דער תיבה כדי אַרויסצושיקן די חיות, עופות און בהמות וואָס מיט אים, איז די הינדין אַרויסגע־שפּרונגען און אַנטרונען געוואָרן צווישן די בערג פון אַררט. די בערג זענען געווען באַצויגן מיט הערלעך־שיינעם און אַפּעטיט־לעכן גרינעם גראָז און די הינדין איז פול געוואָרן מיט שמחה, וואָס אַזוינס האָט זי נישט געפילט די גאַנצע צייט פון איר זיצן אין דער תיבה. פון גרויס שמחה האָט זי געהיפּערט פון בערגל צו בערגל און צווישן איין שפּרונג צום צווייטן האָט זי געגריזשעט דעם פרישן שמעקעדיקן גראָז און מיט די הערנער געשטויסן יעדן פעלדז און יעדן שטיין וואָס זי האָט אָנגעטראָפן, ווי זי וואָלט זיך געשפּילט מיט זיי און ס'איז גאָר קיין גרענעץ נישט געווען צו איר לוסטיקייט יענעם גאַנצן טאָג. אויך ביינאַכט, בעת זי איז אַריין אין אַ פעלדזי־קער הייל כדי דאָרט דורכצושלאָפן איר שלאָף, איז איר זעל געווען פריידיק און זי האָט געזען שיינע און פאַרכאַפּנדיקע חלומות וועגן גרינע לאָנקעס און שפּרודלדיקע קוואַלן.

צומאָרגנס איז זי אויך געשפּרונגען צווישן די בערג, אָבער אין יענעם טאָג האָט גאָט אַרויסגענומען די זון פון איר שייד כדי גוט אויסצוטריקענען די נאַסע ערד פון מבול־וואַסער און די היץ איז גע־ווען גרויס און שטאַרק און די גראָזן זענען פאַרחלשט געוואָרן און די זעל פון דער הינדין איז פאַרשמאַכט געוואָרן און זי האָט געדורשט נאָך וואַסער. האָט זי געזוכט אַ קוואַל אָדער אַ וואַסער־מקור און נישט געפונען; איז זי אַרויף אויף בערגלעך און גענידערט אין טאָלן און איר דורשט פאַרשטאַרקט זיך אין איר אַלץ מער און מער.

און עס איז געווען עטלעכע טעג דערנאָך, ווען די הינדין האָט אויף זיך געבעטן דעם טויט פאַר גרויס דורשט, האָט זי זיך געפּו־

נען אין אַ טאָל צווישן צוויי מאַסיווע בערג און אַ ריח פון וואַסער איז אויפגעגאַנגען אין אירע נאָזלעכער. ווערט די הינדין דערמונטערט, און זי שטאַרקט אירע מידע פיס כדי זיי זאָלן זי פירן צום פלאַץ, פון וואַנען עס קומט דער ריח און אָט, הוראַ! קרישטאָל-ריינע וואַסער בלעזלט זיך און פליסט אַרויס פון אַ קוואַל הינטער דעם פעלדז, קייקלט זיך איבער גליטשיקע שטיינדלעך און פאַלט אַריין אין אַ קליינער סאַזשלקע און דאָרט זאַמלט זיך עס אָן מיט אַן אויסזען ווי די בלויקייט פון הימל אין וועלכע אַ קיילעכיקע זון שפּיגלט זיך אָפּ. האָט די הינדין אַנידערגעקניט פאַרן קוואַל און אַרויסגעשטעקט די צונג צו לעקן דאָס לויטערע וואַסער און איר זעל האָט זיך דערקוויקט.

און עס איז געווען ווען די הינדין האָט געשטילט איר דורשט, האָט זי געעפנט אירע אויגן צו זוכן גראָז פאַרן עסן און זי האָט דערזען דעם טאָל וואָס שפּרייט זיך פאַר איר אויס ווי ער איז באַצויגן מיט פאַרשיידענע מינים גראָזן און עס וואַקסן אין אים אַלע מינים פרוכטביימער. ווייל דער קוואַל האָט געשפּרודלט מיט וואַסער אָן אויפהער און אָנפילנדיק די סאַזשלקע ביז איבער די ברעגן, האָט דאָס וואַסער אַרויסגעפלייצט און ווייטער געשטראָמט אין טאָל און באַגאָסן די ערד כדי אָנצוטרינקען גראָזן מיט ביימער. און ווייל עס איז נאָך קיין מענטש נישט געווען צו עסן פון די קערנער און פּירות, האָבן זיך פאַרזאַמלט פיל פייגל זיך צו דערנערן מיט די קערנער-יאָדערן אין דעם געבענטשטן טאָל און זיי האָבן אים אָנגעפולט מיט געזאַנג-צוויטשעריי און טרעלן. און דער קוואַל, ביים הערן די אַלע קלאַנגען, איז פול געוואָרן מיט פרייד און ער האָט ווייטער געלאָזט לויפן זיין זים, קלאָר און דורכזיכטיק וואַסער אָן אויפהער, טאָג ווי נאַכט.

אָבער די הינדין האָט נישט פאַרגונען די אַלע פייגעלעך און ביימער און גראָזן, פאַרוואָס זיי טרינקען פון קוואַל-וואַסער, ווייל זי האָט מורא געהאַט, טאָמער טריקנט ער אויס און ווערט אויס און זי וועט ווידער געשמיסן ווערן פון דורשט. האָט זי זיך מישב

געווען צו פאַרשפאַרן דעם קוואַל מיט אַ שטיין־פאַרצאַמונג, כדי דאָס וואַסער זאָל זיך נישט אַרויסרייסן אינדרויסן און זאָל נישט באַגיסן מער די גראָזן מיט די ביימער, און נישט אַנטרינקען די פייגל.

האָט זיך די הינדין געשטעלט קייקלען שטיינער מיט אירע הערנער קעגנאיבער דעם קוואַל, אַ שטיין נאָך אַ שטיין, אַ שטיין איבער אַ שטיין, ביז עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ הויכער מויער, פאַרמאַכט פון אַלע זייטן, און אַ שמאָלע שלענגלדיקע סטעזשקע האָט זי זיך געמאַכט פון אויבן, כדי זי זאָל אַליין קענען צוקומען און אַרויסקומען פון קוואַל און קיין אַנדערע זאָל אין אים קיין חלק נישט האָבן. און בעת די הינדין האָט פאַרענדיקט די מלאכה פון מויער און דאָס וואַסער האָט זיך מער נישט אָנגעזען פון דרויסן, האָט זי באַטראַכט איר אַרבעט, געפונען אַז עס איז גוט און זיך באַרואיקט.

אָבער די גוטע טעג האָבן נישט לאַנג געדויערט. בעת דאָס וואַסער האָט אויפגעהערט צו שטראָמען אין טאָל און צו באַגיסן זיין ערד, זענען די ביימער און גראָזן פאַרשמאַכט געוואָרן פון דורשט, די בלעטער האָבן פאַרוועלקט, די פירות — פאַרדאַרט און אַראָפּגעפאַלן, און די פייגעלעך האָבן געהונגערט און געדורשט. זענען פאַרשטומט געוואָרן די געזאַנגען און זיי האָבן פאַרשפּרייט זייערע פליגל אַוועקצופליען פון דעם פאַרמריקנטן טאָל. האָט אַ טויט־שטילקייט זיך איינגעשטעלט אַרום און די שטילקייט האָט דערשלאָגן דעם קוואַל מיט וויסטעניש און עלנט און ער האָט שוין מער קיין גלוסטונג נישט געהאַט צו בלעזלען זיין וואַסער אָן ברייט־קייט, און אָן פיל פריינד, און ער האָט זיך איינגעקאָרטשעט און פאַרשטעקט צווישן די פעלדזן־שפּאַלטן אין די בערג און מער זיך נישט געוואָלט ווייזן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן, בעת די הינדין איז אַראָפּ צום קוואַל טרינקען פון זיין וואַסער, האָט זי אים מער נישט געפונען. ער האָט אויסגעטריקנט און געוואָרן אויס קוואַל.

## צוויי פייערבלומען

אַמאָל, אין אַ באַגינען פון אַ ניסן־טאָג, האָב איך שפּאַצירט אין שומרון־באַרג און אָנגעטראָפן אַ פעלד מיט פייערבלומען. איז דאָרט געווען איינע, גלייך און שלאַנק, העכער מיט איר בלום פון אַלע פייערבלומען, און זי וואַקסט אַרויס פון אַ באָדן לעבן אַ פעלדז; אויפן פעלדז, אין איינעם פון זיינע שפּאַלטן, איז אויך געוואַקסן אַ פייערבלום, דאַר און קליין. האָב איך מיך צוגעקוקט צו ביידע פייערבלומען און געזען די הויכע בלום, מיט איר דיקן און לאַנגן שטאָם און מיט אירע בלעטער צעשפּרייט איבער דער גאַנצער לענג, אונטן — גרויסע, קיילעכיקע און גאַנצע; אינמיטן — גרויסע, ברייטע און צעשפּאַלטענע ווי יעדע איינע וואָלט געווען צוזאַמענגעזעצט פון אַנדערע בלעטער און די בלום־קנאָספּ איז לענגלעך־דיק. די קליינע פייערבלום, ווידער, אויפן פעלדז האָט פאַרמאָגט אַ דינעם שטאָם, גאַנצע בלעטער זענען נישט געווען בנמצא — די מיטלסטע — זענען קליין, שמאָל און שפּיציק און דער קנאָספּ אויך קליין. בעת איך שטיי און קוק מיך איין, איז אויפגעגאַנגען די זון און געשיקט גלאַנציקע שטראַלן אויפצוּוועקן די שלאָפנדיקע. קודם האָט זיך אויפגעכאַפּט די בלום פון פעלדז, געעפנט די רויטע קרוין און פון אינעווייניק האָט אַרויסגעבליקט אַ שוואַרץ אויג. זי קוקט זיך אום און דערזעט איר הויכע חברטע ווי זי ציט זיך אויס איידער זי עפנט אירע קרוין־בלעטלעך, האָט זי געוואָלט אויפוועקן איר, כדי זי זאָל אויך הנאה האָבן פון די וואַרעמע זונשטראַלן.

— גוט מאָרגן, נ ו ר י ת ה — ווענדט זי זיך צו איר מיט ליבשאַפט — כאַפּ זיך אויף און לייג אונטער דיין האַרץ פון די לויטערע קרעלן־טראָפּנס און לאָמיר מקבל־פּנים זיין די זון.

— אַ מין חוצפּה — ברומט די הויכע בלום און הייבט אויף איר גרויסע און ברייטע קרוין — ווער ביסטו און וואָס ביסטו, וואָס די

וואַגסטו אַזוי צו מיר ריידן, פּונקט ווי איך וואָלט דיין חברטע גע־
ווען? דו דאַרער כרושטש! זע ווי ווייניק בלעטעלעך דו האָסט,
ווי קליין דיין קרוין איז! אויב ס׳איז דיר נישט גוט, ווייל דו לעבסט
אין פעלדז, און קענסט נישט איינשלאָפן צוליב הונגער און דורשט
— וואָס גייסטו מיר שטערן מיין רו? מיר פעלט גאָרנישט אין מיין
פעטער נחלה! איך בין נישט דיין חברטע, דו זאָלסט מיך מכבד זיין
מיט טראָפּנס און קרעלן. איך האָב גענוג מיין אייגנס.

אַזוי האָט גערעדט, מיט שטאָלץ און נישט איינגעהאַלטענעם
כעס, די הויכע פייערבלום צו דער קליינער פאַרשעמטער פייער־
בלום. די זון איז העכער געשטיגן אין בלויען הימל און די מענטשן
פון דאָרף זענען אַרויס צו דער אַרבעט. איינער האָט געטראָגן אַ
רידל אויף דער פּלייצע און זיך דערנענטערט צום פעלד פון די
פייערבלומען. ער האָט געזען אַז די ערד איז דאָרט גוט, פעט און
טיף פאַר זומער־תבואות, האָט ער אָנגעהויבן זי צו יעטן און
גראָבן און בעת די הויכע בלום האָט גערעדט מיט ביטול צו איר
קלענערער שכנה, האָט דער רידל זיך אַריינגעשטעקט אין איר באָדן
און זי איז אַנידערגעפאַלן און מער נישט אויפגעשטאַנען. אַ קורצע
ווײַלע שפּעטער איז דאָס גאַנצע פעלד געוואָרן ברוין און פאַרבליבן
איז נאָר די קליינע פייערבלום וואָס זיצט אין דעם פעלדז.

# אַ הון אַ שטיפּערקע

אין הויף פון אַ געוויסן הויז אין ירושלים איז אויפגעבויט געוואָרן אַ הינערשטייג. אַ קליינע הינערשטייג אונטערגעהויבן אויף הילצערנע סלופּעס און אַרומגערינגלט מיט האָלץ־טאָוולען פון דריי זייטן: צפון, דרום און מערב. וואָס איז געווען אין דער מזרח־זייט? אַ דראָט־נעץ מיט גרויסע לעכער, כדי דער מאָרגנשטערן זאָל קענען דורך זיי אַריינבליקן אין הינערשטייג און אויפוועקן די הינער פון זייער שלאָף. אויף דער נעץ איז געווען אַ עפענונג פאַר די הינער זיי זאָלן קענען אַריין און אַרויס פון הינערשטייג. בייטאָג איז זי אָפן און ביינאַכט איז זי צוגעמאַכט דורך אַ קליין טירל מיט אַן אייזערנעם האַטשיק. אַרום דעם הינערשטייג איז פאַראַן אַ קליינער הויף, פינף שפּאַן די לענג און פינף שפּאַן די ברייט, אַרומגערינגלט מיט אַ דראַטענער נעץ, די הויך פון צוויי זעקס־יעריקע קינדער. איבער דער נעץ איז אויסגעשפּרייט אַ בלויער הימל אָן קיין שום אַנדערן צודעק.

אַ געוויסן אָוונט האָט דער טאַטע געבראַכט הינער. נישט קיין גרויסע גרופּע, אַלע זויבער ווייס מיט רויטע קאַמען. דער טאַטע האָט זיי געקויפט אין קרית־ענבים, דער קיבוץ וואָס ביי ירושלים, אויפן וועג קיין תל־אביב. ער האָט זיי אַריינגעלאָזט אין הינערשטייג און צוגעמאַכט דאָס טירל. האָבן די הינער זיך געוווּנדערט, ווייל זיי האָבן נישט געקענט דעם פּלאַץ, ביז זיי האָבן דערזען אַריינגעשטעקטע שטאַפּלען, וואָס ציען זיך אין הינערשטייג פון עק צו עק. האָבן זיי אויסגעשפּרייט די פליגלען און אַרויף אויף די שטאַפּלען. זיי האָבן געשאָקלט די קעפּ אַהער און אַהין בעת די אויגן־וויעס באַוועגן זיך, און היות די נאַכט האָט אין יענעם מאָמענט פינצטער געמאַכט דעם הינערשטייג, האָבן די הינער זיך אַראָפּגעזעצט אויף די פיסלעך, אַראָפּגעלאָזט זייערע וויעס און איינגעדרעמלט.

צומאָרגנס האָט דער מאָרגנשטערן אַריינגעבליקט אין דעם הינערשטייג, באַרירט די הינער־וויעס און זיי אַריינגערוימט: גוט־מאָרגן! האָבן די הינער זיך אויפגעכאַפּט, אויסגעצויגן זייערע גלידער און האָבן אָנגעהויבן קוואָקען, ווי זיי וואָלטן געענטפערט אויף דער באַגריסונג און געזאָגט: גוט־מאָרגן, גוט־מאָרגן, מיר זענען הונגעריק. האָט דער טאַטע געהערט זייער קוואָקען, איז ער באַלד געקומען צום הינערשטייג. ער איז אַריין אין הויף און אָנגעשאָטן קערנדלעך אין דעם לאַנגן צעבער, אָנגעגאָסן וואַסער אין דער קיילעכדיקער קאָרעטע, געעפנט די טיר פון הינערשטייג און די הינדלעך זענען אַראָפּגעשפּרונגען מיט אַ פלי אין הויף אַריין אויף צו עסן און צו טרינקען. די הינער האָבן געזען אַז דאָ איז גוט, זענען זיי געווען פריילעך און געלייגט אייער אין דעם מיט שטרוי־אויסגעבעטן קעסטל, וואָס איז געהאָנגען אין זייט פון הינערשטייג, מיט אַ פריילעכער קוואָקעריי און גראַגעריי.

זענען אַלע הינער צופרידן, ווייל מען גיט זיי כסדר דאָס עסן און ווייל דער באָדן פון הינערשטייג וואָס אין הויף ווערט יעדן טאָג געריייניקט און אַ בלויער הימל איז תמיד אויסגעשפּרייט איבער זיי און דער מאָרגנשטערן בליקט צו זיי יעדן באַגינען אַריין. נאָר איין הון, די ווייסע הון מיט די רויטע פינטעלעך אויף די שפּיצן פליגל, האָט זיך נישט מיטבאַטייליקט אין דער שמחה. אַ גאַנצן טאָג שפּאַנט זי אַרום אין הויף פון הינערשטייג, רייבט זיך אָן דער נעץ און קוקט פון צייט צו צייט צו דער טיר, אפשר וועט זי זיך עפענען, אָדער צום הויכן הימל, וואָס איז אויסגעשפּרייט ווי אַ דאַך איבער דער נעץ און זי וואָרקעט ווי אַ טויב. ס'זעט אויס ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט.

אַ שיינעם פרימאָרגן איז די רויט־געפינטלטע הון נישט אַראָפּ פון דעם הינערשטייג אין הויף אַריין. אויפן שוועל פון דער טיר האָט זי זיך געשטעלט און באַטראַכט די סאָסנע, וואָס איז נישט ווייט געשטאַנען מיט אירע צווייגן. פלוצים האָט זי אויסגעשפּרייט די פליגל און אַנשטאָט אַ שפּרונג צו טאָן אויפן באָדן פון הויף, האָט

זי זיך אויפגעהויבן הויך און העכער, פֿאַרבײַגעפלויגן די נעץ פֿון הויף און זיך אַנידערגעשטעלט אויף אַ צווייג פֿון דער סאָסנע.

זי האָט געמאַכט עטלעכע שריט, אַ פּיק געטאָן מיטן שנאָבל אַ שישקע, אַרויסגעלאָזט אַ גרויסן גראַגער, ווידער אויסגעשפּרייט די פֿליגל, און אַוועקגעפֿלויגן ווייט, ווייט ביז צום שכנס הויף. דאָרט איז זי אַראָפּ און אָנגעהויבן אַרומצוגיין נישטערן און פּיקן וואָס זי האָט נאָר געפֿונען מיט פֿריידיקן געפֿילדער. אָט האָט זי אָנגעטראָפֿן די מיסטקעסטל און אָנגעהויבן זיך פֿלאָשען אין איר און די מיסט צעוואָרפֿן איבערן הויף. איז אַרויס די מאַמע פֿון שכנס שטוב און זעענדיק די צעוואָרפֿענע מיסט, האָט זי אַוועקגעטריבן די הון און איז אַוועק צום שכן, דעם אייגנטימער פֿון הינערשטייג, זיך צו באַקלאָגן אויף זיין הון, וואָס מאַכט איר שמוציק דעם הויף. תיכף איז דער טאַטע אַרויס צו כאַפּן די הון, און זי אומקערן אין שטייג אַריין. ער האָט זי געפֿונען ווי זי שפּאַנט איבער די הויפֿן, גראַגערט, קוואַקעט און זינגט. האָט דער טאַטע זי געוואָלט כאַפּן, איז זי פֿון אים אַנטלאָפֿן. לויפֿט איר דער טאַטע נאָך פֿון הויף צו הויף ביז ער כאַפּט זי צווישן צוויי גרויסע פֿעלדזן, ווו זי האָט זיך באַהאַלטן.

— דו שטיפֿערקע איינע! — האָט איר געזאָגט דער טאַטע — ווילסט אַנטלויפֿן פֿון הינערשטייג? אָט וועל איך דיר ווייזן.

ער איז אַריין אין שטוב, גענומען שערעלעך, איר אָפּגעהאַקט די שפּיצן פֿליגל און זי אַריינגעלאָזט אין הינערשטייג.

— איצט וועסטו נישט קענען אַנטלויפֿן, דו שטיפֿערקע! — האָט געזאָגט דער טאַטע.

אָבער ער האָט אַ טעות געהאַט. די רויט-געפֿינטלטע הון איז טאַקע געווען אַ גרויסע שטיפֿערקע. זי האָט בכלל קיין אַכט נישט געלייגט אויף אירע אָפּגעהאַקטע פֿליגלען און געפֿרווט פֿליען פֿון הויף צום אייער-קעסטל, פֿון דאָרט צום דאַך פֿון הינערשטייג, פֿון דאָרט צום צווייג פֿון דער סאָסנע און פֿון דאָרט גלייך אין די הויפֿן פֿון די שכנים. איז דער טאַטע מיד געוואָרן פֿון זוכן זי כסדר און האָט באַשלאָסן, אַז זיין הון איז אַ גרויסע שטיפֿערקע און אַז מען

קען נישט פאַרמײַדן אירע שלעכטע געוווינהייטן אַרומצושלעפּן זיך אַ גאַנצן טאָג אין פרעמדע הויפן און צוריקקומען פאַרנאַכט צו איר וווינונג, בעת דער טאַטע קומט פאַרמאַכן די טיר.

איינמאָל האָט די שטיפערקע זיך פאַרזאַמט און איז געקומען ווען ס'איז שוין געווען נאַכט און געפונען די טיר פאַרמאַכט. האָט זי זיך געפּלאָנטערט אַרום דער נעץ און נישט געפונען קיין עפענונג אַריינצוגיין. האָט זי זיך באַזעצט אין אַ ווינקעלע, איינגעקאָרטשעט און געציטערט פון פחד. מיטאַמאָל גיבן אַ פינקל אַנטקעגן איר צוויי צאָרנדיקע פייערלעך — איז זי פאַרציטערט געוואָרן. דאָס איז געווען דער ביטערער פוקס, וואָס איז געקומען פאַרצוקן הינער. אַז ער האָט געזען די הון אויסער דעם הינערשטייג איז ער זי באַפאַלן. האָט די הון געוואָלט אַנטלויפן, אָנגעהויבן פאָכען מיט די פליגל און אַרויסלאָזן אַ קוואָקעדיקן געשריי. האָט דער טאַטע דערהערט דאָס געשריי און איז געלאָפן אין הינערשטייג מיט אַ גרויסן שטעקן. אַז דער פוקס האָט דערזען דעם שטעקן האָט ער זיך דערשראָקן און איז אַנטלאָפן. די הון איז געבליבן ליגן אויף דער ערד, געציטערט און געפלאָטערט. האָט דער טאַטע אויפגעהויבן די הון און געזען ווי איינע פון אירע פליגלען הענגט אַראָפ. דער פוקס האָט דעם פליגל אויסגעדרייט בעת ער האָט געוואָלט אַוועקשלעפּן די הון אין זיין נאָרע.

— האָסט עס פאַרדינט, האָסט עס כשר פאַרדינט! — האָט דער טאַטע געזאָגט צו דער הון, — ווייל דו האָסט געוואָלט זיין אַ שטיפערקע!

דער טאַטע האָט באַנדאַזשירט דעם פליגל און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער פאַרהיילט געוואָרן, אָבער פליען האָט שוין די הון נישט געקאָנט.

זינט דעמאָלט איז שוין די הון פאַרבליבן צוזאַמען מיט אירע חברטעס און נאָר איר נאָמען האָט זיך געביטן. אַנשטאָט „די שטיפערקע" ווי מען האָט זי פריער גערופן, הייסט זי היינט „די הון מיטן צעבראָכענעם פליגל".

# אַ נייער חבר

אַלע טאָג, באַגינען, פלעגט אַרויספאָרן אַ לאַסט־אויטאָ פון הויף־טויער אין אַ דאָרף וואָס געפינט זיך אין חבל־מנשה, אין דער ריכטונג פון דער שטאָט. ער איז געווען באַלאָדן מיט דער גערעטע־ניש און מיט מילך פון דאָרף; גרינצייג אין קוישן און פירות אין קעסטלעך — פאַרשיידענע מינים לויט דער תקופה — און מילך אין קרוגן. די קרוגן זענען גרויסע און יעדער איינער גיט זיך צו חשיבות, סיי צוליב דער אויסערלעכקייט — די גרויס, דער גלאַנץ, די קרוין וואָס איז באַהאָפטן צום רוקן; און סיי צוליב דער אינערלעכקייט — דאָס ווייס־זויבערע געטראַנק, פעט און שוימיק. בעת זיי זענען צום ערשטן מאָל אַריינגעשטעלט געוואָרן אין דער לאַסט־בויד און איינגעאָרדנט געוואָרן איינער לעבן צווייטן, זענען זיי געשטאַנען שטום ווי פרעמדע און אַפילו זיך נישט באַגריסט, אָבער ווען דער אויטאָ האָט געררט און אַרוסגעפאָרן פון הויף אויפן שאָסיי, און דער וועג איז געווען אַ שווערער, נאָך נישט גע־פרעסט און נישט געפלאַסטערט, איז זיי באַפאַלן אַ טרייסלעניש און אַ נודעניש און זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אין אָנגעקלאַפט איינער אין צווייטן און ס'האָט זיי אַ פחד באַנומען. אַז ס'איז געוואָרן שלעכט, האָבן זיי אָנגעהויבן זוכן נאָענטקייט און פריינטשאַפט. און אַזוי אַרום אַריין אין אַ שמועס, ווי אחים לצרה, פריער מיט אַ באַגריסונג־טאָן און שפעטער מיט אַ טרייסט־וואָרט און מיט אַן איבערבעטן און מיט רעזיגנאַציע, און אַזוי זענען זיי באַפריינדעט געוואָרן און אָנגעהויבן דערציילן פיל פאַסירונגען וואָס זיי איז פאַרלאָפן זינט אַמאָליקע צייטן ביז צו זייער אָנקומען אין דער מאָנסטער־מאַשין, וואָס איז באַהערשט פון שדים און טרייסלענישן (די קרוגן האָבן געמיינט, אַז דער אויטאָ איז שולדיק אין זייערע טרייסלונגען).

די פריינדשאַפט וואָס די קרוגן האָבן אָנגעהויבן האָט ניט אויפ־

געהערט אויך דעמאָלט, ווען דער וועג פון דאָרף אין שטאָט אַריין איז שוין אויסגעפלאַסטערט און אַספאַלטירט געוואָרן, און די טריים־לענישן האָבן לחלוטין אויפגעהערט. איצט שטייען שוין די גרויסע מיוחסדיקע קרוגען נאָענט איינער פון צווייטן, געמיטלעך פאַרזאַמלט. אָפטמאָל פלעגן זיי זיך דורכשמועסן אין דער שטיל, אָבער על־פי־רוב פלעגן זיי פאַרזינקען אין נאַטור־באַאָבאַכטונגען; גע־וואָרפן לאַקערנדיקע בליקן צו די פרימאָרגן־שטערן וואָס פינקלען און פאַרשווינדן אין בלויען הימל; כאַפּן אויף די ערשטע אָפּגלאַנצן פון דער אויפגייענדיקער זון, אָדער ציילן די טראָפּנס רעגן וואָס קלאַפּן אָן אויפן איבערגעצויגענעם צודעק און זיי פילן זיך גוט. אַזוי פלעגן זיי פאַרברענגען זייער נסיעה פון דאָרף אין שטאָט אַלע אין דערפרי, אין אַ היימישער געמיטלעכקייט, און זיי האָבן זיך גע־פילט גוט.

ביז אין אַ שיינעם טאָג איז עפּעס געשען. זייענדיק שוין אין מיטן וועג, האָט דער אויטאָ זיך אָפּגעשטעלט מיטאַמאָל און אַ געפיל פון אויפטרייסלונג האָט זיי פאַרכאַפּט. וואָס איז געשען? זיי האָבן נישט געוווּסט, ווייל ס'איז געווען כמאַרנע און דער צודעק האָט זיי פאַר־שטעלט די ראיה. אָבער אָט ווערט צוגענומען דער צודעק און זיי זעען אַ גרופּע מענטשן שטייט לעבן אויטאָ און האַלטן אויך אַ גרויסן קרוג ווי זיי. זיין געשליפענע ווייסקייט פאַרבלענדט ממש און אויף זיין רוקן טראָגט ער אַ גאָלדענע קרוין. אַ פרייד און אויסגעשרייען ברעכן אויס פון די מענטשנס מיילער בעת זייער שאָפער — יאָ, זיי האָבן אים דערקענט — האָט פון זייערע הענט איבערגענומען דעם קרוג און אים אַריינגעשטעלט צו זיך, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך צונויפגערוקט און פריי געמאַכט פאַר אים אַ פּלאַץ. דאָס איז געווען אַ פרייד פון אַ באַגריסונג און גליקווונטש, ווייל דער שאָפער האָט אויך געלאַכט און געשאָקלט זיינע הענט מיט הסכמה. נאָכדעם איז ווידער פאַרצויגן געוואָרן דער צודעק און מען פאָרט ווייטער.

אַ טיף שטילשווייגן האָט זיך איינגעשטעלט צווישן די קרוגן,

אַזוי טיף ווי זייער ברויזיקע נייגעריקייט צו וויסן, ווער איז דער קרוג און פונוואַנען קומט ער? אין דעם מאָמענט האָט איינער פון זיי, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו דער שאַפער־קאַבינע, צוגעלייגט אַן אויער צום שמועס וואָס האָט זיך דאָרט געפירט. וווייזט אויס, אַז צום שאַפער איז צוגעקומען אַ פּאַסאַזשיר, און דער צווייטער דערציילט אים וועגן נייעם דאָרף, וואָס איז דאָ אַנטשטאַנען, ביי דער זייט פון וועג, און וועגן זיין גערעטעניש און מילך־פּראָדוקציע וואָס האַלטן אין איין וואַקסן, און אַז דער קרוג איז דער ערשטער וואָס ווערט געפירט אין שטאָט אַריין. שפּעטער וועלן קומען נאָך.

— אויב אַזוי — צעקלינגט זיך יענער קרוג און באַרירט די נאָענטע מיטן ווילן זיי אויסצוזאָגן דעם סוד — דאָס איז אַ נייער חבר, וואָס איז צוגעקומען פון נייעם דאָרף. לאָמיר אים אַריינגעמען אין אונדזער קאָמפּאַניע.

— אַ נייער חבר, אַ נייער חבר — קלינגען די איבעריקע קרוגן, דערנענטערן זיך איינער צום צווייטן און מאַכן אַ וואַרעם פּאַרן נייעם קרוג: — זיי באַגריסט, ברוך הבא, און זאָלסט האָבן אַ גרויסן נאָמען אין לאַנד!

— אַ דאַנק — רירט זיך לאַנגזאַם און געלאַסן דער נייער קרוג און קנוילט זיך צונויף צווישן זיי; אַ דינע פּאַרע האָט אים איינגעהילט, ווי ער וואָלט זיך געשעמט, און אַ שוויים וואָלט אים באַשלאָגן. ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

האָבן די קרוגן דאָס דערזען און געוואָלט צעשטרייען זיין צעטומלונג און אים אויפמונטערן דורך אַ דערציילונג. האָבן זיי אים דערציילט די געשיכטע פון זייערע טרייסלעניש אין דער מאָנסטרועזער מאַשין איידער ס'איז נאָך געווען אַ לייטישער וועג, און יעדעם מאָל באַטאָנט, אַז ער איז אויסגעהיט פון די אַלע צרות, ווייל ער איז אַ נייער חבר און זיי וועלן אים באַשיצן. יענע נסיעה אין דער שטאָט איז פאַרבייגעגאַנגען זייער אַנגענעם און זייער אינטערעסאַנט און אַלע האָבן אָנערקענט, אַז דאָס אַלץ האָבן זיי צו פאַרדאַנקען — דעם נייעם חבר.

# דער עוקאַליפּטוס און דער מירט

אַ מענטש מיט אַ שטעקן איז אַמאָל געגאַנגען אין די בערג פון גליל-העליון און דערגרייכט זייערע הויכע שפּיצן. געווען איז דאָס זומער מיטאָג-צייט. איז דער מענטש מיד געוואָרן און געגאַרט נאָך רו אין שאָטן פון אַ בוים. האָבן זיינע אויגן נאָכגעשפּירט אַ שאָטנדיקן בוים און נישט געפונען, ווייל נאָר קליינע קוסטעס האָבן ערטערווייז באַדעקט דעם שפּיצבאַרג און קיין שאָטן איז נישט געווען צו זען. איז דער מענטש טרויעריק געוואָרן און האָט געטראַכט, אַז דאָס בעסטע פּאַר אַ באַרג איז —

**אַ בוים אַ פּראַכט,**
**מיט אַ קרוין — אַ מאַכט;**
**צווייגן לאַנג און ברייט**
**אין אַלע זייטן צעשפּרייט.**

און ער האָט אויפגעהיט אין האַרץ דעם פאַרלאַנג.

אַ צייט שפּעטער איז דער מענטש פאַרבייגעגאַנגען אַ ביימערשול, האָט ער געבעטן ביים גערטנער —

**אַ בוים אַ פּראַכט,**
**מיט אַ קרוין — אַ מאַכט,**
**צווייגן לאַנג און ברייט**
**אין אַלע זייטן צעשפּרייט;**
**וואַקסן זאָל ער שנעל מיט לוסט**
**און באַדעקן אַן ערד וואָס איז פּוסט.**

האָט אים דער גערטנער געגעבן אַן עוקאַליפּטוס-פלאַנץ.

איז דער מענטש אַרויף צום שפּיצבאַרג אין גליל-העליון, אָפּגעזוכט אַ שיינעם פּלאַץ צו פאַרפלאַנצן דאָס ביימעלע, צווישן גרוינע קוסטן מיט דופּטיקע בלעטער, ווייל דער מענטש האָט זיך גע-

טראַכט, זאָל דער בוים זיך נישט פילן עלנט און זאָל ער רוען צווישן חברים. ער האָט אויסגעגראָבן אַ טיף גריבל אין דער רויטער ערד און דאָרט פאַרפלאַנצט זײַן בוים, אים געבענטשט און געזאָגט:

**שנעל וואַקס אויף**
**צום הימל אַרויף;**
**מער שאָטן פון ליכט — גיב,**
**פאַר מענטש און פויגל צוליב!**

יענע נאַכט, ווי אַלע נעכט, האָבן זיך די ביימער אויפגעוועקט גאָר באַגינען, כדי זיך דורכצושמועסן. האָט דער קוסט געזען אַ קליין ביימעלע וואָס איז אויסגעוואַקסן דורך נאַכט מיט אַ גלײַכן און שלאַנקן שטאַם און אַ קרוין וואָס קומט אַרויס פון אַלע צווײַגן. האָט ער נישט געוווּסט ווער דאָס איז, עפּעס אַ נײַער אין זײַן שכנהשאַפט. האָט ער אַ בלעטער געטאָן מיט זײַנע בלעטער, ווי ער וואָלט געעפנט אַ מויל צום רעדן, זיך געווענדט צו זײַן פרײַנד און אים געפרעגט:

— זאָג מיר, כ׳בעט דיך, ווער ביסטו, ווײַל איך קען דיך נישט פון פריער?

— איך בין אַן עוקאַליפּטוס — האָט געענטפערט דער בוים.

— עוקאַליפּטוס, עוקאַליפּטוס, נאָך קיינמאָל נישט געהערט. זאָג מיר, כ׳בעט דיך, פון וועלכער פאַמיליע ביסטו, אפשר וועל איך פון דאָרט דיך דערקענען?

— איך בין פון דער מירטן־פאַמיליע.

— מירטן? — וווּנדערט זיך דער קוסט, ווײַל ער אַליין איז אַ מירטן־קוסט — פון דער מירטן־פאַמיליע? — אויב אַזוי זענען מיר קרובים, זין פון איין פאַמיליע, זײַ באַגריסט אין מײַן פלאַץ.

— אמן ואמן — ענטפערט דער עוקאַליפּטוס און פרייט זיך וואָס ער האָט אָפּגעזוכט אַ משפחה און פון גרויס פרייד האָט ער זיך אַ הייב געטאָן גאָר גאָר הויך.

אַ קורצע צײַט שפּעטער איז דער קליינער עוקאַליפּטוס געוואָרן גרויס, זײַן שטאַם האָט זיך באַדעקט מיט פיל צווײַגן און זײַן קאָפּ

האָט באַפּוצט אַ פּרעכטיקע קרוין, אָבער דער שכנישער מירטן־קוסט איז געלעגן צו זיינע פיס און אים נישט געקאָנט אָניאָגן. דע־מאָלט איז דער עוקאַליפּטוס שטאָלץ געוואָרן און זיך מער נישט אומגעקוקט אויף דעם קליינוווּקסיקן קרוב.

איינמאָל טיף אין דער נאַכט רופט זיך אָפּ דער מירטן־קוסט צום עוקאַליפּטוס:

— די נאַכט איז געקומען צו מיר דער פרילינג; מאָרגן וועלן דערשיינען צווישן מיינע גרינע בלעטער ווייסע שמעקנדיקע צוויטן און זיי וועלן אויסזען באַצויבערנדיק.

האָט געשוויגן דער עוקאַליפּטוס און גאָרנישט געענטפערט. ער רעדט נישט מיט קריכערס. ער קוקט צו הויכע שטערן, פאַרנעמט גרויסע מרחקים און שמועסט נאָר מיט ווינטן.

האָט דער מירט געהאַט גרויס צער און מקנא געווען זיין קרוב, וואָס טראָץ זיין קומען דאָ נישט לאַנג פון דער פרעמד, באַציט ער זיך שוין צו אים מיט ביטול און מיט גרויסהאַלטונג.

זינט דעמאָלט האָבן זיי זיך צעשיידט. דער עוקאַליפּטוס איז הויך געוואַקסן און זיין אָרעמען קרוב פאַרלאָזן.

„איצט — האָט ער זיך געטראַכט — וועלן קומען מענטשן און זיך אָפּרוען אין מיין שאָטן".

צומאָרגנס איז פאַרבייגעגאַנגען אַ רייזנדער פון אַ דאָרף אין דער שפלה. דער רייזנדער האָט געפירט אַ לאַסט־וואָגן מיט אַ צעבראָכענער האָלאָבליע, און ער האָט נאָר געטראַכט ווי צו פאַר־ריכטן די האָלאָבליע. זעענדיק דעם עוקאַליפּטוס מיט זיין גלייכן און לאַנגן שטאַם, האָט ער אים געגלוסט אין זיין האַרצן. איז ער אַוועק און געבראַכט אַ האַק און דעם שאַרף אַריינגעזעצט אינמיטן בוים און אים אומגעוואָרפן.

אַז דער מירטן־קוסט האָט דאָס דערזען, האָבן זיינע צווייגן אויפגעציטערט און איז פאַרזונקען אין אבלות. פון גרויס צער זע־נען אַראָפּגעפאַלן יענעם טאָג זיינע ווייסע צוויטן און זיינע טרויבן זענען שוואַרץ געוואָרן, גאָר שוואַרץ.

# דער קליינער גערטנער

אַז די פרילינג־זון האָט זיך צעשיינט, איז דאָס איין־יאָריקע קינד אַרויסגעגאַנגען אין הויז־גאָרטן, אָנגעהאַלטן ביי דער האַנט פון דער מאַמען. ער האָט געשפרייזט אויף דער געפלאַסטערטער סטעזשקע מיט קליינע שוואַכע טריטעלעך און זיינע בלויע אויגן קוקן אויף די נעגל־קוסטן וואָס וואַקסן פון ביידע זייטן. נעבן איינעם פון די קוסטן וואָס האָט זיך געפעדערט און אַרויסגעגעבן עטלעכע רויטע דופּטיקע בלומען, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און איינגעקוקט. מיטאַמאָל האָט ער אָפּגעלאָזן זיין מאַמעס האַנט, דערנענטערט זיין פּנים צו דער בלום, טיף איינגעאָטעמט און פון זיין קליין מיילעכל איז אַרויס איין לאַנג, לאַנגע זילבע:

— האַאַאַ!

תיכּף נאָכדעם האָט ער אויסגעשטעלט זיין קליין פינגערל קעגן דער רויטער אָפענער בלום און תחנונימדיק אַ זאָג געטאָן:

— ט׳דעם! ט׳דעם!

האָט זיך די מאַמע צו אים איבערגעבויגן און מיט איר ווייכער זינגעוודיקער שטימע געזאָגט:

— ניין, מיין טייערינקער, מען טאָר נישט רייסן בלומען, זע זייער שיינקייט און שמעק זייער ריח.

און ווידער דערנענטערט דאָס קינד זיין פּנימל צו דער רויטער אָפענער בלום, טוט אַ טיפן אָטעם און רופט אויס:

— האַאַאַ!

האָט די מאַמע געוווסט אַז די זילבע, באַגלייט מיט אַ טיפן אָטעם, באַדייט אַ בלום.

דער פרילינג איז געקומען און באַשאָנקען די ביימער און קוסטן מיט בלעטער און בלומען מיט ריחות. דאָס קינד, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן אַליין צו שטעלן טריט, פלעגט אַלע אין דער פרי אַרומ־

גיין צווישן זיי און זיך באַפריינדן מיט זיי. זיינע גרויסע בלויע אויגן האָבן געשמייכלט צום ווייסן צודעק פון פלוימענבוים און צו דער ראָזעווער קרוין פון פערישקע-בוים. לעבן דעם בעז מיט זיינע לי־ליע הענגלעך-בלומען, שטעלט ער זיך נאָענט, פירט איבער זיין צאַרט הענטעלע און די זילבע „האַאַא" חזרט זיך איבער, ווי ער וואָלט וועלן איינשלינגען דעם איידעלן ריח ביזן סוף. אז ער קומט צו צום רויטן נאָגל-בלום, וואָס איז אויסגעצויגן אויף דער ערד, בייגט ער זיך איין און נישט קענענדיק זיך באַהערשן, שטרעקט ער אויס זיין פינגער פון דער רעכטער האַנט און וואַרפט-צו דער מאַ־מען, וועלכע שטייט פון דער ווייטן זיין פראַגע-געבעט:

— ט׳דעם, ט׳דעם!

אַ געוויסן אינדערפרי איז דאָס קינד מיטגעגאַנגען מיט זיין פאָטער ווען ער האָט געגראָבן אין גאָרטן און געעפנט גריבלעך צו פאַרזייען טאָמאַטן. דאָס קינד האָט געקוקט און געקוקט, איז גע־גאַנגען און געפונען אַ צווייג און אויך אָנגעהויבן גראָבן און דאָס צווייגל אַריינגעשטעקט אין גריבל. ביי אַ צווייטער געלעגנהייט האָט ער געזען צום ערשטן מאָל, ווי זיין טאַטע באַגיסט די פלאַנצן; דער שטראָם וואַסער וואָס איז אַרויס פון גומי-רער האָט אים אי־בערראַשט און ער איז צוגעלאָפן אים צו כאַפּן מיט דער האַנט, אָבער ס׳איז גאָרנישט פאַרבליבן, נאָר טראָפּנס וואָס האָבן באַ־שפּריצט זיין פּנים. ווידער האָט ער אויסגעשטרעקט זיין האַנט צום שטראָם און ווידער טראָפּנס אויפן פּנים און זיין האַנט איז ליידיק. דעמאָלט האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ גרויסן געלעכטער און אויס־געדופן: — וואַסער! וואַסער! — און איז נאָכגעלאָפן דעם שטראָם, וואָס איז שוין דערווייל אַריבערגעפירט געוואָרן אויף אַן אַנדער פּלאַץ.

בליט דער גאָרטן און עס בליט דאָס קינד, ווען ער שפּאַנט אין די סטעזשקעס, אָדער זיצט אויפן גראָז, אָדער ווען ער איז איבער־געבויגן איבער דעם גריבעלע, וואָס ער האָט אויסגעגראָבן מיט זיין שטעקל — וואַקסט ער דאָך אין גאָרטן, ווי אַ תמימותדיקע,

צאַרטע און איידעלע בלום. טעראַסן זענען פֿאַראַן אין גאָרטן און שטיינערנע טרעפּ פֿאַראייניקן זיי, קלעטערט ער אויף זיי, פֿון טע־ראַסע צו טעראַסע, און שפּרייזט צווישן די שטיינער און שטרויכ־לונגען. פֿאַר אים איז נישטאָ קיין מער באַרואיקנדיקע און לאַקנדי־קע זאַך ווי:

— קום, לאָמיר גיין צו די בלומען!

תיכּף ווערט ער צוגעצויגן צו יעדעם געוויקס, אַפֿילו ווען ער איז אים פֿרעמד; און אויב ער ווײַנט — רײַסט ער איבער זײַן גע־וויין און אַ פֿריילעכע ליכטיקייט צעגיסט זיך איבער זײַן פּנימל.

— אונדזער קליינער גערטנער — אַזוי רופֿט אים די מאַמע און אויך איר פּנים שײַנט.

## אין וואַלד

איצט גיי איך אַרום אין וואַלד, איך זע נישט קיינעם און ווער דורך קיינעם נישט געזען. דיביימער באַדעקן מיך פון אויבן און פאַרשטעלן פון מיר נישט בלויז די ווייטע סביבה, נאָר אויך מיינע ד׳ אמות. אָבער נישט שטענדיק איז דער וואַלד געווען אַזאַ. איך געדענק נאָך די טעג ווען ער האָט בכלל נישט עקזיסטירט; עס שוועבט נאָך פאַר מיינע אויגן די גרוי־ווייסע ווּיסטעניש וואָס האָט אַרומגעהילט די דאָזיקע בערגלעך און מיך פאַרוווּנדערט מיט ווייטיק און צער.

טײלמאָל צי איך מיך אוים אויף דעם ווייכן באָדן, אויסגעבעט מיט די נאָדל־שיכטן, און טראַכט וועגן יענע טעג. בעת איך בין אַהערגעקומען פלאַנצן דעם וואַלד, בין איך נאָך געווען אַ נייער אין לאַנד, און איינער פון די עלטערע אַרבעטער האָט מיט מיר איינ־געקנעלט הלכות פלאַנצן, זאָגנדיק אַזוי צו מיר: שטעל איין דעם אָרט פון פלאַנץ אַזוי, ער זאָל זיין געווענדט קיין צפון, דרום, מזרח און מערב לויט די אָנגעצייכנטע ליניעס (היינט זענען זיך די פלאַנ־צער נישט נוהג אָפּצוהיטן די שורה!(; דערנאָך זאָלסטו צעקריש־לען מיט די הענט די ערד פון גריבל און פאַרפלאַנץ דאָס ביימעלע. שטעל עס אַוועק אַזוי, עס זאָל זיין גלייך, און שטעק אים אַריין טיף אין גריבל, אין דער מאָס אַז זיין שטאַם זאָל מען זען איבערן אויבערפלאַך און זיינע וואָרצלען זאָלן זיין אין דער ערד. גיב אַכטונג, אַז די וואָרצלען זאָלן זיין גלייכע, צעשפּרייטע און נישט צונויפגע־קאָרטשעט און צעקנייטשט — דאָס איז דער ע י ק ר ; דערנאָך שיט אַרום מיט ערד און פּרעס עס צו, פעסט, גאַנץ פעסט, און ווי־דער ערד און ווידער איינגעפּרעסט מיט דער האַנט — דאָס איז דער צ ו וי ט ע ר ע י ק ר . די וואָרצלען וועלן דעמאָלט זיין איינגעפּרעסט אין דער ערד און איצט פיל אוים דאָס גריבעלע מיט

דער אויסגעגראָבענער ערד און מיט דער איבעריקער מאַך אַ קרייז אַרום דעם ביימעלע כדי אויפצונעמען רעגן־וואַסער. צענומען די וואָרצלען און איינגעפּרעסט די ערד — איז דאָס ביימל שוין פאַר־פּלאַנצט. איין פלאַנץ נאָכן צווייטן — און דאָס בערגל וואָס איז נאָך נעכטן געווען וויסט, גרינט און לעבט שוין היינט.

פון דעם מאָמענט ווי איך האָב פאַרפלאַנצט דעם ערשטן בוים מיט מיינע אייגענע הענט אָן דער הילף פון אינסטרוקטאָר, האָב איך געפילט ווי פעדים ציען זיך פון מיין האַרץ און שפּינען זיך איין מיט אָט דער רויטלעכער און מיט שטיינדלעך־באַדעקטער ערד. דאָס קליינע ביימעלע איז מיר ליב געוואָרן און אין זיין זכות — די ערד און דער הימל. כ׳האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן צום הימל און מתפּלל געווען עס זאָלן גיין ברכה־רעגנס; צו דער ערד האָב איך מתפּלל געווען אַז זי זאָל אָנזויגן פון איר זאַפט די דאַזיקע צאַרטע פלאַנץ. און אין דער מאָס וואָס כ׳האָב ממשיך געווען צו פלאַנצן טויזנטער און צענדליק־טויזנטער ביימער, אַזוי האָט זיך געמערט מיין זאָרג איבער זיי. איצט, אַז זיי זענען שוין גרויס און העכער געוואָרן פון מיר, גענים איך פון זייער שוץ און ס׳איז מיר גוט אַרומצוגיין צווישן זיי.

יעדן טאָג שפּאַן איך אין וואַלד און יעדן טאָג באַנייט ער זיך פאַר מיר. אומציילִיקע סצענעס קומען פאַר ביי אים מיט ענדערונג־גען און שטימונגען — זאָל איך זיי אויסרעכענען? צו קליין איז דאָס פּאַפּיר. אָבער גאָר באַזונדער האָב איך ליב דעם וואַלד אין אַ רעגן־טאָג. דוכט זיך, ווי די ביימער דריקן זיך צוזאַמען און דער־נענטערן זיך ווי שאָף בעת אַ שטורעם. איין צווייג רירט אָן די צווייטע און אַ געדיכט־גרינע חופּה שפּרייט זיך אויס איבער מיר, ווי די פליגלען פון דער מאַמע־הון איבער אירע הינדעלעך און עס נעמט מיך אַרום אַ לעבנס־ברויזיקע וואַרעמקייט. אינדרויסן דו־נערט און קלאַפּט, אָבער אינעווייניק, אונטער דער גרינער חופּה, איז רואיק און אנגענעם. די רעגן־שטראָמען ווערן ווי צעשמעטערט אויף פּיץ־פּיצלעך בעת זיי קומען אין באַרירונג מיט די ביימער־

קרייַנען און יעדער נאָדל כאַפּט אויף אַ שפּליטער און יעדעס בלעטל באַהעפט זיך מיט אַ שפּליטער און יענער גליטשט זיך פון אים אַראָפּ, פאַרוואַנדלט זיך אין אַ שימערירנדיקן טראָפּן און לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד. נישט קיין שלאַקס־רעגנס, נאָר טראָפּנווייַז גליטשן זיך אַראָפּ אויף דער ערד די ברכות — כּדי זי אָנצוטרינקען ווי מען גיט צו טרינקען אַ קינד. און די נאָדל־שיכט זאַפּט אייַן יעדן טראָפּן און פירט אים אַריבער צו דער ערד וואָס טרינקט צו זעט. צומאָרגנס דערשייַנט שוין די זון מיט איר פולן כּוח. די ביימער שטייען פרייַדיקע און די ערד איז ווייך און געשוואָלן און זי גיט צו זויגן פון איר זאַפט די ביימער — אירע גרויסע און שטאַרקע קינדער. דעמאָלט פיל איך, אַז דער בוים איז דער לעבנס־נערוו פון דער נאַטור, פון דער מאַמע־ערד; אומעטום ווו דער בוים דערשייַנט — שלאָגט דאָס לעבן, און ער פאַרבינדט דעם מענטש, די נאַטור־באַשעפעניש, מיט דער ערד. דער מענטש וועלכער האָט אין זייַן לעבן קיין בוים נישט געפלאַנצט, קען נישט שפּירן די ערד, און דערפאַר פילט ער אויך נישט וואָס הייסט אַ היימלאַנד. אַ סך שליחים האָט די מאַמע־ערד מקרב צו זייַן דעם מענטש צו איר, אָבער דער פלינקסטער און חשובסטער איז דער בוים. עס איז פאַראַן אין בוים עטוואָס, וואָס סימבאָליזירט דעם מענטשן. מען קען אין אים מערקן די תּקופות פון קינדהייט, דערוואַקסנקייט און עלטער ווי אין לעבן פון אַ מענטשן. ער רייסט זיך צום הימל, ווי די שטרעבונג פון אַ מענטש. ער איז זייַן באַשאַף און זייַן שעפער.

כ׳האָב ליב דעם וואַלד און זייַן בוים.

# צווישן די האָלעוועשקעס

אַ שרפה אין וואַלד. אין דעם מאָמענט, ווען פייערצונגען פאַר־
צערן די וואַלד־גראָזן, ווען עס שפּרינגען אויף די צווייגן, עס כאַפּן
זיך אָן די קרוינען און דער סאָסנע־וואַלד ווערט פאַרלענדט אין אַ
קנאַקנדיקן רוישיקן פלאַקער, טראַכסטו איין זאַך: ראַטעווען דעם
וואַלד. אָבער אַז דאָס פייער שטילט זיך איין און דיינע אויגן זעען
וואָס פון פייער איז כהרף עין געוואָרן: שילדן פון שוואַרץ־פאַר־
קוילטעביימער, ברוין־פאַרסמאַליעטע, אַנשטאָט פריש־גרינע ביי־
מער, וועלכע זענען דאָ געוואַקסן אין משך פון לאַנגע יאָרן — דער־
מאָלט נעמען דיך אַרום אַנדערע געפילן, זייער טרויעריקע, זייער
צאָרנדיקע, איבער דעם וועלכער האָט אָנגעצונדן דאָס פייער, אָדער
האָט צו אים גורם געווען, מיט אַ כוונה אָדער נישט ווילנדיק, און
דו ביסט אָנטשלאָסן אים שטרענג צו באַשטראָפן. און אָט פאַרשטסטו
אויס און דערוויסט זיך אַז... ווער? דיין פריינד, דער ערדאַרבעטער,
וועלכער איז געקומען אין זיין פעלד נעבן וואַלד כדי צו פאַרניכטן
די דערנער — ער האָט עס אָנגעצונדן דאָס פייער וואָס איז דירעקט
אַוועק צום וואַלד. ער האָט גאָרנישט געטראַכט וועגן דעם לכתחילה;
ער האָט זיך נישט באַוואָרנט, קיינע פאַרזיכטס־מיטלען נישט אָנ־
גענומען, נישט געזאָרגט פאַר אַן אַנדער זאַך, ווי נאָר פאַר זיין פעלד.
דעמאָלט פילסטו אַ ווייטיק אין האַרצן, אַ בראַנדיקן ווייטיק ווי
דאָס פייער וואָס האָט פאַרצערט די ביימער, וואָס דווקא דיין חבר,
אַליין אַן ערדאַרבעטער, זאָל שולדיק זיין אין דעם חטא צוליב אומ־
פאָרזיכטיקייט...

אָבער זייט פאָרזיכטיק איצט מיטן פאַרברענטן וואַלד! נאָך ניט
אַלין פאַרלוירן. די רייפע שישקעס האָבן זיך צעעפנט פון דער היץ
און די קערנער זענען אויסגעשאָטן געוואָרן אויף דער ערד. ווינ־
טער וועט קומען דער רעגן און זוי וועלן שלאָגן וואָרצלען; נייע

שפּראָצן וועלן אַרויסקוקן פון דער פאַרסמאַליעטער ערד און די שפּראָצן וועלן נאָך ווערן גרויסע ביימער. אַכטונג: שיקט נישט אייערע שאָף און רינדער צו פאַשען אין פאַרברענטן וואַלד. צווישן די האָלעוועשקעס וואַקסט אַ נייער וואַלד.

# גיי צו דער מוראַשקע

פאַרנאַכט בין איך אַרוים שפּאַצירן אין אַ פעלד נאָכן שניט. די שיין פון דער זיך זעצנדיקער זון האָט פאַרפלייצט דאָס פעלד, אַריינגעדרונגען צווישן די אָפּגעשניטענע, האַרטע גערשטן־שטרוי, אַנטבלויזט די נאַקעטע שטיקער ערד צווישן זיי און אויך די איינ־צעלנע זאַנגען וועלכע זענען אַרויסגעפאַלן פון די הענט פון שני־טער און איינזאַמלער און זענען פאַרגעסן געוואָרן.

האָט אַ טריבקייט געשוועבט אין דעם פעלד, ענלעך צום געפיל וואָס באַהערשט דאָס האַרץ פונעם מענטש ביים סוף פון זיין לעבן, און ס'האָט געפּרעסט די שטילקייט ווי בעת דעם זון־פאַרגאַנג, ווייט פון שטאָט און מענטש. און אָט הערט זיך אַ מין לייכטער גערויש וואָס גייט־אויף פון די שטרוי־שטענגעלעך. קען זיין, אַז דער גע־רויש הערט זיך נישט, נאָר זעט זיך, ווייל די אויגן ווערן געלענקט צו אַ שמאָלער ליניע וואָס שלענגלט זיך צווישן דעם שטרוי, אַ ליניע וואָס ווימלט מיט שוואַרץ. דאָס איז געווען אַ סטעזשקע, וואָס עס האָבן געמאַכט מוראַשקעס וועלכע זענען געווען פאַרנומען מיט איבערפירן קערנדלעך און שטרוי פון פעלד אין זייער נעסט, וואָס אין עק וועג פון דער אַנדער זייט. די סטעזשקע האָט געהאַלטן קרוב צען סענטימעטער די ברייט און די מוראַשקעס זענען אויף איר אַרויף און אַראָפּ. די אַרויפגייערינס האָבן געאיילט, ווייל זיי זענען פריי פון משא, און די אַראָפּגייערינס שלייכן זיך לאַנגזאַם, ווייל זיי טראָגן קערנדלעך, זאַנגען און שטעקעלעך.

בייג איך מיך אַריבער איבער דער סטעזשקע און באַטראַכט די ווימלעניש. מיין בליק האָט זיך צוגעשמידט צו איין באַשעפעניש וואָס האָט געשלעפּט גערשטן־קערנדלעך, און איך האָב דאָס נאָכ־געפאָלגט. האָ, וויפל שטרויכלונגען אין וועג און ווי גרויס זענען די אַנשטרענגונגען גובר צו זיין. די סטעזשקע איז נישט קיין גליי־

כע, נאָר ציט זיך איבער בייטן, קריכט אויף „בערג“ און נידערט אַראָפּ אין „טאָלן“ און דער גאַנג איז שווער, גאָר שווער; און זאַנגשטאַמען שטייען פון ביידע זייטן אין קרומע ליניעס, און דאָס זאַנגבערדל אין שפּיץ פון קערנדל שטויסט זיך אָן אין זיי. דעמאָלט מאַכט די מוראַשקע אַן אומקרייז, דער קאָפּ מיט קערנדל פון הינטן און איר הינטן פאָרויס, און אַזוי גייט זי פאָרויס אויף צוריק, ביז זי קרייצט דורך דעם מכשול. און ווידער לויפט זי שנעל, בעת דאָס קערנדל באַוועגט זיך און די זאַנג — אָט שטעלט זי זיך אויף און אָט לייגט זי זיך אַוועק. איצט איז די סטעזשקע אָפן, צווישן אירע פילצאָליקע חברות גייט די מוראַשקע און שפּאַנט אַריבער איבער זייערע קערפּערס. אַ שטרוי ליגט אין דער ברייט פון דער סטעזשקע — אָבער פאַר איר וועט דאָס קיין שטער נישט זיין, און זי שפּרייזט אין אַ שנעלקייט פון איין מעטער אין אַ מינוט. מיט דער שנעלקייט קען זי דורכמאַכן איין קילאָמעטער אין אומגעפער 17 שעה. אָבער אָט איז זי אַרויס פון פעלד און טרעט אַריין אין תחום פון וועג צווישן פעלדער, וואָס שפּרייט זיך אויס אויף אַ זאַמדיקן באָדן. דער זאַמד איז צעריבן און לויז און בעת די מוראַשקע פאַלט אַריין אין קאַרב וואָס די ראָד פון וואָגן האָט געמאַכט — „זינקט“ זי אין זאַמד און ס'איז איר שווער אַרויסקריכן. מיט די פאָדערשטע פיסלעך זוכט זי אָנשפּאַר און מיט די הינטערשטע שטופּט זי זיך אונטער — און קיין אויסוועג איז נישטאָ. דעמאָלט קערט זי אָפּ דאָס קעפּל און פּרוווט גיין אויף צוריק... און עס העלפט נישט... אָבער נישט אַ מוראַשקע וועט פאַרצווייפלען: זי פאַרקירעוועט זיך און געפינט אַ דורכגאַנג, אַ מין בריק — אַ דין שטרויעלע — און זי כאַפּט זיך אָן אין דעם און גייט אַריבער, אַלץ פאָרויס. אָבער ווי לאַנגזאַם איז איר פאָרויסגיין — איין מעטער אין פינף מינוט! אָבער, די ליניע איז נישט ווייט, נאָר פון דער אַנדער זייט וועג און אויב זי ווערט שטאַרק פאַרמאַטערט, לאָדט זי אויס איר משא און לויפט רופן חברטעס זיי זאָלן איר העלפן. די הילף זוכט זיך אָפּ, קומט זי צוריק מיט אַ חברטע, און ביידע נעמען אָן דאָס קערנדל, יעדע

איינע פון אַ צווייטער זייט, און אַזוי גייען זיי פאָרווערטס, איינע מיטן פּנים פאָרויס און די צווייטע מיטן פּנים אַהינטער. אַריבער־געשפּרייזט די שטרויכלונגען, לאָזט די פריינדין איבער די מוראַש־קע מיט איר משא און די לעצטע לויפט איצט געשווינד אויף אַן אויסגעטראָטענער סטעזשקע ביז צו דער נעסט, מיט דעם אָפענעם אַריינגאַנג, ווו עס שווימבלט און גריבלט מיט שוואַרצע באַשעפעניש־ן אָן אויפהער. טייל ווערט נעלם מיט דער משא אין די „טויערן" און טייל קומט אַרויס און קערט צוריק אין פעלד אַריין.

בעת די זון איז אונטערגעגאַנגען, איז מיין מוראַשקע צוריק־געקומען צו איר נעסט. אין יענעם מאָמענט איז די טריבקייט פון פעלד זיך צערונען און די אַרבעטס־לוסט האָט אָנגעהויבן שלאָגן אין מיין האַרץ.

# אַ בלעטל איז אַראָפּגעפֿאַלן

ח ש ו ן. אַ בוים קוקט מיר אין פֿענצטער מיט געל־אומעטיקע בלעטער. פֿאַרוואָס זענען זיי אַזוי אומעטיק ווי עס וואָלט זיי געצויגן ערגעצוווּ? זיי געדענקען אַוודאי ווען זיי זענען גרין־פֿרייַדיק געווען אין פֿרילינג און גרין־פֿריש אין זומער. גרין און רוישיק, תמיד רוישיק, אין פֿרימאָרגן־ווינטעלעך, אין מיטאָג־ווינטן און אין אָוונט־שטילקייט. זייער שאָרך איז זייער אויסדרוק און טראַכטונג און זיי האָבן ליב צו טראַכטן און שמועסן. און אָט קומען אָן די טעג פֿון ה ש ו ן. די גרינס־פֿרישקייט האָט זיך אויסגעלאָזן און זיי זענען געל געוואָרן; געל און שטום. פֿאַרוואָס זענען זיי אַזוי שטום? שיט דאָך אויף זיי אַ מילדע זון אירע שטראַלן און די פֿאַרנאַכטן גלעטן זיי דאָך מיט זייער קיל ווינטעלע! קיין זאַך נעמט זיי נישט מער. זיי זענען געל און שטום. אָבער אָט רירט זיך עפּעס צווישן זיי. אַ בלעטל ווערט אָפּגעריסן. אָפּגעריסן אָבער עס פֿאַלט נישט אַראָפּ. אַ דין פֿעדימל, כמעט אומזעבאַר, האַלט אים נאָך אויף זיין צווייג. עס באַוועגט זיך זייער לאַנגזאַם. עס דרייט זיך. אַראָפּ, אַרויף. ווידער צוגעשמידט צום צווייג. שטיל־שטום באַהעפֿט עס זיך. אָבער עפּעס האָט זיך גערירט. אַ לייכטער בלאָז פֿון אַ ווינטעלע. אַ שוואַכער שאָרך. דאָס בלעטל איז אַראָפּגעפֿאַלן.

JOSEF WEITZ

# HOMBRE Y PAISAJE DE ISRAEL



BUENOS AIRES
1959